# וואָס וועט זײַן געדרוקט אין 12-טן נומער „סאָוועטיש הײמלאַנד“

**דער זשורנאַל** וועט זיך עפֿענען מיטן אָפּטייל „**טריבונע פֿון לעבן**“ — פּיר פֿאַרצייכענונגען: „אויף דער סיבירער ערד“ פֿון מאָטל גרוביאַן; „באַס שוואַרצן יאַם“ פֿון זאַכאַר דיטשאַראָוו; „סטעפּעס בלײַען“ פֿון אַלעקסאַנדער גובניצקי; „קאַרגע הונדערט“ (וועגן סקולפּטאָר איטקינדן) פֿון ניקאָלײַ באַבאַשין. די פֿאַרצייכענונגען זײַנען אילוסטרירט דורכן קינסטלער ג. פּאַנדאָפּולאָ.

■

**אין דעם אָפּטייל פֿון פּראָזע** דרוקן זיך מוישע אַלטמאַנס דערציילונגען „אין אַן אָפּרו־טאָג“, „דאָס ערשטע לעמעלע“; אירמע דרוקערס „זינגען מוזן אַלע“ (פֿונעם ציקל נאָוועלן וועגן י.־ל. פּערעץ); ריווקע רובינס „דער שלאָס פֿון דעם פֿירשט בערגער“ און „זון אויף די דעכער“; מאַרק ראַזומניס נאָוועלעטן, דערציילונגען פֿון מוישע גאָלדשטיין, געדאַליע קאָסאָי, הומאָרעסקעס פֿון יעווע בעקער, ליובע קושניראָוו.

■

**צום 75-טן געבורטסטאָג פֿון לייב קוויטקאָ** ווערט געגעבן דעם דיכטערס אַ ציקל לידער און אַ גרעסער אַרטיקל פֿון מוישע נאָטאָוויטש „נאָך קוויטקאָס טריט“.

■

**די פּאָעזיע** איז אויך פֿאַרגעשטעלט מיט לידער־ציקלען פֿון הירש בלאָשטיין, וועמען עס ווערט 70 יאָר, שלוימע רויטמאַן, דאָרע כײַקינע, איטשע באָרוכאָוויטש, מישע מאָגיליעוויטש.

■

**אינעם קריטישן אָפּטייל** זײַנען געדרוקט אַרטיקלען פֿון באָרעך לעווינטאָוו — „ייִדישע סאַטירע אין די יאָרן פֿון דער ערשטער רוסישער רעוואָליוציע (1905—1907)“; יאַנקעוו שטערנבערג — „דער רומענישער עטאַפּ אין גאָלדפֿאַדענס טעאַטער־שאַפֿונג“, א. לעבעדיעוו — „אַנאַטאָלי וואַסיליעוויטש לונאַטשאַרסקי“ (צום 90-טן געבורטסטאָג), הירש בעריאָזקין — „אַ מענטש צווישן מענטשן“ (וועגן כאַיִם מאַלטינסקיס ליריק) און אַ ריי אַנדערע מאַטעריאַלן.

■

# סאָוועטיש היימלאַנד

ליטעראַריש-קינסטלערישער
כוידעש-זשורנאַל

אָרגאַן פון שרײַבער־פאַרבאַנד פון פססר

פינפטער יאָרגאַנג

פאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל“

מאָסקווע

11

נאָיאַבער

1965

# אינהאַלט

זײַט



טריבונע פֿון לעבן



ליטעראַטור און קונסט




**הויפּט־רעדאַקטאָר**

א. ווערגעליס.

**רעדקאָלעגיע:**

ה. אָשעראָוויטש, אי. באָ־ראָכאָוויטש, א. גאָנטאַר, מ. טייף, נאָטע לוריע, מ. לעוו (פֿאַראַנטוואָרטלעכער סעקרעטאַר), ב. מילער, י. פֿאַליקמאַן, ס. פּרײַ, י. ראַבין, ר. רובין.

פּערעץ מאַרקיש

# אָקטיאבער־ליד

דער וועג איז גלײַך! דער וועג איז באַרג־אַרוף! דער וועג איז ריכטיק!
און יעדער טראָט — געשטאָלט, געפּרוּווט און האַרט איז:
— מיר האַקן זיי, די יאָר, — די לעמפּ מיר טראָגן אַף געזיכטער,
ווי ס׳האַקן די שאַכטיאָרן קוילן אין די שאַכטעס!

דער וועג איז באַרג־אַרוף! און ווײַטן ווערן גראָמער,
איעדער טראָט איז — פּײַן און ווייטעק פון געבוירן:
— מיר קוּיקלען זיי, די יאָר, ווי קוילן צו אַ דאָמנע,
וואָס שמעלצט יאָרהונדערטן און לײַכט פאַר דוירעס!

ווי הענט זײַבען געשטרעקט צו יעדערן די וועגן,
און נאָענט איז די ווײַט, און יונג איז זי און העל דאָרט:
— זי גייט, זי גייט, די צוקונפט, אונדז אַנטקעגן
מיט אָפּשניטן פון צײַט, ווי סטויגן פון די פעלדער!

איעדער מינדסטער שטויב, און יעדער שטיין דער גרעסטער
אַף איבערשמעלץ זיך בעט צו האַמערדיקע קלאַנגען:
— פאַרמישט מיט פײַער אונדז און ברענט און גליט אונדז פעסטער,
מירן זיך אופהייבן אַליין און זיך אַליין דערלאַנגען!

מיט גאַנג פון מענגעס קלאַפּט זיך אונדזער פּולס,
און אונדזער האַרץ אַף פּלעצער שוימיקט זיך און פיבערט:
— יאָרהונדערטן, ווי וועהרסט־סלופּעס אַף רויטן קאַראָול —
באַרג־אַרוף, באַרג־אַרוף, באַרג־אַרוף און אַריבער!

פאַרליבטע יונגלינגען — מיר ציילן זיי, די יאָר,
און ייִנגער ווערן מיר פון יעדערן באַזונדער:
— און שטײַגנדיק אַף באַרג, אין בלענדיקן קאַיאָר,
וועלן מיר דעם ערשטן אָקטיאַבערישן יאָרהונדערט!






צווייטער טייל

## עטלעכע ווערטער פונעם אווטאָר

אזא טעווע האָט שוין אונדזער געערטער לייענער: הייבסטו אים אָן דערציילן א געשיכטע, וויל ער גלייַך וויסן, וואָס וועט זייַן ווייַטער, מיט וואָס האָט עס זיך געענדיקט...

און, צווישן אונדז זאָל עס בלייַבן, איז ער, נעבעך, גערעכט, דער לייענער. טויזנט מאָל גערעכט!

אינדערעמעסן, וואָס פאר א טאם האָט א מייַסע אָן א סאָף?

דערפאר טאקע וועלן מיר באלד דערציילן ווייַטער די געשיכטע וועגן דעם בעקער פון קאָ־לאָמייע, וועגן דעם, ווהין עס האָט אים פארטראָגן דער גורל און וואָס איז מיט אים געשען. דאָ האָט איר דעם צווייטן טייל, און עס וואַרט נאָך אף אייַך דער דריטער טייל פונעם ראָמאן „דער בעקער פון קאָלאָמייע"[1].

יענע, וואָס האָבן געלייענט דעם ערשטן טייל, געדענקען געוויס, אז ער איז געווען געשריבן אין א הומאָריסטישן, פריילעכן נוסעך. נאָר זאָל מען מיר מויכל זייַן, אויב ווייַטער וועט ערטער־ווייַז אויסקומען זיך א ביסל אָפּווענדן פון אָט דעם גאנג, ווייַל ווער, אשטייגער, ווייסט עס ניט, אז ניט שטענדיק איז פריילעך אפן הארצן?

אָפטלעך בלאָזן אזעלכע בייזע ווינטן און דער העלד אונדזערער פאלט אריַין אין אזעלכע אומשטענדן, אז עס ווערט אים גאנץ ביטער אף דער נעשאָמע און עס לאכט זיך ניט...

דערבייַ טאָר מען אויך ניט פארגעסן, אז אינעם ראָמאן האנדלט זיך וועגן דעם לעבנס־וועג פון א ניט־אויסגעטראכטן העלד, וואָס האָט פארזוכט קאלטס און ווארעמס, געווען אפן פערד און אונטערן פערד.

נאָר וויבאלד מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט א ראָמאן און ניט מיט קיין לעבנס־באשרייַבונג, האָט זיך דער אווטאָר דערלויבט צו ענדערן דעם נאָמען פון דעם הויפּט־העלד און פון די מענטשן, מיט וועלכע ער האָט זיך געטראָפן.

עס וועלן זיך אין ראָמאן באגעגענען אייניקע עפּיזאָדן, וועגן וועלכע סקעפּטיקער, וואָס באַ־שמייכלען איראָניש יעדעס הויך געפיל, וועלן זאָגן: עט, אן אויסגעטראכטע מייַסע. אזוינס קאָן ניט זייַן. מוזן מיר זיי וואָרענען: ניין, ליבע מענטשן, ס׳איז ניט קיין אויסגעטראכטע מייַסע. אזוי איז געווען.

אָבער וואָס וועלן מיר לאנג ברייַען, וואָס וועלן מיר זיך אריַינלאָזן אין בקירעס, אז עס וואַרטן אף אונדז נייַע באגעגענישן מיטן בעקער פון קאָלאָמייע און מיט זייַנע פרייַנט און סאָנים...

נאָר וואַרט א ווייַליטשקע!

---

[1] דעם ערשטן טייל זע „סאָוועטיש היימלאַנד" נומ. 4 און 5 פארן 1964 יאָר.

עפּשער וואָלט געווען אַ געדאַנק דערמאָנען אין עטלעכע ווערטער, וואָס קומט פֿאַר אין דעם ערשטן טייל פֿון ראָמאַן?

...פֿון אַ קליין שטעטעלע קאָוואַליווקע, טיף אין די קאַרפּאַטן, אַנטלויפֿט אין דער גרויסער וועלט אַרײַן יאָסיע דעם סטעלמאַכס טאַכשיט, מאַקס קרייסלער. ער קומט אָן אין קאָלאָמייע, אין דער בעקערײַ פֿון פֿאַני זשיכלינסקאַ. פֿאַרן באָכער הייבט זיך אָן אַ נײַ לעבן, פֿול מיט געשעענישן, באַגעגענישן מיט גאָלדענע מענטשן, אַזעלכע, ווי אילקאָ זאַגול, און מיט אויסוואָרפֿן, ווי די פֿאַני זשיכלינסקאַ גופֿא.

דער גורל פֿאַרבינדט אים מיט אַ ייִדישן וואַנדער־טעאַטער, ער פֿאַרליבט זיך אין אַ יונגער באַרימטער אַקטריסע עסטערל שאַפּיראָ, נאָר איר פֿאָטער אָסקאַר שאַפּיראָ צעשטערט די דאָזיקע ליבע — אַ פּראָסטער בעקער־יונג און אַ באַרימטע אַקטריסע? פֿע, דער שידעך שטייט אים ניט אָן. אונדזער אומרויִקער העלד לאָזט זיך ווײַטער זוכן זײַן גליק, ער טרוימט וועגן טעאַטער, עפּשער וועט ער נאָך אַמאָל ווערן אַ באַרימטער אַקטיאָר? עפּשער...

## אונדזער העלד שפּאַרט אָן אַזש קיין בערלין



ס האָט זיך אים אַפֿילע ניט געכאָלעמט, אַז געוויינלעכע אָקסן און קי, אומשולדיקע באַשעפֿענישן, גאָט די נעשאָמע שולדיקע, וועלן אים אַזוי אומדערוואַרט אַריבערפֿעקלען אין גאָר אַן אַנדער וועלט.

העכער דרײַ וואָכן צײַט האָט ער געשפּאַנט מיט אַ בײַטש אין דער האַנט איבער אומבאַקאַנטע וועגן און שטעגן, איבער אַ ווילד־פֿרעמדער מעדינע, הייזעריק געוואָרן, שרײַענדיק און אײַנטײַנענדיק מיט די בעהיימעס, זיי זאָלן זיך ניט צעקריכן אין אַלע זײַטן, נאָר זיי האָבן אים געהערט, ווי דעם קאָטער. און גיי רוף זיי, די בעהיימעס, קאַנאַקניסל!

אַ גאַנצן טאָג געקנאָטן די בלאָטע, האָט מען זיך פֿאַרנאַכט אָפּגעשטעלט אין פֿעלד, צעלייגט אַ שײַטער, געשטילט דעם הונגער, געפּרוווט דערוואַרעמען די נעשאָמע. אָפּגעשטופּט ווי־ניט־איז די נאַכט, האָט מען זיך גאַנצפֿרי מיט דער ראָשטשינע געלאָזט ווײַטער אין וועג, געגאַנגען אין געהאַקטע ווונדן. דאָס בײַסיקע האַרבסטיקע רעגנדל, די בייזע ווינטן האָבן מאַמעש געטרייבערט די נעשאָמע.

בלויז די ערשטע עטלעכע טעג איז מאַקס געווען צופֿרידן מיט זײַן נעסיִע. ער האָט געשפּאַנט, אונטערזינגענדיק פֿריילעכע קאָלאָמייקעס, זיך געווערטלט מיט די קאָלעגן־פּאַסטעכער, געשפּאַסט, דערציילט מײַסעס, וואָס האָבן געצווונגען די צוהערער זיך האַלטן פֿאַר די זײַטן, רײַסן קישקעס. שפּעטער איז ער געוואָרן אומעטיקער, שווײַגעוודיקער, ביז ער איז אינגאַנצן שטיל געבליבן. אים איז נימעס געוואָרן דער וועג, די רעגנס, די ווינטן, די שײַטערס, די בעהיימעס, וואָס האָבן געקוקט אַף אים מיט גאַזלאָנישע אויגן, פּונקט ווי ער אײנער וואָלט געווען דער גאַנצער שולדיקער אין דעם, וואָס מע האָט זיי נעבעך אָפּגעריסן פֿון זייערע טרײַע באַלעבאָטעס, פֿון די היימישע קאָרעטעס און לאָנקעס און מע טרײַבט זיי ערגעץ דער רועך ווייסט וווהין, עפּשער גאָר אין בויניע אַרײַן.

ווען מאַקס האָט כאָלילע אַ טעווע צו שעלטן, וואָלט ער איצט געוויס פֿאַרשאָלטן זײַן פֿינצטערע דאָליע, דעם ביטערן גורל און אין דער ערשטער ריי די זשאַנדאַרמען.

מיט יעדן שפּאַן האָט ער זיך דערווײַטערט פֿון זײַנע קאַרפּאַטן. איצט האָט ער געזען די גרינע בערג בלויז אין כאָלעם. דאָס האַרץ האָט גענאָגט, ווען ער האָט זיך דערמאָנט אין זײַן ווײַטער היים.

נאָר ווי זאָגט יענער: אַז מע גאַנוועט אַרויס די פֿערד, איז שוין ניט קעדײַ פֿאַרמאַכן די שטאַל... איצט איז שוין שפּעט געווען כאַראָטע צו האָבן. ער וועט שוין זען פּאַרטיקערהייט, וואָס עס וועט אים ברענגען דער מאָרגעדיקער טאָג. זאָל זיך נאָר גיכער ענדיקן אָט דער שווערער וועג, וועט מען זיך שוין יאַקאָס אָן אייצע געבן. שיקט זיך, אַז אין אַזאַ גרויסער וועלט זאָל זיך ניט געפֿינען קיין שטיקל פּלאַץ פֿאַר אים, פֿאַר דעם בעקער פֿון קאָלאָמייע?

און אַזאַ טעווע האָט שוין יעדער וועג — ווי ער זאָל זיך ניט דרייען, מוז ער זיך אַמאָל אויסלאָזן. אויך אָט דער וועג האָט זיך אויסגעלאָזט, און דערצו נאָך אַזוי אומדערוואַרט, ווי אומדערוואַרט ער האָט זיך פֿאַר מאַקסן אָנגעהויבן.

אין איינעם אַ שטילן פֿרימאָרגן, ווען דאָס נימעסע רעגנדל האָט אופֿגעהערט און דער הימלראַנד איז געוואָרן אַ ביסל לויטערער, האָבן זיך פֿון ערגעץ דורכגעריסן אַ פּאָר פֿאַרשלאָפֿענע שטראַלן, זיך אָנגעהויבן כײַנדלען, און פֿאַר די אויגן פֿון די פּאַסטעכער איז אופֿגעשטאַנען אַ סקוטשנע שטעטל מיט טשערעפּענע דעכער, עטלעכע שפּיצן פֿון קירכעס, אַ צעמאַזיקטע פֿעסטונג

אָדער א געוועזענער פרײַסישער שלאָס, און אין טיפן גרינעם טאָל, דאָרטן, ווו עס האָט זיך געשלענגלט א טײַכל, האָט זיך באוויזן א מעשונעדיקע פינצטערע געבײַדע, ווי א מין לאַנגע שטאַל, ארומגערינגלט מיט א הויכער, אומגעלומפּערטער וואנט. פונעם גרויסן הויף האָט זיך אהער געריסן א מוירעדיקער געברום, און נאָך האָט זיך פון דאָרטן דערטראָגן א שטארקער גערוך פון בלוט, פון דזעגעכץ און אנדערע ניט גאָר פײַנע זאכן, וועגן וועלכע עס וואָלט עפשער דאָ ניט קעדײַ געווען צו ריידן.

ניט אנדערש, ווי די גרויסע טשערעדע, וואָס מע האָט אהער געבראכט, וואָלט לויטן גערוך און לויט דעם רעווען דערפילט, וואָס דאָס איז פאר א מאָקעם. די קי און אָקסן האָבן, גלײַך ווי מע וואָלט זיך צונויפגערעדט, אופגעהויבן א טומל ביזן הימל.

מאקס, וואָס איז נאָך זינט ער לעבט ניט געווען אף אזא מין כאסענע, האָט דערפילט, אז דאָס הארץ ווערט בא אים צעזעצט. ער האָט ראכמאָנעס געהאט אף זײַנע אונטערטעניקע און זיי שוין מויכל געווען, וואָס זיי האָבן זיך אין וועג ניט גאָר פײַן אופגעפירט, אים ניט געפאָלגט.

איין זאך האָט אים יאָ געפרייט — דאָס, וואָס דער וועג האָט זיך שוין געענדיקט.

און ווירקלעך, אין א פאָר שאָ ארום האָט אים דער דיקער באלעבאָס מיט די העלע וואָנצעס, פיפקענדיק זײַן שווערן שווארצן ציבעק, אויסגעצאָלט דאָס ביסל מינץ, א זעץ געטאָן מיט דער שווערער האנט איבער דער פלייצע און געהייסן שטעלן פיס, זיך אומקערן גלײַך אהין, פונוואנען ער איז געקומען, ווײַל אויב ער וועט זיך דאָ פארהאלטן, וועט ער ארײַנכאפּן א שיינעם פעטשאַ־טעק פון דער גרענעץ־וואך.

געוויס! ווי זשע קאָן זײַן אנדערש? זאָל מאקס נאָר א ביסל איבערכאפן דעם אָטעם, פאר־קערעוועט ער גלײַך די האָלאָבליעס!

מאקס האָט געשמייכלט. איצט הערט ער אים שוין דאפקע פאר א דרײַער. ער ווייסט אליין, וואָס ער האָט צו טאָן! און, אָפגעזעגנט זיך שיין און פײַן מיט די נײַע כאוויירים זײַנע — מיט די פאסטעכער און הורטנטרײַבער, האָט מאקס קרייסלער זיך געלאָזט גיין א קוק טאָן, ווו האלט ער ערגעץ אין דער וועלט.

נאָר וווהין גייט מען? א שטיק וועלט איז ער שוין אויסגעווען, וואָלט מען נאָך געדארפט א פרווו טאָן דאָס מאזל אין בערלין. פאָרט א גרויס שטעטל — עפשער וועט ער זיך דאָרטן צושלאָגן צו א ברעג?

א היפש ביסל צײַט האָט ער זיך ארומגעדרייט אף דער באן־סטאנציע, ביז ער האָט אָנגע־טראָפן אף „זײַן צוג" — דאָס איז געווען א לאנגער פראכטצוג. אזיווי דײַטשן־קאָנדוקטאָרן, די סאמע, זאָגט מען, פינקטלעכע צווישן אלע קאָנדוקטאָרן אין דער וועלט, האָבן א טעווע פארנאכט כאפן א דרעמל און עס ווערט בא זיי אָפגעשוואכט די ריִע, האָט אונדזער וואנדערער זיך אײַנ־געגעבן ארײַנכאפן אומבאמערקט אין א וואגאָן, זיך באהאלטן צווישן זעק און פעק און מיט מאזל זיך לאָזן אין וועג.

לאנג האָט זיך געשלעפּט דער צוג און נאָך לענגער געשטאנען אף די סטאנציעס און פאָלו־סטאנקעס. נודנע האָט זיך געצויגן די צײַט. ווען דער צוג האָט זיך ענדלעך אָפגעשטעלט און מער ניט ארויסגעוויזן קיין פארלאנג זיך רירן פון אָרט, איז מאקס פאָרזיכטיק ארויסגעקראָכן פונעם וואגאָן. ער האָט דערזען א יאם מיט עלעקטרישע פײַערן, וואָס האָבן זיך איבערגעוווּנקען, ווי די שטערן אין הימל. אלפי־סייכל האָט יענער יאם פײַערן געדארפט זײַן בערלין.

ער האָט זיך געלאָזט גיין, נאָר וואָס מער ער איז געגאנגען, אלץ ווײַטער האָט זיך אָפגערוקט פון אים די שטאָט...

קורץ גערעדט, ער איז אָפגעגאנגען א שיינע עטלעכע שאָ, ביז ער איז געקומען אין שטאָט ארײַן. עס האָט גענומען טאָגן, און אף די פוסטע גאסן האָט אָנגעהויבן רוישיקער ווערן פון מענטשן, וואָס האָבן זיך געײַלט אף דער ארבעט, און פון די אווטאָמאָבילן און טראמווײַען, וואָס האָבן זיך אויך ערגעץ געײַלט, ווי זיי וואָלטן מוירע געהאט פארשפעטיקן.

אינגיכן האָט אים שוין דער געדיכטער שטראָם מענטשן אונטערגעכאפט און אוועקגעטראָגן מיט זיך. אלץ האָט אים געצוווּנגען זיך וואָס גיכער אײַנשליסן אינעם שנעלן טעמפּ פון גרויס־שטאָטישן לעבן, נאָר ער האָט זיך דערווײַל ניט אונטערגעגעבן, געשפאנט, ארומקוקנדיק זיך אין אלע זײַטן, געקוקט אף די וויטרינעס און גרויסע הײַזער, ווי אף א בייזוואונדער.

מע קאָן, פארשטייט זיך, ניט זאָגן, אז די אומגעהייער גרויסע, ברויזנדיקע שטאָט מיט איר גרילצערײַ, טומל און שטופעניש איז מאקסן גאָר שטארק געפעלן געוואָרן. ער האָט זיך פון אָנהייב דערפילט ווי פריטשמעליעט. עס האָט זיך אים אויסגעוויזן, אז די אווטאָמאָבילן און טראמווײַען פליִען גלײַך אף אים, די פילשטאָקיקע מויערן מיט די רײַכע וויטרינעס האָבן געדריקט אף אים, ווי געפאלן אף זײַנע אקסלען. עס האָט זיך אים געדוכט, אז ער ווערט דערשטיקט פון דעם רויך, פון די גאזן, פון דעם שטויב און נאָך פון דער רועך ווייסט וואָס.

מאקס האָט זיך ארויסגערוקט פון דער געדיכטעניש און האָט פארקערעוועט אין א זײַטיק געסל, ווו ער האָט געקאָנט א ביסל איבערכאַפּן דעם אָטעם.

ער איז געגאַנגען, ווי ער זאָל ארויסקוקן אף א נעס, נאָר, ווי אפצולאָכעס, זײַנען קיין ניסים ניט געשען, — זיי, זעט אויס, געשעען ניט אַלע מאָל אין דערעלטער... אפילו אין אזא גרויסער און אומגעלומפּערטער שטאָט, ווי בערלין.

וואָלט זיך כאָטש עמעצער אָפּגעשטעלט, מע זאָל קאָנען א פרעג טאָן, וואָס און ווען, וווהין קערט מען זיך, ווהין ווענדט מען זיך, ווו געפינט מען ארבעט, א דאך איבערן קאָפּ... נאָר קיינער קוקט אפילו ניט אין זײַן זײַט. אַלע זײַנען פארטאָן מיט זיך, פארטאראַמט, פארהאַוועט. דאכט זיך, זאָלסט זיך אויסציִען אינמיטן גאס און שטארבן, וועט זיך אויך קיינער ניט אָפּשטעלן, דיר ניט דערלאַנגען קיין טראָפּן וואסער...

א שיינע שטאָט! טאקע, כ'לעבן, געדאַרפט געווען אזוי איילן אהער!

ער האָט אפילו לעכאטכילע זיך ניט אָנגעשטויסן, אז ער איז שוין צוגעקומען צו די בראַנדענבורגער טויערן. עפּעס האָבן זיי געהאט גאָר א וואָכעדיקן אויסזען, ניט געווען ענלעך אף יענע טויערן, וואָס ער האָט געזען אין די זשורנאַלן און אף די קאָלירטע פּאָסטקאַרטלעך. געווײנלעכע אָנגעדראָלענע קאָלאָנעס, אויסגעשמיסענע פון רעגנס און ווינטן, כמורנע, אומהיימלעכע, בייזע. פּונקט אזא מין אויסזען האָבן געהאט די מאסיווע ווענט און דער געזעצטער קופּאָל פונעם רייכסטאַג. עס האָט אף מאקסן אויך ניט געמאכט קיין איבעראַשנדיקן אײַנדרוק די שפּרעע מיט אירע קאַלעמוטנע, שמוציקע וואסערן. א מאָדנעם אומעט און מאָרעשכוירע האָבן אף אים אָנגעוואָרפן די אָנצאָליקע בראָנזענע און גראַניטנע באראָנען, קייסאָרים, ריטער, גענעראַלן, וואָס האָבן געקוקט אף דער וועלט מיט גאדלעס און רעציכע.

דעם גאַנצן טאָג איז מאקס ארומגעגאַנגען ווי א פארטשאדעטער איבער דער אומענדלעך־גרויסער שטאָט.

אומבאמערקט האָט גענומען צופאַלן די נאכט. עס האָבן זיך אָנגעצונדן די לאַמטערנס. מיט אַלע קאָלירן פון רעגנבויגן האָבן גענומען פינקלען די וויטרינעס, וואָס האָבן גערופן, געשריִען געמאָנט, פאַרגעלייגט עפּעס פארזוכן, קויפן, נעמען.

אַלע האָבן ערגעץ געאײַלט, נאָר מאקס האָט ניט געהאט וווהין צו אײַלן.

עס האָט אים ווידער פארטראָגן אין א זײַטיק געסל, ווו עס איז געווען ניט אזוי רוישיק. דער זשום איז ארויס פון קאָפּ, און די אויגן האָבן זיך א ביסל געקאָנט אָפּרוען פון די טאַנצנדיקע פײַערן. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט בא א פּלויט, וואָס איז געווען פון אויבן ביז דער ערד פאַרקלעפּט מיט אפישן, פון וועלכע עס האָבן זיך אף אים געוואָרפן גאזלאָנים מיט רעוואָלווערן, ריטער אף צעפּאַליעטע פערד מיט שווערדן אין די הענט, עס האָבן צו אים אונטערגעשמייכלט און צוגעווונקען האַלב־נאַקעטע שיינהײַטן. צווישן אָט דעם מישמאַש האָט זיך מאקסן געוואָרפן אין די אויגן א באַשיידענע אפישע און דאָס אויג האָט זיך אָפּגעשטעלט אפן נאָמען: זיגפריד ליינאַרד...

ליינאַרד?.. ווו האָט ער געהערט דעם נאָמען? אין עפּעס האָט עס אים דערמאָנט, אין עפּעס ליבס און טײַערס. צי איז דאָס ניט דער זעלבער אקטיאָר, וועגן וועלכן עס האָט אים אזויפיל דערציילט שימשן־האַגיבער? איז דאָס ניט יענער גרויסער רעזשיסער, וועגן וועלכן עס האָט מיט אזא היספּײַלעס גערעדט עסטערקע שאַפּיראָ?..

ער האָט זיך בעסער אײַנגעקוקט אין דער אפישע, געלייענט די קאַרגע עטלעכע שורעס. געוויס! דאָס איז יענער זעלבער זיגפריד ליינאַרד, דער באַרימטער אקטיאָר, דער גרויסער קינסטלער! דאָ אין שטאָט געפינט זיך זײַן טעאַטער.

איבערגעלייענט אין סאמע עק פון דער אפישע דעם אדרעס פונעם טעאַטער, האָט מאקס זיך גלײַך געלאָזט אהין. ער איז ניט געגאַנגען, נאָר עס האָט אים געטראָגן, ווי אף פליגלען. ער האָט זיך נאָכגעפרעגט בא פארבײַגייער, וויאזוי דערקלײַבט מען זיך אהין.

א פארפּאַליעטער און צעהיצטער איז מאקס קרייסלער געקומען צום פּלאַץ, ווו עס איז געשטאַנען א גערעמע געבײַדע. נאָר עפּעס א מאָדנע געשיכטע! צו טונקל האָבן געברענט די לאַמטערנס ארום איר, צו וואָכעדיק האָט אויסגעזען דער פּלאַץ...

צוגעגאַנגען צום ארײַנגאַנג, האָט מאקס דערזען א פּלאַקאַט, אף וועלכן ס'איז געווען שוואַרץ אף ווײַס אָנגעשריבן, אז די טרופּע איז ארויסגעפאָרן קיין אמעריקע און אייראָפּע אף גאַסטראָלן.

אָט האָסטו דיר! אף זײַן וויסט מאזל דאַרף גאָר פּאסירן אזא זאך!

און וויפל, אשטייגער, קאָן אויסקומען ווארטן אף דער טרופּע — א כוידעש, א האַלב יאָר, א יאָר, אייביק?..

און מאקס האָט בא זיך געפּויעלט: וויפל עס זאָל ניט דויערן, וועט ער ווארטן! וואָס עס זאָל

מיט אים ניט געשען, וויאַזוי ער זאָל זיך ניט מוטשען, וועט ער בעשום־אויפן ניט פאַרלאָזן די שטאָט, ביז ער וועט ניט זען דעם גרויסן לײנאַרדן אויף דער בינע!

מאַקס האָט זיך געפּרוּווט פאָרשטעלן, וואָס פאַר אַ מענטש איז ער אין לעבן, אָט דער לײנאַרד? מע קאָן זיך עפּשער מיט אים באַגעגענען, זיך באַקענען מיט אים...

און צוריקגערעדט, ווען מאַקס באַגעגנט זיך שוין יאָ מיט לײנאַרדן, וועגן וואָס וועט ער מיט אים ריידן? וועגן באַקן בולקעלעך? וועגן דעם, אַז ער וויל אַרבעטן אין טעאַטער? נאָר דאָס איז, אַפּנעם, אַ נאַרישער טרוים. אין אַזאַ טעאַטער, זעט אויס, וועט מען אים אַפילע קיין בעזעם ניט פאַרטרויען, ער זאָל צוקערן די בינע... בלויז אויסדערווײלטע קאָנען דאָרטן אַרבעטן, גליקלעכע.

יאָ, זינט מאַקס געדענקט זיך, גייט אים טאָמיד מיט דער פּוטער אַראָפּ. האָט ער זיך שוין יאָ מיט גרויסע צאָרעס צוגעשלאָגן צו אַן אַרבעטער־טעאַטער, עטלעכע מאָל אַרויסגעגאַנגען אויף דער בינע, געשפּילט קלײנע ראָלן, — ס׳רעדט זיך נאָר אַזוי ראָלן, — איז טאָמער האָט מען אים געוואָלט פאַרטרויען שפּילן אָטעלאָ, דאַרף דער רוועך אָנטראָגן די פּאָליציי, און מע טרײַבט אים אַרויס פון דער שטאָט... איז גלײַך געוואָרן אויס אָטעלאָ, אויס טעאַטער, ווי יענער זאָגט — אויס קאַלע, ווידער מויד!.. נאָר כאַכאָמים זאָגן דאָך אויך עפּעס אַנדערש: וואָס באַשערט, איז באַוועט. אויף ניט געגאַנגען און ניט געפאָרן דאַרף מען קיין כאַראָטע ניט האָבן... ער וואָלט געוויס דורכגעפאַלן, און עס וואָלט געווען אַ כאַרפּע און אַ בושע זיך צו באַווײַזן פאַר מענטשן... ווער ווייסט, עפּשער האָבן אים גאָר די לײצים פון טעאַטער, ווען זיי האָבן אים פאָרגעלייגט שפּילן אָטעלאָ, אומיסטן געוואָלט אָפּטאָן אַ שפּיצל און מאַכן צום נאַר?

נאָר ווי עס זאָל דאָרט ניט זײַן, טוט אים פונדעסטוועגן באַנק, וואָס עס האָט זיך אַזוי שלעכט באַקומען און ער האָט ניט געקאָנט אָפּשפּילן די ראָל. ער וואָלט איצט געקאָנט אַרײַנקומען צו זיגפריד לײנאַרדן און זאָגן, אַז ער קאָן אַ ביסל שפּילן... פאָרט בעסער, ווי גאָרנישט...

מאַקס קרייסלער איז לאַנג געשטאַנען בא דער פוסטער געבײַדע פון טעאַטער און נאָכגעשפּירט, ווי עס פאַלן בלעטער פון די קליאָנען, ווי פון מאָל צו מאָל פּלאַצט בא זײַנע פיס דער שטעכלדיקער גרינער בעגעד פון אַ קאַשטאַן און פון דאָרט קײַקלט זיך אַרויס דער ברוינער גלאַנציקער יאָדער און באַהאַלט זיך צווישן די געלע שורשענדיקע בלעטער.

פון דעם אָפּדערנאַכט אָן האָט דער באָכער אָנגעהויבן קומען אַהער קימאַט יעדן טאָג. דער פּלאַקאַט, וואָס האָט געמאָלדן, אַז דער טעאַטער איז אויף גאַסטראָלן, איז פון מאָל צו מאָל געוואָרן אַלץ בלאַסער, אָפּגעבליאַקעוועטער.

ווי מיר האָבן שוין געזאָגט, האָט מאַקס באַשלאָסן, אַז ער מוז זיך דערוואַרטן אויפן טעאַטער. איז מעגט איר זיך פאַרלאָזן אויף מאַקס קרייסלערן: אין געהאַקטע ווונדן, נאָר אויף לײנאַרדן וועט ער זיך דערוואַרטן.

אָבער ביז וואָס־ווען האָט מען געדאַרפט טראַכטן, ווי מע שטופּט אויף דעם טאָג אין דער אומענדלעכער, מעשונעדיקער שטאָט, ווי פאַרדינט מען אויפן שטיקל ברויט און ווו שפּאַרט מען צו דעם קאָפּ. מע האָט געדאַרפט זען קריגן כאָטש אויף אַ טאָג, אויף אַ וואָך אַרבעט.

פאַר אַ קורצער צײַט האָט דער גאַסט באַוויזן זיך באַקענען מיט אַלע וואָקזאַלן פון דער שטאָט, מיט אַלע אַרבעט־בירזשעס, שוין אָפּגערעדט פון די קיכן פאַר אַרבעטלאָזע, ווו יעדער ביסן, יעדעס ביסל אומזיסטע „זופּע" און קאַווע האָט געהאַט דעם טאַם פון יענער־וועלט. ער האָט אויך פאַרזוכט, וואָס אַזוינס זײַנען די איפּעשדיקע, ענגע, קויטיקע נאַכט־הײַזער פאַר אַרבעטלאָזע, שנאָרערס, היימלאָזע. ער פלעגט דאָרט איבערשלאָפן די נאַכט און גאַנצפרי זיך ווידער לאָזן אויף אַ וואָקזאַל, עפּשער וועט זיך אײַנגעבן אויסלאָדן אַ פּאָר וואַגאָנעס און כאַפּן עטלעכע מאַרק אויפן אויסקומעניש.

אָבער בערלין האָט, ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, גאָר ניט אַרויסגעקוקט אויף מאַקס קרייסלערן. ס׳איז דאָך געווען אַ צײַט פון הונגער און אַרבעטלאָזיקײַט. צו יעדן שטיקל אַרבעט האָבן זיך געצויגן טויזנטער אויסגעהאָרעוועטע הענט.

ווי אַפּצולאָכעס, איז דאָס יאָר געווען אַ האַרבסט, וואָס האָט זיך אַזוי אײַנגעגעסן אין לעבער, כאָטש נעם זיך דאָס לעבן! פונוואַנען האָבן זיך גאָר גענומען אַזוינע אַכזאָריעסדיקע רעגנס און קעלטן! אָט הייבט מיטאַמאָל אָן שיטן אַ שניי, און אין אַ שאָ אַרום ווערט ער פאַרוואַנדלט אין בלאָטע. און אויף די שיך איז אַ ראַכמאָנעס צו קוקן. זיי עפענען די מײַלער און בעטן נעבעך קאַשע... אינווייניק גוואַדזגעט, כאָטש פאַרטרײַב אַהין זשאַבעס...

דער טײַוול ווייסט זיי, די מענטשן, וואָס האַלטן זיי זיך אַזוי בא אָט דער אומגעלומפּערטער שטאָט? נו, ער, — דאָס איז גאָר עפּעס אַנדערש, — ער מוז זען זיגפריד לײנאַרדן, נאָר וואָס האַלטן זיי זיך דאָ, די פאַרהאַוועטע, פאַרפינעטע, אויסגעמאַטערטע גרויסשטאָטישע מענטשן, וואָס יאָגן ערגעץ די גאַנצע צײַט, ראַטעווען זיך פון די אויטאָמאָבילן און טראַמוויִען, לײענען

א צײַטונג שטייענדיק אין וואגאָן פון דער אונטערגרונט־באַן אין דער מוירעדיקער ענגשאַפט און בעהאָלע?..

לאָזט זיך אויס, אַז דער הארבסט איז נאָך געווען אַ כעסעד אין פארגלײַך מיטן ווינטער! ניט אַנדערש, ווי צוליב דעם גאַסט, מאַקסן, האָט ער פון סאַמע אָנהייב גענומען באַווײַזן זײַנע קונצן.

עס זײַנען גלײַך אַרײַנגעפאָרן די פײַנע פרעסט מיט די שיינע זאַווייען. אָף די גאַסן זײַנען אויסגעוואַקסן בערג שניי. און צוליב דעם טאַקע האָט מאַקס באַקומען אַ הילצערנע לאָפּעטע און אָנגעהויבן פאַרדינען אַ שטיקל ברויט. נאָר זײַנע שיך האָבן וועגן זיך דערמאָנט די גאַנצע צײַט און עס איז אויסגעקומען זיך גאָר אײַנגיכן אָפּזאָגן פונעם גליק.

אַוועקגעוואָרפן די לאָפּעטע, איז מאַקס אַוועק אָפן וואָקזאַל. פון וואָקזאַל האָט ער זיך געטראָגן אין אַ קיך פאַר אַרבעטלאָזע, אָף דער בירזשע, עפּשער וועט ער דאָך באַקומען אָף אַ פּאָר טעג אַרבעט. קורץ גערעדט, עס איז אים געווען גוט, וואָס בעסער קאָן שוין גאָר ניט זײַן.

יאָ, שוין ניט איין מאָל איז אים אין קאָפּ געקומען דער געדאַנק, אַז עפּשער איז גאָר קעדײַ מאַכן אַ סאָף צו זײַנע וואָגלענישן, אַרויסשלאָגן זיך פון קאָפּ די נאַרישע פּלענער און טרוימען. צײַט פאַרקערעווען דעם דישל און זיך אומקערן אַהיים, צום טאַטן, זיך אַוועקזעצן לעבן אים און זיך נעמען מײַסטרעווען רעדער, בריטשקעס. גענוג! פּאָטער! פאַרזוכט, וואָס הייסט קאַלטס און וואַרעמס, דאַרף מען אָפּטרעטן דאָס אָרט אַ צווייטן!

אַמאָל פלעגן קריכן אין קאָפּ נאָך שרעקלעכערע געדאַנקען: עפּשער זאָל ער זיך גאָר אײַנגאַנצן אָפּזעגענען מיט דער וועלט, פּאָטער ווערן פון אַזאַ זיס לעבן? אין אַזאַ גרויסער שטאָט איז דאָס אַזוי גרינג צו טאָן, ווי דערלאַנגען אַ שפּײַ. מע קאָן זיך וואַרפן אונטער אַ טראַמווײַ, און עס וועט אַלץ זײַן אין אָרדענונג, אַרײַנשפּרינגען אין די קויטיקע וואַסערן פון דער שפּרעע, און זיי וועלן דיך צונעמען מיט גרויס קאָוועד... אַזויפיל אומגליקלעכע מענטשן טוען דאָס טאָגטעגלעך, און קיינער באַווייינט זיי אַפילע ניט... פאַר דער צײַט, וואָס מאַקס איז אין אָט דער שטאָט, האָט ער זיך גענוג אָנגעקוקט, געזען, ווי מענטשן מאַטערן זיך מיטן טויט, שלאָגנדיק זיך פאַרן שטיקל ברויט; ווי היימלאָזע, אַרבעטלאָזע שטאַרבן אונטער יענע פּלויטן, הינטער וועלכע עס שײַנען מיט אַלע ליכטיקע פענצטער פּרעכטיקע הײַזער, ווילעס, וווּ מע פרעסט און מע זויפט, וווּ מע הוליעט און מע לעבט אַ מעשוגענעם טאָג.

יאָ, דאָס מאַזל האָט אים ניט געבאַלעוועט, מאַקסן. די שטאָט האָט אים ניט געבראַכט פאַר קיין גראָשן גליק.

איין פרייד איז בײַ אים געווען: לאַנגע שאָען פאַרברענגען אין דער גרויסער ביבליאָטעק, וווּ ער האָט געקאָנט לייענען ביכער און זשורנאַלן, אַזעלכע, וואָס ער האָט קיינמאָל ביז איצט ניט געזען. דאָ האָט ער ליב געהאַט זיצן אַזוי לאַנג, ביז מע האָט אָנגעהויבן לעשן די שײַן און בעטן די פאַרשפּעטיקטע לייענער אָפּגעבן די ביכער און גיין אַהיים...

דאָ, אין ביבליאָטעק, איז געווען דאָס איינציקע אָרט, וווּ מע האָט מאַקסן אָפּגעגעבן אַ ביסל קאָוועד און געקוקט אָף אים ווי אָף אַ מענטשן. די ביבליאָטעקערנס האָבן זיך באַצויגן מיט אַ באַזונדערער אַכטונג צו דעם מאָדנעם לייענער, וואָס האָט מאַמעש געשלונגען ביכער. אַלץ האָט ער געוואָלט וויסן, אַלץ פאַרשטיין, ווי ער וואָלט געוואָלט אָניאָגן דאָס, וואָס ער האָט דורכגעלאָזט פאַר די יאָרן אַרומוואָגלען איבער דער וועלט.

פון די עטלעכע מאַרק, וואָס ער פלעגט אַמאָל פאַרדינען, פלעגט ער נאָך אָפּשפּאָרן עפּעס, ניט כאָלילע אָף קויפן שיך, נאָר אָף אַ טעאַטער. ער איז געגאַנגען אין די מוזייען, געהערט לעקציעס פון באַרימטע קינסטלער און געלערנטע. אין די שאָען האָט ער אין אַלץ פאַרגעסן, זיך אַריבערגעטראָגן אין גאָר אַן אַנדער וועלט און זיך געפילט גליקלעך, אַ מענטש מיט מענטשן גלײַך.

## צוגאַסט בײַ זײַן טרוים

דעם באָכער איז גאָר ניט נימעס געוואָרן אַלעמאָל קומען צו דער געבײַדע פון טעאַטער, כאָטש דאָרטן איז נאָך אַלץ געהאַנגען יענער שטאַרק אָפּגעבליאַקעוועטער פּלאַקאַט. נאָכן שווערן ווינטער מיט די בייזע ווינטן און זאַווייען האָט מען אָף אים שוין אײַנגאַנצן ניט געקאָנט פאַנאַנדערקלײַבן קיין איין וואָרט, אָפּט האָט זיך מאַקסן אויסגעוויזן, אַז אומזיסט פּאַטערט ער צײַט, אַז דער טעאַטער מיט ליינאַרדן וועט זיך שוין קיינמאָל ניט אומקערן אַהער. און ער פלעגט אַוועקגיין מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, מיט אַ צעבראָכענעם געמיט.

דאַרף טרעפן אַ נעס!

איינמאָל, אין אַ מעכײַיעדיקן זומער־פאַרנאַכט, גייענדיק אַ מידער, אַן אויסגעמאַטערטער נאָך אַ שווערן טאָג אַרבעט בײַם אויסלאָדן וואַגאָנעס, האָט ער גלאַט אַזוי פאַרקערעוועט צום באַקאַנטן

פלאץ און איז געבליבן שטיין א שיינענדיקער און א גליקלעכער. הער א מייסע, זיך טאקע דער־װאַרט! זיגפריד לײנאַרד מיט זײַן טעאַטער האָט זיך אומגעקערט פון דער רײַזע און גאָר אינגיכן הייבן זיך דאָ אָן די ספעקטאַקלען.

מאַקס האָט געלײענט די אַפישן און שיר ניט צעשמאָלצן געוואָרן פון פרייד. ער איז געווען אפן זיבעטן הימל: ענדלעך האָט ער זיך דערוואַרט! ער וועט איין מאָל אין דרײַ טעג עסן א שטיקל ברויט, נאָר ער וועט זען אַלע ספעקטאַקלען, אַלע ביז איינעם. וועט ער ניט זיצן אין די ווייכע שטולן פון פאַרטער, נאָר א בילעט ערגעץ אף דער גאַליאַרקע, אונטערן דאַך, וועט ער דאָך בעיאַד זײַן צו קויפן. וואָס איז אים די נאָפקעמינע, ווו ער וועט זיצן? אפילע אפן בוידעם, אבי זען דעם באַרימטן זיגפריד לײנאַרדן! אין קאָפּ האָט זיך ווידער אַרײַנגעגאַנווועט א מאַכשאָווע: ווי גוט וואָלט געווען, ווען ער נעמט זיך אַמאָל אָן מיט מוט און גייט אַרײַן צו לײנאַרדן, יענער זאָל אים געבן אָן אייצע, זאָגן, ווי לעבט מען אף דער וועלט, וואָס פאַר א וועג וואָלט זיך געדאַרפט אויס־קלײַבן אזא איינער, ווי ער, מאַקס.

און עפשער, עפשער וואָלט ער געמעגט זאָגן לײנאַרדן, יענער זאָל אים געבן כאָטש וועלכע־ניט־איז אַרבעט בא זיך אין טעאַטער? פאַר לײנאַרדן איז עס דאָך א קלייניקייט. איין וואָרט זײַנס, און מאַקס׳ גורל איז געלייזט...

אָבער צוריקגערעדט, וואָס ווייסט ער וועגן לײנאַרדן? אז ער איז א וועלט־באַרימטער אַק־טיאָר... נו, איז וואָס? מאַקס האָט דאָך שוין באַגעגנט אף זײַן וועג אָסקאַר שאַפּיראָן, פון וועלכן ער איז א לאַנגע צײַט געווען אזוי ניספּאָעל... און אין טאָגטעגלעכן לעבן איז עס געווען א גאָר־נישט שעבעגאַרנישט, א טויגעניכץ!..

און מאַקס קרייסלער האָט נאָך מיט מער אומגעדולד גענומען וואַרטן אף זײַן באַגעגעניש מיט לײנאַרדן, דערוווײַל מיט לײנאַרדן דעם אַקטיאָר.

און ענדלעך איז ער געקומען, דער טאָג פונעם ערשטן ספעקטאַקל. עס איז געגאַנגען מאַק־סים גאָרקיס „אפן דעק". פון דער אַפישע האָט מאַקס געוווּסט, אז אין דער ראָל פון לוקא טרעט אוף לײנאַרד.

אף זײַן פּלאַץ, ערגעץ אף דער גאַליאַרקע, אונטערשפאַרנדיק מיטן קאָפּ די סטעליע, האָט מאַקס מיט אומגעדולד געוואַרט, אף דער בינע זאָל זיך באַווײַזן לוקא. געריכט האָט ער זיך דער־זען א מעכטיקן, ברייטפּלייציקן אַלטן, א געזונטן, ווי א קאַרפּאַטער דעמב, נאָר דערזען האָט ער א מיטלוווּקסיקן מענטשן מיט אַן עטוואָס געבויגענער פּלייצע, אזא געוויינלעכן, אז ער האָט זיך פון אָנהייב פאַרכידעשט, זיך אפילע א ביסל פאַרלוירן. שוין זשע איז דאָס זיגפריד לײנאַרד? פּונקט אזעלכע אַלטיטשקע האָט ער, מאַקס, דאָך ניט איין מאָל באַגעגנט אף די אַרבעט־בירזשעס, אין דער ריי בא באַקומען דאָס שיסעלע סופּ, אין די נאַכט־הײַזער...

אָבער שוין אין א רעגע אַרום האָט מאַקס פאַרגעסן וועגן אַלץ אין דער וועלט, כוץ וועגן דעם, וואָס ס׳איז פאָרגעקומען אף דער בינע.

פאַר די אויגן פונעם קאָלאָמייער בעקער־יונג איז איצט דורכגעגאַנגען א שטיק לעבן פון אומגליקלעכע, דערנידעריקטע, דערשלאָגענע, געפאַלענע, שנאָרערס און וואַנדערער, גאַסנמוידן און באַלעבאַטימלעך, פאַרקויפטע נעשאָמעס און ערלעכע מענטשן, פאַנאַטיקער און טרוימער — פון די אַלע, וועמען דער וויסטער גורל האָט צונויפגענומען דאָ, אין דעם ענגן, איפּעשדיקן ווינקל.

א פאַרגאַפטער האָט מאַקס נאָכגעשפּירט נאָך לוקאַ.

יאָ, קעדײַ געווען אַריבערטראָגן הונגער, קעלט, אַלע צאָרעס, קעדיי זען אף דער בינע אָט דעם גאָען, וואָס קאָן מיט די צושויער טאָן ווונדער — צווינגען וויינען און לאַכן, קריצן מיט די ציין, בענטשן און שעלטן. עפּעס אַן אויסערגעווײנלעכע קראַפט איז געווען פאַרבאָרגן אין דעם מענטשן.

פון דעם טאָג אָן האָט מאַקס געלעבט נאָר מיט איין געדאַנק: הײַנט וועט ער ווידער קענען קומען אין טעאַטער און זען לײנאַרדן שפּילן. ער איז מעקאַנע געווען די מענטשן, וועלכע זײַנען געשטאַנען לעבן לײנאַרדן, וועלכע האָבן געקענט אים דריקן די האַנט, אויסריידן צו אים א וואָרט. מאַקס איז אפילע מעקאַנע געווען דעם שווייצאַר, וועלכער האָט פאַר זיגפרידן געעפנט די טיר, געוווּנטשן א גוטע נאַכט, ווען יענער פלעגט אָן אויסגעהאָרעוועטער און מידער פאַרלאָזן די גע־בײַדע פון טעאַטער...

דער שיינער זומער האָט מאַקסן ניט געבראַכט ניט קיין נאַכעס, ניט קיין פרייד, ניט קיין גליק. די באַקן זײַנען בא אים אײַנגעפאַלן, דאָס פּאָנעם איז געוואָרן בלייך, די בגאָדים זײַנען געווען אין אזא צושטאַנד, אז ער האָט זייער שטאַרק דערמאָנט אין די פּערסאָנאַזשן, וואָס ער האָט געזען אף דער פאָרשטעלונג פון דער פּיעסע „אפן דעק".

געווען איז דאָס אין איינעם א הייסן זומערדיקן פרימאָרגן, און עפשער איז שוין גאָר אַזוי פרי ניט געווען, ווײַל די זון האָט אָן ראכמאָנעס געפּאַליעט אַף צעשמאָלצן צו ווערן. אין די קאַפע־הײַזער אונטער גרויסע פּילפּאַרביקע שירעמס זײַנען געזעסן אָפּגעפּרעסענע לײַדיקגייער, גווידערדיקע צעהיצטע פון דער זון דאַמען, און מע איז זיך מעכײַע געווען מיטן קאַלטן ביר און אײַז־קרעם, לימאָנאַד און נאָך מיט פאַרשיידענע זאַכן. אין אָט דעם אינדערפרי האָט מאַקס, בלאָנקענדיק איבער די גאַסן און טראַכטנדיק, אַז ער ליגט טיף אין דער ערד, אומבאַמערקט פאַר זיך, ווי עמעצער וואָלט אים געפירט בא דער האַנט, פאַרבלאָנדזשעט צו דער געבײַדע פון טעאַטער. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט בא דער הינטער־טיר, בא יענער זעלבער טיר, דורך וועל־כער זיגפריד ליינאַרד גייט אַרויס נאָך די פאָרשטעלונגען צום באַגײַסטערטן, רוישנדיקן אוילעם, וואָס וואַרט דאָ אַף אים.

מאַקס האָט אַליין ניט געוווסט, צוליב וואָס ער האָט אָנגעקוועטשט אַפן גלעקל. ער איז דער־שראָקן אָפּגעשפּרונגען אין א זײַט. אין א מינוט אַרום האָט זיך די טיר געעפנט, און אַף דער שוועל איז געבליבן שטיין דער שווייצאַר מיט א בייז, פלייִשיק פּאָנעם, צוויי באַרויגעזע וואָנ־צעס, וואָס האָבן זיך מאָדנע באַוועגט. פון א מענטשן מיט אַזא פּאָר וואָנצעס און מיט אַזעלכע שטעכיקע גרינע אויגן, האָט מאַקס א טראַכט געטאָן, איז נישטאָ וואָס צו וואַרטן אַף גוטס. דער אַלטער שווייצאַר האָט אָפּגעמאָסטן מיט ביטל דעם מאָדנעם באַזוכער פון קאָפּ ביז די פיס און א באַמקע געטאָן אונטער דער נאָז:

— נו, וואָס פאַרלאַנגט דער הער?

דערהערט, וואָס דער הער פאַרלאַנגט, האָט דער אַלטער א הויכן גענעץ געטאָן, עפּעס א מורמל געגעבן אונטער דער דיקער נאָז און פאַרהאַקט די טיר.

זאָגן, אַז מאַקס איז געווען גאָר שטאַרק באַגײַסטערט פון דעם אופנאַם, קאָן מען, פאַרשטייט זיך, ניט. פאַרדראָס און קאַס האָבן אים אין דער מינוט אַרומגעכאַפּט. הער נאָר א גראַבקײַט! אַזא צײַט זיך געמאַטערט, ניט געוואָגט צוגיין א רעד טאָן מיט ליינאַרדן, און איצט, אַז ער האָט זיך אָנגענומען מיט מוט, האָט דער פּאַסקודניאַק פאַרהאַקט די טיר סאַמע פאַר דער נאָז.

מאַקס האָט נאָכאַמאָל אָנגעקלונגען און גלײַך גענומען קלאַפּן אין דער טיר מיט די קולאַקעס. דאָס מאָל האָט דער אַלטער אָן עפן געטאָן די טיר מיט אַזא רעציכע, ווי ער וואָלט זיך געקליבן צערײַסן דעם אַקשן אַף פּיץ־פּיצלעך. באַגעגנט זיך אָבער מיט מאַקס׳ אופגערעגטן בליק, האָט ער זיך א ביסל פאַרלוירן און שוין עטוואָס ווייכער געזאָגט:

— מע בעט ניט קלאַפּן אין דער טיר... דער הער ליינאַרד נעמט קיינעם ניט אוף... ער איז ניט קיין דאָקטער און ניט קיין אַדוואָקאַט...

ער האָט שוין ווידער געוואָלט צומאַכן די טיר, נאָר מאַקס האָט ניט געלאָזט.

— און מיך וועט ליינאַרד אומבאַדינגט אופנעמען און אויסהערן.

— הער ליינאַרד איז ניטאָ אין געבײַדע פון טעאַטער. איר פאַרשטייט?

— אָבער איך מוז אים גלײַך זען!.. מיך וועט ער אופנעמען...

דער אַלטער האָט א קנייטש געטאָן מיט די אַקסלען, זיך פאַרקרימט, ווי איינער זאָגט: „וואָס האָט ער זיך צוגעטשעפּעט, דער מעשוגענער?“, שוין ווידער געוואָלט פאַרהאַקן פאַר זײַן נאָז די טיר, נאָר, כאַפּנדיק אַף זיך מאַקס׳ בייזן, פאַרצווייפלטן בליק, אויסגעשטאַמלט:

— אין טעאַטער איז ליינאַרד ניטאָ... ער קער געוויס זײַן אין דער היים. ס׳איז די צײַט פון פרישטיק...

— און ווו וווינט ער?

— איך אייצע אײַך אים ניט דערקוטשען אין אַזא פריִער שאָ... הער ליינאַרד האָט ביכלאַל ניט ליב, אַז מע דערקוטשעט אים און ביפראַט נאָך אין דער היים... דערבײַ איז ער די לעצטע צײַט זייער אופגערעגט... איר פאַרשטייט, אומאָנגענעמלעכקײַטן אין דער פאַמיליע, מיט דער פרוי, — האָט דער אַלטער אונטערגעוווּנקען. — אַפילע זײַנע נאָענטע פרײַנט מײַדן אים לעצטנס אויס... איר פאַרשטייט? וואָס? ניין? איך אייצע אײַך...

— און איך אייצע אײַך מיר גלײַך זאָגן, ווו ער וווינט... איך מוז אים גלײַך זען... דאָס איז א פראַגע פון לעבן און טויט...

דער שווייצאַר האָט אָפּגעווישט דעם שוויס פון פּאָנעם, אויסגעשנײַצט די גראָבע, ווי א קאַרטאָפליע, נאָז און א ווונק געטאָן אין דער זײַט:

— איך וועל אײַך ווײַזן, ווו ער וווינט, אָבער מיט איין טנײַ: איר זאָלט ניט זאָגן, פונוואַנען איר ווייסט עס... אָפּגעמאַכט? אויב ער וועט זיך דערוויסן, קאָן ער מיך דערפאַר אַרויסטרײַבן פון טעאַטער...

קרעכצנדיק, ווי ער וואָלט געטראָגן אַף זײַן ברייטער פּלייצע א שווערע מאַסע, איז דער אַלטער צוגעגאַנגען מיט דעם מאָדנעם יונגנמאַן ביזן ראָג און אָנגעוויזן אַף א הויכן טשוהונענעם

פארקן, הינטער וועלכן אין דער געדיכטעניש פון הויכעביימער האָט זיך קוים ארויסגעזען א טשערעפּענער דאך פון א ווילע.

— זעסט, דאָרטן וווינט דער הער לײנארד... ווילסטו, גיי... נאָר איך בין דיר ניט מעקאַנע...

מאקס קרייסלער האָט א קוק געטאָן דעם אלטן גלייך אין די אויגן אריין, ווי ער וואָלט געוואָלט טרעפן, צי נארט אים יענער ניט אָפּ, און זיך א לאָז געטאָן צום טשוהונענעם פארקן.

אָפּגעגאנגען עטלעכע צענדליק שפּאַן, איז ער, א דערציטערטער, געבליבן שטיין אפן אָרט: א קאַץ איז אים איבערגעלאָפן דעם וועג. אָט אן אומגליק. ניט קיין גוטער סימען. מע דאַרף אָפּ־לייגן אף א צווייט מאָל.

נאָר, דערמאָנענדיק זיך, וויפל קעץ און הינט עס זײַנען אים שוין איבערגעלאָפן דעם וועג און ער איז געבליבן גאַנץ, איז ער צו צום טויער און ניט דרייסט אָנגעקלונגען.

פון יענער זײַט טויער האָבן זיך דערהערט לאַנגזאַמע טריט, א געדיכטער הוסט. אין דער קאַ־ליטקע האָט זיך אופגעעפנט א קליין פענצטערל און מאקס האָט דערזען א שטיקל פארברוינט פּאָנעם און צווי בלוילעכע, עטוואָס אָפּגעבליאקעוועטע אויגן. די העלע וואָנצעס האָבן מאקסן א ביסל דערמאָנט אין די וואָנצעס פון יענעם אלטן, מיט וועמען ער האָט נאַרוואָס געהאַט צו טאָן, און ער האָט א טראכט געטאָן: „דער רוצח וויסט זיי, די שווייצארן, אלע פארלאָזן זיי זיך וואָנצעס!“

נאָר גלײַך האָט מאקס דערהערט די בייזע שטים פון יענער זײַט קאַליטקע:

— עפּעס אן אָנשיקעניש! מע לאָזט ניט רוען! פונוואַנען נעמען זיך אזויפיל בעטלער אין בערלין?..

— פון דאָרטן, פונוואַנען איר נעמט זיך! — האָט אים איבערגעשלאָגן מאקס. — איך בין ניט קיין שנאָרער און ניט קיין בעטלער. איך דאַרף דרינגענדיק צום הער לײנארד...

— אך, אזוי גאָר! — האָט זיך יענער צעשמייכלט. — הייסט עס, איר מוזט זען לײנארדן? די רעגע? גלײַך? דרינגענדיק? וועגן גאָר א וויכטיקן עניען? זייער אינטערעסאַנט!.. איר דאַרפט אָבער וויסן זײַן, יונגערמאַן, אז אזעלכע, ווי איר, קומען אהער א סאך, און זיגפריד לײנארד איז איינער... איר מוזט אים זען דרינגענדיק... וועגן זייער א וויכטיקן עניען... אזוי טײַנעט איר אלע. טאָ הער, וואָס איך וועל דיר זאָגן: זיגפריד לײנארד האָט שטרענג פאַראָרדנט קיינעם ניט אופ־נעמען. זאָל קומען אהער אפילע הינדענבורג אליין...

— און מיך וועט ער אופנעמען! — האָט איבערגעשלאָגן דער גאַסט. דערבײַ האָט ער די ווערטער אזוי אויסגעשריִען, אז ער האָט זיך אליין דערשראָקן. מע וואָלט געדאַרפט, האָט מאקס פארשטאַנען, ריידן ווייכער, איידעלער, דעליקאַטער, נאָר ער האָט הײַנט עפּעס ניט געקאָנט ריידן איידל און דעליקאַט. ער איז געווען טויט הונגעריק, בייז אף זיך און אף דער גאַנצער וועלט. אלץ איז אים נימאס געוואָרן, אפילע דאָס לעבן. ער האָט געוואָלט באַקומען אן ענטפער אף אלע פראַגן, וואָס האָבן אים געפּײַניקט. ער האָט באַשטימט הײַנט אום יעדן פּרײַז זיך זען מיט לײנארדן, אויסגיסן פאַר אים דאָס ביטערע הארץ.

דער אלטער האָט געעפנט די קאַליטקע, באַטראַכט דעם מאָדנעם אורעך.

איצט האָט מאקס דערזען, אז דער מענטש איז גאָרנישט אזא בייזער, ווי אים האָט זיך פון אָנהייב געדאַכט. פּאַרקערט, ער האָט אף אים געקוקט מיט שמייכלענדיקע אויגן און האַלב ערנסט, האַלב אין שפּאַס א זאָג געטאָן:

— וואָס זשע, טײַערער, איר וועט דאָ נאָך לאַנג דערקוטשען? צי ווילט איר ניט, איך זאָל ארויסרופן פּאָליציי?..

מאקס איז געוואָרן אן אַנגעצונדענער.

— סטראַשעט מיך ניט, איך בין ניט פון די איבערגעשראָקענע. איך האָב ניט מוירע פאַר פּאָליציי. איך האָב קיינעם ניט באַגאַנוועט, ניט באַגאַזלט. כוץ דעם, דאַכט מיר, אז איך בין ניט געקומען אין קיין פּאָליציי־באַצירק, נאָר צום באַרימטן ארטיסט זיגפריד לײנארד...

— געוויס. נאָר איך האָב אײַך שוין געמאָלדן, אז ער נעמט איצט קיינעם ניט אוף, אפילע דעם פּרעזידענט... דער באַלעבאָס פרישטיקט... עס זיצן בא אים גראַד געסט... זײַנע פרײַנט. וועט איר עפּשער באַפוילן זיי דורכטרײַבן און אײַך אופנעמען? אייגנטלעך, האָט איר זיך נאָך אפילע ניט פאָרגעשטעלט. ווער זײַט איר? ווי זאָל איך מעלדן וועגן אײַך דעם הער לײנארד?

— וויאַזוי זאָלט איר מעלדן וועגן מיר? — מאקס האָט זיך פארלוירן, ניט ווייסנדיק, וואָס צו ענטפערן, — נו, מעלדעט, ביטע שיין, אז עס איז געקומען און בעט זייער אים אופנעמען א נאָענטער קאָרעוו זײַנער... א שוועסטערקינד... א פּלעמעניק פון דער פּראָווינץ...

דער שווייצאַר — ווער ווייסט, עפּשער איז ער גאָר קיין שווייצאַר ניט געווען, — האָט א כיטרע שמייכל געטאָן:

— א סאך יאָרן דין איך דאָ, נאָר ניט געהערט פון אזעלכע קרוווים... הער לײנארדס

לעצטער פלעמעניק איז, אַף וויפל מיר איז באוווסט, געשטאָרבן מיט פיר יאָר צוריק, און איך גלייב ניט אין טכיאַס־האַמייסים... בא ליינאַרדן זײַנען, דאַכט מיר, מער קיין קרוווים נישטאָ...

— דאָס קאָן ניט זײַן! יעדער מענטש מוז האָבן קרוווים, פלעמעניקעס, פעטערס, אַנדערש איז דאָס ניט קיין מענטש... — האָט מאַקס מיט הארץ געזאָגט.

דער אַלטער האָט פאַרייכערט זײַן ציבעק און דערעך־אַגעוו א פרעג געטאָן:

— נו, און פונוואַנען קומט איר אָן?

— פון קאַלאַמייע... א בעקער פון קאַלאַמייע... א קאָרעוו... נו, וויאַזוי איר ווילט, אַזוי מעלדעט וועגן מיר דעם הער ליינאַרד, נאָר איך מוז אים זען, כאָטש עטלעכע מינוט... איך בעט אײַך זייער.

— יאָוואָל, איר וועט דאָ צוווארטן. נאָר קלינגט ניט, פאַרשטאַנען? א קאָרעוו. א פלעמעניק?.. א בעקער פון קאַלאַמייע... אַך, פון קאַלאַמייע? ברענגען זאָל זי! צי איז דאָס ניט יענע זעלבע קאַלאַמייע אין די קאַרפּאַטן, ווו מע האָט מיך בעשאַס דער מילכאָמע פאַרוווּנדעט אין פוס אַזוי, אַז ביז איצט הינק איך? פײַנע קרוווים...

און דאָך איז דאָס געזאָגט געוואָרן אַן גרויסן קאַס. דעם אַלטן איז מיט עפּעס געפעלן געוואָרן אָט דער אַקשן. ער איז ניט ענלעך אַף די לײַדיקגייערס, נודניקעס, טרוימערס, לייצים, שנאָרערס, וואָס קריכן אַהער טאָגטעגלעך און לאָזן ניט רוען.

— נו, — האָט ער א דראָע געטאָן מאַקסן מיטן פינגער, — זאָלסט רויק וואַרטן. אַליין ניט קריכן. איך וועל גיין מעלדן וועגן דיר ליינאַרדן, און וויאַזוי ער וועט באַפוילן, אַזוי וועט זײַן...

און, אונטערהינקענדיק אַף איין פוס, איז ער אַוועק איבער דער אַליי, וואָס האָט געפירט צו דער ווילע.

דאָס האַרץ האָט בא מאַקסן מעשוגענערווײַז געקלאַפּט. ער האָט געפילט, ווי דאָס פּאַנעם פלאַקערט. „דער קאָפּ דרייט זיך, מיסטאָמע פון הונגער“, — האָט ער א טראַכט געטאָן. אָבער צו דעם איז ער שוין געוווינט. דער רועך וועט אים ניט נעמען. אים האָט איצט געקימערט גאָר עפּעס אַנדערש. ער האָט זיך ניט פאַרגעשטעלט, וואָס וועט ער זאָגן ליינאַרדן, אויב יענער וועט אים אויפנעמען. וועגן וואָס וועט ער מיט אים ריידן? ווי אַפּצולאָכעס, איז אַלץ, וואָס ער האָט זיך געקליבן זאָגן דעם באַרימטן קינסטלער, פלוצעם אַרויסגעשפּרונגען פון קאָפּ. איין זאַך האָט מאַקסן א ביסל באַרויִקט: מע וועט אים ביכלאַל ניט אַרײַנלאָזן.

די צײַט האָט זיך געצויגן ווי פון פעך. מאַקס האָט שוין אָנגעהויבן כאַראָטע האָבן אַף דער גאַנצער געשיכטע, געוואָלט אַוועקגיין פונדאַנען, נאָר פלוצעם האָט ער דערהערט שנעלע טריט. אַלפּי־סייכל האָט עס געקאָנט זײַן דער הינקעדיקער. נאָר וואָס איז אַזוי די אײַלעניש? וואָס פאַר א בסורע טראָגט ער אים?

די קאַליטקע האָט זיך אָן עפּן געטאָן, און מאַקס האָט דערזען דאָס שוין באַקאַנטע פאַרברוינטע פּאַנעם. אין די אויגן באַם אַלטן האָט געפינקלט א מאַמזערישער פונק. ער האָט קימאַט פײַערלעך געמאָלדן:

— דער הער ליינאַרד האָט געבעטן אַרײַן! ביטע שיין!..

מאַקס איז בלאַס געוואָרן, זיך דערשראָקן. צוערשט האָט זיך אים געדאַכט, אַז דער פאַרשוין שפּאַסט און ווי נאָר ער, מאַקס, וועט פּרוון אַריבערטרעטן די שוועל, וועט ער אים ווײַזן ווו שוואַרצער פעפער וואַקסט. מאַקס איז געבליבן א רעגע שטיין אין פאַרלעגנהײַט — ניט אַהער, ניט אַהין.

— נו, וואָס זשע טראַכט איר נאָך, יונגערמאַן? — האָט זיך א בייזער געטאָן דער הינקעדיקער. — אײַך האָט אָפּגעגליקט. איר האָט אָנגעטראָפן אַף א מינוט, ווען מײַן באַלעבאָס איז אין א גוטער שטימונג און ער האָט זיך פאַרינטערעסירט מיט זײַן פלעמעניק... עמעס, ער שטעלט זיך גאָר ניט פאָר, פונוואַנען האָט זיך צו אים גענומען א פלעמעניק — א בעקער פון קאַלאַמייע... שנעלער, מע וואַרט דאָרט אַף אײַך...

מאַקס האָט זיך שטאַרק פאַרוויטלט. ער איז געוואָרן אין קאַס אַף זיך אַליין. ווער האָט אים געשלעפּט פאַר דער צונג, ער זאָל אָנפּלאַפּלען א מײַסע וועגן א קאָרעוו — א בעקער פון קאַלאַ־מייע? ווי וועט ער זיך איצט אַרויספּלאָנטערן? פון וואָס וועט ער אָנהייבן? וואָס וועט ער זאָגן? דער רועך זאָל דאָס נעמען, פאַרוואָס איז אים נאָך קיינמאָל ביז איצט ניט אויסגעקומען צו ריידן מיט גרויסע, באַרימטע לײַט? דער גרעסטער מענטש, מיט וועלכן ער האָט זיך ביז איצט באַ־געגנט, איז, דאַכט זיך, געוועזן שימשן־האַגיבער...

אין עטלעכע מינוט אַרום איז שוין מאַקס געשטאַנען אין א גראָמען, געמיטלעכן עסצימער. אַרום א גרויסן טיש, א באַלאָדענעם מיט טעלער, קאַווע־טאַסן, פלעשער מיט ווײַן, וואַזעס מיט פּרוכט, קעלישקעס און נאָך און נאָך, זײַנען געזעסן עטלעכע מענער און דאַמען, געקרייכערט און, ווײַזט אויס, געהאַלטן אין סאַמע מיטן פון אַן אינטערעסאַנטן געשפּרעך. פון אָנהייב האָט דאָ

אפילו קיינער ניט באמערקט, ווי דער גאַסט איז אַרײַנגעקומען. מאַקס האָט אַ הוסט געטאָן, און אַלע האָבן זיך אויסגעקערעוועט צו אים.

אַף די פּנעמער האָבן זיך גלײַך אויסגעשפּרייט פאַרוווּנדערונג, כידעש, ביטל־שמייכלעך.

פונעם טיש האָט זיך אופגעהויבן אַ ניט הויכער, דאַרער פאַרשוין אין אַ פראַסט העמדל מיט אַ צעכראַסטעטן קאָלנער. די פּלייצע איז בא אים געווען עטוואָס געבויגן. ער האָט געטראָגן אַ פּאָר שטעקשיך אַף די פיס, צעקנייטשטע לײַוונטענע הויזן. אין פאַרגלײַך מיט אים איז דער הינקעדי־קער, וואָס האָט מאַקסן אהער געבראַכט, געווען אָנגעטאָן ווי אַ פּרינץ. דאָס פּאָנעם אַ ביסל פאַר־ברוינט, אַן ענערגיש פּאָנעם, וואָס פאַרגעדענקט זיך גלײַך פון ערשטן קוק. די קורץ אונטערגעשאָרענע האָר זײַנען געווען פאַרקעמט אַף אַ זײַט. ער האָט נאָך אויסגעזען ניט אַלט, כאָטש באַדאַרפט האָט ער שוין זײַן אין די יאָרן. די גראָע האָר זײַנע האָבן וועגן דעם איידעס געזאָגט.

מאַקס האָט זיך טיף פאַרנייגט פאַר אים, נאָר קיין וואָרט ניט געקאָנט אַרויסברענגען — עס האָט בא אים אָפּגענומען דאָס לאָשן.

אַ רעגע זײַנען זיי בײדע געשטאַנען איינער קעגן דעם צווייטן.

— נו, מײַן הער, מיר וועלן נאָך לאַנג שווײַגן? — האָט אַ זאָג געטאָן ליינאַרד, צוגייענדיק נעענטער. — איך בין גרייט אײַך אויסהערן. דערציילט, וויאַזויאַרום זײַט איר געוואָרן מײַנער אַ פּלעמעניק, מײַנער אַ קאָרעוו...

פּלוצעם איז מאַקסן געקומען אַ מאַכשאָווע, אַז דאָס איז ניט ליינאַרד. עס קאָן ניט זײַן! עפּעס איז ער ניט ענלעך אַף קיין באַרימטן מענטשן. עפּשער מאַכן פון אים שפּאַס אָט די אַלע פאַר־פוצטע מענער און דאַמען, וואָס קוקן אַף אים מיט אַזאַ מאָדנע שמייכעלע, און מאַקס האָט זיך פאַרלוירן אָנגערופן:

— אַנטשולדיקט, צי קאָן איך ניט זען דעם הער זיגפריד ליינאַרד? איך וועל אים לאַנג ניט פאַרהאַלטן...

— ביטע שיין, ליינאַרד הערט אײַך!..

— איר נאַרט מיך ניט?

פון אומדערוואַרטקײַט האָט ליינאַרד זיך צעלאַכט, און, אַף אים קוקנדיק, האָבן אויסגעשאָסן אַ געלעכטער די געסט.

— נו, ווי געפעלט אײַך, קאָלעגן, מע אַנערקענט מיך שוין ניט! — האָט זיך אָנגערופן ליי־נאַרד. — אָט דאָס איז אַן אופריכטיקער צושויער! ער אַנערקענט מיך ניט... ער און דער „פעל־קישער בעאָבאַכטער"[1]... אָט דאָס פאַרשטיי איך... איך האָב ליב אופריכטיקע מענטשן... — האָט ער אַ קלאַפּ געטאָן דעם פריטשמעליעטן גאַסט איבער דער פּלייצע.

דערזען, אַז ניט אַזוי גרינג וועט מען קענען באַרויקן דעם מאָדנעם באַזוכער, האָט ליינאַרד אים אָנגענומען אונטער דער האַנט, צוגעפירט צום טיש, אָנגעגאָסן אַ קעלישעק קאָניאַק און אים דערלאַנגט:

— נו, זייער גוט! פאַר אַזאַ אָפנהאַרציקײַט וויל איך אַפילע מיט אײַך אויסטרינקען. ביטע... — און ער האָט דערנעענטערט זײַן קעלישעק צו דעם קעלישעק פונעם צעטומלטן גאַסט, וואָס האָט פון אומדערוואַרטקײַט ניט געוווּסט, וואָס צו טאָן. די האַנט האָט בא אים געציטערט, און דער קאָניאַק האָט געשפּריצט אַפן טישטעך.

ווענדנדיק זיך צו זײַנע קאָלעגן, האָט ליינאַרד געזאָגט:

— מײַנע טײַערע הערן און דאַמען, איך בעט אײַך אויסטרינקען מיטן ניט־אַנערקענטן אַקטיאָר זיגפריד ליינאַרדן!..

מאַקס איז געווען בלאַס. עס האָט זיך אים געדוכט, אַז פון דער ערשטער מינוט אָן איז ער דורכגעפאַלן, זיך שטאַרק באַנאַרישט. ער האָט אַפּגיך אויסגעטרונקען און דערפילט, ווי דער שטאַרקער קאָניאַק האָט אָפּגעבריט דעם גומען. מאַקס וואָלט זיך מיט פאַרגעניגן צוגעכאַפּט צו די געשמאַקע מײַכאָלים, וואָס זײַנען געשטאַנען אַפן טיש, נאָר ער האָט זיך געשעמט. האָט ער בלויז מיט דער האַנט אַ וויש געטאָן די פײַכטע ליפּן.

— נו, איצט זײַנען מיר שוין באַקאַנט... — האָט אַ צופרידענער זיך אָנגערופן ליינאַרד און אים דערלאַנגט אַ צוקערקע פאַרבײַסן. מאַקס קרײַסלער האָט זיך פאַרוווּנדערט. וואָס גיט ער אים? וואָס זשע, ער זשאַלעוועט אים אַ שטיקל פלייש מיט ברויט, — האָט ער אַ טראַכט געטאָן, — צי דען איז ער אַזאַ קאַרגער? וואָס איז דאָס פאַר אַ פאַרבײַסעכץ אַ צוקערקע און אַ שטיקל לימענע? עס איז אים אַזוי אויך גענוג זויער אַפן האַרצן, אָן דער לימענע...

ליינאַרד האָט פאַרייכערט זײַן ציבעק און זיך אָנגערופן:

---

[1] אָרגאַן פון דער נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישער פּאַרטיי.

— נו, און איצט דערציילט, ביטע, וויִאַזויאַרום קערט איר זיך מיר אָן א פּלעמעניק אָדער א שוועסטערקינד... איר האָט מיך שטארק פאַרינטריגירט! איך וועל זײַן גליקלעך צו באַקענען זיך מיט א ניט־באַקאַנטן קאָרעוו... איר, הייסט עס, זײַט מײַנער א פּלעמעניק?.. אַזוי אומגעפער האָט מיר געמאָלדן מײַן פרײַנט עמיל שולץ... יאָ, און נאָך האָט ער מיר געמאָלדן, אַז איר זײַט א בעקער פון קאָלאָמייע... זייער אינטערעסאַנט... און איך האָב זיך אַפילו ניט פאַרגעשטעלט, אַז אין קאָלאָמייע, אין גאַליציע, דאַכט זיך, איז עס, האָב איך קרויווים...

מאַקס האָט זיך שטארק פאַרויטלט און, נאָך א לאַנגער פּאַוזע, פאַרשעמט געענטפערט:

— איך בעט מיר מוחל זײַן, הער ליינאַרד... נאָר דאָס האָב איך צוגעטראַכט... אײַער פרײַנט עמיל שולץ האָט מיך ניט געוואָלט אַרײַנלאָזן, האָב איך אים דערציילט א באָבעמײַסע, אַז איך בין אײַערער א קאָרעוו... אַנטשולדיקט מיר, ווי אַן אייגענער פאָטער... איך האָב זייער געוואָלט אײַך זען, ריידן מיט אײַך...

זיגפריד ליינאַרד האָט זיך הילכיק פאַנאַנדערגעלאַכט:

— צום ערשטן מאָל פאַר די צוואַנציק יאָר, זינט עמיל דינט בא מיר, האָט מען אים אַזוי אָפּגענאַרט. איך בעט אײַך, איר זאָלט זיך ניט דערוועגן אים זאָגן וועגן דעם. ער וועט זײַן שטארק באַליידיקט...

ליינאַרד האָט ווידער אָנגעגאָסן קאָניאַק דעם גאַסט, זיך, די קאָלעגן, געבעטן נאָכאַמאָל אויסטרינקען און פאַרגעזעצט:

— אַלזאָ, מײַן הער, איך בין גרייט אײַך אויסהערן... זעצט זיך, ביטע, צו. מיר איז דערווײַל קלאָר איינס, אַז קיין קאָרעוו קערט איר זיך מיט מיר ניט אָן. געקומען זײַט איר פון קאָלאָמייע, גאַליציע, א בעקער פון קאָלאָמייע... וואונדערבאַר!.. און ווי איז אײַער פאַמיליע? אָך, מאַקס קרייסלער?

ער האָט אָפּגעשאַצט מיט א שנעלן בליק יענעמס אָנטאָן, די צעריסענע שיך, איבערגעבונדענע מיט שטריקלעך:

— איך גלייב, אַגעוו, אַז איר קערט זיך ניט אָן קיין קאָרעוו אויך דעם אַמעריקאַנער אויטאָמאָביל־מאַגנאַט קרייסלער און זײַט ניט, ווײַזט אויס, זײַנער קיין קאָמפּאַניאָן? נו, געוויס, איך האָב דאָס גלײַך, ווי איר זײַט אַרײַנגעקומען, פאַרשטאַנען... אַזוי, אַזוי... יאָ, איז וואָס זשע האָט איר מיך געדאַרפט אַזוי דרינגענדיק זען און וואָס האָט איר מיר געוואָלט מיטיילן, הער מאַקס קרייסלער?

מאַקס האָט זיך אינגאַנצן פאַרלאָרן, ניט ווייסנדיק, וואָס צו ענטפערן. דער אויסגעטרונקענער קאָניאַק האָט אים גלײַך צעטומלט. ער האָט דערפילט דעם שאַרפן טאַם פון הונגער, א בלאַנקע געטאָן מיט די הונגעריקע אויגן איבער די טעלער, אַראָפּגעשלונגען די סלינע, געוואָלט עפּעס נעמען, נאָר, דערזען, ווי זיגפריד ליינאַרד און די איבעריקע קוקן אויף אים, זיך אָנגערופן, פאַרהיקענדיק זיך:

— איך האָב אײַך עטלעכע מאָל געזען אויף דער בינע, הער ליינאַרד... איר זײַט מיר שטארק געפעלן... איר שפּילט אַזוי וואונדערבאַר, אַז דער אָטעם פאַרכאַפּט אַזש... איך קאָן דאָס ניט אויסדריקן אַפילו...

— נו, וואָס זאָל איך אײַך דערויף ענטפערן, מײַן פרײַנט, — האָט שמייכלענדיק זיך אָנגערופן ליינאַרד, — א דאַנק אײַך פאַר א גוט וואָרט... איך בין צופרידן. יאָ, בא מיר באַקומט זיך אַמאָל. א דאַנק, יונגערמאַן. און איך האָב צוערשט געמיינט, אַז איר זײַט מיך געקומען זידלען, איר אַנערקענט דאָך מיך ניט. נו, ווײַבאַלד אַזוי, דאַנק איך אײַך זייער! נאָר איר ווייסט, עס זײַנען דאָ קריטיקער, וואָס האַלטן זיך גאָר בא אַן אַנדער מיינונג. זיי זידלען מיך שטארק. זיי האַלטן פון מיר ניט. זיי שרײַבן, אַז איך סטאַרע זיך געפעלן דעם פּראָסטן צושויער, אַז מיך פאַרשטייען נאָר פורמאַנעס און וועשערנס...

— און איר, הער ליינאַרד, שפּײַט זיך אויס אויף די אידיאָטן! הערט זיך צו זיי ניט צו!.. זיי פאַרגינען אײַך ניט אײַער גרויסן דערפאָלג... — האָט זיך אָנגעהויבן היצן דער גאַסט.

— איך בין מיט אײַך מסכים, מײַן טײַערער... — האָט אים איבערגעשלאָגן ליינאַרד, — נאָר פּרוווט דערווײַזט זיי, די פאַרקויפטע נעשאָמעס... איך האָב אויפגעפירט מאַקסים גאָרקיס „אויפן דעק“, האָבן זיי אויפגעהויבן א גוואַלד, זיך צעברומט, ווי א סטײַע הונגעריקע וועלף... זיי געפעלט ניט!..

— וואָס רעדט איר! — האָט אים ניט געלאָזט דערזאָגן ביזן סוף מאַקס. — דאָס איז דאָך א וואונדערלעכע פאָרשטעלונג! דער עולם האָט שיִער ניט צעטראָגן דעם זאַל. מע האָט דאָך אײַך אויף די הענט געטראָגן! איך האָב אַליין געזען... אָט וועל איך אַוועקגיין אין יענע רעדאַקציעס, וואָס שרײַבן וועגן אײַך נאַרישקײַטן, מעסירעס, און וועל זיי דערלאַנגען אין די ציין, די שויבן וועל איך זיי פאַר אײַך אויסזעצן... וואָס הייסט?..

— נייך, קיין שויבן, מײַן טײַערער, איז ניט קעדײַ אויסצוזעצן, — האָט לײנארד זיך צע־לאַכט און זײַנע קאָלעגן נאָך אים, — דאָס דאַרף מען ניט. פּאַרקערט, זאָלן זיי זיך סאַמען מיט זייער אייגענער פּינע... נו, און, כוץ דעם, דאַרף איך אײַך זאָגן, אַז קונסט דאָס איז אַ דיסקוטאַ־בעלע זאַך — איינעם געפעלט, דעם צווייטן געפעלט ניט. אָף קונסט מיינט יעדערער, אַז ער איז אַ מייוון, מעג ער זײַן אַפילע דער גרעסטער טויגעניכץ, יאָ, נאָך איין זאַך מוז איך צוגעבן: אַק־טיאָרן, שרײַבער, קינסטלער זײַנען די אומגליקלעכסטע מענטשן אין דער וועלט... יעדער גאַרנישט קאָן קומען אונדז אַנוויַיזן, לערנען, זידלען. דו אַרבעטסט ביזן זיבעטן שוויס, לייגסט אַרײַן אין דער אַרבעט דאָס האַרץ מיט דער נעשאָמע. קומט צו גיין עפּעס אַ טאַלאַנטלאָזיקײַט און זידלט דיך אויס אין די צײַטונגען... איר זײַט, דאַכט זיך, אַ בעקער?.. פון קאָלאָמייע? ערן־וואָרט, איך בין אײַך מעקאַנע אָף אײַער פּראָפעסיע! איך וואָלט געווען גליקלעך, ווען איר נעמט מיך צו זיך קיין קאָלאָמייע און לערנט מיך אויס באַקן בייגל... אײַך זידלען ניט די קריטיקער אין די צײַטונ־גען... אײַך איז גוט, בא אײַך איז אַ רויק לעבן. עך, וויאַזוי ווערט מען אַ בעקער?..

מאַקס האָט געלאַכט, הערנדיק זײַן אַפּגאָט, און זיך אַרײַנגעמישט:

— איר ווייסט, הער לײנאַרד, מאַקסים גאָרקי איז אויך געווען אַמאָל אַ בעקער...

— אַבסאָליוט ריכטיק! אין דער יוגנט איז גאָרקי געווען אַ בעקער! — האָט אונטערגעהאַלטן זיגפריד לײנאַרד, און אין די אויגן בא אים האָט זיך צעשפּילט אַ לוסטיק פײַערל. — איז וואָס, עפּשער זײַט איר אויך געוואָרן אַ שריפטשטעלער און פּאַרפּאַסט אַזאַ פּיעסע, ווי „אָפן דעק״? ביטע שיין, לייגט זי אַוועק אָפן טיש. איך וואָלט זי מיט גרויס פאַרגעניגן געשטעלט, אַפּצולאָכעס אַלע באַנדיטן!.. איך זאָג אײַך צו אַליין שפּילן אין אײַער פּיעסע...

— וואָס רעדט איר?! איר לאַכט גאָר פון מיר אָפּ, הער לײנאַרד? איך טרוים אַפילע ניט זײַן קיין שריפטשטעלער. דערוף דאַרף מען האָבן טאַלאַנט, פײיקײַטן...

— יאָ, גערעכט! דאָס שטערט ניט... — האָט באַשטעטיקט לײנאַרד און מיטאַמאָל דערפילט, אַז זײַנע געסט האָבן זיך אופגעהערט צו אינטערעסירן מיטן מאָדנעם באָכער, זיי לאַכן ניט מיט, שמייכלען אָנגעצויגן. עמעצער דערשטיקט שוין, דאַכט זיך, אַ גענעץ. יאָ, זײַנע געסט לאַנגוויַ־ליקן זיך פּאַשעט. דער וויזיט האָט זיך פאַרצויגן, אופגעהערט צו זײַן אינטערעסאַנט.

— נו, וועט איר מיר עפּשער פּאַרט דערקלערן, יונגערמאַן, — האָט ער זיך אָנגערופן אומגעדולדיק. — וואָס האָט איר מיר נאָך געוואָלט מיטיילן, כוץ דעם, אַז איר זײַט ניט מײַנער קיין קאָרעוו, אַז איר זײַט אַ בעקער פון קאָלאָמייע און אַז מאַקסים גאָרקי איז אין דער יוגנט געווען אַ בעקער?..

— איך בין געקומען צו אײַך מיט אַ גרויסער ביטע, הער לײנאַרד, איר זאָלט מיך נעמען אין אײַער טעאַטער, מיר געבן אַרבעט...

לײנאַרדס געדיכטע, עטוואָס באַזילבערטע ברעמען האָבן זיך אַ ביסל אָנגעכמורעט. ער האָט בלויז אַ קנייטש געטאָן מיט די אַקסלען. נאָר די געסט האָבן זיך ניט געקאָנט אײַנהאַלטן און אויסגעשאָסן אַ געלעכטער, פון וועלכן מאַקס האָט זיך שטאַרק פאַרלוירן. לײנאַרד האָט מיט אַ זשעסט געבעטן זײַנע קאָלעגן ניט לאַכן און אַליין איז ער צוגעגאַנגען נעענטער צום גאַסט.

— וואָס זשע, זײַט איר עפּשער אַן אַקטיאָר? אויב אַזוי, טאָ דערציילט, אין וועלכע טעאַ־טערן האָט איר געשפּילט? אין וואָס פאַר אַן אַמפּלואַ?..

— קיין אַקטיאָר בין איך ניט, הער לײנאַרד... אין קיין טעאַטערן ניט געווען. נאָר איך האָב זייער ליב טעאַטער... איך פּיל, אַז איך וואָלט געקאָנט שפּילן אָף דער בינע... און גוט שפּילן...

אַ גוטמוטיקער שמייכל האָט דורכגעשוועבט איבער לײנאַרדס פּאָנעם:

— זייער גוט... נו, און אין וואָס פאַרא ראָלן וואָלט איר, אַשטייגער, געקאָנט אַרויסטרעטן בא זיגפריד לײנאַרדן אין טעאַטער? וואָס וואָלט איר געשפּילט?..

— וואָס הייסט וואָס? — האָט אויסגעשריִען מאַקס. — וואָס איר וואָלט ניט געהייסן, וואָלט איך בא אײַך געשפּילט!.. נו, לאָמיר זאָגן, אָטעלאָ, האַמלעט, אוריִעל אַקאָסטאַ, לוקאַ...

די אַקטיאָרן האָבן זיך, ווי מע זאָגט עס, געהאַלטן בא די זײַטן לאַכנדיק. לײנאַרד האָט זיך מיט אַלע קויכעס אָנגעשטרענגט צו בלײַבן ערנסט.

— איר ווייסט, יונגערמאַן, — האָט אים איבערגעשלאָגן לײנאַרד, — ווען איך האָב אײַך דערזען אַרײַנקומען צו מיר אין שטוב, האָב איך זיך גאָר ניט פאַרגעשטעלט, אַז איר זײַט אַזאַ דרייסטער. איך בין פּאַשעט אַנציקט פון אײַער דרייסטקײַט. ווען איר קלײַבט אויס פאַר זיך די קאַריערע פון אַ מיליטערמאַן, וואָלט איר גאָר אינגיכן געוואָרן אַ פעלדמאַרשאַל... וואָס איז שײַעך טעאַטער, דאַרף איך אײַך וואָרענען, אַז דאָ איז די זאַך עטוואָס קאָמפּליצירטער... צום ערשטן מאָל באַגעגן איך אַזאַ מענטשן: קיינמאָל ניט געווען קיין אַקטיאָר, שטעלט זיך ניט פאָר, וואָס אַזוינס איז בינע, און וויל שפּילן אין לײנאַרדס טעאַטער ניט מער, ניט ווייניקער ווי די ראָל פון אָטעלאָ... אַקאָסטאַ... דאָס איז קאָלאָסאַל! אויסערגעוויינלעך! ווייסט איר, אין וואָס דאָס האָט מיר

דערמאָנט? איך האָב אַמאָל אין שפּאַס אַ פֿרעג געטאָן באַ מײַנעם אַ שאָכן, צי וואָלט ער צופֿעליק ניט געקאָנט אָנשרײַבן אַ ראָמאַן אָדער אַ דראַמע? און וואָס, מיינט איר, האָט ער מיר געענטפֿערט דערויף? „איך האָב ניט געפּרוּווט"... איר פֿאַרשטייט, „ניט געפּרוּווט!" „נו, — פֿרעג איך אים ווײַ־טער, — און אַ פּאָר שטיוול וואָלט איר געקאָנט אָפּנייען?" דאָ האָט זיך שוין מײַן שאָכן באַליי־דיקט: „אָ, וואָס רעדט איר! ווי קאָן איך אָפּנייען אַ פּאָר שטיוול, אַז איך האָב די פּראָפֿעסיע ניט דערלערנט..." איר פֿאַרשטייט — אָנשרײַבן אַ ראָמאַן, אַ דראַמע האָט ער ניט געפּרוּווט און אָפּ־נייען אַ פּאָר שטיוול האָט ער זיך ניט געלערנט... לאָזט זיך אויס, קעדיי אָנשרײַבן אַ ראָמאַן אָדער אַ דראַמע, דאַרף מען נאָר וועלן פּרוּוון... און קעדיי אָפּנייען אַ פּאָר שטיוול, דאַרף מען זיך לערנען!..

שפּאַנענדיק נערוועז איבערן גערואַמען עסצימער, די הענט פֿאַרלייגט אויף הינטן, האָט זיגפֿריד לײַנאַרד זיך אָפּגעשטעלט לעבן דעם מאָדנעם גאַסט:

— צום באַדויערן, מײַן פֿרײַנט, וועל איך אײַך מיט גאָרנישט ניט קענען זײַן נוצלעך! שפּילן אויף דער בינע, ווערן אַן אַקטיאָר, ווי איר שטויסט זיך שוין אַליין אָן, קאָן ניט יעדער אײַנ־ציקער. און נאָך באַ מיר אין טעאַטער, וווּ עס פֿאָדערט זיך זייער אַ סאַך און אין דער ערשטער ריי — טאַלאַנט, פֿייִקײַטן! און ווען איר זאָלט אַפֿילע זײַן אַן אַקטיאָר, וואָלט איך אײַך אַלציינס מיט גאָרנישט ניט געקאָנט העלפֿן. בלויז אין בערלין גייען אַרום אָן אַרבעט עטלעכע טויזנט אַקטיאָרן, צווישן זיי ניט ווייניק טאַלאַנטירטע. כּוֹץ אַלעמען, קאָן איך אײַך שווערן, אַז זײַן אַ גוטער בעקער איז אַ סאַך בעסער, ווי זײַן אַ מיטלמעסיקער אַקטיאָר... אַלנפֿאַלס איז עס אַ סאַך אַ רויִקערע פּראָפֿעסיע, ווי די פּראָפֿעסיע פֿון אַן אַקטיאָר. איר לייגט אַרײַן אין דער ראָל די גאַנצע נשמה, דאָס געזונט, און נאָך אַלעמען ווייסט איר ניט, וואָס פֿאַר אַ שווײַן עס וועט אײַך אויסזידלען אין די בלעטלעך, אויסגיסן אויף אײַך אַ דייזשע מיט שמוץ... אַ בעקער — דאָס איז גאָר עפּעס אַנדערש. איר דאַרפֿט געפֿעלן זײַן בלויז דעם געברויכער פֿון בייגל... און ניט איר דאַרפֿט אים געפֿעלן ווערן, נאָר די בייגל אײַערע. מיר, אַקטיאָרן, דאַרפֿן געפֿעלן ווערן אַלעמען. אַנדערש ביסטו אויסגעשטעלט. דאָס איז דער גורל פֿון אַן אַקטיאָר. און באַהיט גאָט, אויב דער אַקטיאָר איז נאָך באַרימט...

— איך פֿאַרשטיי, הער לײַנאַרד... — האָט זיך אָנגערופֿן דער גאַסט, — און דאָך בעט איך, נעמט מיך אין טעאַטער...

— אָט זעט איר, דערצו זײַט איר נאָך אַן אַקשן אויך!.. — האָט אַ ביטערן שמייכל געטאָן זיגפֿריד, פֿאַרציִענדיק זיך מיטן ציבעק. — אויב אַזוי, עפּשער וואָלטן מיר זיך מיט אײַך געביטן כאָטש אויף אַ קורצער צײַט — איך וועל ווערן אַ בעקער און איר אַן אַקטיאָר, און פּרוּווט שפּילן אויף דער בינע אָטעלאָ, אוריִעל אַקאָסטאַ, קיניג ליר... איר זײַט אײַנשטימיק? קאָנען מיר גלײַך שליסן אַ קאָנטראַקט...

— וואָס רעדט איר! איר וואָלט זיך מיט מיר קיינמאָל ניט געביטן!.. איר זײַט באַרימט איבער דער גאַנצער וועלט, און ווער בין איך?.. עטלעכע מאָל האָב איך אײַך געזען אויף דער בינע שפּילן... מע קאָן זיך, אויף מײַן וואָרט, רירן פֿון די געדאַנקען! איך בין שיִער ניט משוגע געוואָרן, גאָט איז אַן עדות...

— אָט זעט איר! כּוֹץ אַלעמען, איז נאָך אונדזער פּראָפֿעסיע אַ געפֿערלעכע, — האָט אים איבערגעשלאָגן לײַנאַרד, — אָט האָט איר דאָך אַליין געזאָגט, אַז אין טעאַטער זײַט איר שיִער ניט אַראָפּ פֿון זינען... דערפֿון, וואָס מע עסט אײַערע בולקעלעך מיט די בייגל, גייט קיינער ניט אַראָפּ פֿון זינען, און אין טעאַטער טרעפֿן אַזעלכע פֿאַלן...

מאַקס איז געשטאַנען אַזאַ פֿאַרלוירענער און אָפּהענטיקער, אַז לײַנאַרד האָט באַקומען רחמנות אויף אים.

— זאָגט מיר נאָר... — האָט ער פֿאַרזיכטיק אַ פֿרעג געטאָן, — עפּשער נייטיקט איר זיך אין הילף, עפּשער דאַרפֿט איר געלט?.. איך פֿאַרשטיי, אַז אײַך וואָלט עס ניט געשאַט... — האָט ער מיטן בליק אָפּגעשאַצט מאַקס' הוילעך, — וועל איך אײַך בעטן זיך ווענדן אין מײַן נאָמען צו עמיל שולצן, ער זאָל אײַך געבן צוויי הונדערט מאַרק... אַדיע... צום ווידערזען...

וואָס? וואָס האָט לײַנאַרד געזאָגט? ער וועט אים געבן צוויי הונדערט מאַרק? זינט ער לעבט, האָט ער נאָך אַזאַ מאַיאָנטעק ניט געהאַט, ניט געזען. אויף אַזאַ קאַפּיטאַל וואָלט ער געקאָנט לעבן אַ האַלב יאָר און דער קאַף וואָלט אים ניט געדאַרט. נאָר אומדערוואָרט פֿאַר זיך אַליין, איז מאַקס קרייסלער אָפּגעגאַנגען אין אַ זײַט און מיט שטאָלץ אַ זאָג געטאָן:

— אַ שיינעם דאַנק אײַך! נאָר איך בין ניט קיין בעטלער, ניט קיין שנאָרער. און ניט צוליב דעם בין איך צו אײַך געקומען...

לײַנאַרד האָט זיך אַ ביסל פֿאַרלוירן.

— וואָס זשע דאַרפֿט איר זיך באַליידיקן?.. עס טרעפֿט, אַ מענטשן פֿעלט אויס אַ פּאָר מאַרק...



איר וועט רייַך ווערן, וועט איר מיר אומקערן... אין דער יוגנט זייַנען בא מיר אויך געווען ניט ווייניק פאלן... נו, אויב אזוי, טאָ גיט איבער עמיל שולצן, ער זאָל אייַך געבן אן אָנצוג, שיך-פון מייַן גארדעראָב...

— מע דארף ניט! — האָט זיך מאקס צעבייזערט. — איך האָב געמיינט, אז גרויסע מענטשן ליגן ניט קיין אכט אפן רעקל, וואָס א מענטש טראָגט... וואָס צו אָנטאָן, הער ליינארד, האָב איך טאקע ניט, כ׳גיי אָפּגעריסן און אָפּגעשליסן, מיר קומט אויס הונגערן, נאָר איך האָב א הארץ... דאָס איז טייַערער פון א רעקל און א פּאָר נייַע שקראבעס!..

ער איז אנשוויגן געוואָרן, זיך געלאָזט צו דער טיר, נאָר אף דער שוועל זיך אָפּגעשטעלט און א זאָג געטאָן:

— אויב איר ווילט מיר העלפן, נעמט מיך אין אייַער טעאטער און לערנט מיך אויס שפּילן, אזוי, ווי איר אליין שפּילט... מער פארלאנג איך פון אייַך גאָרנישט...

א מאמזערישער שמייכל האָט ווידער באשייַנט ליינארדס פּאָנעם:

— איך זע, אז בא אייַך זייַנען זייער באשיידענע פארלאנגען... — און, אָפּגעטרייסלט דאָס אש פונעם ציבעק, האָט ער צעפּירט מיט די הענט, — צום באדויערן אָבער, קאָן איך אייַך אין דער הינזיכט ניט באהילפיק זייַן...

— הייסט עס, האָב איך ניט אף וואָס צו האָפן?

— געוויס... איך האָב אייַך שוין געזאָגט, אז טויזנטער ארבעטלאָזע ארטיסטן און בינע־ארבעטער דרייען זיך ארום, און איך קאָן זיי ניט העלפן... עמעס, ווען איך באגעגן אן אקטיאָר, וואָס וועט מיך מיט דער צייַט קענען פארבייַטן אף דער בינע — שפּילן מייַנע ראָלן, וואָלט איך מיטן גאנצן הארצן גענומען אזא מענטשן... נאָר ווו נעם איך אזא?..

— נעמט מיך! — האָט ווי ניט מיט זייַן שטים אויסגעשריִען מאקס און זיך אליין דערשראָקן פאר זייַן קאָל.

יאָ, מאקס האָט זיך דערשראָקן ניט אף קאטאָוועס, און אים איז נאָך שרעקלעכער געוואָרן, ווען ער האָט דערהערט, ווי אלע אקטיאָרן, וואָס זייַנען דאָ געווען, האָבן זיך צעלאכט.

— הערט נאָר אויס, יונגערמאן, — האָט שוין טרוקן און באַרויגעזלעך געזאָגט ליינארד, — אייַער דרייסטקייַט און אקשאָנעס האָבן מיך מיט מייַנע קאָלעגן מאמעש אנציקט... אייַער ענער־גיע — נאָך מער. — ליינארד האָט ניט געקאָנט צוטראכטן, וואָס זאָגט מען נאָך, ווי באגלייט מען אים שוין ארויס פון שטוב. ער האָט אראָפּגעלאָזט די אויגן. פּלוצעם איז זייַן בליק געפאלן אף מאקס׳ פיס, און ער האָט זיך אָנגערופן: — זאָגט מיר, איר האָט קיינמאָל ניט געדינט אין קאוואלעריע? עפּעס דוכט זיך מיר, אז די פיס אייַערע זייַנען היפּש קייַלעכדיק. איר שטעלט זיך פאָר האמלעטן אָדער אָטעלאָן מיט א פּאָר קרומע פיס? שלאָגט זיך ארויס פון קאָפּ דעם געדאנק, אז איר דארפט שפּילן אף דער בינע... ארבעט בא די אויוונס, אין בעקערייַ, און אז איר וועט האָבן כיישעק, גייט אין טעאטער זען, ווי מיר שפּילן... באליידיקט זיך ניט אף מיר... נו, און כוץ

דעם איז בא אײַך די דיקציע ניט פאר דער בינע... און, ווי איך זע, האָלט עס בא אײַך ניט אינגאנצן גוט מיט דער דײַטשישער שפראַך...

לײנאַרד איז אַלײן געווען צופרידן פון זײַן אײַנפאַל. אָבער ער האָט זיך ניט געקאָנט פאַרשטעלן, וויפֿל צאַר און פאַרביטערונג זײַנע ווערטער וועגן די קײַלעכדיקע פּיס האָבן אַרויסגערופן אין דער נעשאָמע בא זײַן גאַסט.

מאַקס האָט געקוקט אַף זײַנע פּיס, ניט פאַרשטײענדיק, וואָס פאַר אַ כיסאָרן לײנאַרד האָט אַף זײ דערזען. דוכט זיך, געוויינלעכע פּיס, ווי בא אַלעמען. געזונטע, אײַזערנע פּיס. איבער וויפֿל וועגן האָבן זײ דען ניט געשפּאַנט! איבער וועלכע בערג און טאָלן האָבן זײ אים ניט געטראָגן! זײ האָבן אים געדינט ערלעך און קאָשער, און ער האָט כאָלילע צו זײ קײן טײַנעס ניט געהאַט. אָבער לײנאַרד האָט אים געזאָגט, אַז די פּיס זײַנען בא אים קרומע און אָטעלאָ אָדער אוריִעל אַקאָסטאַ דאַרפן האָבן גלײַכע, שלאַנקע פּיס. ער ווײסט דאָך בעסער, לײנאַרד. הײסט עס, בלויז דאָס שטערט אים אָנקומען צו לײנאַרדן אין טעאַטער און ווערן אַן אַקטיאָר?.. וואָס זשע טוט מען?

עטלעכע רעגעס איז מאַקס קרײסלער געשטאַנען אַ דערשלאָגענער, דערנאָך האָט ער אופגעהויבן די גרויסע שוואַרצע אויגן אַף לײנאַרדן, אויגן, פולע מיט טרויער, און שטיל זיך אָנגערופן:

— געוויס... איך פאַרשטײ... אויב איר זאָגט, הער לײנאַרד...— ער האָט אַ רעגע געשוויגן, דערנאָך געפרעגט:— נו, און ווען די פּיס זײַנען בא מיר גלײַכע, וואָלט איך געקאָנט האָבן די זכיִע אָנקומען צו אײַך אין טעאַטער?..

ווידער האָט זיך צעשפּילט דאָס מאַמזערישע שמײכעלע אין לײנאַרדס אויגן:

— געוויס, מײַן פרײַנט... געוויס!..

— אַ דאַנק, הער לײנאַרד!.. אַ דאַנק פאַר אײַער אײצע!..— האָט מאַקס אַ זאָג געטאָן מיט אַ ביטערן שמײכל אַף די ליפּן און זיך פאַרנײגט פאַר אַלעמען.

ווען די טיר האָט זיך צוגעמאַכט נאָכן ניט־געבעטענעם גאַסט, האָט זיך זיגפריד לײנאַרד אַ מידער אַראָפּגעלאָזט אין זײַן טיפן פאָטערשטול, צוגעמאַכט די אויגן, זיך פאַרטראַכט. ער האָט ניט געלאַכט, ווי זײַנע געסט. עפּעס אַ שווער געפיל איז בא אים געבליבן נאָכן געשפּרעך מיט דעם מענטשן פון די ווײַטע קאַרפּאַטן. אַזעלכע באַזוכער זײַנען בא אים, דוכט זיך, נאָך ניט געווען. ער האָט זיך אָפּגעזאָגט פונעם געלט, וואָס מע האָט אים פאָרגעלײגט, זיך אָפּגעזאָגט פונעם אָנטאָן, כאָטש ער איז אַזוי אָפּגעריסן־אָפּגעשליסן. וואָס זשע איז דאָס פאַר אַ מענטש? אַ בעטלער? אַ וואַנדערער? אַ טרוימער? לײנאַרד האָט זיך איצט אופגעגעסן לעבעדיקערהײט. באַדאַרפט געווען אים פאַרהאַלטן, זיך דערוויסן פּינקטלעכער, ווער ער איז, וואָס איז מיט אים געשען, צוליב וואָס האָט ער זיך צו אים אַרײַנגעריסן אינמיטן העלן טאָג? אָבער איצט איז שוין צו שפּעט.

„עפּעס זײער אַ שווערער טאָג הײַנט“,— האָט אַ טראַכט געטאָן לײנאַרד. פּוסט אַף דער נעשאָמע. אומרויִק. און אָט איז שוין צײַט גײן אין טעאַטער אַף דער רעפּעטיציע. און דאָרטן וואַרט אַף אים אַ באַרג מיט אַרבעט...

נישקאָשע, ער וועט אינגיכן פאַרגעסן אין דער באַגעגעניש מיטן מאָדנעם בעקער פון קאָלאָמײע. אַזעלכע טרוימער וועלן נאָך צו אים קומען ניט אײן מאָל... אָבער מאַקס... מאַקס וועט עס האָבן צו געדענקען אַפן גאַנצן לעבן.

## אַ מאָדנער פּאַציִענט

מאַקס איז אַרויס פון לײנאַרדן ווי אין היִנערפלעט. ער האָט פאַרשטאַנען נאָר אײן זאַך: עפּעס האָט זיך געענדיקט אין זײַן לעבן און וואָס טאָן ווײַטער, ווײסט ער נאָך ניט. און צי דאַרף ער טאַקע טאָן? עפּשער איז גראַד איצט די צײַט צו מאַכן אַ סאָף צו דער גאַנצער שפּיל, ווי ער האָט שוין לאַנג בעדײע געהאַט?

די פּיס, די קײַלעכדיקע פּיס... ווער זשע קאָן זײ דען אויסגלײַכן? ער האָט יאָ געגלײבט לײנאַרדן, אַז אין די פּיס איז די גאַנצע מעניִע, און ערגעץ־ווו, טיף אין דער נעשאָמע, ניט געגלײבט.

ער איז געגאַנגען און געגאַנגען, קײן זאַך פאַר זיך ניט געזען. פון דעם אויסגעטרונקענעם און איבערגעלעבטן, פון הונגער האָט זיך אומדערטרעגלעך געדרײט דער קאָפּ. די גאַנצע וועלט אַרום אים איז געגאַנגען כאָדאָראָם, אָט וועט זי אַ פאַל טאָן און באַגראָבן אים לעבעדיקערהײט. ער האָט אינסטינקטיוו פאַרמאַכט די אויגן. אין אַ רעגע אַרום האָט ער זײ געעפנט און דערזען, אַז ער געפינט זיך לעבן אַ פּאַרק. ער האָט פאַרקערעוועט אַהין און ערגעץ אין אַ שטיל ווינקל אַ פאַל געטאָן אַף אַ באַנק.

מאקס האָט געדארפט ארומטראכטן, ווּ ער האלט ערגעץ אין דער וועלט. נאָר גיי זײַ א כאָכעם און טראכט, אז דער אויסגעטרונקענער ווײַן האָט נאָך אלץ געוויגט די וועלט ארום אים. ער האָט דערפילט אן אומגעהייערע שוואכקײַט, אפילע זיצן איז אים שווער געווען. ניט לאנג געטראכט, האָט ער זיך אויסגעצויגן אין דער גאנצער לענג אף דער באנק, און גלײַך איז אלץ פארשווּנדן פון זײַנע אויגן.

ער האָט ניט געוווּסט, ווי לאנג ער איז אזוי אָפּגעשלאָפן אף דער הוילער באנק, נאָר ווען ער האָט אופגעריסן די אויגן, האָט ער דערזען, אז דער הימל האָט שוין אָנגעהויבן ארופּ־נעמען אף זיך א נײַע הויט, געוואָרן טונקל און צווישן די שווארץ געוואָרענע קרוינען פון די ביימער איז ניט געווען צו באמערקן קיין סימען פון זון־פארגאנג. זעט אויס, אזוי, אָן „א גוטן טאָג" איז טאקע די זון שוין לאנג נעלעם געוואָרן.

מאקס האָט זיך געפילט א סאך בעסער, ווי פריִער. דער קאָפּ האָט זיך שוין ניט אזוי געדרייט, דערפאר אָבער האָט דער הונגער געפּײַניקט אלץ שטארקער. ער האָט אפילע א טראכט געטאָן, אז אים וואָלטן איצט גוט צוניץ געקומען די צוויי הונדערט מארק, וועלכע ליינארד האָט אים פאָרגעלייגט.

מאקס האָט אָנגעטאפּט אין קעשענע די עטלעכע פארבליבענע מאטבייעס, וואָס ער האָט געהאלטן אף א בילעט אין טעאטער, און באשטימט זיך ארײַנכאפּן אין א וואָלוועלער קאפּע, נעמען עפּעס אין מויל ארײַן. ווער ווייסט, עפּשער וועט א ביסל פריילעכער ווערן אפן הארצן, ווען ער וועט אָפּנארן די קישקע?..

ווען מאקס איז א זאטער ארויס פון קאפּע, האָט ער גענומען איבערקלײַבן אין זיקאָרן, ווּ איז ער הײַנט געווען און וואָס איז מיט אים געשען, וואָס האָט אים ליינארד געאייצעט און וואָס דארף מען איצט טאָן.

וואָס איז שײַעך דער שפּראך און דער דיקציע, וועט ער עפּעס צוטראכטן. נאָר אָט וואָס טוט מען מיט די פיס? דאָס, ברודער־לעבן, איז ניט אזוי פּאָשעט! נאָר ווער ווייסט, עפּשער קאָן מען דאָ אויך זיך אן אייצע געבן?

און מיטאמאָל האָט אים אין קאָפּ א קלאָפּ געטאָן א געדאנק: עס זײַנען דאָך פאַראן דאָקטוי־רים אף דער וועלט און זיי זײַנען ניט קראנק אים קומען צוהילף! אמאָל, אז זיי ווילן, קענען זיי טאָן ווּנדער.

ביז איצט האָט זיך זײַן באקאנטשאפט מיט דאָקטוירים באגרענעצט דערמיט, וואָס אין דער היים, אין קאָוואליוקע, האָט ער זיך אמאָל ארײַנגעגאנוועט אין סאָד צום היגן פעלדשער, צו מארטעס טאטן, אָנגעריסן א בוזעם עפּל, נאָר איז קוים א לעבעדיקער ארויסגעשפּרונגען פון דאָרטן, מע האָט אף אים ארויפגעלאָזט א הונט...

האָבן צו טאָן מיט דאָקטוירים, ווייסט ער, איז ניט קיין איניען פאר קאפּצאָנים. ניט אומזיסט פלעגט אמאָל דער טאטע, יאָסיע דער סטעלמאך, זאָגן: א קאפּצן זאָל גאָר ניט דערלעבן אָנקומען צו א דאָקטער. קרענקען — דאָס איז א געשעפט פאר גווירים, פאר יענע, וואָס האָבן ניט ווּהין אהינצוטאָן זייערע מאמטאקים... פון אלע צײַטן איז בא זיי אין שטוב געווען אן אייגענע אפּטייק מיט אן אייגענער דאָקטערײַ: בא א קינד האָט ווי געטאָן דאָס בײַכעלע, האָט די מאמע עס געפּויעט מיט ריינעם אָקרעפּ, קיין עסן ניט געגעבן א פּאָר טעג, און אפן דריטן טאָג איז דאָס שוין געווען געזונט. דער זיידע, דער טאטע קאָרטשען זיך נעבעך פון ווייטעק, עס דרייט זיי אזוי צונויף, אז זיי קאָנען זיך ניט אויסגלײַכן. וואָס טוט די מאמע? איר מיינט, אז זי פליט צו די דאָקטוירים, צו די פּראָפעסאָרן? א נעכטיקער טאָג! זי לויפט אוועק אפן גאָרטן, רײַסט אָן א ביסל קראָפּעווע, לייגט אוועק אף דער באנק די כאלאָיִם און שמײַסט גוט אָפּ מיט דער קראָפּעווע, פארשטייט זיך, די ערטער, וואָס טוען ווי. מע באווײַזט זיך ניט ארומקוקן, ווי די קראנקע זיצן שוין אין קרעטשמע און מאכן א לעכאיִם. ווערט געשוואָלן בא א קינד א פינגער, א האנט, פאר־מישט די מאמע א ביסל געלע ליים מיט האשטאָנע, לייגט צו צום געשוויר, און אין א פּאָר טעג ארום איז שוין אלץ אין אָרדענונג... איר פארשטייט שוין אליין, אז די דאָקטוירים און פעלדשערס זײַנען בא יאָסיע סטעלמאכן קיין נעגידים ניט געוואָרן. היילן אזא מישפּאָכע! ווער איז געווען בעקויעך צאָלן?..

איצט, האָט מאקס פעסט באשטימט בא זיך, וועט ער מוזן באקענען זיך מיט דאָקטוירים.

ער איז געגאנגען פון איין קליניק אין דער אנדערער, זיך נאָכגעפרעגט, צי וועט מען אים ניט אָפּערירן די פיס. נאָר דאָקטוירים האָבן אים אויסגעהערט, געקנייטשט מיט די אקסלען, געקוקט אף אים ווי אף א מעשוגענעם און פארהאקט פאר זײַן נאָז די טיר: ער האָט ניט אהער געטראָפן, האָט עס באדארפט הייסן, עס וואַרטן אף אים די פּסיכיִאַטערס.

א מאָדנע זאך, מיט יעדן דורכפאָל איז בא אים געוואקסן די אקשאָנעס.

ער מוז און ער וועט געפינען א גוטן און א רײַכן כירורג. א גוטן — ווײַל מאקס האָט קיין כּיִשעק ניט בלײַבן א קאַליקע. א רײַכן — ווײַל יענער דאַרף אים אָפּערירן אומזיסט. מאקס וועט קאָנען באַצאָלן בלויז דאַן, ווען ער וועט זיך שטעלן אַף די פיס און אָנהייבן פאַרדינען.

נאָר ניט אזוי גרינג איז געווען געפינען א דאָקטער מיט אזויפיל מײַלעס!

טעג און וואָכן איז ער אַרומגעגאַנגען פון מוניען צו שמוניען — און גאָרנישט!

ווען עס האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז דער הימל איז שוין בא דער ערד, האָט ער אָנגעטראָפן אַף יענעם, וועלכן ער האָט מיט אזא אַקשאָנעס געזוכט.

דער גוירל האָט ענדלעך געבראַכט מאַקסן אין דער כירורגישער קליניק פונעם פּראָפעסאָר עריך שטוטבאַך.

באַם אַרײַנגאַנג אין א לאַנגן ווײַסן קאָרידאָר, ווו עס האָט געשמעקט, ווי אין א געוויינלעכער קליניק דאַרף שמעקן, איז בא א קליין טישל, ניט ווײַט פון דער טיר, געזעסן, אַרײַנגעשטעקט די שאַרפע, עטוואָס אויסגעקרימטע נאָז אין א בוך, אַן אָפּגעבליאַקעוועטע פרוי. זי איז נעבעך געווען דאַר, ווי א שײַט האָלץ, און ס׳איז ניט פאַרשטענדלעך געווען, אַף וואָס עס האַלט זיך דער ווײַסער כאַלאַט אירער.

ווען מאקס באַמערקט ניט, אַז פון אונטערן ווײַסן היטעלע בא איר שטעקן אַרויס שטרויענע געפאַרבטע האָר און פון אונטערן כאַלאַט — צוויי דאַרע פיס אין טופליעס אַף הויכע אָפּצאַסן, ווען ער דערזעט ניט די פאַרב אַף די באַקן און אַף די ליפּן, וואָלט ער זיך בעשום־אויפן ניט אָנגע־שטויסן, אַז דאָס איז א פרוי.

א שטים האָט זי געהאַט אויך קימאַט א מאַנצבלשע, א גראָבלעכע, א הייזעריקע. די פרוי האָט אַף מאַקסן אופגעהויבן אירע בלאַס־קאַלעמוטנע בייזע אויגן, וואָס זײַנען געקראָכן פון זייערע נעסטן, און נאָר פון דעם קוק אַליין איז באַם גאַסט, דוכט זיך, זויער געוואָרן דער מאַמעס מילך.

— וואָס פאַרלאַנגט איר? — האָט זי א הייזעריקן ברום געטאָן.

— איך מוז גלײַך זען דעם פּראָפעסאָר עריך שטוטבאַך... — האָט ער נאָך א קליינער פּאַוזע ניט דרייסט א זאָג געטאָן.

די פרוי האָט אַראָפּגעלאָזט צום ביכל די אויגן, זיך פאַרקרימט, ווי זי וואָלט אָקאָרשט אײַנגעשלונגען א שטיקל גאַל, און געענטפערט:

— דאָס איז אומעגלעך. דער פּראָפעסאָר איז פאַרנומען. איר וועט קומען אַן אַנדערשמאָל... ווי איך זע, זײַט איר נאָך דערווײַל ניט קיין קאַליקע...

— איך פאַרשטיי ניט, פרוי... — איז ער שוין געוואָרן אין כּעס, — אַנטשולדיקט זייער, איך ווייס ניט, ווי אײַער נאָמען איז, ווי מע רופט אײַך...

— עלזע קריץ! — האָט זי זיך פאַרגעשטעלט. — און איך בעט פאַרלאָזן די געבײַדע פון אונדזער קליניק, ניט שטערן אַרבעטן...

— פרוי עלזע קריץ... איך בין אַהער געקומען ניט דערפאַר, ווײַל די געבײַדע אײַערע איז מיר שטאַרק צום האַרצן... דער אומגליק האָט מיך אַהער געבראַכט, און איך מוז גלײַך זען דעם הער פּראָפעסאָר, — האָט דער אַרײַנגעקומענער געזאָגט, דאָס מאָל שוין פעסט און אַנטשיידן.

זי האָט זיך באַרויִגעזט א הייב געטאָן פונעם בענקל, ווי עפּעס וואָלט זי א שטאָך געגעבן, א קוק געטאָן איבער זײַן קאָפּ, ווײַל ביכלאַל איז איר שווער געווען קוקן א מענטש אין די אויגן אַרײַן, ווען זי האָט מיט עמעצן גערעדט, און זיך נאָך שטאַרקער פאַרקרימט:

— מער ווילט איר גאָרנישט? איך האָב אײַך שוין טויזנטער מאָל געזאָגט, אַז עריך שטוט־באַך נעמט ניט אויף!.. צו אים ווענדן זיך קאַליקעס, און איך זע, אַז איר זײַט געקומען אַף אײַערע אייגענע פיס... איך בעט פאַרלאָזן די געבײַדע און ניט שטערן!.. עס וועט פון אײַך גאָרנישט ניט אָפּפאַלן, אויב איר וועט קומען אַן אַנדערשמאָל אָדער גיין אין אַן אַנדער אָרט דולן דעם קאָפּ!..

— איך מוז זען עריך שטוטבאַכן, — האָט ער אײַנגעשפּאַרט איבערגעכאַזערט. — בא אײַך איז א האַרץ אָדער א שטיין אָנשטאָט א האַרץ? דאָ איז דאָך א קליניק, ווו מע דאַרף אויסהערן מענטשן און זיי מיטפילן אין זייער אומגליק און נויט... בא מיר איז א לעבנסוויכטיקער איניען. רופט איר ניט דעם פּראָפעסאָר, וועט מיר נאָך הײַנט אויסקומען זיך וואַרפן פון דער בריק אין דער שפּרעע אָדער אונטערן טראַמוויי... צי דען איז בא אײַך אזא בייזע האַרץ?..

— ניט אײַער זאַך, וואָס פאַר א האַרץ בא מיר איז! — האָט זי אים איבערגעשלאָגן. — עפּשער האָב איך ביכלאַל ניט קיין האַרץ אָדער איך האָב דרײַ הערצער... און איר קאָנט זיך וואַרפן וווהין איר ווילט! דאָס גראָד איז אײַער זאַך... איך בעט באַפרײַען...

דערזען, אַז עס וועט גאָרנישט ניט העלפן, האָט מאַקס א פאַל געטאָן אַף א שטול, דערנאָך זיך א גליטש אַראָפּ געטאָן אַפן דיל, זיך אויסגעצויגן, אָנגעהויבן שווער אָטעמען, פאַרגלאָצט די אויגן און מיט א געפאַלענער שטים אויסגעשטאַמלט:

— מיר איז שלעכט... פרוי קריץ, רופט גיכער דעם פּראָפעסאָר. טאָמער שטאַרב איך, וועט עס זײַן אַף אײַער געוויסן. עריך שטוטבאַכן, שנעלער... שנעלער...

עלזע קריץ האָט זיך אַף א קאָל אויסגעזידלט, ווי א באַלעגאָלע, א הייב געטאָן די ביינער־דיקע אַקסלען, אַרויסגענומען פון טיש־קעסטל א קעסטעלע פּודער, אַפּגיך צוגעפּודערט די נאָז, די אײַנגעפאַלענע באַקן, א שמיר געטאָן מיט פאַרב די ליפּן און איז מיט א האַרטן סאָלדאַטישן טראָט אַוועקגעגאַנגען איבערן לאַנגן קאָרידאָר.

אין א מינוט אַרום האָט מאַקס דערהערט א בייזן געשריי פון א זײַטיקער האַלב־אָפענער טיר. לויטן טאָן האָט ער זיך אָנגעשטויסן, אַז דאָס מוז זײַן דער פּראָפעסאָר.

— עך, עלזע, איר זײַט מיר נימעס געוואָרן! איך האָב דאָך באַפוילן מיך ניט רופן, מיר ניט דולן דעם קאָפּ!.. איך בין הײַנט נישטאָ, איר פאַרשטייט? כ׳בין פאַרנומען... און אויב עמעצן גלוסט זיך וואַרפן אין דער שפּרעע אָדער אונטער א טראַמוויי, קאָן ער דאָס טאָן אָן מײַן האַס־קאַמע! אויב א מענטש רעדט אַזוינע נאַרישקײַטן, הייסט עס, אַז ער איז מעשוגע און דאַרף ניט קיין כירורגישע קליניק, נאָר א מעשוגאָים־הויז... געווען געדאַרפט אים געבן דעם פּינקטלעכן אַדרעס אַהין, און אויס!

מאַקס איז א דערציטערטער געוואָרן. ער האָט פאַרשטאַנען, וואָס פאַר א פּעטשאַטעק ער וועט באַלד אַרײַנכאַפּן פון דער הילצערנער עלזע.

נאָר גלײַך האָט זיך ווידער דערטראָגן צו אים די באַסאָווע שטים:

— ווו איז ערגעץ אייער צעדרייטער פּאַציִענט, פרוי עלזע?..

עס האָט זיך גלײַך צעטראָגן איבערן קאָרידאָר דער אָפּהילך פון שנעלע און, ווי מאַקסן האָט זיך געדוכט, בייזע טריט. מאַקס האָט פאַרשטאַנען, אַז עס גייט צו אים דער פּראָפעסאָר עריך שטוטבאַך. ער האָט זיך צונויפגעקאָרטשעט, געמאַכט א מינע, גלײַך אָט־אָט גיט ער אָפּ גאָט די נעשאָמע.

איבערן קאָרידאָר איז געגאַנגען אַן עלטערער, פעסט געבויטער מענטש מיט א פאַרברוינט ענערגיש געזיכט, שטרענגע גרינבלעכע אויגן, וואָס האָבן אויפמערקזאַם געקוקט פון אונטער די געדיכטע העלע ברעמען. דער כאַלאַט איז געווען אַרופגעוואָרפן אַף די אַקסלען, דער אויסדרוק פון פּאָנעם איז באַם פּראָפעסאָר געווען אַזאַ, אַז אַף קיין גוטס האָט מאַקס זיך ניט געקאָנט ריכטן. דער פּראָפעסאָר האָט שווײַגנדיק זיך אַראָפּגעלאָזט אַף איין קני, אויסגעהערט דעם פּולס באַם כוילע, א קנייטש געטאָן מיט די אַקסלען און, צוזעצנדיק זיך אַפן שטול, געזאָגט:

— געזונט, ווי א בוהיי... דער פּולס — אײַנגאַנצן נאָרמאַל... וואָס איז געשען? אַנו, הייבט זיך אויף. וואָס האָט איר זיך צעלייגט אַפן דיל, ווי באַ זיך אין דער היים? וואָס איז דאָ, א האָטעל?..

מאַקס האָט זיך א ביסל אונטערגעהויבן, פאַריכט מיט דער האַנט די צעפּאַטלטע האָר און א בורטשע געטאָן אונטער דער נאָז:

— אַנטשולדיקט, דאָס זײַט איר טאַקע דער פּראָפעסאָר עריך שטוטבאַך?..

— געוויס... איז וואָס ווילט איר פון מיר? צונעמען א ביסל טײַערע צײַט?

— איך וויל, איר זאָלט מיך ראַטעווען, הער פּראָפעסאָר...

געזאָגט האָט ער עס אַזוי אָפּריכטיק, מיט אַזויפיל געבעט אין די אויגן, אַז דאָס שטרענגע פּאָנעם באַם פּראָפעסאָר איז געוואָרן מילדער. ער האָט א ווונק געטאָן צו עלזע קריץ, מע זאָל דעם פּאַציִענט אַרײַנברענגען צו אים אין קאַבינעט.

ווי פון אונטער דער ערד זײַנען באַנאַנד מיט מאַקסן אויסגעוואַקסן צוויי פעסטע סאַניטאַרן מיט א טראָגבערעט. מאַקס האָט זיך ניט באַוויזן אַרומקוקן, ווי מע האָט אים אַרײַנגעטראָגן אין א גערוימען קאַבינעט.

— נו, איז וואָס, יונגערמאַן?.. — האָט, צוזעצנדיק זיך לעבן מאַקסן אַף א ווײַסן טאַבורעט, געפרעגט דער פּראָפעסאָר. — עפּשער וועלן מיר אויפהערן שפּילן אין באַהעלטעניש און דולן איינער דעם אַנדערן דעם קאָפּ? נו, עלזען האָט זיך אײַך אײַנגעגעבן אָפּנאַרן, פּאָרט אין א קליידל. נאָר מיך? איז דערציילט גלײַך, וואָס פאַרא קונצן זײַט איר געקומען אַהער פּראַווען און וואָס האָט אײַך געבראַכט צו מיר אין קליניק? איך זע מוסקולן פון א גרענאַדיאָר, פון א באָקסיאָר... אויגן אַזעלכע, וואָס קאָנען, דאַכט מיר, אַראָפּפירן פון זינען די שענסטע גרעטכען... וואָס זשע ווילט איר פון עריך שטוטבאַכן? צוליב וואָס זײַט איר געקומען?.. עפּשער האָט איר זיך פאַרליבט אין מײַן מעדיצין־שוועסטער עלזע קריץ? ווי איר האָט געזעהט דאָס גליק זיך איבערצײַגן, איז דאָס א גאָלדענע נעשאָמע, א טײַער האַרץ...

מאַקס האָט געשוויגן, עס האָט זיך אים ניט געוואָלט דערציילן דעם פּראָפעסאָר, וואָס ער וויל פון אים, פאַר די סאַניטאַרן, וועלכע זײַנען ווי צוויי סטורקאַטשעס געשטאַנען באַ דער טיר. שטוטבאַך האָט פאַרשטאַנען, וואָס עס קוועטשט אים, און א ווונק געטאָן די סאַניטאַרן, זיי זאָלן אַוועקגיין.

— נו, און איצט, — האָט ער זיך נאָך נידעריקער אָנגעבויגן צום כוילע, — איצט וועט איר עפשער דערציילן, ווו דער הונט ליגט באגראָבן... אף וואָס קלאָגט איר זיך?

— אף די פיס... — האָט זיך אָנגערופן נאָך א לאנגער פאוזע מאקס.

עריך שטוטבאך האָט אים געהייסן פארהייבן די פלודערן. ער האָט לאנג געטאפט, געדרייט אין אלע זייטן מאקס' פיס.

— געזונטע פיס...

— איך ווייס, הער פראָפעסאָר, אז זיי זיינען געזונטע...

— וואָס זשע זייט איר צו מיר געקומען? דרייען דעם קאָפּ?

דעם פראָפעסאָרס פּאָנעם איז געוואָרן רויט, ווי א בורעק. ער האָט ארויסגענומען פון קע־שענע דאָס קעמעלע, אָנגעהויבן צוקעמען זיינע בלאָנדע וואָנצעס, זיך בייז אָפּגעקערט פונעם פאציִענט, געבנדיק אים צו פארשטיין, אז דאָס געשפרעך איז געענדיקט, דער וויזיט — אוודאי און ער קאָן זיך פארגעמען צו אלדי גוטע יאָר.

— קראנקע מענטשן ווארטן דאָרט אף מיר, און ער...

— און איך בין נאָך אומגליקלעכער פון זיי, הער פראָפעסאָר, — האָט אים פּאָרזיכטיק איבערגעשלאָגן מאקס. — איך בעט אייך, האָט אף מיר ניט קיין פאריבל, הערט מיך אופמערק־זאם אויס... איך בעט אייך מיר מאכן אן אָפּעראציע... איר דארפט מיך ראטעווען... איר מוזט מיר אויסגלייכן די פיס...

— איך פארשטיי אייך ניט... וואָס הייסט עס — אויסגלייכן די פיס? — האָט דער פראָפע־סאָר דערשראָקן אף אים א קוק געטאָן. — בא אייך זיינען געזונטע פיס!.. צוליב וואָס זשע דארף מען זיי אָפּערירן, אויסגלייכן?.. וואָס רעדט איר? איר הערט כאָטש, וואָס איר רעדט? אָפּערירן די פיס!..

— דאָס איז פאר מיר א פראגע פון לעבן און טויט... איר מוזט מיר העלפן...

די וואָנצעס באם פראָפעסאָר זיינען אונטערגעשפרונגען:

— צי רעכנט איר ניט, יונגערמאן, אז איר דארפט גאָר א פסיכיאטער, ניט קיין כירורג?.. איר זייט בא די געדאנקען?..

— יאָ, איך בין בא די געדאנקען. איך האָב זיך לאנג געפייניקט, ביז איך האָב באשלאָסן זיך ווענדן צו אייך נאָך הילף... איר מוזט מיר העלפן.

— אזוי? איך מוז? וואָס זשע, עפשער וועט איר מיר באפוילן? עפשער וועט איר מיך צווינ־גען? — האָט דער פּראָפעסאָר געגומען שפּרייזן הין און הער איבערן גערױמען קאבינעט, וואָרפנ־דיק בליקן אפן מאָדנעם פּאציִענט. — נו, יונגערמאן, אויב איר רעכנט זיך פאר א נאָרמאלן מענטש, דאן, ווייזט אויס, דארף מען מיך אוועקשיקן אין א מעשוגאָים־הויז... אָט טוט, לעמאָשל, א קוק אף מיינע פיס. מיט וואָס שיידן זיי זיך אונטער פון אייערע? אזעלכע פיס, ווי בא אייך. אויך עטוואָס אויסגעבויגענע... איז וואָס? לייד איך דערפון? מיר דוכט זיך, אז קימאט א העלפט פון דער מענטשהייט האָט אזעלכע פיס, ווי מיינע און אייערע. בא דער מאלקע שווא, עפשער האָט איר געהערט וועגן אזא איינער, זיינען געווען פונקט אזעלכע פיס, דערצו נאָך האָריקע, ווי בא א מאלפּע, און דאָס האָט איר ניט געשטערט צו זיין א געליבטע בא שלוימע־האמעלעכן, וואָס האָט, ווי באוווסט, זיך גוט פאנאנדערגעקליבן אין אזעלכע זאכן... בא אלעקסאנדער מוקדן, בא נאפּאָלעאָנען, באם קייזער ווילהעלם, באם קייזער פראנץ־יאָסיף זיינען געווען אזעלכע פיס... נאָר, דוכט זיך, קיינעם פון זיי איז ניט געקומען אין קאָפּ דער געדאנק לויפן צו א כירורג בעטן, מע זאָל זיי אָפּערירן! איר זייט דער ערשטער... ווי קאָן איך אייך האלטן פאר א נאָרמאלן מענטשן?..

— איר זייט אוודאי גערעכט, הער פראָפעסאָר, — האָט שטיל זיך ארייַנגעמישט מאקס קרייסלער, — נאָר ניט אלעקסאנדער מוקדן, ניט נאפּאָלעאָן, ניט שלוימע־האמעלעך האָבן ניט גערדארפט שפּילן טעאטער... איר שטעלט זיך פאר, עס גייט ארויס אף דער בינע אָטעלאָ אָדער אוריעל אקאָסטא מיט אזעלכע פיס, ווי בא מיר...

— זייער גוט! וואָס איז דער כילעק, וואָס פארא פיס בא זיי? ווּעמען גייט עס אָן? — האָט איבערגעשלאָגן עריך שטוטבאך. — איך פארשטיי א טענצערן. איר שטערט ניט האָבן פיס, ווי סטרונעס. אָבער מענער! זיי דארפן, דוכט מיר, האָבן קלוגע קעפּ... זאָגט מיר נאָר, וואָס פאר אן אידיאָט וועט זיך צוקוקן צו אָטעלאָס פיס? א ווילדע געשיכטע. איך פארשטיי אייך ניט... — און נאָך א רעגע טראכטן: — הייסט עס, האָב איך צו טאָן מיט אן אקטיאָר?..

מאקס האָט אראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ:

— אן אקטיאָר... ניין, אנטשולדיקט... נאָך ניט אינגאנצן. ווען איר וועט מיר אויסגלייכן די פיס, וועל איך קענען שפּילן אין טעאטער אָטעלאָ און ביכלאָל גרויסע ראָלן... איך וואָלט אייך

דאָס גאַנצע לעבן געווען דאַנקבאַר. איך וואָלט אײַך שטענדיק אַרײַנגעלאָזט אין טעאַטער אָן אַ בילעט...

דער פּראָפעסאָר האָט זיך צעשמייכלט:

— אָ, דאָס איז וווּנדערבאַר! דאָס וואָלט שוין געלוינט!.. יאָ... וויאַזוי רופט מען אײַך? מאַקס קרייסלער? זייער אָנגענעם... עמעס, פון אַזאַ אַקטיאָר האָב איך נאָך ניט געהערט... נאָר איר ווייסט, יונגערמאַן, פאַר מײַן דרײַסיקיאָריקער פּראַקטיק אַלס כירורג האָב איך נאָך ניט געזען אַזאַ פּאַציִענט, ווי איר... איך האָב פאַר מײַן לעבן אָפּעריִרט אַ סאַך באַוווּסטע אַקטיאָרן, שרײַבער, מאָלער, אויסגעשניטן בײַ זיי אַפּענדיקסן, מאַנדלען, ריפּן און נאָך דער טײַוול ווייסט וואָס, נאָר ניט באַגעגנט קיין איינעם, וואָס זאָל בעטן, איך זאָל אים אויסגלײַכן די פיס. אַזאַ ווילדקייט!

עריך שטוטבאַך האָט אויסגעווישט מיטן טיכל דאָס פּאָנעם, אַ קוק געטאָן אויפן פּרײַוויליקן פּאַציִענט און איז געוואָרן דערשטוינט. לויטן אויסדרוק פון מאַקס׳ אויגן האָט ער פאַרשטאַנען, אַז יענער איז נאָך אַלץ מיט אים ניט אײַנשטימיק און קלײַבט זיך ניט אַוועקגיין.

— געהערט אַ געשיכטע! צו וואָס אַ מענטש קאָן זיך דערטראַכטן — אויסגלײַכן די פיס! געזונטע, שטאַרקע פיס... איר ווילט אײַנשטעלן אײַער לעבן און מײַן רעפּוטאַציע?.. ווען איר באַצאָלט מיר אַ מיליאָן מאַרק, מיינט איר, וואָלט איך אײַנגעגאַנגען אויף דעם? אויף אַזאַ אָפּעראַציע? לאָמיר זיך אויף אַ רגע פאָרשטעלן, אַז איך גיי אײַן. וויאַזוי וואָלט דאָס אויסגעזען? איך וואָלט אײַך געדאַרפט צעברעכן די פיס, זיי נעמען אין גיפּס... און ווער קאָן גאַראַנטירן, אַז זיי וועלן זיך גוט צונויפוואַקסן? הייסט עס, ווען אויסקומען אַלץ אָנהייבן פונדאַסנײַ? אײַך וואָלט אויסגעקומען ליגן אין גיפּס קימאַט אַ יאָר צײַט. און ערשט דעמאָלט זײַט איר ניט זיכער, אַז איר וועט ניט בלײַבן קיין קאַליקע און וועט דערנאָך ניט גיין אויף מיליצעס... וואָס זשע ווילט איר, פאַרבײַטן געזונטע פיס אויף אַ פּאָר מיליצעס? הערט זשע, מײַן יונגער פרײַנט, איך מעלדע אײַך, ווי אַ כירורג, ווי אַ מענטש, אַז מײַן באַרוף איז העלפן קראַנקע, זיי היילן און ניט מאַכן פון קאַליקעס! איך וועל ניט גיין אויף קיין שום אַוואַנטיורעס. איך האָב אַלץ געזאָגט... אַ גוטן טאָג אײַך! איר זײַט פרײַ!..

— אײַן ווײַלע בלויז... — האָט מאַקס זיך אָנגערופן מיט אַ געפאַלענער שטים. — איך פאַרשטיי גוט, אַז דאָס איז זייער אַ געפערלעכע אָפּעראַציע. נאָר איך בין גרייט אויף אַלץ... איך וועל געבן אַן אונטערשריפט, אַז אין פאַל פון אַן אומגליק זאָל מען אײַך ניט באַשולדיקן... איר מוזט מיר העלפן...

— אַ מאָדנער פּאַציִענט! — איז שוין עריך שטוטבאַך געוואָרן אויסער־זיך. — ער איז אויף אַלץ גרייט! איר זײַט גרייט, איך זאָל אײַך צעברעכן די פיס?

— יאָ!.. ברעכט, טוט, וואָס מע דאַרף, נאָר העלפט מיר. דאָס גאַנצע לעבן וועל איך בעטן גאָט פאַר אײַך... פון אײַך הענגט אָפּ מײַן גורל, מײַן צוקונפט, מײַן לעבן... איך דאַרף שפּילן אויף דער בינע, און אָן דער אָפּעראַציע וועט זיך בײַ מיר גאָרנישט ניט באַקומען...

אַ רויטער, אַ בייזער איז עריך שטוטבאַך, ווי אַן אָפּגעבריטער, אַרויסגעלאָפן פונעם קאַבינעט. אין אַ מינוט אַרום האָט ער זיך אומגעקערט, פירנדיק בײַ דער האַנט אַ שלאַנק מיידל אין אַ ווײַסן כאַלאַט, די געדיכטע פלאַקסענע האָר אירע האָבן זיך געריסן אויף דער ליכטיקער שײַן פון אונטערן ווײַסן היטעלע. די גרויסע גרינע אויגן האָבן פאַרכידעשט געקוקט אויף דעם שוואַרצ־כיינעוודיקן באָכער. זי האָט לײַכט אַ שאָקל געטאָן צו אים מיטן קאָפּ, גריסנדיק זיך. דערנאָך האָט זי אַריבערגעפירט דעם בליק אויפן פּראָפעסאָר, ניט פאַרשטייענדיק, וואָס וויל ער פון איר האָבן און צוליב וואָס האָט ער זי געבראַכט אַהער.

— ביטע, דאָקטער פרידע! — האָט דער פּראָפעסאָר, אַרויסלאָזנדיק איר האַנט, זיך אַ נייג געטאָן פאַרן פּאַציִענט. — איר האָט די מעגלעכקײַט זען אַן אויסערגעוויינלעכן עקזעמפּליאַר. אַן אוניקום! געקומען בעטן, איך זאָל אים אויסגלײַכן די פיס... געזונטע פיס... ער דאַרף, פאַרשטייט איר מיר, שפּילן אויף דער בינע אָטעלאָ, אוריעל אַקאָסטאַ און נאָך דער טײַוול ווייסט וועמען... אַן אַקטיאָר! רעדט זיך דורך מיט אים, ביטע... איך בין שוין הייזעריק געוואָרן און האָב מער קיין קויעך ניט מיט אים צו דיסקוסירן... איך מיין, אַז איר, דאָקטער פרידע, וועט עס מאַכן בעסער פאַר מיר... ביטע...

און דער פּראָפעסאָר איז אָפּגעגאַנגען צום פענצטער.

פרידען איז, דעם עמעס געזאָגט, ניט אינגאַנצן קלאָר געוואָרן איר מיסיע. דער פּראָפעסאָר האָט איר גאָרנישט ניט געזאָגט, אָנגעכאַפּט פאַר דער האַנט און געבראַכט אַהער. זי האָט אַ קוק געטאָן פון אונטער די לאַנגע וויִעס, דערזען אַ פלייציקן באָכער מיט אַ פאַרברוינט פּאָנעם, מיט גרויסע שוואַרצע אויגן, וואָס האָבן געקוקט אויף איר אַ ביסל דערשראָקן און אַ ביסל, יאָ, זי האָט קיין טאָעס ניט, אַ ביסל אַנציקט. נאָר דאָס גראַד אינטערעסירט זי ניט. זי דאַרף דאָ אויספילן איר

פליכט — די פליכט פון א דאָקטער, זאָגן איר מיינונג. זי האָט זיך אָנגערופן זייער שטרענג, אַזוי האָט זיך איר אַלנפאַלס געדוכט:

— ביטע, קראַנקער, דערציילט, וואָס איז מיט אײַך און אַף וואָס...

— אַנטשולדיקט... — האָט מאַקס זי איבערגעשלאָגן. — וואָס זשע, איר זײַט דען אויך א כירורג? עס קאָן ניט זײַן!.. איר מאַכט אויך אָפּעראַציעס?..

— געוויס... איר האָט געטראָפן... איך אָפּעריר און וועל אַפילע קענען אָפּערירן די צונג, אויב איר וועט מיר ניט ענטפערן אַף מײַנע פראַגן... — דאָקטער פרידע האָט ניט אַראָפּגענומען פון אים דעם בליק און פאַרגעזעצט: — דערקלערט, צוליב וואָס ווילט איר, מיר זאָלן אײַך אָפּעּ־רירן? וואָס האָט אײַך געשטויסן אַף אַזאַ געדאַנק?.. אַזאַ ווילדע אָפּעראַציע...

— מיר האָט געזאָגט א מענטש, פון וועלכן עס הענגט אָפּ מײַן גורל, אַז ווען איך האָב גלײַכע פיס, וואָלט איך געקאָנט אָנקומען אין טעאַטער. שפּילן... יענעם מענטשנס א וואָרט איז פאַר מיר הייליק...

— עס גלייבט זיך ניט! — האָט זי אים איבערגעשלאָגן, קוקנדיק אַף זײַנע פיס. — יענער מענטש איז, דוכט מיר, מעשוגע געוואָרן... ער וויל אײַך אומברענגען... איר דערציילט מיר אַלץ, וואָס האָט אײַך געשטויסן, איר זאָלט זיך ווענדן צו אונדז... נאָר דעם גאַנצן עמעס...

דעם גאַנצן עמעס... וויאַזוי זאָל ער דערציילן די גאַנצע געשיכטע פון זײַנע וואָגלענישן, צאָרעס, וואַנדערונגען איבער שטעט און שטעטלעך, אַז זי זאָל פאַרשטיין — קיין צוריק איז פאַר אים ניטאָ. דאָ איז זײַן לעצטע האָפענונג. ער ווייסט ניט, צי זי איז א גוטער כירורג, — ווי קאָן אַזאַ שיין, יונג מיידל שנײַדן מענטשן, נאָר א מענטש א גוטער מוז זי זײַן, מע זעט עס נאָך די אויגן. און מאַקס האָט, עפּשער דאָס ערשטע מאָל אין לעבן, דערציילט וועגן זיך אַלץ. אַזוי פאַר־סירט אַמאָל אין לעבן — פאַר אַן אומטערוועגיקן באַקאַנטן, א ווילד־פרעמדן מענטשן, רעדט מען זיך אויס דאָס האַרץ אופריכטיקער, ווי פאַר א גוטנפרײַנט.

צוהערנדיק זיך אופמערקזאַם צו דעם, וואָס מאַקס האָט דערציילט, האָט פרידע די גאַנצע צײַט נאָכגעשפּירט נאָך עריך שטוטבאַכן. זי האָט באַמערקט, אַז דער פּאַטראָן האָט בלויז אַרײַנ־געקוקט אין דער צײַטונג, נאָר ניט געלייענט זי, אַז ער האָט פונקט, ווי זי, געהערט מאַקסן, און יענעמס געשיכטע האָט אים גערירט ניט ווייניקער, ווי זי, דאָקטער פרידען. אַנדערש וואָלט ער ניט געלאָזט פאַטערן אַזויפיל צײַט.

און פונדעסטוועגן איז איר פליכט געווען טאָן דאָס זעלבע, וואָס עס האָט פריִער געטאָן דער פּראָפעסאָר, — אָפּריידן מאַקסן פון דער אָפּעראַציע. זי האָט זיך אָבער גאָר אינגיכן איבערצײַגט, אַז ס'איז אַן אומזיסטע טירכע, אויב דער מענטש האָט עפּעס פירגענומען, וועט ער זיך פאַר קיין זאַך ניט אָפּשטעלן. יאָ, אָבער ער פאַרשטייט דאָך ניט, דער אקשן, וואָס עס שטייט אים פאָר. און זי איז א דאָקטער, זי ווייסט, און דער געוויסן וועט זי פאַרפײַניקן, אויב זי וועט דערלאָזן, אַז א מענטש זאָל פרײַוויליק גיין אַף אַזאַ זאַך. וואָס טוט מען? וואָס טוט מען?

א היפש ביסל צײַט האָבן אַלע געשוויגן. דער פּראָפעסאָר האָט געוואָרט, וואָס וועט זאָגן פרידע, און מאַקס האָט געוואָרט, וואָס וועלן זיי ביידע זאָגן.

פּלוצעם האָט זיך דאָקטער פרידע האַסטיק אופגעהויבן, איז צוגעגאַנגען צו שטוטבאַכן און אָנגעהויבן מיט אים אײַנטײַנען. אַזוי, האָט זיך מאַקסן געוואָלט וויסן, וואָס זי שעפּטשעט! אים האָט זיך אָנגעהויבן דוכטן: פרידע רעדט אײַן דעם פּראָפעסאָר, ער זאָל מאַסקים זײַן מאַכן די אָפּעראַציע. א געזונט אין איר, אָט א גאָלדן מיידל.

דער פּראָפעסאָר האָט אופמערקזאַם אויסגעהערט פרידען, און זײַנע אויגן האָבן זיך צע־שײַנט. ס'איז א פּלאַן. דער אקשן וועט זיך אַליין אָפּזאָגן לייגן אונטערן מעסער. זאָל ער טאַקע אָנטאָן א ווײַסן כאַלאַט, שטיין לעבן אָפּעראַציע־טיש און זען, וויאַזוי מע אָפּערירט מענטשן... ער וועט אַנטלויפן ווי דער שוואַרצער פעפער וואַקסט, ער וועט קיינמאָל מער אַפילע ניט צוגיין נאָענט צו דער קליניק.

זאָל ער שטיין באַם טיש און קוקן!

עריך שטוטבאַך איז צוגעגאַנגען צום באַכער, וואָס האָט א בלייכער, מיט שרעק אין די אויגן, געוואָרט אַפן פּראָפעסאָרס אורטייל.

— נו, אויב איר באַשטייט אַף דער אָפּעראַציע, — האָט געזאָגט שטוטבאַך, — בין איך גרייט אײַך אָפּערירן... אָבער מיט איין טנײַ: איר וועט אָנשרײַבן א צעטל, אַז איך האָב אײַך געוואָרנט, ווי געפערלעך עס איז די אָפּעראַציע, און די גאַנצע פאַראַנטוואָרטלעכקײַט נעמט איר אַף זיך...

— א דאַנק, הער פּראָפעסאָר! — האָט מאַקס אויסגעשריִען. — איז קאָן איך גיין זיך לייגן?

עריך שטוטבאַך האָט זיך צעלאַכט:

— סאַראַ פלינקער איר זײַט! איר מיינט, אַן אָפּעראַציע מאַכן איז שפּילן טעאַטער? איר

וועט נאָך צוווארטן... געגוי וואָס און ווען וועט איַיך זאָגן מייַן אַסיסטענטן... — האָט ער אַ ווונק געטאָן אַף פרידען און איז שנעל ארויסגעגאַנגען פונעם קאַבינעט.

מאַקס קרייסלער איז נאָך געשטאַנען אַ לאַנגע ווייַלע, ניט רירנדיק זיך פון אָרט, און געקוקט מיט שמייכלענדיקע און עטוואָס פאַרלוירענע אויגן אַף דער דאָקטערן. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָס, וואָס דער פּראָפעסאָר איז צו אים געוואָרן מילדער און איז איַינגעגאַנגען אַף דער אָפּע־ראַציע, האָט ער צו פאַרדאַנקען דער דאָקטערן. נאָר ער האָט ניט געוווּסט, וואָס איר צו זאָגן.

אין עטלעכע מינוט ארום האָט ער געשפּאַנט צום ארויסגאַנג און באַנאַנד מיט אים האָט גע־שפּאַנט פרידע. זי האָט אים דערקלערט, ווען ער דאַרף קומען אין קליניק און וואָס ער וועט דאָרט טאָן.

בא מאַקסן זייַנען אויסגעוואַקסן אַ פּאָר פליגל. ער האָט געשייַינט, ווי אַ נייַע קאָפּיקע. פון דער זייַט האָט עס מיסטאָמע אויסגעזען קאָמיש. אַ מענטש דאַרף זיך לייגן אונטערן מעסער, און אַליין זעט ער אויס ווי ער וואָלט געפונען אַן אוצער.

איין זאַך האָט אים אָבער יאָ געקימערט. ער האָט ניט פאַרשטאַנען, צוליב וואָס וועט אים אויסקומען גיין אַלע טאָג אין קליניק, זיך פאַרפּוצן אין אַ ווייַסן כאַלאַט, ווי אַ דאָקטער, און שטיין ניט וווייַט פונעם אָפּעראַציע־טיש, קוקן, ווי מע אָפּערירט מענטשן?..

נאָר ווי די זאַך זאָל ניט זייַן, איז מאַקס אַף מאָרגן גאַנצפרי, אַ סאַך פריִער, ווי פרידע האָט אים געהייסן, געשטאַנען באַם טויער פון דער קליניק און געוואַרט. ווען פרידע האָט זיך באַוויזן באַם אריַינגאַנג, האָט ער זיך געלאָזט צו איר, באַווייַזנדיק אַלע זייַנע ווייַסע, שטאַרקע ציין אין אַ פריידיקן שמייכל.

דאָקטער פרידע האָט אים שוויַיגנדיק אויסגעשטרעקט די האַנט. זי האָט ניט באַמערקט, אַז עלזע קריץ שפּירט זיי נאָך פון פענצטער. ווען פרידע קאָן זי זען פון דער נאָענט, וואָלט זי באַ־מערקט, אַז יענע איז געוואָרן רויט, ווי צוויק, מאַלע־רעציכע. עלזע האָט בעשום־אויפן ניט גע־קאָנט פאַרשטיין, פאַרוואָס פירט זי נאָך זיך דעם דאָזיקן לעץ און פאַרוואָס גיט מען אים אַ ווייַסן כאַלאַט? וואָס האָט ער דאָ צו טאָן אין קליניק אַזוי פרי? וואָס קומט דאָ פאָר? וואָס טאַנצט זי אַזוי ארום אים, דאָקטער פרידע? עפּשער האָט זי זיך גאָר פאַרליבט אין דעם האַלאַדראַנעץ? שיין איז ער טאַקע, וואָס עמעס איז עמעס. אָבער אַז נאָך אַ מיידל גייט נאָך אַזאַ באָכער, ווי ריכאַרד, אַן עכטער דייַטש, כאַטש מיט אַ היפּש בייַכל, וואָלט זי געמעגט אַזאַ שוואַרצן ציגייַנער פאַרגינען עמעצן אַנדערש. אָט אַזעלכע זייַנען זיי, די גרעטכענס, אַלע ווי איינע. מע איז הייליק, קיין שטויב טאָר ניט פאַלן, און ווי מע דערזעט אַ פּאָר פּלודערן, פאַרלירט מען גלייַך דעם קאָפּ.

אָך, ווען פרידע ווייסט, וואָס עלזע טראַכט, וואָלט זי איר אָפּגעצאַפּט נאָך אַ ביסל בלוט און וואָלט געגומען דעם „ציגייַנער" אונטער דער האַנט, און זאָל בא יענער די גאַל פּלאַצן. נאָר ווי זי ווייסט ניט, אַזוי זאָל איר ניט שאַטן...

דערווייַל האָט זי אריַינגעפירט מאַקסן אין אַ גערראַמען בלענדיק־ווייַסן זאַל. גרויסע עלעק־טרישע לאָמפּן האָבן באַלויכטן יעדעס ווינקעלע, אַ מאָדנעם ניקלענעם טיש, אָן אַ שיר ווייַסע שאַפעס מיט פאַרשיידענע אינסטרומענטן, וואָס דער אויסזען זייערער אַליין האָט ארויסגערופן אומרו. אין זאַל האָבן זיך געפּאָרעט בארעמהערציקע שוועסטער אין ווייַסע כאַלאַטן. דערזען דאָקטער פרידע מיט אַן אומבאַקאַנטן אין אַ ווייַסן כאַלאַט, האָבן זיי זיך פאַרוווּנדערט איבערגע־קוקט. און ער איז שוין געשטאַנען אַ פאַרלוירענער בא דער וואַנט, און דער צעשטרייטער בליק זייַנער האָט געבלאָנקעט איבער דעם אומהיימלעכן זאַל.

אַלץ איז גלייַך ארויס פון קאָפּ. ער האָט זיך געפּרוּווט דערמאָנען, וואָס דאָקטער פרידע האָט אים אָנגעזאָגט, וויאַזוי דאַרף ער זיך דאָ פירן. וואָס דאַרף ער דאָ טאָן? אייגנטלעך, דאַרף ער דאָ גאָרנישט ניט טאָן, נאָר שטיין, ווי אַ שטיק האָלץ, און קוקן, וואָס זי מיטן פּראָפעסאָר עריך שטוט־באַך און אָט די אַלע שוועסטער וועלן טאָן.

ער וואָלט איצט גערן טרעפן פרידעס אַ דערמונטערנדיקן בליק, איז זי אָבער פאַרטאָן אין איר ארבעט. אַז ער זעט ניט, וואַרפט זי יאָ פון מאָל צו מאָל אַ בליק אַף אים. עס גלוסט זיך איר שמייכלען, קוקנדיק, ווי ער שטייט פאַרפּוצט אינעם כאַלאַט, מיט אַזאַ קינדעריש־פאַרלוירענעם אויסדרוק אַפן פּאָנעם.

אָט האָט מען אריַינגעפירט אַ וועגעלע, אַף וועלכן עס איז געלעגן אַ קראַנקער. די סאַניטאַרן האָבן אים פּאָרזיכטיק אָוועקגעלייגט אַפן אָפּעראַציע־טיש, און פרידע מיט אירע געהילפן האָבן אים גענומען גרייטן צו דער אָפּעראַציע. זי האָט געטאָן איר ארבעט שנעל און געניט. איצט האָט זי שוין, דוכט זיך, אינגאַנצן פאַרגעסן, אַז דער מאָדנער פּאַציִענט שפּירט נאָך נאָך דעם, וואָס עס קומט פאָר אַפן טיש.

אין אַ פּאָר מינוט ארום איז אריַינגעקומען עריך שטוטבאַך. דאָס פּאָנעם, אַ ריין־אָפּגעראַ־זירטס, איז געווען שטרענג און די געדיכטע ברעמען צעשויבערט. ער האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן

קאָפּ צו דאָקטער פרידע. דערזען בא דער וואַנט מאַקסן, באַמערקט זייַנע דערשראָקענע אויגן, האָט ער אַ קניטש געטאָן מיט די אַקסלען, ווי איינער רעדט: „נו, אַן אַקשן... טאַקע געקומען? זיך ניט דערשראָקן?..“

דער פּראָפעסאָר איז צוגעגאַנגען צום קראַן, וווּ עס איז געשטאַנען אַ שוועסטער מיט אַ פּאָר גומענע הענטשקעס. ער האָט ענערגיש, גאָר אַף אַ ספּעציעלן אופן, ווי עס טוען נאָר כירורגן, גענומען וואַשן די הענט.

אין די גומענע הענטשקעס, אין דער מאַסקע, וואָס האָט פאַרדעקט אַ האַלב פּנים, האָט ער מאַקסן אויסגעזען ווי אַ געשפּענסט פון עפּעס אַ מאָדנער, ווײַטער וועלט. דער פּראָפעסאָר האָט געגעבן פרידען און די שוועסטער, וואָס האָבן אים אַרומגערינגלט, די לעצטע אָנווײַזונגען און איז צוגעגאַנגען צום אָפּעראַציע־טיש.

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ שווערע און לאַנגדויערנדיקע אָפּעראַציע — אַן אָנגעשטרענגטער קאַמף פאַרן לעבן פון אַ מענטשן...

מאַקס קרייסלער האָט זיך שטײַפער אָנגעשפּאַרט אָן דער וואַנט. ער האָט געפילט, ווי אַ קעלט נעמט דורך אַלע זייַנע אייווערים. אים איז פּלוצעם געוואָרן אַזוי שרעקלעך, פּונקט ווי ער אַליין וואָלט געלעגן אַפן טיש אונטערן מעסער. און דאָך האָט ער אופמערקזאַם נאָכגעשפּירט נאָך עריך שטוטבאַכס געניטע, זיכערע באַוועגונגען, באַוועגונגען פון אַ מענטשן, וואָס וועט קיין טאָעס ניט דערלאָזן. מאַקס האָט אַריבערגעפירט דעם בליק אַף פרידען, וואָס איז געשטאַנען באַנאַנד מיטן פּראָפעסאָר און פלינק אויסגעפילט אַלע זייַנע באַפעלן. אין דער ווײַסער מאַסקע האָט זי אויך אויסגעזען אויסטערליש. אירע גרויסע, ערנסטע אויגן זײַנען געווען אָנגעשטרענגט. מאַקסן האָט זיך ניט געגלייבט, אַז דאָס איז יענץ יונג, שלאַנק מיידל, וואָס באַציט זיך צו אים אַזוי האַרציק און פרײַנטלעך.

קוקנדיק, ווי שנעל און געניט עס אָפּערירט דער פּראָפעסאָר, ווי גוט עס העלפט אים דאָק־טער פרידע, האָט מאַקס געטראַכט, אַז צו זיי אין די הענט איז גאָרנישט אַזוי שרעקלעך אַרײַנפאַלן.

ער האָט אָבער ניט באַוויזן אַ טראַכט טאָן וועגן דעם, ווי ער האָט דערפילט — עפּעס איז געשען. דעם כוילעס פּנים האָט זיך איבערגעקרימט פון ווייטעק, און ער האָט אָנגעהויבן קרעכצן. אַף עריך שטוטבאַכס שטערן איז אַרויסגעטראָטן אַ געדיכטער שווייס. ער האָט עפּעס געזאָגט דער אַסיסטענטן, גערעדט צום קראַנקן: „רויִקער... עס טוט אײַך גאָרנישט ניט ווײ... עס דוכט זיך בלויז אַזוי... באַלד פאַרענדיקן מיר, נאָך איין ווײַלע...“ און די ווײַלע האָט זיך געצויגן און געצויגן. אָט די מינוטן זײַנען געווען, ווי מאַקס האָט באַמערקט, די שווערסטע פאַרן קראַנקן און פאַרן פּראָפעסאָר. בא מאַקסן זײַנען מיטאַמאָל די פיס געוואָרן ווי פון וואַטע, אָט־אָט פאַלט ער אום. אין דער רעגע האָט זיך אים געגלוסט אַנטלויפן פונדאַנען, און טאַקע וואָס גיכער.

איצט האָט שוין מאַקס פאַרשטאַנען, פאַרוואָס מע האָט אים דאָ אַוועקגעשטעלט, אין אָפּעראַציע־זאַל. יאָ, זיי האָבן באַשטימט אים אָפּשרעקן. דאַרף מען זיך אום יעדן פּרײַז נעמען אין די הענט. זיי טאָרן אַף זײַן פּנים, אין זײַנע אויגן ניט זען קיין סימען פון שרעק.

## צווישן לעבן און טויט

אַ גאַנצע וואָך נאָכאַנאַנד איז מאַקס יעדן טאָג געקומען אין קליניק, אָנגעטאָן דעם כאַלאַט און פאַרנומען זײַן אָרט אין ווינקל. ער האָט געהאָלפן די סאַניטאַרן אַרײַנפירן די קראַנקע, זיי באַלייגן אַפן טיש און דערנאָך געקוקט, ווי מע אָפּערירט מענטשן. פאַר דער צײַט האָבן דער פּראָפעסאָר און פרידע ניט ווייניק אין אים אַרײַנגערעדט, דערוויזן, אַז ער מוז זיך אָפּזאָגן פון זײַן אידיי, נאָר עס האָט ווייניק געהאָלפן.

און אָט, אין איינעם אַ טאָג האָט אים דער פּראָפעסאָר אַרײַנגערופן צו זיך אין קאַבינעט. דאָרטן איז שוין געזעסן פרידע. עריך שטוטבאַך האָט פאַרייכערט זײַן ציבעק, אַוועקגעלייגט די האַנט אַף מאַקס׳ אַקסל, אַ שמייכל געטאָן:

— נו, „אָטעלאָ“, איז וואָס האָט איר באַשטימט?

— איך האָב באַשטימט בעטן אײַך, איר זאָלט מיך אָפּערירן, הער פּראָפעסאָר... איך וועל אײַך דאָס גאַנצע לעבן זײַן דאַנקבאַר...

— אָדער איר וועט מיך דאָס גאַנצע לעבן שעלטן?.. — האָט אים דער פּראָפעסאָר איבער־געשלאָגן. — ניט איך, ניט דאָקטער פרידע קאָנען אײַך ניט גאַראַנטירן, אַז די אָפּעראַציע וועט געלינגען. איר זײַט נאָך יונג... צוליב וואָס דאַרפט איר ריזיקירן? אַלזאָ, גייט אַהיים, באַטראַכט זיך גוט. אײַצעט זיך אויס מיט אײַערע פרײַנט און אייגענע. אויב איר וועט דאָך באַשטימען זיך אָפּערירן, קומט אין אַ וואָך אַרום...

— איך האָב שוין באַשטימט...

עריך שטוטבאַך האָט געוואָרפן אױף אים אַ בייזן בליק, אַ קנייטש געטאָן מיט די אַקסלען. אָנגענומען פרידען בײַ דער האַנט, איז ער מיט איר אָפּגעגאַנגען אין אַ זײַט און עפּעס איר אײַנגערוימט אין אויער.

מאַקס איז געבליבן שטיין אַ צעטומלטער. אין דער מינוט האָט ער ניט געטראַכט וועגן דער געפערלעכער אָפּעראַציע, געשראָקן האָט אים גאָר עפּעס אַנדערש: ניט דער פּראָפעסאָר, ניט פרידע ווייסן ניט, אַז ער האָט ניט קיין פּרוטע בײַ דער נשמה. ווי וועט ער באַצאָלן פאַר דער אָפּעראַציע און פאַרן אָרט אין קליניק?..

דער פּראָפעסאָר מיט פרידען זײַנען אַרויסגעגאַנגען פון קאַבינעט און זיך געלאָזט אין סאַד, לאַנג אַרומגעשפּאַצירט איבער דער אַלײ און אַלץ גערעדט וועגן דעם מאָדנעם פּאַציִענט. דערנאָך איז פרידע אַרײַנגעקומען אין קאַבינעט.

— נו, גוט... — האָט זי געזאָגט צו מאַקסן. — קומט אַהער אין אַ וואָך אַרום... — און זי האָט אים דערלאַנגט די האַנט.

מאַקס' אויגן האָבן זיך צעשײַנט פון גליק. ער האָט אָנגעכאַפּט איר האַנט און ביז ווייטיק זי געדריקט:

— אַ דאַנק!.. אַ גרויסן דאַנק אײַך, דאָקטער!.. איך האָב אײַך נאָך עפּעס געוואָלט זאָגן... — האָט ער ניט דרייסט צוגעגעבן.

— וואָס האָט איר נאָך צוגעטראַכט?..

— בײַ מיר איז דאָך נישטאָ קיין געלט... ווי וועל איך זיך מיט אײַך צעצאָלן?..

פרידע האָט אַ שמייכל געטאָן:

— נו, וואָס זאָל איך מיט אײַך טאָן? איך וועל עפּעס צוטראַכטן... איר זאָלט נאָר דעם פּראָפעסאָר ניט אויסזאָגן...

זי האָט צו אים אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט און איז שנעל אַוועק. אויף דער שוועל האָט זי זיך פאַרהאַלטן, זיך אויסגעקערעוועט צו אים און, ניט באַהאַלטנדיק דעם גוטן שמייכל, איבערגעכאַזערט:

— אין אַ וואָך אַרום! איר זאָלט זיך אָבער גוט באַטראַכטן...

ערשט איצט, ווען עס איז שוין, דוכט זיך, קיין צוריק ניט געווען, האָט ער אָנגעהויבן זיך דערמאָנען, וואָס דער פּראָפעסאָר און פרידע האָבן אים דערציילט וועגן דער אָפּעראַציע. ווער בײַט עס פרײַוויליק געזונטע פיס אויף מיליצעס, — האָבן געעגבערט דעם מויעך דעם פּראָפעסאָרס ווערטער. — טאַקע אַזוי, ווער? נאָר אַזאַ נאַר, ווי ער. אָטעלאָ, אוריִעל אַקאָסטאַ... אַ געלעכטער... אַפילו קיין בעקער וועט ער שוין אויך ניט קענען זײַן... ווער וועט אים דאַרפן, אַ וויסטן קאַליקע?

אַן אַנדערער אויף זײַן אָרט וואָס וואָלט געטאָן? וואָלט געמאַכט פּלייטע פון בערלין. וואָס האָט ער דאָ פאַרגעסן, דער באָבעס יערושע? אַן אַנדערער יאָ, אָבער ניט מאַקס קרייסלער, דער בעקער פון קאַלאָמייע. אים איז אײַנגעפאַלן גאָר עפּעס אַנדערש. לאָזט זיך אויס, אַז בילכער פון אַלץ דאַרף ער איצט אַ רעוואָלווער. טאָמער כאָלילע איז שלעכט, די אָפּעראַציע האָט זיך ניט אײַנגעגעבן און ער איז געבליבן אַ קאַליקע, איז אַ קויל אין קאָפּ, און אַ גוטן טאָג מיט דער קאַפּאָטע.

ער האָט ניט געוווּסט פון קיין רו. טאָג און נאַכט האָט ער געלאָדן וואַגאָנעס מיט זעק און פּעק, זיך ניט געמיִעסט מיט קיין שום אַרבעט, געזשאַלעוועט זיך דעם ביסן און געקליבן געלט. און אויף וואָס מיינט איר? אויף אַ רעוואָלווער.

די צײַט האָט אַ טעווע, זי שטייט ניט אויף אַן אָרט. פּונקט אין אַ וואָך אַרום, ניט מיט קיין מינוט שפּעטער, איז מאַקס קרייסלער געשטאַנען בײַם טויער פון דער קליניק, באַהאַלטנדיק אין קעשענע דעם קליינינקן בראַונינג, וואָס ער האָט געקויפט בײַ אַ שיקערן אָפיצער אויפן מאַרק. נאָך פונדערווײַטנס האָט מאַקס דערזען בײַם טויער פרידען און דערפילט, ווי דאָס האַרץ האָט גענומען האַסטיקער קלאַפּן. זי איז געשטאַנען אַ צעטראָגענע, אַ פאַרטראַכטע, אַפילו פאַרגעסן ענטפערן אים אויף זײַן „גוט־מאָרגן".

— מײַן גאָט! איר זײַט טאַקע געקומען? — האָט זי דערשראָקן זיך אָנגערופן. — און איך האָב דאָך אײַך געבעטן, איר זאָלט זיך גוט באַטראַכטן... מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז איר וועט פאַרשטיין און וועט זיך מער ניט אומקערן צו אונדז... — זי האָט הילפלאָז צעפירט מיט די הענט, מיט פאַרוואָרף אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און אַ זאָג געטאָן: — וואָס קאָן מען מיט אײַך מאַכן, אַז איר זײַט אַזאַ אַקשן!..

און זי האָט אים גענומען בײַ דער האַנט און אוועקגעפירט מיט דער גרינער אַלײ צו דער קליניק.

די טעג, וואָס מאַקס איז געלעגן אין דער קליינער פּאַלאַטע מיטן גרויסן פענצטער, וואָס קוקט אַרויס אין געדיכטן סאַד, האָט ער אַ סך איבערגעטראַכט. ער האָט הונדערט מאָל אָפּגע־וווּיגן פּרידעס ווערטער. געוויס איז די אָפּעראַציע געפערלעך, דאָס פאַרשטייט ער שוין איצט יאָ. נאָר ער וועט זיך ניט אָפּזאָגן. אַזוי האָט ער באַשטימט, און אַזוי וועט זײַן.

אין דער שטילער, געמיטלעכער פּאַלאַטע, וווּהין פּרידע איז אַלע טאָג אַרײַנגעקומען מיט ביכער, זשורנאַלן, צײַטונגען, בלומען, פּרוכטן פאַר אים, האָט מאַקס זיך געפילט ווי אין אַ גאַניידן. אינדערעמעסן, זינט ער לעבט, איז ער נאָך ניט געשלאָפן אויף אַזעלכע קלאָר־ווײַסע לײַ־לעכער, אויף אַזעלכע קישנס, און קיינער איז אַרום אים אַזוי ניט אַרומגעגאַנגען, אַפילו די אייגענע מאַמע. די שוועסטער און סאַניטאַרקעס האָבן ליב באַקומען דעם פּאַציִענט, וואָס האָט זיך ניט אויפגעהערט וויצלען, דערציילן אויסטערלישע געשיכטעס און יעדן באַגעגענען מיט אַ פרײלעכן שמייכל, כאָטש אים איז פאַרגעשטאַנען אַ שווערע אָפּעראַציע. און מאַקס האָט ניט געוווּסט, וויאַזוי וועט ער זיי אַלעמען אָפּצאָלן פאַר זייער גוט האַרץ, פאַר אַלץ, וואָס זיי טוען פאַר אים.

ענדלעך איז געקומען די צײַט, ווען מע האָט פאַרענדיקט אַלע צוגרייטונגען צו דער אָפּע־ראַציע און מע האָט אים גענומען אויפן טיש, אויף יענעם זעלבן טיש, בײַ וועלכן ער פלעגט ערשט ניט לאַנג שטיין און קוקן, ווי מע אָפּערירט אַנדערע.

זאָגן, אַז אים איז געוואָרן גאָר פרײלעך אויפן האַרצן, קאָן מען ניט, ווײַל דאָס וואָלט געווען אַ גרויסער ליגן.

אַרום אים האָבן שוין געקישעפט דאָקטוירים און שוועסטער. דער פּראָפעסאָר און פּרידע זײַנען געווען שטרענג, האָבן ניט געקוקט אויף אים, ווי זיי זאָלן האָבן צו טאָן מיט גאָר אַן אומבאַ־קאַנטן מענטשן, זיך פון מאָל צו מאָל איבערגעוואָרפן מיט אַ וואָרט. ווען מע האָט מאַקסן גענומען צובינדן צום טיש, האָט ער אַ זאָג געטאָן.

— היי, שוועסטערלעך, פייגעלעך, וואָס טוט איר? פאַרוואָס בינדט איר מיך? איך קלײַב זיך דאָך ניט אַנטלויפן...

אַלע האָבן זיך צעלאַכט.

— דאָ וויצלט ער זיך נאָך אויך!.. — האָט פּרידע אַ שעפּטשע געטאָן.

עריך שטוטבאַך האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, אַ שמייכל געטאָן, קוקנדיק, ווי עס ווירקט אויפן פּאַציִענט דער נאַרקאָטיק, וואָס מע האָט אים אײַנגעגעבן.

— איצט, אַרטיסט, ווען דו ווילסט אַפילו, וועסטו שוין פון אונדז ניט אַנטלויפן... — איז עריך שטוטבאַך געוואָרן באַריידעוודיקער, ווי געוויינלעך, ווען ער טרעט צו צו אַ שווערער אָפּעראַציע און דאַרף באַרויִקן דעם קראַנקן. — איצט וועלן מיר זען, צי דו קאָנסט זיך גוט פירן, ליגן רויִק. די שוועסטער האָבן אַלץ געטאָן, עס זאָל דיר ניט וויי טאָן... וועסט אַפילו ניט פילן, און אַלץ וועט זײַן גוט. די פיס דײַנע וועלן זײַן ווי די סטרונעס... דער דאָקטער פּרידע און איך, מיר וועלן שוין זען, עס זאָל אַלץ זײַן אין אָרדענונג... טאָמער וועט אַ ביסל וויי טאָן, איז אויך ניט שרעקלעך. דערפאַר וועסטו אינגיכן קאָנען אָנקומען אין טעאַטער, שפּילן אויף דער בינע. נאָר זע, זאָלסט ניט פאַרגעסן אונדז אײַנלאַדן אויפן ערשטן ספּעקטאַקל.

פּרידע האָט פאַרריכט אויף מאַקס' מויל די מאַסקע, און, זעענדיק, אַז דער באַכער ווערט מיט יעדער מינוט אַלץ בלאַסער, האָט זי געזאָגט:

— רויִקער... ליגט רויִק... די אָפּעראַציע וועט דויערן ניט לאַנג... עס וועט ניט וויי טאָן... אַלץ וועט זײַן גוט... איר האָט דאָך ניט מוירע, איר זײַט דאָך אַ דרייסטער, עמעס?..

אינגיכן איז געוואָרן שטיל. אַלעמענס בליקן זײַנען געווען געווענדט אויפן אָנגעשטרענגטן פּאָנעם פונעם פּראָפעסאָר, אויף מאַקס' בלאַסע ליפּן.

עריך שטוטבאַך האָט געוואַרט. ער האָט באַמערקט, אַז פּרידע איז אומרויִק. קעדיי אָפּצווענדן זי פון די שווערע געדאַנקען, האָט ער שטיל גענומען דערציילן, וויאַזוי ער האָט אויפן פראָנט געדאַרפט אָפּערירן אַ זעלנער, וואָס איז געווען אַמאָל אַן אָפּערעטן־אַרטיסט, און וויאַזוי יענער איז אַראָפּגעשפּרונגען פון טיש און אַנטלאָפן, דערזעענדיק, אַז דער דאָקטער האָט גענומען דעם סקאַלפּעל. די אַרומיקע האָבן העפלעך געשמייכלט, נאָר פּרידע איז געבליבן ערנסט. זי האָט איצט ניט געקאָנט טראַכטן וועגן זײַטיקע זאַכן.

מאַקס איז געלעגן מיט פאַרמאַכטע אויגן. און ווען אַלע האָבן שוין געמיינט, אַז ער איז אײַנ־געשלאָפן און מע קאָן אָנהייבן אָפּערירן, האָט ער זיך פּלוצעם אַ דריי געטאָן און אויפגעעפנט די אויגן. אַ שמייכל האָט אַ שײַן געטאָן אויף זײַנע ליפּן. עריך שטוטבאַך איז דערציטערט געוואָרן:

— אינגאַנצן ניט קיין נאָרמאַלער פּאַציִענט!.. — האָט ער אַ זאָג געטאָן און געהייסן מאַכן נאָך אַן אײַנשפּריצונג און בעסער אים צובינדן.

פּרידע האָט אַליין גענומען דעם שפּריץ.

מאקס האָט זיך עטוואָס פאַרקרימט, קוקנדיק אַף איר. דער קאָפּ האָט זיך אַ ביסל פאַרדרייט, פּונקט ווי אין יענעם טאָג, ווען ער האָט אויסגעטרונקען בא זיגפריד ליינאַרדן דעם שטאַרקן ווײַן.

— זאָג מיר נאָר, טײַערער, — האָט זיך אָנגערופן עריך שטוטבאַך און זיך עטוואָס פאַרנייגט איבער דעם קראַנקן, — וויבאַלד דו קלײַבסט זיך שפּילן אַף דער בינע אָטעלאָ, קענסטו געוויס אַף אויסווייניק אייניקע מאָנאָלאָגן? צי וואָלסטו ניט געקאָנט אונדז עפּעס פאָרלייענען, עס זאָל ניט זײַן אַזוי אומעטיק? דאָקטער פרידע האָט שטאַרק ליב רעציטאַציעס, פּאָעזיע... מיר דוכט, זי האָט אַליין אַמאָל געשריבן לידער, נאָר איז געוואָרן, ווי דו זעסט, אַ כירורג...

מאקס האָט געלייענט, ציִענדיק די ווערטער. עס איז אים אַלץ שווערער געוואָרן עפענען דאָס מויל. ער האָט זיך געסטאַרעט אַרויסברענגען דײַטלעך יעדעס וואָרט, נאָר אין אַ פּאָר מינוט אַרום האָט זיך דער מאָנאָלאָג איבערגעריסן. מאקס איז אַנשלאָפן געוואָרן. אַ געדיכטער שווייס האָט געבלישטשעט אַף זײַן הויכן ריינעם שטערן.

די אָפּעראַציע האָט געדויערט היפּשע עטלעכע שאָ...

איין מאָל האָט מאקס אופגעריסן די אויגן און מיט אַ פאַרנעפּלטן בליק זיך אַרומגעקוקט, ניט פאַרשטייענדיק, וווּ ער געפינט זיך און וואָס מיט אים קומט פאָר. ווי אין אַ שווערן נעפּל האָט ער געזען עריך שטוטבאַכן און פרידען אין ווײַסע כאַלאַטן.

גאַטעניו טײַערער, וויפל צײַט איז שוין אַוועק, זינט די מענטשן שטייען אַרום אים? ער פילט, אַז דער גאַנצער קערפּער איז איין גרויסע ווונד. מע האָט אים גלײַך געגעבן עפּעס אַ שמעק טאָן, און ער איז ווידער פאַרזונקען אין אַ טיפן שלאָף.

ווען ער האָט זיך אופגעכאַפּט, האָט ער דערזען די ווײַסע ווענט פון זײַן פּאַלאַטע. ער איז געלעגן בא זיך אַפן בעטל, דער רעכטער פוס, אָן איבערגעבונדענער, איין גרויסער ווײַסער קנויל, איז געלעגן מאכטלאָז אַפן קישן.

— וואָס איז דאָס, הער פּראָפעסאָר? — האָט ער קוים אַרויסגעבראַכט, ווײַזנדיק מיט די אויגן אַפן ווײַסן קנויל.

— רויקער... אַלץ וועט זײַן גוט... — האָט זיך שטוטבאַך אָנגעבויגן צו מאקסן. — אַף הײַנט וועט זײַן גענוג...

— אַ דאַנק... — האָט געזאָגט מאקס. — נאָר פאַרוואָס נאָר איין פוס? און דער צווייטער?

איבער דעם פּראָפעסאָרס מידן פּנים האָט דורכגעשוועבט אַ שמייכל.

— אַהאַ! לאָזט זיך אויס, ס'איז אים גאָר געפעלן געוואָרן! דו ווייסט, מײַן טײַערער, דיר וואָלט מען געדאַרפט אַרויסגעבן אַ מעדאַל פאַר געוואַגטקײַט... וועסט זיך אָפּרוען, וועלן מיר זיך נעמען פאַרן צווייטן... אויב מיר האָבן אָנגעהויבן, וועלן מיר שוין דערפירן די זאַך ביזן סאָף. דאַרפסט זיך ניט זאָרגן דערפאַר. עס וועט נאָך זײַן גענוג אַרבעט... — מיט די ווערטער איז דער פּראָפעסאָר אַרויס פון דער פּאַלאַטע.

איצט, אַז מאקס איז געבליבן אַליין, האָט ער זיך געקאָנט נאָכגעבן. דאָס פּנים האָט זיך אויסגעקרימט פאַר ווייטיק. דער קאָפּ האָט זיך געדרייט. אַ קרעכץ האָט זיך אַרויסגעריסן פון די בלאַסע ליפּן. און דער ווייטיק האָט זיך אַלץ געשטאַרקט...

עס האָבן זיך געצויגן שווערע, אָנגעשטרענגטע טעג און כאַדאָשים, ווען מאקס האָט זיך געפונען צווישן לעבן און טויט. ער איז געווען אויסגעשעפּט, מיד. נאָר ניט ווייניקער, דוכט זיך, זײַנען געווען פאַרמאַטערט פרידע און עריך שטוטבאַך.

וויפל מאָל פאַר דער צײַט איז מאקסן אויסגעקומען ליגן אַפן אָפּעראַציע־טיש, וויפל מאָל מע האָט אים ווידער און ווידער אָפּערירט, געדענקט ער שוין אַליין ניט. נאָר דאָך איז געקומען די צײַט, ווען מע האָט געקאָנט האַלטן, אַז ער איז אויסער געפאַר.

ווי נאָר אים איז געוואָרן בעסער, האָט ער זיך צוגעכאַפּט צום לייענען. באַזאָרגט מיט ביכער האָט אים פרידע. אינגיכן איז זײַן פּאַלאַטע געוואָרן אַ פיליאַל פון אַלע שטאָטישע ביבליאָטעקן.

מאקס האָט אײַנגעאַקשנט געלייענט, זיך געלערנט, ניט טראַכטנדיק וועגן דער לאַגע, אין וועלכער ער האָט זיך געפונען. דאָ, אין דער קליינער פּאַלאַטע, האָט ער געוואָלט אָניאָגן דאָס, וואָס ער האָט ניט באַוויזן אין זײַנע קינדער־ און יוגנט־יאָרן.

אַזוי האָט ער זיך געגרייט צו דער צווייטער באַגעגעניש מיט זיגפריד ליינאַרדן...

די צײַט איז געגאַנגען לאַנגזאַם, נאָר מאקסן האָט דאָס ניט געאַרט. ער האָט ניט געפּאַטערט קיין איבעריקע שאָ אַף פּוסטע זאַכן. ער האָט געלערנט אויסווייניק און דעקלאַמירט גאַנצע מאָנאָלאָגן פון שעקספּירן, שילערן, טשעכאָוון, גאָרקין. צומאָל פלעגט ער פאַרגעסן, וווּ ער געפינט זיך, און דאַן פלעגט אָטעלאָס לייבן־שטים צעבויטען די שטילקײַט פון די קאָרידאָרן. צום ערשטן מאָל, האָט זיך געווייצלט דער פּראָפעסאָר, מאכט דאָ אַ פּאַציִענט אַזעלכע קוילעס ניט פון

וויטעק, נאָר פון אייפער. אַלע זײַנען דערצו געוווינט געוואָרן, אַפילו די כאַלאָמים פון די שכני־נישע פּאַלאַטעס. דעם עמעס געזאָגט, איז זיי שוין אַ ביסל געפעלן געוואָרן דער אומזיסטער טעאַטער. מע פלעגט בעטן עפּענען די טירן, קעדיי בעסער צו הערן. אַן אַנדער שווער קראַנקער פלעגט אַפילו פאַרגעסן אין זײַנע לײַדן, ווען ער פלעגט הערן, וויאַזוי עס מאַטערט זיך דער דענישער פּרינץ האַמלעט דערפון, וואָס די וועלט איז אַזוי שלעכט אײַנגעאָרדנט און ס׳איז אַזויפיל געמיינהייט פאַראַן אין לעבן.

די בעסטע מינוטן בײַ מאַקסן זײַנען געווען, ווען צו אים פלעגט אַרײַנקומען פרידע און דער־ציילן, וואָס עס הערט זיך אויף דער וועלט, פאַרברענגען מיט אים, לאַכן, שטיפן. ער האָט אויך ליב געהאַט, ווען די שוועסטער פלעגן זיך צו אים אַרײַנכאַפּן און, שטיקנדיק זיך פון געלעכטער, דערציילן וועגן עלזע קריץ. דער פעטער אירער, לאָזט זיך אויס, האָט טאַקע אָפּגעגעבן גאָט די נשאָמע און די קליפּע האָט אים געבראַכט צו קווורע, ווי עס פּאַסט פאַר אַ געוויזענעם סויכער, נאָר ווען עס איז געקומען צו טיילן די ירושע, צו דער צוואָע, האָט זיך אויסגעלאָזט, אַז איר, עלזע קריץ, האָט ער איבערגעלאָזט דעם גולן מאַפּס. די גאַנצע גאַס האָט זיך געקײַקלט פאַר געלעכטער...

אין איינעם אַ פרימאָרגן, בײַס עריך שטוטבאַך מיט זײַנע אַסיסטענטן איז אַרומגעגאַנגען איבער די פּאַלאַטעס און באַטראַכט די קראַנקע, האָט ער זיך לענגער, ווי געוויינלעך, פאַרהאַלטן בײַ מאַקסן. דער פּראָפעסאָר האָט אויפמערקזאַם באַטראַכט זײַן פּאַציענט. ער האָט אַ קוק געטאָן אַנטקעגן דער שײַן אַפן לעצטן רענטגען, אַ לייען געטאָן די אַנאַליזן און אַ גוטברודערישן קלאַפּ געטאָן מאַקסן איבער דער פּלייצע:

— נו, מײַן פרײַנט, איצט קאָן איך דיר שוין זיכער זאָגן, אַז דו ביסט אַפן פערד... צוריק מיט אַ דרײַ־פיר וואָכן וואָלט איך דאָס ניט געזאָגט. איך האָב געמיינט, אַז דו וועסט פאַרבלײַבן אַ קאַליקע... און איצט קאָן איך זאָגן: אינגיכן וועלן ניט בלויז אַקטיאָרן — באַלערינעס וועלן דיר מעקאַנע זײַן אַף דײַנע פיס... איך בין צופרידן, מאַקס. איך וועל נאָך באַשרײַבן אין אַן אַרטיקל די אָפּעראַציע, און איידער דו וועסט ווערן אַ וועלט־באַרימטער אַקטיאָר, וועסטו זײַן דער וועלט־באַרימטער פּאַציענט פון עריך שטוטבאַכן...

און אָט איז שוין מאַקס געשטאַנען אין פּאַלאַטע, ווי אַ גאַסט, און זיך אַרומגעקוקט אין אַלע זײַטן. צי דען איז ער דאָ אָפּגעלעגן אַ גאַנץ יאָר? אַפן האַרצן איז געווען אי גוט, אי אַ ביסל אומרויִק. אָט גייט ער אַרויס אין דער גרויסער וועלט, פון וועלכער ער האָט זיך שוין פאַר דעם יאָר צײַט אָפּגעוווינט. ער האָט געוווּסט, געלייענט אין די צײַטונגען, וועלכע פרידע פלעגט אים ברענגען, אַז הינטער די ווענט פון דער קליניק קומט עפּעס פאָר, עפּעס שרעקלעכס און אומפאַר־שטענדלעכס. אין די שענקען און ביר־הײַזער רײַסן ווילדע ברוים אין ברוינע העמדלעך די גאָרג־לען, שרײַען, אַז ווען ייִדן־בלוט פון מעסער טריפט, איז זיי ערשט דעמלט גוט און פריילעך, אַז דײַטשלאַנד דאַרף זײַן באַלעבאָס איבער דער גאַנצער וועלט און אַז ווער ס׳איז קיין אַריער ניט, דאַרף אָדער פאַרניכטעט ווערן אָדער ווערן אַ שקלאַף. מאַקס, דער באָכער פון קאָוואַליוװקע, האָט עס אי ניט געקאָנט טויפעס זײַן, אי ניט געקאָנט זיך אַליין דערקלערן, פונוואַנען שטאַמט אַזאַ ווילדקייט. ס׳איז אַ באַנדע אויסוווּרפן, האָט ער זיך געטרייסט, ניט מער ווי אַ באַנדע. אָט זעט ער דאָך אַרום זיך אַזויפיל גוטע און האַרציקע מענטשן. קאַלזמאַן אַזעלכע מענטשן לעבן, וואָס קאָן געשען? עלזע קריץ איז טאַקע ביטער ווי אַ ביטערע ציבעלע, האָט פײַנט אים, פרידען, שטוטבאַכן, אַלע מענטשן, די גאַנצע וועלט. זי וועט געפינען צו זיך נאָך ניט איין אויסוווּרף אַזאַ. איז וואָס? דײַטשלאַנד איז דאָך ניט קיין מידבער. ווער וועט עס לאָזן אַזאַ בינטל מעשוגאָים פאַרנעמען דעם אויבנאָן? עס שלאָגט צו דער גאַל פון זייערע „טעאָריעס". נו, כ׳בעט אײַך, אַ קלאָרער מענטש קאָן אין דעם גלייבן?

מאַקס האָט זיך גענומען געזעגענען מיטן אוילעם, דערנאָך צוגעגאַנגען צו עריך שטוטבאַכן און נידעריק פאַרנייגט פאַר אים דעם קאָפּ:

— אַ גרויסן דאַנק אײַך, הער פּראָפעסאָר. איר האָט אַלעמאָל געזאָגט, אַז איך בין אַ פּלוי־דערזאַק. און איצט ווייס איך ניט, וואָס איך זאָל זאָגן אַזוינס, איר זאָלט פאַרשטיין, ווי דאַנקבאַר איך בין אײַך. איך שטעל זיך גאָר ניט פאָר, מיט וואָס וועל איך אײַך אָפּצאָלן פאַר אַלץ, וואָס איר האָט געטאָן פאַר מיר...

— מיט וואָס וועסטו מיר אָפּצאָלן? נו, מיט וואָס וועסטו מיר קענען אָפּצאָלן? נאָר מיט איין זאַך, מײַן פרײַנט, דאַרפסט ווערן אַ באַרימטער אַקטיאָר... — ער האָט געוואָלט נאָך עפּעס זאָגן, נאָר בלויז אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט.

זעט נאָר, וואָס עס מאַכט זיך אַמאָל אין לעבן. געקומען אַ באָכער, מאַמעש מיט אַ מעטער צום האַלדז צוגעשטאַנען, מע זאָל אים, הערט נאָר, הערט, אויסגלײַכן די פיס... ווען עמעצער וואָלט אַמאָל געזאָגט דעם פּראָפעסאָר, אַז ער וועט מאַסקים זײַן צו מאַכן אַזאַ אָפּעראַציע, וואָלט ער אָף יענעם געקוקט ווי אָף אַ מעשוגענעם. און איצט, ווען דער דאָזיקער „ווילדער" פּאַציענט, ווי ער האָט דאָ בא אַלעמען געהייסן, גייט אַ געזונטער, אַ גאַנצער אַרויס פון קליניק, האָט בא שטוט־באַכן אַזוי פאַרקלעמט אין האַלדז, אַז ער קאָן קיין אײן וואָרט פאַר די ליפּן ניט ברענגען. ער האָט נאָר אַרומגעכאַפּט דעם באָכער און — דער הימל איז שוין מיסטאַמע בא דער ערד, אויב מיטן פּראָפעסאָר שטוטבאַך האָט אַזוינס געקאָנט פּאַסירן — האָט זיך צעקושט מיט אים. אַלע זײַנען געבליבן געפּלעפטע. אַזאַ זאַך, עריך שטוטבאַך קושט זיך מיט אַ פּאַציענט!..

פרידע איז געשטאַנען בא דער זײַט און שווײַגנדיק נאָכגעשפּירט, ווי דער פּראָפעסאָר זעגנט זיך מיט זײַן פּאַציענט. באַלד וועט, זעט אויס, קומען איר רײ. און איר גלוסט זיך אַזוי ניט שיידן זיך מיט אים. איר האָט זיך ניט געוואָלט זעגענען מיט אים פאַר אַלעמען אין די אויגן. פּונקט הײַנט האָט זי נאָך אַזויפיל צו זאָגן מאַקסן, נאָר קיינער דאַרף עס ניט הערן, כוץ אים.

אָט האָט שוין עריך שטוטבאַך באַפרײַט מאַקסן פון זײַנע אָרעמס, אים גוטברודעריש אַ קלאַפּ געטאָן איבער דער פּלייצע. אין דער באַגלייטונג פון אַ רווישיקן אוילעם האָט מאַקס זיך געלאָזט צום אַרויסגאַנג. צוקומענדיק צו עלזעס טישל, האָט מאַקס אַ גנייווישן קוק געטאָן אָף איר, אָף אַלע אַרומיקע און מיט אַ געבראָכן קאָל זיך אָנגערופן:

— נו, שוועסטער עלזע! הייסט עס, מיר שיידן זיך מיט אײַך? איך מיין, אַז איר וועט נאָך מיר בענקען, פּונקט אַזוי, ווי איך נאָך אײַך?..

זי האָט זיך פאַרקרימט, נאָר אַלע אַרום האָבן אַזוי פריילעך געלאַכט, אַז זי האָט אויך גע־פּרוווט אויסקוועטשן פון זיך אַ גאַליק געלעכטערל.

דערזען אָף איר לאַנגן פּאָנעם מיט די אײַנגעפאַלענע געפאַרבטע באַקן אַ סימען פון אַ שמייכעלע, האָט זיך מאַקס קלוימערשט שטאַרק דערפרייט:

— סאַראַ פּראַגרעס, צום ערשטן מאָל פאַר אַ גאַנץ יאָר האָט עלזע קריק אַ שמייכל געטאָן! מע דאַרף דאָס פאַרשרײַבן אין דער געשיכטע פון דער קלינ‍יק!

עלזעס פּאָנעם איז גלײַך פאַרשטיינערט געוואָרן. זי האָט עפּעס אַ בורטשע געטאָן און זיך האַסטיק אָפּגעקערט פון דעם לעק.

מאַקס האָט צווישן אוילעם אַ זוך געטאָן מיטן בליק פרידען. דערזען זי, איז ער צוגעגאַנגען צו איר, זי אָנגענומען בא דער האַנט און צוזאַמען מיט איר זיך געלאָזט צו דער טיר.

מאַקס האָט אָף אַלץ געקוקט מיט אַזעלכע פאַרכידעשטע אויגן, ווי ער וואָלט איצט פונדאַסניי צום ערשטן מאָל דערזען די וועלט. קוידעמקאָל פרידע, פרידע אָן דעם ווײַסן כאַלאַט, אָן דעם ווײַסן היטעלע אָפן קאָפּ. אָט דאָס שלאַנק, שיין מיידל אין דעם לײַכטן קליידל, מיט דעם קאָפּ גאָלדענע האָר, אין וועלכע עס האָט זיך פאַרגאַנוועט אַ זונען־שטראַל, ציטערט דאָרט און קאָן זיך צוריק ניט אַרויסרײַסן, — ניט שוין זשע איז דאָס די זעלבע פרידע, וואָס האָט אַזויפיל געהאַט צו טאָן מיט זײַנע קרומע פיס, זיי געשניטן און געשטוקעווערט? צי ווײַזט זיך עס אים אויס, צי קוקט זי טאַקע אײַנדערעמעסן אָף אים מיט אַזויפיל ליבע און טרויער אין די אויגן? עפּשער דער־פאַר, ווײַל ער אין זײַן אַלטן רעקל, מיטן קאָלאַמייער קאַשקעט זעט אויס שטאַרק אָפּגעבליאַקע־וועט? נייך, ניט אין דעם גייט עס. איז וואָס? עט, ס'איז איצט ניט די צײַט וועגן דעם צו טראַכטן. ער גייט אָף אַ פּאָר געזונטע שלאַנקע פיס, פרידע איז מיט אים, וואָס דאַרף ער נאָך.

ער האָט זי גענומען אונטער דער האַנט און ווי אַ טײַך אַרײַן זיך אַרײַנגעוואָרפן אין די בראַויזנדיקע, טומלדיקע בערלינער גאַסן.

זיי זײַנען געגאַנגען נאָענט צוגעטוליעט איינער צום צווייטן און געשוויגן. ביידן איז געווען גוט און ביידע האָבן זיך געפילט גליקלעך, כאָטש וואָס איז אַזוי גרויס די סימכע, האָבן זיי אַליין ניט געוווּסט.

מאַקס האָט אָנגעהויבן אונטערברומען אַ באַקאַנטן ניגן און דערנאָך ווידער אַנשוויגן געוואָרן. אָבער איצט איז דאָס שוין געווען גאָר אַן אַנדער מין שווײַגן. פּלוצעם, געכאַפּט עמעצנס אַ קרומען בליק אָף זיך, האָט מאַקס אַ טראַכט געטאָן: וווהין שלעפּט ער נאָך זיך דאָס מיידל? ער אַליין ווייסט דאָך ניט, ווו ער האַלט אין דער וועלט. נו, לאָמיר זאָגן, ער גייט צו לײַנאַרדן. אָבער וואָס וועט זאָגן לײַנאַרד? פיס זײַנען בא אים, בא מאַקסן, טאַקע ווי די סטרונעס. אָבער צי וועט איצט לײַנאַרד ניט געפינען, אַז בא אים איז ניטאָ גענוג טאַלאַנט צו ווערן אַ שוישפּילער... ערשט איצט איז מאַקסן אײַנגעפאַלן, אַז לײַנאַרד האָט פּאַשעט ניט געוווּסט, ווי פּאָטער צו ווערן פון דעם אײַנגעגעסענעם באָוכער, האָט ער זיך צוגעטשעפּעט צו זײַנע פיס.

דאָס איז געווען אַזאַ שרעקלעכער געדאַנק, אַז מאַקס האָט זיך אָף אַ רעגע אָפּגעשטעלט. פאַרוואָס איז עס אים פריִער ניט געקומען אין זינען? און אַז עס וואָלט אים יאָ געקומען, איז

וואָס? ער וואָלט דען זיך אָפּגעזאָגט פון דעם איינציקן שאַנס, וואָס לייאָנאַרד האָט אים צוגעוואָרפן? ער, מאַקס, ווייסט דאָך, אַז ער האָט טאַלאַנט, און לייאָנאַרד וועט אים איצט מוזן אויסהערן, ער וויל, צי ער וויל ניט. מיט אַזעלכע זאַכן שפּאַסט מען ניט.

פרידע האָט געפילט, אַז עפּעס דריקט מאַקסן. פרעגן וואָס, האָט זי ניט געוואָלט. עס וועט קומען די צייַט, וועט ער אַליין דערציילן. האָט מען געשוויגן. דער אומרו, וואָס האָט אַרומ־געכאַפּט מאַקסן, די שרעק פאַר דער באַגעגעניש מיט לייאָנאַרדן האָט זיך איבערגעגעבן פרידען, און אינגיכן איז שוין, קוקנדיק אויף ביידן, שווער געווען צו זאָגן, ווער איז אומרויִקער — זי צי ער.

זי האָט פון אים ניט אַראָפּגענומען דעם בליק. זי האָט ערשט איצט דערזען, ווי בלאַס ער איז. מע זעט, אַז ער איז אָקאָרשט אַרויס פון אַ שפּיטאָל נאָך אַ געפערלעכער קרענק. אין קליניק האָט זי עס גאָר ניט באַמערקט. ס'האָט זי איצט געקימערט, וואָס ער איז אַזוי שלעכט אָנגעטאָן. זי האָט זיך אַ בייזער געטאָן אויף זיך אַליין, לעמיי זי האָט אים ניט געצוואונגען זיך איבערטאָן אין דעם נייַעם אָנצוג, וועלכן זי האָט פאַר אים געקויפט. נאָר איצט איז שוין אַלציינס צו שפּעט. דערצו נאָך איז ער אַזאַ גרויסער אַקשן, אַז זי וואָלט בא אים סייַווי ניט געפּועלט. ער האָט געוואָלט קומען צו לייאָנאַרדן פּונקט אַזאַ, ווי ער איז געווען דאָס ערשטע מאָל, איז זאָל זייַן אַזוי.

אָט איז שוין דער ראָג, ווו זיי דאַרפן זיך שיידן. דאָ שטעלט זיך אָפּ דער אויטאָבוס, וואָס וועט אָפּפירן מאַקסן צו לייאָנאַרדס ווילע.

מאַקס האָט זיך אָפּגעשטעלט און איר אויסגעשטרעקט די האַנט. פרידע האָט פאַרוואונדערט אויף אים אַ קוק געטאָן און נאָך אַ קורצער פּאַוזע געזאָגט:

— איך פאָר מיט דיר...

אַ גליקלעכער און עטוואָס דערשראָקענער שמייכל האָט באַשייַנט זייַן פּאָנעם.

— וואָס רעדסטו... וואָס הייסט, דו פאָרסט מיט מיר צו לייאָנאַרדן?

— איך ווייס, אַז דו וועסט זיך שעמען דערציילן אַלץ... — האָט זי אַ זאָג געטאָן. — און איך וועל זיך ניט שעמען!.. ער וועט ניט וואַגן דיר אָפּזאָגן... ער האָט קיין רעכט ניט... דו האָסט זיך אַזויפיל געמאַטערט... דו... איך וועל אים בעטן...

— וואָס? בעטן? — איז געוואָרן אויסער־זיך דער באַכער. — איך קלייַב זיך בא אים ניט בעטן...

— נאַרישער... נאָר דו ווייסט ניט, טייַערער, וויאַזוי מענטשן זייַנען געוואָרן שלעכט. אָט איז בא אונדז עלזע קריץ... דו שטעלסט זיך דען פאָר, ווי זי האָט זיך געביטן? ווי זיכער זי איז בא זיך געוואָרן?

— וואָס זשע, דו ווילסט פאַרגלייַכן אַ טייַוול אין אַ קלייד, אַ גאַרנישט, אַ קליין מענטשעלע מיט אַ פויגלשן מויעך, אַ פּאַרזעעניש, וואָס איז אין קאָס אויף דער גאַנצער וועלט, לעמיי זי איז געבאָרן געוואָרן אַ קריפּל, אַזעלכס ווילסטו פאַרגלייַכן מיט לייאָנאַרדן? זיגפריד טאָר ניט זייַן אַזאַ!..

— איך פאַרשטיי עס גוט, מאַקס, טייַערינקער מייַנער. אַ גאַנץ יאָר ביסטו געווען אָפּגעריסן פון דער וועלט און ווייסט ניט, וואָס ס'איז פאַר דעם יאָר געשען... אין לאַנד קומט פאָר עפּעס אַזוינס, וואָס לייגט זיך ניט אויפן זינען... עפּעס אַ מאַגייפע... עס טראָגן זיך אַזעלכע קלאַנגען... צו דער מאַכט רייַסן זיך אָט די, מיט די האַקנקרייצן... דאָס איז ניט צו דערקלערן. בא מיר איז זייער אַ שווערער פאַרגעפיל...

— פאַר מעשוגאָים זייַנען דאָך פאַראַן מעשוגאָים־הייַזער... וואָס פאַר אַ שייַכעס קאָן עס אַלץ האָבן צו לייאָנאַרדן?..

ער האָט דערזען זייַן אויטאָבוס, זיך אַ וואָרף געטאָן צו אים:

— אַדיע, פרידע! איך וועל דיר אָנקלינגען...

— איך וועל פאָרן מיט דיר! — האָט זי אים מיט איין שפּרונג דעריאָגט. — אויב דיר איז ניט באַקוועם, איך זאָל מיט דיר אַרייַנגיין צו לייאָנאַרדן, וועל איך וואַרטן אויפן ראָג... דו פאַר־שטייסט, איך וועל אַלציינס ניט זייַן רויִק, ביז איך וועל זיך ניט דערוויסן, וואָס ער האָט דיר גע־זאָגט... איך וועל אָנקלינגען אין קליניק, זאָגן, אַז איך פאַרהאַלט זיך...

אין אַ פאַר רעגעס אַרום האָבן זיי זיך אַרייַנגעשטויסן אין אַן איבערגעפּולטן אויטאָבוס.

מיט אַן אומרויִק קלאַפּנדיק האַרץ איז מאַקס צוגעגאַנגען צו דער באַקענטער קאַליטקע. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט, ניט וואַגנדיק אָנקלינגען. אַ גאַנץ יאָר איז ער דאָ ניט געווען. פּונקט אַזוי הויך איז דאַן געהאַנגען איבערן קאָפּ די זון. עפּשער זיצן ווידער באַם באַלעבאָס פון דער ווילע געסט, קאַלעגן און מע עסט פרישטיק, גלייַך ווי פאַר דעם יאָר האָט זיך גאַרנישט ניט געענדערט.

ער האָט אומזיכער אָנגעקלאַפּט אין דער קאַליטקע. איין מאָל... אַ צווייטן. קיינער גייט ניט

צו. ווּ זשע איז שולץ, דער שטרענגער און פריילעכער שולץ? מאַקס האָט א שטויס געטאָן די קאַליטקע. זי האָט זיך געעפנט. ער האָט זיך געלאָזט מיט דער ברייטער אַליי צו דער ווילע.

מאַקס איז א רעגע געשטאַנען באַם אַרײַנגאַנג און ניט געוואַגט עפענען די טיר. פּלוצעם האָט ער דורך אַן אָפענעם פענצטער דערהערט א באַרויגזטע שטים. ער וואָלט זי דערקענט פון טויזנטער. ליינאַרד האָט אַף עמעצן זיך געבייזערט, געשריִען, היינט ווי געשריִען, מאַמעש אַרויס פון די קיילים. ער איז, זעט אויס, הײַנט אין א שלעכטער שטימונג. איז עפשער נישטאָ וואָס צו גיין צו אים? הער נאָר, ווי ער שרײַט!

מאַקס האָט ניט געוווּסט, וואָס ער זאָל טאָן. יאָ, געוויס, ניט אין קיין גוטער שאָ איז ער אַהער געקומען! מע וועט שוין מוזן אַרײַנגיין א צווייט מאָל...

אין עטלעכע מינוט אַרום האָט די טיר אופגעפּראַלט און פון די טרעפּ זײַנען אַראָפּגעפלויגן צוויי מאַנצבילן מיט רויטע צעפּאַליעטע פּנעמער.

אין גאַסט־צימער האָט עטלעכע מינוט געהערשט א מאָדנע שטילקייט. מאַקס האָט זיך פּאַר־זיכטיק אופגעהויבן אַף די טרעפּ. אין ערשטן צימער איז קיינער ניט געווען. ער האָט אַרײַנ־געקוקט דורך דער אָפענער טיר אין עסצימער און דערזען, ווי ליינאַרד שפּאַנט אַרום אַן אופגע־בראַכטער; באַם טיש — הערן און דאַמען, דוכט זיך, די זעלבע, וועלכע ער האָט דאָ געטראָפן פאַראַיאָרן אין דער צײַט...

זיגפריד ליינאַרד האָט זיך אָפּגעשטעלט און זיך געווענדט צו זײַנע קאָלעגן:

— פאַרוואָס האָט איר אַלע געשוויגן, ווען איך האָב געזאָגט די צוויי אינטריגאַנעס און פּראָוואָקאַטאָרן, וואָס איך טראַכט וועגן זיי? איר האָט זיך דערשראָקן פאַר די פּאָר „ריינע אַריער“? ווער זײַנען זיי? טאַלאַנטלאָזיקייטן, וועלכע איך האָב ניט דורכגעטריבן פון טעאַטער צוריק מיט צען יאָר נאָר דערפאַר, ווײַל איך האָב ראַכמאָנעס געהאַט אַף זייערע פרויען און קינדער. אָבער מער וועל איך אין טעאַטער ניט דולדן אַזעלכע. דער טעאַטער איז דאָך ניט קיין שענק און ניט קיין ביר־הויז, ווּ מע קאָן שרײַען וועגן דער מיסיע פון דער נאָרדישער ראַסע, וועגן דעם, אַז די גאַנצע וועלט דאַרף שטיין אַף די קני פאַר דײַטשלאַנד. איך האָב עס זיי אָפן געזאָגט. פאַרוואָס זשע האָט איר געשוויגן? איר, באַרימטע אַקטיאָרן!.. ווער זײַט איר און ווער זײַנען זיי? וועלן מיר זיי, הייסט עס, דערלויבן טאָן זייער נידערטרעכטיקע אַרבעט און שווײַגן?

„געוויס ניט צו דער צײַט זיך אַרײַנגעשטעלט...“ — האָט ווידער א טראַכט געטאָן מאַקס און שוין געוואָלט אַרויס אַף דער גאַס, נאָר ניט פאַרזיכטיק זיך א קער געטאָן, פאַרטשעפּעט מיטן עלנבויגן א וואַזע, זי איז געפאַלן און זיך צעבראָכן.

— ווער איז דאָרט? זיי זײַנען נאָך ניט אַוועק? אַנו, קומט אַרײַן!

מאַקס איז א דערציטערטער געוואָרן, קוקנדיק אַף די שערבלעך אונטער די פיס. איצט האָט ער שוין אינגאַנצן ניט געוווּסט, וואָס ער האָט צו טאָן. ער איז געשטאַנען, ניט רירנדיק זיך פון אָרט, נאָר ווען ער האָט ווידער דערהערט זיגפרידס דראָענדיקע שטים, איז ער ניט דרייסט אַרײַנגעגאַנגען אין צימער.

זיגפריד ליינאַרד האָט אָפּגעמאָסטן פון קאָפּ ביז די פיס דעם מאָדנעם באַזוכער, א קנייטש געטאָן מיט די אַקסלען און עמעצן א זוך געטאָן מיט די אויגן:

— עפּעס א מעשוגענער טאָג הײַנט!.. ווּ איז עמיל שולץ? איך האָב דאָך באַפוילן קיינעם ניט אַרײַנלאָזן צו מיר. וואָס איז דאָס?..

ער איז צוגעגאַנגען נעענטער, זיך אײַנגעקוקט אינעם פּאַרשוין מיט זײַנע קלוגע אויגן און א זאָג געטאָן:

— נו, וואָס האָט איר געוואָלט? איך בין פאַרנומען...

— איך בין געקומען מעלדן, הער ליינאַרד, אַז בא מיר איז אַלץ אין אָרדענונג... — האָט, פאַרהיקענדיק זיך פון שרעק, זיך אָנגערופן מאַקס.

— איך בין גליקלעך, וואָס בא אײַך איז אַלץ אין אָרדענונג! — האָט א וואָרף געטאָן ליינאַרד, שפּאַנענדיק ווידער איבער דעם געראַמען צימער לענגויס דעם טיש, — און בא מיר, יונגערמאַן, איז אַלץ אין אומאָרדענונג. איך קאָן אײַך בלויז מעקאַנע זײַן, וואָס בא אײַך איז אַלץ אין אָרדענונג... א דאַנק פאַר דער מיטיילונג... אָבער איך בין איצט פאַרנומען, איר זעט אַליין. קיין פרײַע מינוט ניטאָ... ווּ איז אַהינגעקומען שולץ? איך האָב דאָך אים באַפוילן...

— אַנטשולדיקט, הער ליינאַרד... — האָט אים מיט ווירדע איבערגעשלאָגן מאַקס. — איך בין געקומען צו אײַך בעטן, איר זאָלט מיך אופמערקזאַם אויסהערן... איך האָב א גאַנץ יאָר געוואַרט אַף דער הײַנטיקער באַגעגעניש מיט אײַך, בא מיר איז הײַנט א גרויסע פרייד...

ליינאַרד, א דערשטוינטער, האָט אופמערקזאַם א קוק געטאָן אַף דעם שלעפער, וואָס דער־לויבט זיך צו ריידן מיט אַזא טאָן:

— באַ אײַך איז אַ גרויסע פֿרייד? נו, דאָס, מײַן הער, האָב איך ניט געוווּסט. וואָס זשע איז באַ אײַך געשען? אַ קינד געבאָרן געוואָרן, און איר ווילט עטלעכע מאַרק אָף אַ מאַטאָנע? נו, זאָגט גיכער, איך האָב קיין צײַט ניט!

מאַקס איז אופֿגערעגט געוואָרן:

— איך בין ניט קיין בעטלער, הער ליינאַרד, איך האָב דאָס שוין איין מאָל אײַך געזאָגט! — האָט ער אים ווידער איבערגעשלאָגן. — וואָס זשע, איר געדענקט מיך ניט? פֿאַראַיאָרן אין דער צײַט בין איך געווען באַ אײַך, און איר האָט מיר געזאָגט, אַז איך וועל קאָנען אַנקומען צו אײַך אין טעאַטער, אויב איך וועל דערלערנען די שפּראַך און דער איקער — אויסגלײַכן די פֿיס. איך האָב אויסגעפֿילט אַלץ, וואָס איר האָט מיר געהייסן...

זיגפֿריד האָט אַ קנייטש געטאָן מיט די אַקסל, ווי איינער רעדט, געקומען נאָך אַ שאַנטאַזשיסט און דרייט אים אַ מויעך:

— אַנטשולדיקט, יונגערמאַן, נאָר איך פֿאַרשטיי גאָרנישט! ווען האָב איך מיט אײַך גערעדט? ווען האָב איך אײַך געזאָגט אַזוינע נאַרישקײַטן? וואָס פֿאַר אַ פֿיס? וואָס ווילט איר פֿון מיר האָבן?..

— צי דען האָט איר פֿאַרגעסן, הער ליינאַרד, וואָס איר האָט מיר דעמלט געזאָגט? מיט אַזעלכע קרומע פֿיס קאָן מען ניט שפּילן אָטעלאָ, אוריִעל אַקאָסטאַ... דאָס זײַנען געווען אײַערע ווערטער... איר האָט געזאָגט, ווען איך האָב גלײַכע פֿיס און קען אויסגעצייכנט דײַטש, וואָלט איך געקאָנט אָנקומען אין אײַער טעאַטער... אָט די מענטשן, וואָס זיצן באַם טיש, זיי האָבן, דוכט זיך, אויך געהערט... נו, בין איך אַוועק אין אַ קליניק און זיך דערשלאָגן, מע זאָל מיר אָפּערירן די פֿיס... אַ גאַנץ יאָר בין איך דאָרט געלעגן... מע האָט מיר אויסגעגלײַכט די פֿיס... איך האָב, ליגנדיק, געלערנט, געלייענט... און איצט בין איך געקומען, איר זאָלט אויספֿילן אײַער צוזאָג, האַלטן וואָרט...

מאַקס האָט שנעל, ווי מוירע האָבנדיק, אַז מע וועט אים איבערשלאָגן, דערציילט, וואָס ער האָט פֿאַר דעם יאָר איבערגעלעבט, ווי מע האָט אים אָפּערירט, ווי ער האָט זיך שוין ניט געריכט, אַז ער וועט בלײַבן לעבן, און ווי ער האָט זיך געלערנט.

אַלע זײַנען געזעסן ווי געפּלעפֿטע און זיך אײַנגעהערט אין דעם, וואָס עס דערציילט דער באָכער מיט די ברענענדיקע אויגן.

זיגפֿריד האָט זיך אָנגעשפּאַרט מיט ביידע הענט אין טיש און ניט אַראָפּגענומען פֿונעם מאָדנעם גאַסט דעם בליק.

— אַנטשולדיקט... וואָרט נאָר אַ ווײַלע... — האָט ער אים איבערגעשלאָגן. — וואָרט... וואָרט, עפּעס הייב איך זיך אָן דערמאָנען... פֿאַראַיאָרן איז צו מיר געקומען איינער אַ מענטש און זיך רעקאָמענדירט ווי מײַנער אַ קאָרעוו... אַ בעקער פֿון קאָלאָמייע... זײַט איר דאָס געווען?..

— געוויס, איך! — האָט זיך צעשײַנט מאַקס. — און איר האָט מיר געזאָגט, ווען איך האָב אײַך געבעטן מיך נעמען אין טעאַטער, אַז ווען איך האָב גלײַכע פֿיס און קען גלאַנצנד דײַטש...

— און איר האָט דאָס אָנגענומען פֿאַר ערנסט? — האָט אים ווידער איבערגעשלאָגן ליינאַרד. — און זײַט אײַנגעגאַנגען אָף אַזאַ שרעקלעכער אָפּעראַציע?..

— געוויס!..

— מײַן גאָט! איך פֿערזענלעך האָב אײַך דעמלט אַזוינס געזאָגט? איך?..

זיגפֿריד ליינאַרד האָט אַראָפּגעלאָזט דעם שווערן קאָפּ אָף דער ברוסט, פֿאַרמאַכט מיט דער דלאָניע די אויגן און אַ לאַנגע רעגע געבליבן שטיל, ווי אין די אויגן באַ אים וואָלט זיך אָף אייביק אויסגעלאָשן די ליכטיקע שײַן. ער האָט ניט געקאָנט קוקן אָף דעם באָכער. איצט האָט ליינאַרד זיך דערמאָנט, וואָס איז געווען מיט אַ יאָר צוריק. קעדיי גיכער פּאַטער צו ווערן פֿון דעם מאָדנעם פּראָווינציאַל, איז ער אָפּגעקומען מיט אַ שפּאַס, און יענער האָט דעם שפּאַס אָנגענומען פֿאַר ערנסט! שוידערלעך!

און מאַקס, ווי ער וואָלט זיך אַרויסגעריסן פֿון טורמע, האָט ניט אופֿגעהערט צו דערציילן, וואָס ער האָט פֿאַר דעם יאָר איבערגעטראָגן.

ליינאַרד האָט זיך מאַכטלאָז אַראָפּגעלאָזט אין פֿאָטערשטול, זיך אײַנגעהערט אין מאַקס' רייד. דער פּראָפֿעסיאָנאַל, דער אַקטיאָר אין ליינאַרדן האָט אינסטינקטיוו קאָנסטאַטירט: ער רעדט אַ גלאַנצנדיקן, אַ זאַפֿטיקן דײַטש. נאָר געטראַכט האָט זיגפֿריד איצט בלויז וועגן איין זאַך — ווי זאָל ער אויסקויפֿן זײַן שולד? ער האָט זיך געסטאַרעט אויסמײַדן די בליקן פֿון זײַנע קאָלעגן — אים האָט זיך געדוכט, אַז יענע פֿאַרורטיילן אים... די לעצטע צײַט האָט זיך אים ביכלאָל געהאַלטן אין איין דוכטן, אַז אַלע קוקן אָף אים מאָדנע, לאַכן פֿון אים, מאַכן כויזעק. ערשט מיט אַ פּאָר כאַדאָשים צוריק איז פֿון אים אַוועק דאָס ווײַב, זײַן לעצטע ליבע, אַוועק אָן אַ זײַ־געזונט... מיט אַ טאַלאַנטלאָזיקײַט, אַ שטיקל מאָלער, אַ גאָרנישט, אָבער דערפֿאַר יונג און שיין... און איצט אַזאַ געשיכטע!..

לײנאַרד האָט געשוויגן, און אַלע האָבן געוואַרט, וואָס ער וועט זאָגן.

עס איז אַנשוויגן געוואָרן אויך מאַקס. די שטילקייט איז געוואָרן שווער און פּרעסנדיק. מאַקס האָט געפֿילט: מע דאַרף ניט שווײַגן, מע דאַרף עפּעס זאָגן, אַלצײנס וואָס, אַבי ריידן. האָט ער איבערגעכאַזערט דאָס, וואָס ער האָט שוין, אײגנטלעך, אײנמאָל דערציילט:

— אַנטשולדיקט, הער לײנאַרד, כוץ דעם, וואָס איר האָט געזאָגט, אַז באַ אַן אַקטיאָר דאַרפֿן זײַן גלײַכע פיס, האָט איר מיר נאָך אָנגעוויזן, אויב איר האָט ניט פֿאַרגעסן, אַז איך דאַרף גוט קענען שעקספּירן, געטען... אין קליניק, ווען איך בין געלעגן אין גיפּס, האָב איך די גאַנצע צײַט געלייענט, דעקלאַמירט, געלערנט. באַטאָג און באַנאַכט שטודירט...

— מײַן גאָט! — האָט זיך געכאַפּט באַם קאָפּ לײנאַרד. — הערט נאָר, ער האָט נאָך געפֿונען אין זיך קויכעס שטודירן!

— יאָ, און איצט בין איך אײַך דאַנקבאַר אויך פֿאַר דעם...

און, ניט דערזאָגנדיק די פֿראַזע ביזן סאָף, איז מאַקס אַרויסגעגאַנגען אַף דער מיט פֿונעם גאַסט-צימער, — אַרום איז געוועזן שטיל, מע האָט, דוכט זיך, געקאָנט הערן, ווי אַ פֿליג פֿליט דורך, — און גענומען לייענען אַטעלאָס אַ מאָנאָלאָג. זײַן קאָל האָט געקלונגען שטאַלץ, פֿעסט, מיט אַזויפֿיל אויסגעליטענער ווירדע, מיט אַזאַ טיפֿער לײַדנשאַפֿט...

...אָט איז זי, אָט די קלאָלע פֿון דער כאַסענע —
מע גיט אונדז אָפּ די מילדע, ווילע פּרויען,
נאָר זייער לײַדנשאַפֿט ווערט אונדז ניט אונטערטעניק!..

מאַקס איז אַנשוויגן געוואָרן, און לײנאַרד איז נאָך אַלץ געזעסן אין טיפֿן פֿאָטערשטול מיט צוגעמאַכטע אויגן. וואָס באַטײַט זײַן שווײַגן? עס געפֿעלט אים ניט און ער ווייסט איצט ניט, ווי איידעלער דאָס צו זאָגן?

און לײנאַרד האָט גאָר געשוויגן דערפֿאַר, ווײַל ער איז פּשוט געווען געפֿלעפֿט פֿון פֿאַרוואונדערונג און אַנציקונג. אין דער רעגע האָט ער פֿאַרגעסן, אַז אָט דעם מאָנאָלאָג האָט ער אַליין צענדליקער מאָל געלייענט פֿון דער בינע, פֿאַר טויזנטער מענטשן, וואָס זײַנען געזעסן אין זאַל, ווי ער זיצט אַצינד פֿאַר דעם באָכער. איצט האָט די ווידע פֿונעם ווענעציאַנער מאַור געהאַט פֿאַר לײנאַרדן גאָר אַן אַנדער באַדײַטונג. דאָס זײַנען געוואָרן זײַנע פּערזענלעכע ווער־טער און געדאַנקען, אַ שטיק פֿון זײַן פּערזענלעכער טראַגעדיע, פֿון זײַן לעבן...

די לעצטע ווערטער פֿונעם מאָנאָלאָג האָבן זיגפֿרידן אינגאַנצן אויפֿגערודערט, אים און אַלע, וואָס זײַנען דאָ געווען. אַ טויטע שטילקייט איז געהאַנגען אינדערלופֿטן, און דאָס האָט מאַקסן אָנגעהויבן שרעקן.

און פּלוצעם האָט זיגפֿריד ווי פֿונעם טיפֿן שלאָף זיך אויפֿגעכאַפּט און בייז אויסגעשריִען:

— פֿאַרוואָס ביסטו אַנשוויגן געוואָרן, מענטש?! לייען ווײַטער! לייען נאָך, דו הערסט?..

מאַקס האָט אָנגענומען אַ פֿולע ברוסט מיט לופֿט, און עס האָבן זיך אַ גאָס געטאָן פֿײַערדיקע, שווערע, ווי שטיינער, ביטערע ווערטער.

מאַקס האָט ניט באַוויזן ענדיקן די לעצטע פֿראַזע, ווי זיגפֿריד איז אויפֿגעשפּרונגען פֿון אָרט, צוגעלאָפֿן צום גאַסט, אים אַרומגענומען און צוגעדריקט צו זיך.

— פֿאַרגיב מיר, טײַערער פֿרײַנט... מיר האָט זיך דעמאָלט געדוכט, אַז דו ביסט אַ צופֿעל־ליקער אַרײַנגייער, איינער פֿון די, וואָס מיינען, אַז שפּילן טעאַטער איז אַ לײַכט שטיקל ברויט... איך האָב ניט געוווּסט, אַז דו ביסט אַ מענטש מיט טאַלאַנט, מיט כאַראַקטער... אַנטשולדיק... גלייב מיר, איך וועל טאָן אַלץ, דו זאָלסט אַרויסגיין אַף אַ וועג. דאָס איבעריקע וועט שוין זײַן אָפּהענגיק פֿון דיר אַליין. קיינער פֿון אונדז, וואָס זיצן דאָ, האָט ניט באַצאָלט אַזאַ טײַערע פּרײַז פֿאַר זײַן אָרט אַף דער בינע...

לײנאַרד האָט פֿאַרייכערט זײַן ציבעק, זיך טיף פֿאַרצויגן, קוקנדיק אַף דעם שײַנענדיקן באָכער:

— איך מוז דיך אָבער וואָרענען, אַז קיין סטאַטיסטן דאַרף איך ניט. איך בין זייער שטרענג, און זאָלסט דערנאָך אַף מיר ניט האָבן קיין פּאַריבל. באַ מיר אין טעאַטער וועסטו דאַרפֿן ווערן אָדער אַן עמעסער אַקטיאָר, אָדער דו וועסט אינגאַנצן קיין אַקטיאָר ניט זײַן און וועסט זיך אומקערן צו זיך אין קאָלאָמייע באַקן בייגל...

— איך בין אַף אַלץ גרייט! וואָס איר וועט זאָגן, וועל איך טאָן, אַפֿילע שטיינער טראָגן, קערן די בינע, טראָגן זעק...

זיגפֿריד האָט אַ שמייכל געטאָן:

— נו, דאָס איז איבעריק!.. קיין זעק וועט דיר ניט אויסקומען טראָגן. דו וועסט דאַרפֿן אַ סאַך לערנען, לייענען, רעפּעטירן...

ער האָט אַ זוך געטאָן מיט די אויגן עמעצן, צוגעגאַנגען צו אַ נידעריטשקן מענטשן מיט אַ הוילן קאָפּ און אַ פּאָר גרויסע ברילן:

— זאָג מיר נאָר, בערגליטער, — האָט זיך אָנגערופן ליינאַרד, — עפּעס הער איך הײַנט ניט דײַן שטים... האָסט כאַטש געהערט, ווי אונדזער גאַסט האָט געלייענט? סאַראַ שפּראַך, סאַראַ דיקציע! דו שטעלסט זיך פאָר, ווי ער וועט שפּילן אין טעאַטער, אויף דער בינע, ווען מיר וועלן אים אויסלערנען, ווען מיר וועלן מיט אים אַזאַ אַרבעט טאָן, אַז צען שווייסן זאָלן פון אים אַראָפּ...

דאָס געקנייטשטע פּאָנעם פונעם געהילף־רעזשיסער בערגלייטער האָט זיך פּלוצעם שטאַרק פאַרקרימט. ער האָט אַראָפּגענומען די ברילן, אויסגעווישט מיט אַ טיכל די גלעזלעך, עפּעס אַראָפּגעשלונגען און אַ זאָג געטאָן:

— מיר דוכט זיך, אַז דו שאַצסט איבער זײַנע מעגלעכקייטן, זיגפריד...

— וואָס? איך שאַץ איבער? — האָט אים איבערגעשלאָגן זיגפריד. — דו זעסט דען ניט, אַז מיר האָבן צו טאָן מיט אַ טאַלאַנטפולן מענטשן?

בערגלייטער האָט גענומען פון דער וואַזע אַ גרויסן עפּל, אָפּגעביסן אַ שטיק און, ווי ער וואָלט זיך וווּנדערן, וואָס איז אַזוי גרויס דער טומל, געענטפערט:

— יאָ, אַנטשולדיק מיר, זיגפריד, נאָר מיר דוכט זיך, אַז דו האָסט אַ טאָעס און דו דאַרפסט ניט אַראָפּפירן אַ מענטשן פון גלײַכן וועג...

— וואָס רעדסטו, בערגלייטער?

יענער האָט אַ קנייטש געטאָן מיט די שמאָלע אַקסלען.

— איך ווייס ניט, נאָר מיר דוכט זיך, אַז פון אַ בעקער מאַכן אַן אַקטיאָר און דערצו אַ גוטן אַקטיאָר — דאָס איז אַן אוטאָפּיע. כוץ דעם, איז בײַ אונדז פאַראַן איבערגעגנוג אַקטיאָרן...

ליינאַרד איז רויט געוואָרן. די אויגן האָבן זיך בײַ אים אָנגעצונדן:

— איך פאַרשטיי דיך ניט... דיך פרייט ניט אָט דער מענטש? עפּשער נעמט זיך דאָס דערפון, וואָס דו ווייטעקסט פאַר דײַנע שכיינים קורץ און שמערלינג, וואָס איך האָב דורכגעטריבן? קאָנסטו גיין מיט זיי צוזאַמען און שאַפן דײַן אייגענעם טעאַטער און יענע נישטן פאַרלייגן די הויפּט־ראָלן... וואָס איז שײַך מיר, מעלדע איך דיר, אַז מיט זיי וועל איך זיך מער ניט מאַטערן... אַזעלכע פאַרשוינען וועל איך ניט דולדן בײַ זיך אין טעאַטער!..

זיגפריד האָט אַן אויפגערעגטער, מיט גרויסע שריט אַרומגעשפּאַנט איבער דעם גרויסן צימער. דערנאָך האָט ער אַ וואָרף געטאָן בערגלייטערן:

— שליס אײַן מאַקס קרייסלערן אין אונדזער טעאַטער־סטודיע. כוץ דעם, וועל איך פּערזענלעך נאָך מיט אים לערנען... פאַרשטאַנען?

— איך פאַרשטיי, — האָט יענער געזאָגט, — נאָר צוליב וואָס אַזאַ אײַלעניש? דײַן מאַקס וועט קומען אין האַרבסט פּרווון אָפּגעבן דעם עקזאַמען. אויב ער וועט אויסהאַלטן, וועלן מיר זען... און וואָס איז שײַך מײַנע שכיינים קורץ און שמערלינג, האָב איך אויף זיי פּאַשעט ראַכמאָנעס... פאַמיליען־מענטשן, מיט ווײַבער און קינדער... אַזויפיל יאָרן דרייען זיי זיך אַרום אין טעאַטער...

— אָט דאָס זײַנען די ערשטע גלײַכע ווערטער, וואָס איך הער הײַנט פון דיר, בערגלייטער, „זיי דרייען זיך אַרום אין טעאַטער"... — האָט זיך דערפרייט זיגפריד, און דער קאַס איז אַ ביסל אַראָפּ פון זײַן פּאָנעם, — איך האָב אַרויסגעטריבן פון טעאַטער ניט קיין אַקטיאָרן, נאָר אינטריגאַנטעס. איך מיין, אַז זיי וועלן אַרויסווײַזן מער טאַלאַנט אין דער געהיימער פּאָליציי, און מיר דאַרפן האָבן יונגע טאַלאַנטן און ניט קיין מעסירע־שרײַבער. אין אָט דעם מענטשן מיט זײַן אַקשאָנעס, מיט זײַן טאַלאַנט און איבערגעגעבנקייט דער קונסט גלייב איך. ער וועט שפּילן אויף דער בינע! ער וועט, גלייב איך, און עפּשער אינגיכן, גלענצנדיק שפּילן אָטעלאָ...

בערגלייטער האָט זיך פאַנאַנדערגעלאַכט, שיר ניט דערוואָרגן געוואָרן מיטן ביסן.

— נו, זיגפריד, האָסט איבערגעכאַפּט די מאָס! איך קען דיך שוין אַ שאָק מיט יאָרן און געדענק ניט, דו זאָלסט ווערן אַזוי באַגײַסטערט פון אַ צופעליקן אַרײַנגייער... אָטעלאָ, זאָגסטו, וועט ער שפּילן בײַ אונדז? איך שטעל זיך פאָר, וואָס פאַר אַ פּאָנעם דאָס וואָלט געהאַט, וואָס פאַר אַ סענסאַציע דאָס וואָלט אַרויסגערופן בײַם צושויער, אין דער פּרעסע... איך האָב צו דײַן גאַסט פּערזענלעך גאָרנישט, אויב ניט רעכענען דאָס, וואָס ער נעמט בײַ אונדז הײַנט אָפּ אַזויפיל טײַערע צײַט, נאָר, אום גאָטעס ווילן, זיגפריד, טײַערער! איך אַרבעט שוין אין טעאַטער העכער צוואַנציק יאָר, געענדיקט די קאָנסערוואַטאָריע, פאַרלאָרן די לעצטע האָר פון קאָפּ, נאָר דו האָסט מיר נאָך קיינמאָל ניט פאַרגעלייגט די ראָל פון אָטעלאָ... און דאָ איז אַרײַנגעקומען אַ צופעליקער מענטש...

— שווײַג, בערגלייטער! ווי עפּנט זיך בײַ דיר דאָס מויל זאָגן, אַז ער איז אַ צופעליקער מענטש בײַ אונדז? אויב שוין ריידן וועגן צופעליקע, איז עפּשער געהערסטו גיכער צו אָט דער

קאַטעגאָריע, בערגלייטער, כאָטש דו האָסט דאָ פאַרלוירן דײַנע האָר... וואָס זשע, דאָס איז פאַר דיר א סאַד, אז איינער קאָן פאַטערן פופציק, זעכציק יאָר אין טעאַטער און גאָרנישט זאָל פון אים ניט ווערן, אבסאָליוט גאָרנישט, און אַן אנדערער קאָן אין איין יאָר ווערן א ליכטיקער שטערן...

— איך האָב דיך ניט באַליידיקט, זיגפריד... פאַרוואָס דאַרפסטו מיך באַליידיקן אין דער אָנוועזנהײַט פון א זײַטיקן מענטשן?..

— ער איז פון הײַנט אָן בא אונדז ניט קיין זײַטיקער... און איך האָב דיך ניט באַליידיקט, נאָר געזאָגט דאָס, וואָס איך טראַכט!.. איך זע, אז פון דיר רעדט אַרויס די קינאָה, דער קאַס אויף אים. עפשער גאָר דערפאַר, וואָס ער איז ניט קיין ריין־ראַסיקער אַריער? ביסט עפשער אַן אָנ־הענגער פון דער טעאָריע פון די באַרימטע קאָפּ־מעגטשן און דענקער קורץ און שמערלינג? ביסט עפשער אויך אָנגעשטעקט מיט זייערע גרויסע אידייען? זאָג, שעם זיך ניט!

בערגלייטערס אָפּגעצויגן פאַרמעט־פּאָנים איז געוואָרן נאָך בלאַסער, ער איז צוגעגאַנגען נעענטער צו ליינאַרדן און, כניפעדיק שמייכלענדיק, געזאָגט:

— דאָס איז דײַן טעאַטער, זיגפריד, און איך בין דײַן קנעכט... א געהילף... אויב דו זאָגסט אַזוי, זאָל זײַן אַזוי... צוליב וואָס דאַרפן מיר זיך קריגן? ס'איז פּאַשעט געקומען צו רייד, האָב איך דיר געזאָגט... נאָר אויב עס געפעלט דיר ניט, נעם איך גלײַך מײַנע ווערטער צוריק... און אויב איך האָב פאַרטיידיקט קורצן און שמערלינגן, איז דאָס בלויז אויס ראַכמאָנעס... דאָס זײַנען קליינע מענטשעלעך, דאָס איז עמעס, נאָר דער טײַוול ווייסט זיי, מיר דוכט, אז מיט אַזעלכע איז עפשער ניט קעדײַ זיך קריגן... זיי זײַנען פאַרבונדן מיט יענע, מיט די נאַציאָנאַל־סאָציאַ־ליסטן... ווער ווייסט, וואָס עס קאָן נאָך זײַן...

— דערווײַל איז נאָך דײַטשלאַנד ניט קיין לאַנד פון מאַניאַקעס און טויגעניכטצן. געהערט א געשיכטע, מע האָט זיך אויסגעזוכט א נײַעם גאָט, דעם שיזאָפרעניק, היטלערן, אַזאַ טאַלאַנט־לאָזיקײַט, און מע טאַנצט אַרום אים. איך בין צופעליק אַרײַן אין א ביר־הויז, ווען איך בין געווען אין מינכען, דער נײַער מאָשיעך פון די ראַסיסטן האָט דאָרט געהאַלטן א רעדע. עס איז געווען א כאַרפּע צו הערן. אַזוינס איז דערלאָזבאַר נאָר אין א מעשוגאָים־הויז. אַן עמעסער אידיאָט! פון זײַן מויל האָבן זיך געשאָטן ניט קיין ווערטער, נאָר עס האָט געשפּריצט מיט קויט, שמוץ, ווילדקײַט. און אָט דעם שיינעם פילאָסאָף האַלטן אונטער דײַנע פרײַנט קורץ און שמערלינג? א שאַנדע! אַיין זאַך קאָן איך זיך ניט מויכל זײַן, וואָס איך האָב זיי שוין לאַנג ניט דורכגעטריבן...

דערזען מאַקס' מיט שרעק און צעטומלטקײַט אָנגעגאָסענע אויגן, האָט זיך ליינאַרד צעלאַכט און געגומען אים באַרויקן:

— וואָס איז, האָסט נאָך ניט געהערט, ווי אַקטיאָרן קריגן זיך? דאָס איז נאָך גאָרנישט. און דיר האָט זיך געדוכט, אז דאָ איז רויק, שאַ, שטיל? און אַף בערגלייטערן זאָלסטו זיך ניט באַליי־דיקן. הײַנט איז ער עפּעס שלעכט געשטימט. פון מאָרגן אָן ביסטו שוין א שילער פון אונדזער טעאַטער־סטודיע. כוץ דעם, ביסטו מײַן שילער. אַלע טאָג צו עטלעכע שאָ וועל איך מיט דיר לערנען. אויב איך וועל זײַן פאַרנומען, אַלציינס, — קום און שלעפּ מיך פאַרן אַרבל. דו טאָרסט קיין איבעריקע מינוט ניט פאַטערן. נאָר דו זאָלסט זיך ניט פוילן. וועסט קיין פרײַע צײַט אַף שפּאַצירן בא מיר ניט האָבן...

— א דאַנק, הער ליינאַרד!..

— נאָך פרי צו דאַנקען... — האָט איבערגעשלאָגן ליינאַרד, — הײַנט קאָנסטו גיין, און אין א פּאָר טעג אַרום וועט בערגלייטער דיר אָנקלינגען און מעלדן, ווען דו דאַרפסט קומען אין סטודיע... לאָז אים איבער דעם נומער פון דײַן היימישן טעלעפאָן...

א פאַרלוירן שמייכעלע האָט זיך באַוויזן אַף מאַקס' פּאָנעם:

— צום באַדויערן, עקזיסטירט ניט אַזאַ טעלעפאָן.

— אַך, אַזוי? אָן א טעלעפאָן איז אין בערלין זייער ניט באַקוועם. א שאָד... א שאָד... — האָט א זאָג געטאָן ליינאַרד. — נאָר נישקאָשע, דאָס איז א קליינער אומגליק. לאָז איבער דײַן אַדרעס, וועט ער דיר אָנשרײַבן א קאַרטל.

מאַקס האָט אַראָפּגעלאָזט הילפלאָז דעם קאָפּ און א זאָג געטאָן:

— איך האָב ניט קיין אַדרעס... ביז איצט בין איך געלעגן באַם פּראָפעסאָר עריך שטוט־באַכן אין קליניק... און איצט ווייס איך נאָך ניט, איצט איז דאָך זומער, וואַרעם א מעכײַע. אין יעדן פּאַרק, אַף יעדן בולוואַר אַף א באַנק איז איצט פאַר מיר דער בעסטער געלעגער... איך בין שוין צוגעוווינט צו אַזא לעבן... די גאַנצע צײַט, ביז איך בין אָנגעקומען אין קליניק, בין איך גע־ווען אַן אַרבעטלאָזער... מיר איז אויסגעקומען נעכטיקן אַף די וואָקזאַלן און ווו איר ווילט...

זיגפריד ליינאַרד האָט זיך אָנגעכמורעט, קוקנדיק אַפן באָכער, וואָס רעדט וועגן אַזעלכע זאַכן ווי וועגן עפּעס געוויינלעכס.

— אזוי גאָר? דאָס איז אינגאַנצן אַ נײַער אַטעלאַ! נו, נעכטיקסטו, הייסט עס, אַף די בענק אין די פּאַרקן און ווילסט שפּילן אַף דער בינע? גרויסאַרטיק!.. אינטערעסאַנט! ווונדערלעך! אַ פּריילעך לעבן באַ דיר! וואָס זשע, ביסט אינגאַנצן איינזאַם? אין שטאָט האָסטו קיינעם ניט?

מאַקס האָט אַ רעגע געטראַכט, זיך דערמאָנט אין פרידען, אין עריך שטוטבאַכן, נאָר אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ:

— גוטע באַקאַנטע... גוטע מענטשן... נאָר וויפל קאָן איך זיי דולן אַ קאָפּ? דאָ בין איך איינזאַם...

— איך בין אויך איינזאַם... — האָט טרויעריק געזאָגט ליינאַרד, — ווּעסט דערוויַיל ווינען באַ מיר... זעסט, ווי גערעאַם עס איז איצט דאָ? און איך בין דאָ איינער, אָן אַ ווײַב, אָן קינד־און־רינד... מיט שולצן... דאָס איז מײַן איינציקער באַזאָרגער. וועסטו בלײַבן מיט אונדז...

און, גענומען דעם פאַרלוירענעם באַכער באַ דער האַנט, האָט ער אים אַרופגעפירט איבער די הילצערנע טרעפּ, באַוויזן אַ צימער, פול אָנגעשטעלט מיט ביכער־פּאָליצעס, און עפן געטאָן די גלעזערנע טיר פון באַלקאָן, וואָס איז אַרויסגעגאַנגען אין סאַד, און געזאָגט:

— נו, אויב דיר איז דאָס צימער געפעלן, קאָנסטו זיך דאָ אײַנאָרדענען. דו האָסט, דוכט זיך, ליב ביכער?.. אַלץ, וואָס דו זעסט, איז אין דײַן רעשוס. ביטע...

— וואָס רעדט איר! וואָס דאַרף איך דאָס האָבן? — האָט אויסגעשריִען מאַקס. — טאָמער איז באַ אײַך פאַראַן עפּעס אַ קעמערל. אַבי איבערשלאָפן די נאַכט... איך בין ניט געוווינט צו אַזוינע אַפּאַרטאַמענטן...

— טאָ געוווין זיך צו צוביסלעך... — האָט זיגפריד ביטער אַ שמייכל געטאָן. — דו שטעלסט זיך פאָר — אַטעלאָ, אוריִעל אַקאָסטאַ, שײַלאָק וועט שלאָפן אין פּאַרק אַף אַ באַנק אָדער ערגעץ אין אַ קעמערל!.. אָט דאָ וועסטו ווינען. ס'געפעלט דיר?

— געוויס! — האָט אינגאַנצן אַ מעוווּלוועלער אויסגערופן מאַקס. — נאָר ווו וועל איך נעמען אַף דירע־געלט... אַזוינס קאָן דאָך געוויס קאָסטן טײַער?! ערגעץ אין דער פאָרשטאָט, זאָגט מען, קאָן מען דינגען אַ צימער וואָלוול... ווי וועל איך זיך צערעכענען?..

— עס מאַכט ניט אויס!.. שלאָף רויִק... אויב דו וועסט ניט אָפּנאַרן מײַנע האָפענונגען און דו וועסט ווערן אַן אַקטיאָר, וועסטו קאָנען זאָגן, אַז דו האָסט זיך מיט מיר צערעכנט. רו זיך אויס. מאָרגן וועלן מיר צוטרעטן צו די לימודים. מיטיק עסן מיר פּונקט זעקס. אָוונטברויט — עלף. איך וועל בעטן צו דער צײַט זײַן אין דער היים. איך האָב ליב פּינקטלעכקײַט. מיט עמיל שולצן זאָלסטו לעבן אין פרײַנטשאַפט. ער איז אַ גוטער. קוק ניט אַף דעם, וואָס ער איז אַמאָל בייז. איר זאָלט זיך ניט קריגן... — און זיגפריד ליינאַרד האָט זיך שנעל אַראָפּגעלאָזט צו די געסט.

מאַקס איז געשטאַנען אינמיטן גערעאַמען צימער אַ פאַרלוירענער און אַ שײַנענדיקער גליַיכצײַטיק, אַרומקוקנדיק זיך אין אַלע זײַטן. אים האָט זיך געדוכט, אַז דאָס אַלץ קומט פאָר אין כאָלעם.

„דער רוען זאָל דיך ניט נעמען, מאַמזער, ווּהין האָט עס דיך פאַרטראָגן דער ניטגוטער? ווען עס זעט דיך דאָ שימשן־האַגיבער, עסטערקע שאַפּיראָ! אָסקאַר וואָלט געפּלאַצט פאַר קינאָ! ווען עס דערזעען דיך אין דער ווילע, צווישן אַזעלכע מענטשן, דער פעטער זכאַריע, דער טאַטע, יאָסיע דער ניכטערער, און די מאַמע, וואָלטן זיי געכאַלעשט!"

אַז די פאַרטשאַדעטקײַט איז אַ ביסל אַריבער, האָט זיך מאַקס געכאַפּט פאַרן קאָפּ: אָפן ראָג וואַרט אַף אים פרידע! זי קער זיך געוויס באַאומרויִקן. מע דאַרף לויפן דערציילן וועגן זײַן גליק. נאָר צי איז באַקוועם גלײַך אַוועקגיין פונדאַנען? געוויס באַקוועם! ווי זשע דען, פרידע וואַרט דאָרט אַף אים!

מאַקס האָט זי דערזען פונדערווײַטנס. זי איז געשטאַנען אַף דעם זעלבן אָרט, ווו זיי האָבן זיך צעשיידט. אַ לײַכט ווינטל האָט געפּאַטלט אירע האָר, זיך געפּלאָנטערט אין די פאַלדן פון איר קלייד. זי איז געשטאַנען אַ ליכטיקע, אַ ווונדערלעך ריינע און שיינע. און אַזאַ זאָרג איז געווען אין אירע אויגן, אַז מאַקס האָט זיך אפילע דערשראָקן: אַזויפיל גליק מיטאַמאָל. ווי קומט עס גאָר צו אים, דעם שלימאַזלדיקן בעקער־יונג פון קאָלאָמייע!..

## די שפּיל הייבט זיך אָן

עס זײַנען אַוועק כאָדאָשים פון אָנגעשטרענגטער האָרעוואַניע. ליינאַרד האָט אַלע טאָג געאַרבעט מיט זײַן שילער, צו וועלכן ער האָט זיך אַלץ מער און מער צוגעבונדן. אים האָבן שוין מער ניט געכידעשט מאַקס' מאָדנע געוווינהײַטן: שלאָפן אָפן באַלקאָן אַף דער הילצער באַנק, טראָגן דאָס אַלטע רעקל זײַנס און די צעריסענע שיך און ניט דעם נײַעם אָנצוג, וואָס ליינאַרד האָט אים צוגעקליבן.

ליינאַרד האָט געוואָלט, אַלע סאָנים אַף צעפּיקעניש, וואָס גיכער צוגרייטן דעם שילער זײַנעם און אַרויסלאָזן אים אַף דער בינע. אים האָט זיך געוואָלט דערווײַזן אַלעמען, אַף וואָס איז פֿייִק אַן עכטער טאַלאַנט, אַ פּאַשעטער פּאַלקסמענטש, וואָס האָט פּאַרזוכט אין לעבן קאַלטס און וואַרעמס.

נאָר ניט אַזוי גיך טוט זיך, ווי עס רעדט זיך.

העכער אַ יאָר איז אַוועק, ביז זיגפּריד האָט באַשטימט, אַז מע קאָן אים אַרויסלאָזן אַף דער בינע. מע וואָלט מאַקסן, פּאַרשטייט זיך, געקאָנט געבן אַ קלײנע ראָל צום ערשטן מאָל — אַן עכטן טאַלאַנט באַמערקט מען פֿון די ערשטע טריט, נאָר ליינאַרד האָט באַשטימט אַפּצולאָכעס אַלע פֿײַנשמעקער פּאַרטרויען מאַקסן פֿאַר זײַן דעביוט די ראָל פֿונעם ווענעציאַנער מאַוור, פֿון אָטעלאָ. אין ערגסטן פֿאַל וועט ער, זיגפּריד אַליין, אויספּילן די ראָל, און דער שילער זײַנער וועט פֿון אָנהייב בלויז דובלירן.

פּאַרוואָס האָט ער אויסגעקליבן גראָד „אָטעלאָ״? דאָס איז ליינאַרדן אַליין ניט אינגאַנצן קלאָר געווען. מאַקס, אַ יונגער מענטש, וואָס פּאַרשטייט ער אין אָטעלאָס ליידן? פּאַרוואָס זשע פֿונדעסטוועגן? עפּשער ווײַל די דאָזיקע טראַגעדיע שעקספּירס האָט איצט באַזונדערס אָנט־שפּראָכן ליינאַרדס געמיט, און עפּשער דערפֿאַר, ווײַל מאַקס האָט דעמלט, יענעם טאָג, ווען ער איז געקומען נאָך דער אָפּעראַציע צו ליינאַרדן, געלייענט גראָד דעם מאַוורס טראַגישע ווידע? מעגלעך... ווי די זאַך זאָל ניט זײַן, נאָר זיגפּריד איז געווען איבערצײַגט אין דעם, אַז די ראָל איז ווי אָנגעמאָסטן פֿאַר זײַן שילער, כאָטש זײַנע קאָלעגן האַלטן, אַז דאָס איז געפֿערלעך פֿאַרן טעאַטער און פֿאַר מאַקסן.

אין יענע טעג, ווען די פּרוי איז פֿון אים אַוועק, האָט זיגפּרידן אַרומגעכאַפּט אַזאַ גלײַכגילט און אַפּאַטיע, אַז עס האָט זיך געדוכט, ער וועט אַזוי גיך ניט קומען צו־זיך. איצט האָבן זיך אַלע געוווּנדערט: די באַגעגעניש מיט אָט דעם פּראָווינציעלן באָכער האָט ליינאַרדן ווי אויפֿגעוועקט פֿון אַ שווערן שלאָף. עס האָט זיך אין אים ווידער דערוואַכט אַן עכטער אינטערעס צו דער אַרבעט, צום טעאַטער. ווי שנעל עס האָט זיך באַפֿרײַנדעט אָט דער שטרענגער, אַ ביסל קאַפּריזער, אָפּטלעך גראָבלעכער קינסטלער מיטן יונגן בעקער פֿון קאָלאָמייע! מאַקס איז פֿאַר אים געוואָרן ניט נאָר אַ פֿייִקער שילער, אַ מענטש מיט אַ גרויסער צוקונפֿט, נאָר אַ האַרציקער, קלוגער כאַווער. אָן מאַקסן וואָס וואָלט ער איצט געטאָן אין דער גרעאַמער ווילע, וווּ עס איז נאָך ערשט ניט לאַנג געווען אַזוי אומגעהייער פּוסט.

יאָ, געוויס, זיגפּריד ליינאַרד איז געווען טויזנט מאָל גערעכט, ווען ער האָט אַמאָל געוואָרנט זײַן שילער, אַז דאָ, אין טעאַטער, איז ווײַט ניט קיין גאַניידן.

אָפּט פֿלעגט זיך מאַקסן דוכטן, אַז דער גאַנצער קנויל רעכילעס, קריגערײַ, קינע, ניט פֿאַר־גינען יענעם דאָס לעבן, אינטריגעס און אַנדערע פֿײַנע זאַכן, וואָס האָבן זיך אָנגעזאַמלט אַף דער זינדיקער ערד, האָט זיך אַרײַנגעקײַקלט אַהער, אין טעאַטער, ניט פֿאַרהאַלטנדיק זיך ערגעץ אַנדערש.

אַ סאַך גרינגער און רויִקער איז, פּאַרשטייט זיך, געווען שטיין נעכט נאָכאַנאַנד באַ די הייסע אויוונס אין פֿאַני זשיכלינסקאַס בעקערײַ און אַרויסכאַפּן די בעקנס מיט די בולקעלעך און בייגל, אויסלאָדן אַף די וואָקזאַלן וואַגאָנעס מיט געהילץ, זעק און פּעק, איידער זיך גרייטן צו דער גע־נעראַלער רעפּעטיציע.

אים איז שווער געווען ניט אַזוי די אָנגעשטרענגטקײַט, די שלאָפֿלאָזע נעכט, די אַרבעט, ווי דאָס, וואָס עס האָט זיך געטאָן אַרום אים, ווען די אָפּענע און געהיימע סאָנים האָבן זיך דער־וווּסט, אַז זיגפּריד מיינט אַפּנעמעסן אַרויסלאָזן אַף דער בינע זײַן שילער אין דער ראָל פֿון אָטעלאָ.

מאַקסן איז שווער געווען צו שווײַגן, הערנדיק די פֿלאַכע וויצן, די אַנעקדאָטלעך, וואָס די ניטפּאַרגינער טראַכטן צו וועגן אים און זײַן לערער. אָפּט האָט זיך מאַקסן זייער געוואָלט דער־מאָנען זיך אין זײַן קינדהײַט און אין די יונגע יאָרן, ווען ער פֿלעגט ניט לאַנג טראַכטנדיק דער־לאַנגען אין די ציין יענע, וואָס פֿלעגן זיך דערוועגן זאָגן אים אַ שלעכט וואָרט. נאָר... נאָר ער איז דאָך שוין געווען קימאַט אַן אַקטיאָר פֿון זיגפּריד ליינאַרדס טעאַטער, און ניט קיין בע־קער־יונג...

די גענעראַלע רעפּעטיציע איז געמאָלדן געוואָרן אַף באַנאַכט, נאָך אַ ספּעקטאַקל.

אין טעאַטער איז מאַקס געקומען פֿרי. עס איז געגאַנגען דער לעצטער אַקט, און ליינאַרד איז נאָך געווען אַף דער בינע. מאַקס איז אַרומגעגאַנגען הין און צוריק, דערנאָך האָט ער זיך פּאַרקליבן אַף דער גאַליאַרקע און נאָכגעשפּירט, ווי זיגפּריד שפּילט. קוקנדיק אַף זײַן לערער, האָט זיך מאַקס געפֿילט קליין, נעבעכדיק, נישטיק. יאָ, שווער אַרויסגיין אַף דער בינע און געפֿעלן

ווערן דעם אוילעם, אויסנעמען בא אים נאָך לײנאַרדן. ווען ער, מאַקס, האָט כאַטש א צענט־כיילעק טאַלאַנט פון זײַן לערער, וואָלט ער זיך געפילט גליקלעך! ווי פרײַ און ניט געצוווּנגען פילט זיך יענער אַף דער בינע! און אים, מאַקסן, בלויז פונעם געדאַנק אַליין, אַז ער וועט שפּילן אַטעלאָ פאַר אַזא זאַל מיט מענטשן, וואַרפט אין קעלט און אין היץ.

אָבער די צײַט גייט, און דו ווייסט זי ניט אָפּשטעלן. אָט באַלד וועט זיך ענדיקן דער ספּעקטאַקל. דער פאָרהאַנג וועט זיך אַראָפּלאָזן, און א מידער, נאָר א צופרידענער און א גליקלעכער, וועט לײנאַרד אוועקגיין הינטער די קוליסן. און ער, מאַקס, דאַרף זיך שוין גיין גרימירן.

מאַקס קרייסלער איז אַרײַן צו זיך אין צימער, ווו מע האָט שוין אַף אים געוואַרט אַף צו פאַרגרימירן אים און אָנטאָן.

ער איז געזעסן א שווײַגנדיקער און געקוקט אין שפּיגל, ווי עס ענדערט זיך זײַן פּאָנעם, זײַן גאַנצער אויסזען.

די טיר האָט זיך געעפנט, און עס איז אַרײַנגעקומען זיגפריד לײנאַרד. ער האָט געהאַלטן אין זײַנע גרויסע, אָדערדיקע הענט א גלאָז שוואַרצע קאַווע, פּאַמעלעך געזופּט, געשמייכלט צו זײַן שילער, אים אויסגעפרעגט, ווו ער איז געווען, צי האָט ער זיך אויסגערוט, וואָס הערט זיך אין שטוב.

זיגפריד האָט זיך געסטאַרעט זײַן פריילעך, זיך געוויצלט מיט מאַקסן, מיטן גרימירער, ווי עס וואָלט גאָרנישט ניט געדאַרפט געשען, ווי אַלץ, וואָס דאָ קומט פאָר, וואָלט געווען א געוויינלעכע זאַך. נאָר מאַקס האָט אים שוין צו גוט געקענט, ער זאָל ניט פאַרשטיין, ווי אומרויִק עס איז זײַן לערער און וויפל מי עס קאָסט אים באַהאַלטן דאָס.

און אָט איז מאַקס שוין גרייט. ער איז אַרויסגעגאַנגען פון זײַן צימער, זיך פאַרקליבן אין א ווײַט, טונקל ווינקל הינטער די קוליסן און, שפּעטשענדיק, גענומען איבערכאַזערן די מאָנאָלאָגן. שלעכט איז נאָר איינס — אים וועט הײַנט אויסקומען שפּילן פאַר א פּוסטן זאַל. זיגפריד לײנאַרד האָט פאַראָרדנט קיין זײַטיקע ניט אַרײַנלאָזן אַף דער רעפּעטיציע, פאַרהאַקן טיר־און־טויער. קיין אוילעם וועט ניט זײַן. מאַקסן וועלן הערן בלויז אַקטיאָרן. א סאַך וועלן אים מיטפילן, נאַכשפּירנדיק נאָך זײַן שפּילן, אַנדערע וועלן מיט אומגעדולד וואַרטן אַף זײַן דורכפאַל, זיך פרייען, ווען ס'וועט זיך עפּעס ניט באַקומען בא אים. איייניקע וועלן אים ווערן דאַם־סאָנים, אויב ער וועט גוט אויסשפּילן די ראָל, און אַנדערע, פאַרקערט, וועלן אים פאַלש מיטפילן, אויב עס וועט גיין ניט אַזוי, ווי מע דאַרף.

דאָס בעסטע וואָלט געווען, — האָט געטראַכט מאַקס, — שפּילן פאַר אַן אוילעם, דעמלט וואָלט ער געוווּסט, צי עס באַקומט זיך עפּעס בא אים, צי ניט. דער אוילעם וואָלט ניט געפעלשט. ער וואָלט אופריכטיק אויסגעדריקט זײַנע געפילן, אָפּגעשאַצט דעם אַקטיאָרס אַרבעט.

אַף דער בינע האָבן די אַרבעטער פאַרענדיקט שטעלן די נײַע דעקאָראַציעס. דער געהילף־רעזשיסער בערגליייטער האָט זיך אַרומגעטראָגן איבער דער בינע א פאַרהאַוועטער, געגעבן די לעצטע אָנווײַזונגען, אַלץ געטאָן שנעל, קעדיי באַווײַזן זיגפרידן, ווי־אַזוי ער איז אים איבערגעגעבן... נאָר ווי ער איז ניט געווען פאַרהאַוועט, האָט ער דאָך ניט אויפגעהערט עפּעס צו קײַען, גוואַדזיענדיק מיט די נאַסע ליפּן.

אינעם גרויסן קימאַט פּוסטן זאַל האָבן געפינקלט רויטע פײַערלעך. אינמיטן זאַל איז בא א קליין טישל, אַף וועלכן עס איז געשטאַנען א לאָמפּ אונטער א גרינעם אַבאַזשור, געזעסן זיגפריד לײנאַרד. דאָס פּאָנעם איז געווען מיד, צעקנייטשט. אַלעמאָל איז צו אים מיט אַן אונטערטאַנצנדיק גענגעלע, וואָס האָט בא די אַקטיאָרן אַרויסגערופן געלעכטער, צוגעלאָפן בערגליייטער, אויסגעהערט זײַנע באַמערקונגען און גלײַך אויסגערונען.

מאַקס האָט עטוואָס צערוקט דעם שווערן פאָרהאַנג, סטאַרענדיק זיך דערזען דעם לערער זײַנעם. מאָדנע, פאַר דער צײַט, וואָס ער איז מיט לײנאַרדן, האָט ער זיך צוגעוווינט צו אים, גלענצנדיק דערלערנט אַלע זײַנע מידעס און פּאַסטעמקעס, זײַן כאַראַקטער, און פּלוצעם גאָר אומגעריכט האָט ער זיך דערשראָקן פאַר אים!

...דער פאָרהאַנג האָט זיך פּאַמעלעך אופגעהויבן, און פונעם פּוסטן זאַל האָט אַף מאַקסן א ווייע געטאָן מיט קעלט. מאַקס איז געשטאַנען הינטער די קוליסן און געשפּירט נאָך דער שפּיל פון די אַקטיאָרן, זיך אײַנגעהערט אין זייערע רעפּליקעס און מאָנאָלאָגן. ער איז זיי געווען מעקאַנע. זיי זײַנען שוין אַריבערגעטראָטן די שוועל, וואָס הייסט שרעק. אים שטייט עס נאָך פאָר.

אַלץ איז געגאַנגען גוט. נאָר אָט האָט זיך צעקלונגען זיגפרידס גלעקעלע.

ער צווינגט עמעצן איבערכאַזערן דעם מאָנאָלאָג, ניט שלינגען קיין ווערטער, נאָכאַמאָל אָנהייבן פון אָנהייב.



א פאַכעד האָט אַרומגעכאַפּט מאַקסן. זיגפריד איז מיט עפּעס ניט צופרידן. ער שטעלט אַלע מאָל אָפּ די רעפּעטיציע, מאַכט צופיל באַמערקונ־גען, בייזערט זיך. גאַטעניו, דאָס שטעלט ער אָפּ און זידלט געניטע אַקטיאָרן. וואָס זשע וועט ער טאָן מיט אים, מיט מאַקסן, אַז ער וועט אַרויף אַף דער בינע!

נאָר אָט איז צוגעלאָפן בערגליי־טער צו מאַקסן, אים צוגעוואָרפן אַ בייזן בליק און אַ בורטשע געטאָן, אַז באַלד איז זײַן אויפטריט.

אַרום האָט געהערשט אַן אָנגע־שטרענגטקייט. אַלע בליקן זײַנען גע־ווען געווענדט צו אים, צו דעם נײַעם אַקטיאָר. מאַקס האָט אָפּגעמאָסטן דעם פּוסטן זאַל מיט זײַן שטרענגן בליק, זיך אָפּגעשטעלט אַף זיגפרידס פּאָנעם, וואָס איז געווען בלייך פון דער שײַן, וואָס איז געפאַלן אַף אים. די אָנגע־שטרענגטע שטילקייט האָט געפּלאַצט. עס האָט אַ קלונג געטאָן דעם מאַוורס פעסטע, מעכטיקע און קלאָרע שטים.

מאַקס האָט פאַרענדיקט דעם מאָנאָלאָג און איבערגעכאַפּט דעם אָטעם. ער האָט געוואָרפן דעם בליק צום קליינעם טישעלע, און דאָס האַרץ האָט אַ צאַפּל געטאָן; זיגפרידס פּאָנעם האָט זיך געענדערט, געוואָרן ליכטיקער. מאַקס האָט דערפילט אַף זיך די צופרידענע בליקן פון זײַנע קאָלעגן, אַף דער נעשאָמע איז רויִקער געוואָרן...

איבער בערלין איז געהאַנגען אַן אויסגעשטערנטע נאַכט. די גאַסן מיט זייערע רוישיקע רעסטאָראַנען און באַרן, מיט די דאַנסינגען זײַנען שוין געלעגן פאַרזונקען אין געשמאַקן שלאָף. און בלויז דאָ, באַ ליינאַרדן אין טעאַטער, איז געגאַנגען אַן אָנגעשטרענגטע אַרבעט. אין אָט די שאָען איז געבוירן געוואָרן אַ נײַע פאָרשטעלונג פון שעקספּירס ווערק און איינציײַטיק אַ נײַער אַקטיאָר.

עמיל שולץ האָט מיט אומגעדולד אַרויסגעקוקט אַפּן באַלעבאָס און אַף זײַן יונגן פרײַנט, מיט וועלכן אויך ער, שולץ, האָט באַוויזן זיך באַפרײַנדן. ער האָט אים ליב באַקומען, ווי אַן אייגענעם זון.

דעם אַלטן גערטנער איז שטאַרק געפעלן געווען די באַשיידנקייט פון דעם באָכער. דער רועך זאָל זיי נעמען, די אַקטיאָרן. צווישן זיי זײַנען דאָ אַ סאַך, וואָס גייען אַרום מיט פאַריסענע נעזער און מיינען, אַז זיי זײַנען דאָס איבערשטע פון שטייסל. און מאַקס, וואָס איז קליגער און, ווי דער באַלעבאָס אַליין זאָגט, טאַלאַנטפולער פון אַ סאַך אַנדערע, האַלט זיך פונקט אַזוי, ווי ווען ער איז צום ערשטן מאָל אַהער אָנגעקומען. פאַר אים האָט דער אַלטער געקאָנט אויסגיסן דאָס ביטערע האַרץ, אויסדערציילן אַלץ. עמעצן אַן אַנדערן, אַז ער הייבט אָן דערציילן, וויִאַזוי ער איז געווען אַ זעלנער אַף דער מילכאָמע, וויִאַזוי מע האָט אים פאַרוווּנדעט אין פוס, אָדער רופט אָן די בלומען, וואָס וואַקסן אַף די בייטן, די ביימער, וואָס ער האָט דאָ אויסגעהאָדעוועט, לאַכט מען אים אויס אָדער מע וויל ניט הערן. נאָר מאַקס איינער האָט שטענדיק צײַט אים אויסצוהערן, ווי ער זאָל ניט זײַן פאַרנומען!

איז טאַקע ניטאָ זיך וואָס צו וווּנדערן, וואָס דער אַלטער האָט מיט אַזאַ אומגעדולד געוואַרט אַף זײַן יונגן פרײַנט. ער האָט געוואַרט, יענער זאָל אים דערציילן מיט אַלע איינצלהײַטן, ווי איז דורכגעגאַנגען די גענעראַלע רעפּעטיציע...

אַ סאַך יאָרן דינט דאָ עמיל שולץ און ווייסט גוט, וואָס באַטײַט פאַר אַ יונגן אַקטיאָר די ערשטע אַרויסטרעטונג אַף דער בינע. ער האָט געהערט, אַז אַפילע זײַן באַלעבאָס, דער באַרים־

טער אקטיאָר, איז נאָך זײַן ערשטן אופטריט אָפּגעלעגן א כודעש צײַט אין שפּיטאָל. אויך איצט פאַר א פּרעמיערע גייט ער ארום אָן א קאָפּ. הײַנט ווער רעדט שוין וועגן מאקסן, וואָס גייט צום ערשטן מאָל ארויס אף דער בינע און האָט נאָך דערבײַ אזויפיל סאָנים און ניט־פארגינער אין טעאַטער!

— נו, געלויבט איז דער אייבערשטער! — האָט זיך דערפרייט דער אלטער. — זיי גייען!

ער האָט זיך א פּאָר מינוט אײַנגעהערט אין זייער פריילעכן געשפּרעך און געלעכטער און גלײַך דערפילט — אלץ איז דורכגעגאנגען גוט.

עמיל שולץ האָט זיי העפלעך גראַטולירט, פאַרמאַכט נאָך זיי די קאַליטקע און, הינקענדיק, זיך אוועקגעלאָזט גרייטן צום טיש.

בעשאַס שולץ האָט זיך געפּאָרעט באַם טיש, האָט זיך מאקס אופגעהויבן צו זיך אין צימער איבערטאָן זיך און איז ווי אין וואַסער ארײַן.

— הער נאָר אויס, דעביוטאנט! — האָט אויסגעשריִען זיגפריד. — דו ביסט דאָרט ניט אנשלאָפן געוואָרן? וויפל קאָן מען אף דיר וואַרטן? ווילסט, איך זאָל אויסגיין פון הונגער און דאָרשט? — האָט ער צוגעגעבן, אָנגיסנדיק ווײַן אין די קויסעס.

ס'איז דורך נאָך עטלעכע מינוט, ביז זיגפריד האָט דערזען מאקסן. ער האָט זיך אראָפּגעלאָזט מיט אַ אויסגעלאָשענעם פּאָנעם, אין די אויגן — צאַר און ווייטעק.

— וואָס איז מיט דיר, מאקס? — האָט זיך דערשראָקן אָנגערופן זיגפריד. — באַ דיר איז דאָך הײַנט א גרויסער יאָמטעוו... הײַנט איז דײַן טאָג. דאַרפסט אים פארגעדענקען אפן גאנצן לעבן. דו ווייסט, מאקס, איך דערמאָן זיך, ווען איך האָב צום ערשטן מאָל געשפּילט אָטעלאָ, בין איך נאָכן ספּעקטאַקל א גאנצן קוואַרטאַל געגאנגען אף די הענט איבער אונטער־דען־לינדען... און דו... וואָס ביסטו אזוי דערצאָרנט?..

מאקס האָט אים דערלאַנגט א צעקנייטשט שטיקל פּאַפּיר:

— איר זעט, דאָס האָט עמעצער, ווײַזט אויס, אין טעאַטער, ארײַנגערוקט אין קעשענע פון מײַן רעקל...

זיגפריד האָט גענומען דאָס פּאַפּירל, איבערגעלייענט און געבליבן א דערשטוינטער. „פאַר־פלוכטער יודען־שווײַן, דײַן אָרט איז ניט אין דײַטשלאַנד. דײַטשלאַנד איז בלויז פאַר ריינע אריער... אינגיכן וועט איבער דער גאנצער וועלט געוועלטיקן די נאָרדישע ראַסע... אלע שוואַרצע, העלע, ברוינע שווײַנען וועלן זײַן אונדזערע קנעכט... פאַרנעם זיך פונדאַנען. סאַם ניט אָפּ מיט דײַן אָטעם די דײַטשישע קולטור...“

זיגפריד איז א בלאַסער געבליבן שטיין, פּאַמעלעך אָפּגעגאנגען אין א זײַט און זיך אראָפּגע־לאָזט אין פאָטעל. די אויגן האָבן זיך אָנגעצונדן פון רעציכע. ס'איז געווען א ביזאָיען אזוינס צו לייענען. א ביזאָיען פאַר דעם באָכער, פאַר דעם אלטן גערטנער און פאַר זיך אליין:

— זאָגסטו, אז דאָס מיִעסע איפּעשדיקע פּאַפּירל האָט מען דיר אונטערגערוקט אין טעאַטער באַ זיגפריד לײַנאַרדן? מײַן גאָט! וואָס זשע קומט פאַר באַ אונדז?

עס האָט אים ניט געסטײַעט קיין לופט, און ער האָט געוויזן מיטן וווּנק עמיל שולצן, ער זאָל עפענען דאָס פענצטער. עפּעס א שווערער קנויל האָט געשטיקט אין גאָרגל.

— וואָס זשע טוט זיך באַ אונדז? א מיִעסע שפּיל הייבט זיך אָן, א בייזע אָנשיקעניש. גלייב מיר, מײַן יונגער פרײַנט, דאָס איז ניט דײַטשלאַנד. איך שטעל זיך ניט פאָר, נאָרמאַלע מענטשן זאָלן זײַן פייִיק אף אזעלכע נידערטרעכטיקײַטן... ניטפאַרגינער... טויגעניכצן... טאַלאַנטלאָזי־קײַטן... באַ מיר אין טעאַטער איז נאָך אזוינס ניט געווען...

לײַנאַרד האָט זיך אופגעכאַפּט פון שטול, פאַרלייגט די הענט אפן רוקן און אָנגעהויבן ארומ־שפּרײַזן הין און צוריק. ער האָט ווידער א קוק געטאָן אפן צעטעלע, עס צעריסן אף פּיצלעך און ארויסגעוואָרפן דורכן אופגעפּראַלטן פענצטער. נאָך א לאַנגער פּאַוזע איז ער צוגעגאנגען צו מאקסן, וואָס האָט נאָך אלץ ניט געקאָנט קומען צו־זיך, אים אָנגענומען באַ דער האַנט, צוגעפירט אים צום טיש און דערלאַנגט אים א קאָס ווײַן:

— פאַרגעס אין די קליינע און נישטיקע מענטשעלעך. שפּײַ זיך אויס אף זיי. לאָמיר אויס־טרינקען פאַר דײַן גרויסן דערפאָלג, פאַר דײַן גליקלעכער צוקונפט... פאַר אונדזער פרײַנט־שאַפט!..

אין דעם גאנצן טומל מיט דער גענעראַל־רעפּעטיציע האָבן מיר, דוכט זיך, אינגאנצן פאַר־געסן אין פרידען, דער איקער, עס קאָן זיך אויסווײַזן, אז מאקס האָט אין איר פאַרגעסן. דאָס קאָן לײַכט פּאַסירן, ווײַל זי איז פון די מענטשן, וועלכע ווילן אָן זיך אליין קיינמאָל ניט דערמאָ־נען. ווילן מיר אײַך באַרויִקן: ניין, כאָליליע, מיר געדענקען אין איר, און מאקס געדענקט וועגן איר אוואַדע און אוואַדע. וואָדען, פאַרוואָס זשע דערציילן מיר וועגן איר גאָרנישט ניט? איז ווידער

זי אַליין שולדיק. זי האָט אַזוי ווייַט געלעבט מיט מאַקס׳ לעבן, אַז אין אָט דער אָנגעשטרענגטער צייַט האָט זי געזען וואָס ווייניקער מיט אים זיך טרעפן, ער זאָל זיך אינגאַנצן אָפּגעבן דער אַרבעט.

אָבער הייַנט, אין טאָג פון דער גענעראַל־רעפּעטיציע, וואָלט זי בעפּיירעש זיך געדאַרפט זען מיט אים, אונטערמונטערן, זאָגן, אַז זי גלייבט אין אים, אַז אַלץ וועט זייַן גוט. האָט זיך אַ וועלט מיט אַרבעט אַרופגעוואַלגערט אַף איר. ווער האָט געקאָנט זייַן אַ בעריע און וויסן, אַז זי וועט ניט קאָנען אויסגעפינען קיין פרייַע מינוט, קעדיי צופאָרן זיך באַגעגענען מיט אים!

ווי אַפּצולאָכעס, איז הייַנט געווען אָן אַ שיר אומגליק־פאַלן, מע האָט ניט אופגעהערט פירן צעקאַליעטשעטע פון אַלע עקן שטאָט און איר, פרידען, איז אויסגעקומען די גאַנצע צייַט שטיין באַם אָפּעראַציע־טיש.

אַ פאָר מאָל האָט זיך איר דאָך אייַנגעגעבן צולויפן צום טעלעפאָן, אָנקלינגען צו מאַקסן אַהיים, נאָר יעדעס מאָל האָט אַראָפּגענומען דאָס טרייַבל דער אַלטער עמיל שולץ, וואָס האָט געענטפערט בייז, אַפילע גראָב: „מאַקס איז ניטאָ. מע בעט ניט קלינגען, ניט באַומרויִקן!“ און אופגעהאַנגען דאָס טרייַבל. פרידע האָט גוט געוווסט פון מאַקס׳ דערציילונגען, אַז עמיל שולץ אייפערט אים צו אַלע באַקאַנטע, הייַנט אַז ער האָט נאָך דערהערט אַ פרויען־שטים...

פרידע האָט זיך געערגערט, נאָר גאָרנישט ניט געקאָנט טאָן.

עלעכע מאָל האָט זי געפרעגט באַ עלזע קריץ, צי האָט קיינער ניט געקלונגען, נאָר יענע האָט באַרויִקט געענטפערט, אַז קיינער ניט, כאָטש מאַקס האָט דרייַ מאָל געקלונגען און עלזע האָט אַלע מאָל געענטפערט, אַז „דאָקטער פרידע איז ניטאָ“...

ס׳איז שוין געווען שפּעט באַנאַכט, ווען פרידע האָט פאַרענדיקט די לעצטע אָפּעראַציע. זי האָט אָנגעקלונגען אין טעאַטער, נאָר דאָרט האָט שוין קיינער ניט געענטפערט. אַ טויט־מידע איז זי אַרויס אַף דער גאַס.

זי איז געגאַנגען איבער דער פוסטער באַנאַכטיקער גאַס, און צופעליקע פאַרבייַגייער האָבן איר מאָדנע נאָכגעקוקט. נאָר זי האָט עס אַפילע ניט באַמערקט. וואָס איז מיט מאַקסן? זי מוז דאָך וויסן, וויִאַזוי עס איז דורכגעגאַנגען די גענעראַלע רעפּעטיציע, זי מוז אים זען. עפשער נייטיקט ער זיך אין איר?

פרידע האָט זיך דערמאָנט אין יענעם אינדערפרי, אין קליניק, ווען זי האָט צופעליק געפונען באַ אים אונטערן מאַטראַץ אַ באַהאַלטענעם בראַונינג, וואָס מאַקס האָט צוגעגרייט אַף דעם פאַל, טאָמער די אָפּעראַציע וועט ניט געלינגען און אים וועט אויסקומען בלייַבן אַ קאַליקע...

ווער ווייסט, עפשער איז באַ אים הייַנט געווען אַ דורכפאַל, און ער זיצט ערגעץ אַ דערשלאָגענער, אַ פאַרלוירענער און ווייסט ניט וואָס צו טאָן?

ניין, זי מוז אים זען! אום יעדן פרייַז מוז זי זיך מיט אים באַגעגענען. גלייַך! באַלד!

עס איז צוגעקומען אַ פאַרשפּעטיקטער אויטאָבוס, און פרידע האָט זיך אַרופגעכאַפּט. אין אַ רעגע אַרום האָט די מאַשין זי געטראָגן איבער די פוסטע האַלב־באַלויכטענע גאַסן.

דיניקע זילבערנע שנירעלעך האָבן באַצירט די פענצטער פון אויטאָבוס: אַ רעגן האָט גענומען מאַראַקען. פרידע האָט זיך אַ בייזער געטאָן. אַלץ איז הייַנט קעגן איר...

ענדלעך האָט זי דערזען דעם ראָג, וווּ זי האָט געדאַרפט אַראָפּגיין פון אויטאָבוס. דער שאָפער האָט אָפּגעשטעלט די מאַשין, מיט אַ מאַמזערישן בליק באַגלייט דאָס שיינע מיידל, אַ זאָג געטאָן אַ כוצפּעדיק ווערטל און אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט. נאָר פרידע האָט גאָרנישט ניט געהערט און גאָרנישט ניט געזען. זי האָט זיך גלייַך געלאָזט צום געסל, וווּ עס האָט זיך געפונען ליינאַרדס ווילע, געוואָלט אָנקלינגען, אַרויסרופן עמיל שולצן, נאָר זיך גלייַך פאַרכאַפּט. דער אַלטער וועט זיך נאָר צעבייזערן אַף איר און אויסזידלען. אַ פאָר מינוט איז זי געשטאַנען אין פאַרלעגנהייַט, ניט ווייסנדיק וואָס צו טאָן. דער רעגן, ווי ער וואָלט גענומען אַ פּאָדריאַד, האָט געגאָסן אָן אופהער. זי האָט זיך אייַנגעקוקט אין דער געדיכטעניש פון דיביימער, עפשער וועט זי דערזען אַ פייַערל. נאָר אומעטום איז די שייַן געווען אויסגעלאָשן. אַלע אין דער ווילע זייַנען שוין געשמאַק געשלאָפן. זי איז געגאַנגען לענגויס דעם פּאַרקן, אייַנקוקנדיק זיך דורך די טשור־הונענע פרענטלעך אין דער געדיכטעניש פון סאָד. און פלוצעם האָט זי דערזען, ווי אַ פייַערל האָט אַ צאַפּל געטאָן. דוכט זיך, אַז דאָס איז מאַקס׳ פענצטער? זעט אויס, ער שלאָפט ניט! זי האָט זיך פאָרגעשטעלט, ווי ער שפּרייַזט אַרום איבערן צימער איינער אַליין און האָט ניט מיט וועמען אויסריידן אַ וואָרט, מיט וועמען זיך האַלטן אָן אייצע. אַפּאָנעם, אַזוי איז עס טאַקע. באַ מאַקסן איז הייַנט געווען אַ דורכפאַל. געוויס אַזוי. ווען ניט, וואָלט ער געוויס איר אָנגעקלונגען און אָנגעזאָגט די גוטע בסורע.

אויב אַזוי, איז וואָס איז דאָס שטיין און טראַכטן.

אין איין אויגנבליק איז זי פאַרזיכטיק אַריבערגעקראָכן איבערן פּאַרקן, אַראָפּגעשפּרונגען אין סאָד און מיט דער שמאָלער סטעזשקע אַוועק אַהין, וווּ עס בלינצלט א פייַערל אין פענצטער. די נאַסע צווייַגן האָבן געשמיסן איבערן פּאָנעם. עס האָט זיך איר אויסגעדוכט, אַז הינטער יעדן בוים שטייט עמעצער, שפּירט איר נאָך, לאַכט, ווייל זי אָנכאַפּן בא דער האַנט...

אַף די שפּיץ פינגער איז פרידע צוגעגאַנגען צום באַלקאָן, זיך אייַנגעקוקט. די טיר איז געווען צעפּראַלט.

פרידע האָט זיך אויפגעהויבן אַף די שפּיץ פינגער, צונויפגעלייגט די דלאָניעס אין א טרייַבל און שטיל א רוף געטאָן מאַקסן. איין מאָל, א צווייטן... קיינער האָט ניט געענטפערט. זי איז פאַר־זיכטיק צוגעגאַנגען צו דער אַרייַנגאַנג־טיר, א דריק געטאָן די קליאַמקע, שאַ, די טיר עפנט זיך אָן א סקריפּ. שולץ, זאָל זייַן געזונט, איז א גוטער באַלעבאָס. בא אים סקריפּען ניט די טירן. זי האָט אַראָפּגענומען די טופליעס און זיך געלאָזט איבערן ווייכן טעפּיך, אַרויף די טרעפּ. כאָטש זי איז דאָ קיינמאָל ניט געווען, וואָלט זי מיט פאַרמאַכטע אויגן געפונען מאַקס' צימער...

מאַקס איז געלעגן אַפן דיוואַן אינעם אָנטאָן, ברייט צעוואָרפן די הענט, ווי ער זאָל וועלן אַרומכאַפּן די גאַנצע וועלט. אַף זייַן פּאָנעם האָט געבלאָנדזשעט א גליקלעך שמייכעלע. ער האָט, ווייַזט אויס, אין דער רעגע געזען א וווּנדערלעכן כאָלעם, און איר איז געווען א שאָד אים וועקן. אָט וועט זי אים שטיל א קוש טאָן, ביז ער שלאָפט, און אַוועקגיין אַזוי, ווי זי איז געקומען.

מאַקס האָט אויפגעריסן די אויגן, אין וועלכע עס איז געווען שרעק, פאַרוווּנדערונג. נאָר דאָס האָט געדויערט עפּשער א רעגע, ביז ער האָט דערקענט פרידען. דאָס פּאָנעם זייַנס האָט זיך מיט־אַמאָל צעשייַנט.

...פון יענער זייַט פענצטער האָט געזשומעט א וואַרעם אייַנגעאַקשנט רעגנדל, געקלאַפּט אין פענצטער. די געדיכטע ווייַנטרויבן־בלעטער אַפן באַלקאָן האָבן זיך וועגן עפּעס געשושקעט, גע־פלאַפּלט, גערוישט. מיט א טיפן, שווערן שלאָף איז געשלאָפן די שטאָט. אין אַלע פענצטער איז שוין לאַנג געווען אויסגעלאָשן די שייַן. און, דוכט זיך, קיינער אַף דער וועלט האָט אין דער רעגע ניט באַמערקט, ווי נאָך איין פענצטער האָט זיך האַסטיק אויסגעלאָשן.

## ווען דער זאַל בושעוועט

קיינער האָט זיך מיסטאָמע אַזוי פיבערדיק ניט געגרייט צו דער נייַער פאָרשטעלונג פון וויליאַם שעקספּירס טראַגעדיע „אָטעלאָ“, ווי בערגלייטער מיט זייַנע פרייַנט...

עמעצער האָט פאַרשפּרייט איבער דער שטאָט קלאַנגען, אַז לייאָנאַרד איז אַף דער עלטער אינגאַנצן מעשוגע געוואָרן און, שטרעבנדיק צו סענסאַציעס, האָט ער פאַר דער ראָל פון אָטעלאָן, אויסגעקליבן ניט קיין געניטן אַקטיאָר, ניט קיין דייַטש, וועלכער וואַרט שוין יאָרנלאַנג אַף אַזא ראָל, נאָר עפּעס א בעקער, א ציגייַנער אָדער א ייִד...

אין אייניקע בולוואַר־בלעטלעך האָבן זיך באַוויזן קאַריקאַטורן און פעליעטאָנדלעך אַפן פרישגעבאַקענעם אָטעלאָ. מע האָט אים אָנגעמאָלט אין א פאַרטעך און א הויכן קאָלפּאַק, מיט א לאָפּעטע אין די הענט, ווי ער שטייט באַם אויוון און שלעפּט פון דאָרטן די בולקעלעך. דאָס מויל איז ברייט צעעפנט, און פון דאָרטן פליִען ווערטער: „אָ, דעזדעמאָנע, קויף מייַנע בולקעלעך! עס מייַנע בייגעלעך!“

דאָ און דאָרט האָט מען אַראָפּגעריסן די אַפישן, אין אַנדערע ערטער האָט מען אויסגעשמירט מיט שמוץ מאַקס' פּאָרטרעט, אויסגעדראַפּעט די אויגן, אָנגעמאָלט סוואַסטיקעס, אָנגעדראַקעט: „פאַרפלוכטער יודע“, „שווייַן“ און אַנדערע ניט ווייניקער פּיקאַנטע ווערטער.

דער טאָג פון דער פּרעמיערע איז געקומען.

אַלע בילעטן זייַנען שוין פון לאַנג געווען אויסגעפאַרקויפט, ניט געקוקט אַפן טומל, וואָס מע האָט אויפגעהויבן אַרום דעם אומבאַקאַנטן מאַקס קרייסלער, און עפּשער טאַקע צוליב אים. דער עולם האָט געגאַרט זען דעם נייַעם אַקטיאָר, האָט מאַמעש געשטורעמט דעם טעאַטער.

בערגלייטער האָט זיך אויפגעגעסן לעבעדיקערהייט. הער נאָר א מייַסע, געוואָלט מאַקסן באַגראָבן — און געשאַפן אים אַזא רעקלאַמע!

מאַקס, שוין א פאַרגרימירטער און איבערגעטאָנענער, איז צוגעגאַנגען צום פאָרהאַנג און אין דער שפּאַרונע געקוקט, וואָס עס טוט זיך אין זאַל. ער האָט דערזען א יאַם קעפּ, און מיטאַמאָל איז אים שרעקלעך געוואָרן. ווער איז הייַנט אַהער געקומען? וועגן וואָס טראַכטן די פאַרשיידענע מענטשן? וויִאַזוי וועלן זיי אים אויפנעמען? צווישן דעם עולם קערן געוויס זייַן אויך יענע, וואָס

האָבן אראָפּגעריסן זײַנע אַפּישן, פאַרשמירט זיי מיט סוואַסטיקעס. נאָר גיי דערוויס זיך, ווו זיי זיצן! אַט די לײַט איז דאָך אויך אינטערעסאַנט א קוק צו טאָן, ווי וועט זיך פילן אַף דער בינע דער בעקער פון קאָלאָמייע. נו, איז וואָס, זאָלן זיי קוקן און זאָלן זיי אַרויסקריכן די אויגן פון קאָפּ! זיי אַפּצולאַכעס וועט ער זיך היינט סטאַרען שפּילן אזוי, זיי זאָלן פּלאַצן פון קינע און פאַרדראָס. נאָר צוריקגערעדט, וואָס דאַרף ער גאָר טראַכטן וועגן אָט די אויסוואָרפן?

יאָ, געוויס איז געווען גערעכט זיגפריד, וואָס האָט אים געייצעט, אַז בעשאַס ער וועט אַרויס־גיין אַף דער בינע, זאָל ער ניט טראַכטן וועגן דעם הײַפּעלע כוליגאַנעס. נאָר מער האָט שוין מאַקס אַפּילע ניט געהאַט קיין צײַט צו טראַכטן. דער שווערער פּליושענער פאָרהאַנג האָט זיך פּאַמעלעך אויפגעהויבן. אין זאַל איז געוואָרן שטיל. די פאַרשטעלונג האָט זיך אָנגעהויבן.

אין עטלעכע מינוט אַרום איז מיט א שטײַפן טראָט אַרויסגעגאַנגען מיט זײַן סוויטע דער שטאָלצער מאָור. פון די ערשטע ווערטער, וואָס ער האָט אַרויסגעבראַכט, האָט זיך צווישן דעם אַקטיאָר און דעם צושויער גלײַך געשאַפן יענער קאָנטאַקט, וואָס גיט צו מוט, נײַע קויכעס, אינערלעכן פײַער.

די שרעק און דער אומרו, וואָס האָבן געוועלטיקט איבער מאַקסן די לעצטע רעגעס פאַר זײַן אויפטריט, זײַנען גלײַך פאַרשוווּנדן. זײַן קלינגעוודיקע שטאַרקע שטים האָט באַהערשט דעם זאַל. און פּלוצעם האָט זיך דערהערט א מאָדנער טומל אַף דער גאַליאַרקע. אין דער ערשטער רעגע האָט זיך מאַקסן געדוכט, אַז דאָס ווײַזט זיך אים בלויז אויס. נאָר אין א רעגע אַרום האָבן זיך פון דאָרטן דערהערט פּרעכע אויסגעשרייען: „געזינדל, פאַרפלוכטער יודע! טרײַבט אים פון דער בינע!", „בעקער, אין בעקערײַ!", באַגלייט פון א הילכיקער פײַפערײַ.

מאַקס איז געבליבן שטיין מיט א צעעפנט מויל... ער האָט דערפילט, ווי א קאַלטער שווייס האָט אים באַשלאָגן. דאָס האַרץ האָט זיך, דוכט זיך, אָפּגעשטעלט. אין די אויגן באַ אים איז אויס־געלאָשן געוואָרן די שײַן. דאָס האָט געדויערט בלויז א קורצע ווײַלע, שוין אין א רעגע אַרום איז ער געקומען צו־זיך. שטאָלץ פאַרהויבן דעם קאָפּ, איז ער פּאַמעלעך צוגעגאַנגען צו דער ראַמפּע, אויסגעשטרעקט די הענט צום זאַל, קעדיי באַרויִקן דעם אויפגעבראַכטן עולם, און מיט זײַן לייבן־שטים אויסגעשריִען:

— איך בעט זײַן רויִק, מײַנע פרײַנט! די אויסוואָרפן, וואָס פײַפן, האָבן, זעט אויס, איבערגע־פלאָנטערט דעם אַדרעס. זייער אָרט איז אין מעשוגאָים־הויז, און זיי האָבן פאַרבלאָנדזשעט אַהער! היי, איר, גאָרנישטן, איר זײַט אַפּילע ניט פייִק ווי געהעריק אויספײַפן אַן אַקטיאָר! איך ווייס ניט, פאַרוואָס צאָלן אײַך אײַערע באַלעבאַטים! אויב עס גייט שוין יאָ אין פײַפן, וועל איך אײַך אויסלערנען!

און גענומען פיר פינגער אין מויל אַרײַן, האָט מאַקס קרייסלער אזוי א פײַף געטאָן, אַז די ווענט פונעם טעאַטער האָבן א ציטער געטאָן.

א הילכיק געלעכטער האָט זיך צעטראָגן איבערן זאַל. דער גאַנצער עולעם האָט אָנגע־הויבן שטורמיש אַפּלאָדירן מאַקסן. פון אַלע זײַטן האָבן זיך געטראָגן אויסגעשרייען:

— בראַוואָ, מאַקס קרייסלער! בראַוואָ!

אַף דער גאַליאַרקע האָט זיך שוין דער עולעם צערעכנט מיט די כוליגאַנעס.

אין עטלעכע מינוט אַרום איז אַלץ געווען געענדיקט. מע האָט ווידער פאַרמאַכט די טירן. אין זאַל איז געוואָרן שטיל, און גלײַך, ווי עס וואָלט גאָרנישט ניט געשען, האָבן די אַקטיאָרן פאָרגעזעצט דעם ספּעקטאַקל...

עס האָבן נאָך געקלונגען אַטעלאָס לעצטע ווערטער, און דער זאַל איז שוין אויפגעטרייסלט געוואָרן פון אַפּלאָדיסמענטן און אויסגעשרייען: „בראַוואָ, מאַקס קרייסלער! גלענצנד! וויוואַט, אָטעלאָ!"

מענטשן האָבן, שײַנענדיק פון פרייד און באַגײַסטערונג, פון דאַנקבאַרקײַט צום יונגן אַק־טיאָר, זיך א לאָז געטאָן פון אַלע עקן זאַל נעענטער צו דער בינע, צענדליקער בוקעטן בלומען זײַנען געפאַלן צו זײַנע פיס. איינגיכן האָט זיך שוין געדוכט, אַז אַלע בלומען פון די בערלינער סעדער זײַנען געקומען אַהער, קעדיי צו באַגריסן מיטן ערשטן עמעסן דערפאָלג דעם אַקטיאָר, וואָס האָט אזוי אויסגענומען באַ אַלעמען.

דער פאָרהאַנג האָט זיך אַראָפּגעלאָזט, נאָר א נײַער שטורעם פון אַפּלאָדיסמענטן און באַ־גריסונג־אויסגעשרייען האָט אים ווידער און ווידער געצוווּנגען זיך אויפהייבן, ווידער און ווידער־אַמאָל האָט מען אַרויסגערופן אָטעלאָן אַף דער בינע, קעדיי אים אויסדריקן באַגײַסטערונג.

ענדלעך האָט דער פאָרהאַנג זיך אַראָפּגעלאָזט צום לעצטן מאָל...

אַף א רעגע איז מאַקס געבליבן אַליין אַף דער בינע. ער איז געשטאַנען א צעטומלטער, ער האָט נאָך אַלץ ניט געקאָנט קומען צו־זיך און פאַרשטיין, וואָס מיט אים איז געשען. דאָס איז ער

טאקע, יאָסיע דעם סטעלמאכס ווישקראָבעק פון קאָוואַליוקע, געווען דעם גאנצן אָוונט דער פּרעכטיקער ווענעציִאנער מאוור? „ביסט טאקע ווײַט אוועק, מאקס קרייסלער, ביסט געוואָרן אַן אקטיאָר, אַן אקטיאָר בא ליינארדן אין טעאטער", — האָט געזונגען אין הארצן.

מאכן ביזן סאָף דעם כעזשבן-האנעפּעש האָט מאקס ניט באוויזן. איבער דער בינע איז גע־גאנגען צו אים מיט א צעהעלט און שיינענדיק פּאָנעם זײַן לערער זיגפריד ליינארד, און מאקס האָט זיך א וואָרף געטאָן אים אנטקעגן.

ביז שפּעט אין דער נאכט האָבן געלויכטן די פענצטער אין ליינארדס ווילע. גוטפרײַנט און קאָלעגן האָבן געיאָמטעוועט דאָס געבורט פון א נײַעם גרויסן אקטיאָר.



# צום 70־טן געבורטסטאָג פון פּערעץ מאַרקיש

## פּערציקיאָריקער מאַן

פראַגמענטן פון פערעץ מאַרקישעס א ניט־פאַרעפנטלעכטער פּאָעמע



אין טאָל איז א רעגן, אין טאָל איז א גאַס, —
איז אַף יעטווידער צווײַג און אַף יעטווידן גראָז

הענגען לעמפּעלעך ליכט, הענגען לעמפּעלעך טוי
און זיי ברענגען מיט שניט און מיט זעט און מיט ברויט,

און ס'קלינגען די שטראָמען מיט טאַצן פון גאָלד
און פאַרטיילן די טויען און טײַען אין טאָל —

נאָר דאָס מויל איז אין דאָרשט און אין פיבער פאַרזוימט.
וויל איך אופגיין צו דיר און דיר זאָגן אַזוי:

— ס'איז ארויסגאַן דער טאָג אין דער ווײַט, אין דער ברייט,
ווי א זוניקער קעמל געלאָדן מיט פרייד,

און באַם הימל דאָס מויל איבער רוימען אליין
און פון בלאַנקענדער זון, ווי פון בינטעלע היי,

האָט געצופּט דאָרט דער טאָג, און אַזוי זיך גענערט,
און אַזוי באַ די טעג און אַזוי באַ די נעכט.

נאָר ווי קעמלען אין וועג, איז געפאַלן דער טאָג
אונטער לאַסט פון געטרײַב, אונטער יאָך פון געטראָג.

אומעטום איז א קוואַל — אַזוי פריש, אַזוי גרויס,
און פון דאָרשט גייט דער טאָג, און פון דאָרשט גייט ער אויס,

און דער פּירער ז'ביז לענדן פאַרזונקען אין זאַמד —
ער קאָן ניט דעריאָגן און קומט ניט און זאַמט...

וויל איך אופגיין צו דיר, פּערציקיאָריקער מאַן,
לאָז, ווי צוים, אַף מיר פאַלן דער פינגער פון דײַן האַנט.

טאָמער ביסטו ניטאָ, אויב דו ביסט ניט פאַראַן,
זאָל דער וועג זײַן צו דיר, פּערציקיאָריקער מאַן...

---

די דאַטע, ווען דאָס ווערק איז געשאַפן געוואָרן, איז ניט פעסטגעשטעלט. לויטן אינהאַלט פון אייניקע שטעלן קאָן מען זיך מעשאַער זײַן, אַז די פּאָעמע האָט דער דיכטער אָנגעשריבן אין דער ערשטער העלפט פון די צוואַנציקער יאָרן.

3—749

◇ ◇ ◇

און דער טאָג איז אַ טאָג, און די זון איז דער מיט,
און עס האַמערט דער טראָט, און דער טראָט איז געשמידט.

און עס פּאַכט אַ געפּעכט — וויפל בלענד, וויפל בלאַנק!
און אין פייַער און פלאַם איז דאָס גאַנצענע לאַנד...

ס'הייבן האַמערס זיך אויף, ס'פאַלן האַמערס אַראָפּ,
און עס גליט און עס שמידט יעדער איינציקער טראָט.

אַ געזאַנג איז אין לאַנד, אַ געזאַנג איז אין טאָל,
און עס שפּריצט פון דער זון ווי פון אָנגעגליט שטאָל,

נאָר דאָס מויל איז אין דאָרשט און אין פיבער פאַרזוימט,
וויל איך אויפגיין צו דיר און דיר זאָגן אַזוי:

— אַז דער גלוטיקסט־צעגליטער דער אייַזערנער פרענט
גיט זיך פייַנלעך אַזוי צו דעם שמיד אין די הענט.

און דאָס פייַער און פלאַם איז צעבלאָזן און גרייט
אויף ווידער און נאָך אויף אַ גאַנצענער קייט,

אַז פאַרוואַנדלונג איז פייַן, אַז פאַרוואַנדלונג איז שווער,
ווייַל שטאָף וויל זייַן שטאָף. און אַ סאָף. און ניט מער.

און אין קלוגן געקנאַט אין דער מאָס, אין דער שאַרף
איז פאַראַנען דער פריידיקער זין פון באַשאַף,

אַז געהאַרכזאַם איז שטאָל און סע גליט און סע בליט
אין דער קלוגער פאַרשטענדלעכער האַנט פונעם שמיד.

וויל איך גיין אונטער האַמער פון זוניקער האַנט
און דאָרט טרינקען דייַן פייַן, פּערציקיאָריקער מאַן,

ווייַל עס דעמערט דער באַרג אינעם איינזאַמען ראַנד
און דער טאָג איז אין טאָל, פּערציקיאָריקער מאַן.

◇ ◇ ◇

ציִען זיך ווייַטן, ציִען זיך ברייטן,
אויף וואָס פאַר אַ זייַט ס'זאָל דאָס אויג ניט אַ גיי טאָן.

ס'איז אַזוי דורכזיכטיק, ס'איז אַזוי לויטער —
גאָלדענער ברעג אין דערוואַרטונג זיך הוידעט...

אָט איז ער, דער ברעג, און אָט איז ער נישטאָ,
און דאָרט אויפן ברעג איז דאָס לאַנד און די שטאָט...

טרינקט מען די ווייַטן און טרינקט מען די ווינטן,
און גוט איז אין זון און אין ווינט זיך צו טרינקען.

נאָר דאָס מויל איז אין דאָרשט און אין פיבער פאַרזוימט.
וויל איך אויפגיין צו דיר און דיר זאָגן אַזוי:

— מיר האָבן דעם יאַם, און די שיפן מיר האָבן,
און יאַמישע פלאַכן מיר שניידן און גראָבן.

מיר האָבן אַ טייל און מיר דאַרפן אינגאַנצן.
אָט איז עס. אָט ליגט עס. נאָר שווים און געשפּאַנט זייַ!

ז'מיר שווימען אלץ און שווימען ווו טיפער,
נאַר ס'ציטערט די האנט בא דעם ציט'ריקן שיפער,

ער צערטלט דעם רודער און קוקט אַף די הענט זיך
און וואגט נאַר א קוק טאָן אריבער דער גרענעץ,

און ס'וואקלט די שיף זיך, ווי קינדערשע וויג:
— א קלאַפטער פאַרויס און צוויי אַף צוריק!

וויל איך אופגיין צו דיר, פערציקיאַריקער מאן,
לאַז, ווי צוים, אַף מיר פאלן דער פײַן פון דײַן האנט.

טאָמער ביסטו ניטאָ, אויב דו ביסט ניט פאראן,
זאָל דער וועג צו דיר זײַן, פערציקיאַריקער מאן...



עפנט די הערצער, ווי לאַגלען פון ווײַן,
עס זעצט פון די וועלדער א בלוט־רויטע שײַן!

פון וואַלקנס, ווי [...], פון ווײַטן, ווי שטאָל,
דאַרט שלאָגן די וועלדער ארויס דעם קאיאַר.

א פײַער גייט אוף — א וואל אַף א וואל,
ס'וועט ברענען די ערד און ס'וועט ברענען דער וואלד.

אינמיטן דער וועג, ווי א בלי־קאָרידאָר,
אַט דאָ וועט ער דורכגיין, דער יונגער קאיאַר,

און קומען אַף יעדן, ווי גאָלדענער טוי,
אין סאָד פון געבלי און דעם וואקסן פארטרויען,

נאַר דאָס מויל איז אין דאַרשט און אין פיבער פארזוימט,
וויל איך אופגיין צו דיר און דיר זאָגן אזוי:

— מיר האָבן געריסן די טעג פון דער ווײַט,
ווי רויע גראַנאטן פון בוים און פון צווײַג.

געריסן מיט ציין און מיט דאַרשטיקע הענט,
אַף אקסל געזוניקט, אַף אקסל געברענט,

אזוי זיי געגעסן פו הונגער און דאַרשט,
אזוי ווי די מילגרוימס אין יונגן קאיאַר.

זײַנען די הערצער אונדז אײַליק, ווי ציין,
און צייניק די הערצער און דאָס גאנצע געבייך.

און דו ביסט ניטאָ, און דײַן פײַן איז ניטאָ,
וויל איך אופגיין צו דיר ביז פארגאנג פונעם טאָג.

טאָמער ביסטו ניטאָ, אויב דו ביסט ניט פאראן,
זאָל מײַן וועג צו דיר זײַן, פערציקיאַריקער מאן!..



אַף זאמד האָט דער טאָג זיך געשטעלט אינעם וועג:
נאָך א טראָט, נאָך צוויי — און אַט איז שוין דער ברעג.

און א וואל נאָך א וואל פון דער נאָ'נט, פון דער ווײַט
אפן הארץ פונעם טאָג, נאַר דער טאָג איז פארטײַ'ט...

איז געלאָזט זיך אין שווים און מיט שטראָם אינעם טאָג
און געהויבן אַף העגנט און אַף אקסל א טראָג.

נאָר דאָס מויל איז אין דאָרשט און אין פיבער פאַרזוימט,
ווײַל איך אופגיין צו דיר און דיר זאָגן אזוי:

— אָן שניט און אָן וויי ווערט די ערד ניט באַנײַט —
נאָר דער, וואָס סע אקערט און זייעט, דער שנײַדט,

אָן היץ און אָן דאָרשט זיך צעוויגט ניט קיין ווינט,
און דער, וואָס ניט אײַנגעשטעלט, — דער קיינמאָל געווינט.

אָן וויי און אָן פּײַן ווערט קיין ווונד ניט פאַרהעפּט,
נאָר קיין קריגער איז דער, וועמען קיינמאָל עס טרעפּט.

אָן בראַך און אָן ברויז ווערט קיין זאַך ניט צעשטרויט,
נאָר דער, וואָס צעברעכט, דער שטעלט אוף און דער בויט.

אָן שוץ, אָן געווער גייט קיין קריגער ארויס,
נאָר קיין קריגער איז דער, וואָס ער גליטשט זיך ניט אויס.

אָן קיין שטורעם האָט קיין שיף נאָך דעם יאַם ניט פאַרזוכט,
נאָר די שיף איז צום גיין און דער שטורעם — אַף אדורך!

ווײַל איך קומען צו דיר און צו דיר זיך פאַרטרויען,
און זאָל אַף מיר פאַלן דײַן פּײַן און דײַן טרויער.

טאָמער ביסטו ניטאָ, אויב דו ביסט ניט פאַראַן,
זאָל דער וועג צו דיר זײַן, פאַרציקיאַריקער מאַן...



ס׳זײַנען אַלע געקומען, ס׳האָט קיינער פאַרפעלט,
פון ווײַט און פון נאָענט און פון גאָר פון דער וועלט.

און דער טאָל איז פאַרפלייצט, און דער טיש איז באַזעצט,
און ווער ס׳איז צום ערשט און ווער ס׳איז צום לעצט.

פון יונג און פון אַלט, פון קינד און פון קייט
א רינג נאָך א רינג און א קייט נאָך א קייט.

און מאַכנעס נאָך מאַכנעס דערלאַנגט האַריזאָנט,
פון גאָר פון דער וועלט, פון ווײַט און פון נאָ׳נט.

און ווער מיטן האַרן און ווער מיט דער פאָן,
נאָר א טרונע פאַרנעמט דאָרט דאָס אָרט אויבנאָן.

אן אָפענע טרונע מיט רויטן באַדעקט —
ס׳איז דער לערער געשטאָרבן אינמיטן דעם וועג.

און ס׳טראָגט אומעטום דאָס געביין מיט דאָס פאָלק,
פון טאָל אַפן באַרג און פון באַרג אַפן טאָל.

אַלע געקומען פון גאָר פון דער וועלט,
פון ווײַט און פון נאָ׳נט — עס האָט קיינער פאַרפעלט.

בלויז דעם פירער אליין בא דעם זוניקן ראַנד
ניט באַשערט איז געוועזן ארײַנגיין אין לאַנד,

אַפן טאָל פון דער פרייד, אַפן טאָל פון דער פרײַהײַט
באַשערט אים געוועזן איז א קוק פון ווײַט.

א קוק טאָן פון ווײַטן און אויסגײן פון פרייד,
מיט א קוש פונעם פאָלק, מיט א קוש פונעם טויט.

איז ווער מיטן האָרן און ווער מיט דער פאָן,
נאָר ליידיק און וויסט איז דאָס אָרט אויבנאָן.



עס טריפט דער קאיאָר, ווי א גאָלדענער זאַלב,
אַף שפּיצן פון בערג און אַף שפּיצן פון וואַלד.

מיט ציט'ריקן ווינט און מיט ליכטיקן שאָרך
לייגט זיך צו, רירט זיך אָן און וועקט אוף דער קאיאָר.

ס'פּרוּווט די קלייניגקע פליגעלעך צום פליִען א שוואַלב,
און דער קלונג פון קאיאָריקן שמיד וועקט דער וואַלד.

א געפּאַך, א געפּלי, א געצוויטשער באַפאַלט,
און עס פילט זיך מיט פרייד און געזאַנג אָן דער וואַלד.

אָט־אָט גיסט זיך שוין איבער די וועלט ביזן ראַנד
מיט זאַלבונג פון שײַן און מיט גאָלדן געטראַנק.

נאָר א שטרעק טאָן די האַנט און א צי טאָן דאָס מויל
פונעם הוילינקן לײַב, פון דער הוילינקער הויט,

און עס גיט זיך דער וואַלד אין די הייכן א טראַג
און מיט הענט — דעם קאיאָר, און מיט גראַבליעס — דעם טאָג.

און איך בין דאָ אויך, און אויך מיר איז באַשערט
צו זײַן אַף א פרייד פון קאיאָר אַף דער ערד.

בין איך אויכעט אַרויסגאַן פון ליכטיקן טאָל.
מע שלאָפט נאָך אין טאָל, ס'איז נאָך קיינער ניטאָ.

נאָר פון ווײַט־האָריזאָנט, פון צעהעלטן באַגין
איז געגאַנגען צו מיר אַף אַנטקעגן א קינד.

פון קאיאָריקער שײַן, ווי פון גאָלדענעם היי,
האָט זיך אויסגעפּיקט ס'קינד, און אָט איז עס שוין צוויי,

און אָט איז עס שוין צען — און אָט איז שוין קיין צאָל,
און אָט איז שוין פאַרפלייצט און פאַרפלאָסן דער טאָל...



האָבן זיך קינדער צו ווײַטן געבראַכט,
איז אָפן וועג זיי געפאַלן די נאַכט.

איז אָפן וועג זיי געפאַלן די נאַכט,
איז לאַגערס צעוואָרפן און פײַער געמאַכט.

לאַגערס צעפליגלטע, לאַגערס א קייט —
דעם טאָג אויסגעטרונקען, אַף נאַכט זיך געגרייט.

ערגעץ די זון אַזוי טוקט זיך און ווייקט,
איז האָבן די קינדער א שײַטער צעלייגט.

א הויכער צעפלאַקערטער זון־אָבעליסק,
רײַסט אין דער נאַכט זיך דאָס פײַער און פליסט.

געזיכטער באַלויכטן מיט פֿלאַמיקער שײַן,
דער שײַטער שנײַדט העל אין דער נאַכט זיך אַרײַן

מיט מעסער פֿון פֿײַער געשאַרפֿט און געשליפֿט
און שנײַדט זי די נאַכט און צעפּאַסיקט [...].

עס טראַסקעט דאָס צווײַג־בראָך אין פֿינגער אין [...]
און ס׳בייגן זיך וועלדער און טרינקען דעם רויך,

און דאָס מויל איז אין דאַרשט און אין פֿיבער פֿאַרזוימט.
ווײל איך אופֿגיין צו דיר און דיר זאָגן אַזוי:

— באַם שײַטער — די זון, און באַם בלאָזזאַק — דער ווינט,
און איך בין הײַנט אויך צווישן קינדער אַ קינד.

אויף נאַקעטן פֿײַער, מיט נאַקעטע הענט
עס שמידט זיך אַ פֿרייד און זי גליט זיך און בלענדט.

ס׳האָט נאָכאַמאָל טאָג אין דער נאַכט זיך צעבליט,
און דער טאָג איז אַ קינד, און דאָס קינד איז אַ ליד.



ס׳זײַנען הײַנט שניטער געקומען פֿון טאָל
מיט אויגן ווי קאָסעס, מיט אויגן פֿון שטאָל.

געקוקט אויפֿן קינד, געשמייכלט צום ווײַב,
נאָר שטאַרק איז דער טרויער געווען, ווי ווײַן.

פֿאַרהאַרעוועטע הענט זײַנען טרויעריק־העל,
איז סטאַם זיך אַ טאַפּ געטאָן, סטאַם דעם שינעל.

דאָס שטיבל באַקוקט ווי צום לעצטינקן מאָל,
אַ שמייכל געגעבן: — עס קאָן זײַן געמאָלט,

אַז... גאַרניט... וואָס איז דען? אַזוי אָט גלאַט,
אַז ס׳זײַנען די רויבער פֿון בלוט נאָך ניט זאַט,

און נאָכדעם געמאָלדן האָט יעטווידער טראָט:
— געשניטן אין פֿעלד האָט מען שטעכיקן דראָט.

און פֿעלד וויל זײַן פֿעלד, און גראָז וויל זײַן גראָז,
און ס׳ווילן די בייטן ניט בלײַבן פֿאַרלאָזט.

און דאָס מויל איז אין דאַרשט און אין פֿיבער פֿאַרזוימט,
ווײל איך אופֿגיין צו דיר און דיר זאָגן אַזוי:

— אָרעם און הונגעריק, נאַקעט און הויל,
נאָר ס׳וועט אונדז אין רוקן ניט טרעפֿן די קויל.

באַם אַקער די האַנט, נאָר וואַכיק דאָס אויג
מיט שלאַכטן פֿאַרטרונקען, מיט אומרו פֿאַרזוימט.

זאָטלען געזאָטלט, און שאַרף איז די שווערד,
נאָר אויסגעצוימט וואַרטן באַם פֿענצטער די פֿערד.

ס׳קוקט נאָך פֿון וויגל דאָס קינד, ווי אַ זאַנג,
זאַנגען ניט זאַנגען — ס׳וועט זײַן אַ געזאַנג!

●

## אווראָם קאַהאַן

# פאַרברעכן און געוויסן

### היסטאָרישער ראָמאַן

## מיט אייגענע מענטשן


ין א שטילן ווינטערדיקן אָוונט איז צום קיִעווער וואָקזאַל צוגעגאַנגען א צוג. פון איינעם א וואַגאָן איז אַרויס א מענטש פון א יאָר פינף און פערציק. ער האָט גלײַך זיך געלאָזט צום וואָקזאַל־פּלאַץ, געדונגען א שליטן און געהייסן פאָרן אַף פּאָדאָל.

— אַף וועלכער גאַס? — האָט געפרעגט דער אָנטרײַבער.

— אַף וועלכער? — האָט אַף א רגע זיך פאַרטראַכט דער פּאַסאַזשיר. — באַלד, באַלד... אַף מעזשיגאָרסקע.

— נומער?..

— אַז איר וועט אַהין קומען, וועל איך אײַך ווײַזן.

דער פּאַסאַזשיר איז געווען אָנגעטאָן אין א שוואַרצן דראַפּעווע מאַנטל מיט א פוטערנעם קאָלנער, אין א קאַראַקולענעם יאַלעם.

דער שליטן איז דורכגעפאָרן דעם ביביקאָווער בולוואַר, אַרויס אַפן ברייטן קרעשטשאַטיק און באַם הויז פון סאַכרים־קלוב זיך אַראָפּגעלאָזט צום פּאָדאָל. בא זשיטני באַזאַר האָט דער פּאַסאַזשיר געהייסן דעם אָנטרײַבער פאַרקערעווען אַף רעכטס.

— איר האָט דאָך געזאָגט אַף מעזשיגאָרסקע? — האָט דער אָנטרײַבער געזאָגט, נאָר דער פּאַסאַזשיר איז געזעסן און געשוויגן, ווי גלײַך ער האָט ניט דערהערט. דער אָנטרײַבער האָט זיך אויסגעדרייט מיטן פּאָנעם צו אים און אין דער פינצטערניש באַמערקט נאָר זײַן קײַלעכיק בערדל.

— באַרין, ווּהין ווילט איר פאָרפאָרן?..

קיין ענטפער איז ניט געקומען. אין עטלעכע מינוט אַרום האָט דער אָנטרײַבער ווידער זיך איבערגעבויגן צום פּאַסאַזשיר, אים האָט זיך געוואָלט דערקונדיקן, צי ער דרעמלט, צי ניט.

— וואָס זוכט איר? — האָט דער פּאַסאַזשיר אים רויִק געפרעגט.

— איך וויל וויסן, ווּהין זאָל איך אײַך צופירן.

— אַף מעזשיגאָרסקע האָב איך אײַך געבעטן.

— מיר זײַנען מעזשיגאָרסקע שוין דורכגעפאָרן... ווײַטער האָב איך מוירע צו פאָרן.

— פאַרוואָס האָט איר מוירע?

— דאָ ניט ווײַט האָט מען הײַנט זיך געשלאָגן.

— ווער?

— קוליגאַנעס. מיסטאָמע האָט איר געהערט וועגן בייליסן? איז יעדן טאָג שלאָגט מען זיך אַף פּאָדאָל, אַף לוקיאַנאָווקע...

— וועגן בייליסן האָב איך געהערט. ער זיצט דאָך אין טורמע, בייליס. איז פאַרוואָס שלאָגט מען זיך איבער אים איצטער?

— איך ווייס? טשעבעריאַטשקע רייצט אָן אירע כעווריע. אָט האָב איך אײַך שוין געבראַכט צוריק אַף מעזשיגאָרסקע, באַרין.

— א שיינעם דאַנק. אָט דאָ לאָזט מיך אַראָפּ, טאַקע אַהער דאַרף איך.

---

סאָף. זע „סאָוועטיש היימלאַנד“ נומ. 9, 10 פאַרן 1965 יאָר.

דער פורמאַן האָט אײַנגעהאַלטן דאָס פערדל, דער פּאַסאַזשיר איז אַראָפּגעקראָכן, אַרויס־גענומען פֿון קעשענע אַ מאַטבייע, דערלאַנגט דעם פֿורמאַן און זיך געלאָזט גיין. אים האָט דער־יאָגט דעם פֿורמאַנס קאָל:

— פּאַרזיכטיק, באַריך... דאָ זײַנען פֿאַראַן אָן אַ שיר היגנט!

אינגיכן האָט דער צוגעפּאַרענער אָנגעקלאַפּט אין אַ טיר פֿון אַן איינשטאָקיקער שטוב.

— ווער איז? — האָט זיך דערהערט אַ פֿרויען־קאָל.

— עפֿנט, אַן אייגענער. האָט ניט מוירע.

— ווער איז דאָס? — האָט איבערגעכאַזערט די זעלבע שטים.

— דאָ פֿאַרקויפֿט מען היי?

מע האָט געקאָנט הערן, ווי צו דער טיר האָט זיך געלאָזט גיין אַ מאַנצבל.

— וויפֿל באַדאַרפֿט איר היי?

— איין בינטל היי דאַרף איך.

די טיר האָט זיך האַסטיק אופֿגעעפֿנט, און אַנטקעגן דעם אָנגעקומענעם פּאַסאַזשיר איז גע־בליבן שטיין פּעטראָ קאָסטענקאָ.

— גריגאָרי איוואַנאָוויטש, מיר וואַרטן אָף אײַך שוין דרײַ טעג.

— כ'האָב פֿריִער ניט געקאָנט קומען.

— טוט זיך אויס, גריגאָרי איוואַנאָוויטש, — האָט געזאָגט קאָסטענקאָ און דערלאַנגט פּעט־ראָווסקין די האַנט. — ליזע, וואָס שטייסטו אַזוי פֿאַרגאַפֿט? — האָט ער זיך געווענדט צו זײַן פֿרוי. — זײַט באַקענט מיט מײַן פֿרוי, גריגאָרי איוואַנאָוויטש, אַ דאָרפֿישע.

— וווינט אין קיִעוו און נאָך אַלץ אַ דאָרפֿישע? — שמייכלט פּעטראָווסקי.

— בענקט אַהיים נאָך פֿעלד און וואַלד.

— קיִעוו איז, דאַכט זיך, אַ גענוג גרינע שטאָט, ניט ווי אין דאָנבאַס, — באַמערקט דער גאַסט.

פּעטראָ קאָסטענקאָ האָט צוגערוקט אַ בענקל און באַזעצט דעם געקומענעם.

— איך פֿאַרשטיי ניט, גריגאָרי איוואַנאָוויטש, איר זײַט דאָך אַ דומע־דעפּוטאַט, איז פֿאַר וואָס אַזוי קאָנספּיראַטיוו?

— אײַ, קאָסטענקאָ, איר זאָלט עס ניט פֿאַרשטיין. בעסער אַזוי, איידער עס זאָלן נאָך מיר זיך נאָכשלעפּן פֿאַרשווינדלעך און שפּיאָנירן. בעסער אַזוי. ניטאָ, ניט געווען פּעטראָווסקי.

— ס'איז נאָך אַ פֿראַגע, צי וועלן די דאָזיקע פֿאַרשווינדלעך איצטער ניט דערשמעקן.

— אַלנפֿאַלס, איך בין פּאַרזיכטיק.

— איר באַטראַכט מײַן וווינונג, גריגאָרי איוואַנאָוויטש. מײַנע פֿרײַנט פֿון זאַוואָד, וווּ איך אַרבעט, וווינען אין ערגערע דירעס. דאָ, אין דער גרויסער שטאָט, איז דאָס נאָך אַ נישקאָשע־דיקע וווינונג.

— אַ געראַנדל באַ דער שטוב איז אויך אַ זאַך, די עטלעכע ווײַנשל־ביימער דערמאָנען מיר מײַן דאָרף, — גיט צו ליזע ניט דרייסט.

— איך האָב מיט מײַן פֿרוי געוווינט אין נעלעפּאָ־שטשערבינאָווער רודניק אין אַן ערגערער וווינונג. אַבי געזונט, און ניט אַרײַנפֿאַלן אין די הענט פֿון דער פּאָליציי. אָף דער פֿרײַ אַרבעטן און זיך געפֿינען אָף דער פֿרײַ צווישן אַרבעטער איז שוין אַ גליק. באַקלאָגט זיך ניט, מײַנע ליבע פֿרײַנט.

— מיר קלאָגן זיך ניט, גריגאָרי איוואַנאָוויטש, — האָט געזאָגט קאָסטענקאָ, ווי ער זאָל וועלן זיך פֿאַרענטפֿערן.

אין עטלעכע רעגעס אַרום, ווען פּעטראָווסקי איז שוין געזעסן באַם טיש און געגעסן די וועטשערע, וואָס ליזע האָט גאַסטפֿרײַנטלעך דערלאַנגט, האָט קאָסטענקאָ פּאַרזיכטיק אַ פֿרעג געטאָן:

— איר קומט איצט פֿון פּעטערבורג?

כידעשט זיך דער גאַסט און טוט אַ ווונק צו קאָסטענקאָן:

— איר ווייסט דען ניט, אַז מיר זײַנען איצטער געווען אין קראָקע באַ לענינען, מיר, אַ גרופּע סאָציאַל־דעמאָקראַטן — באָלשעוויקעס און אויך דעפּוטאַטן — באָלשעוויקעס פֿון דער דומע־פֿראַקציע?

— באַ אונדז אין קיִעוו האָט מען גערעדט, אַז דאָס דאַרף פֿאַרקומען אין פּעוורואַל.

— וועגן פּעוורואַל האָט מען גערעדט אומיסטן, צוליב קאָנספּיראַציע. פֿאַרשטאַנען?

— פֿאַרשטאַנען, גריגאָרי איוואַנאָוויטש.

— אויב פֿאַרשטאַנען, איז גוט. איצט, אַז איר וועט דערלויבן, וועלן מיר זיך צולייגן אָפּרוען, און מאָרגן...

— יאָ, מאָרגן וועלן מיר צונויפרופן אונדזעריקע.

קאָסטענקאָס פרוי האָט צוגעגרייט א געלעגער און גענומען זיך שושקען מיטן מאַן. פעטראָווסקי האָט פארשטאַנען, אז עס גייט א רייד וועגן אים.

— וואָס, וואָס? שעמט זיך ניט, מייַנע ליבע באַלעבאַטים. — דער גאַסט באַמערקט, ווי קאָסטענקאָ האָט אראָפּגענומען פון זייַן געלעגער די קאָלדרע און זי אריבערגעטראָגן אַהין, וווּ ס'איז געווען אויסגעבעט פאר אים.

— ניין, ניין... איך וועל נעמען מייַן פאַלטאָ. נישקאָשע, באַטאָג דינט זי מיר פאר א פאַלטאָ און באַנאַכט איז גאָר ניט שלעכט אויסצונוצן זי אַלס צודעק. זי איז א לאַנגע, א ברייטע, גאָר א ברייטע, כ'האָב זי געקויפט אין קראָקע. אָט זעט, ווי זי צעשפּרייט זיך אפן געלעגער. גלייבט מיר, זי איז א סאַך וואַרעמער, איידער אייַער קאָלדרע. — דער גאַסט נעמט ארויס פון דער זשילעט־קעשענע א קעמעלע, צעקעמט זיך דאָס בערדל און שמייכלט. — איר זעט, אָט דעם גאַרניטער האָט נאַדעזשדאַ קאָנסטאַנטינאָוונאַ מיר געהאָלפן אויסקלייַבן. א פּראָסטער, דאַכט זיך, אפן ערשטן קוק, נאָר א גאַנץ סאָלידער.

— ווער איז נאַדעזשדאַ קאָנסטאַנטינאָוונאַ? — פרעגט ליזע. — אייַער פרוי?

קאָסטענקאָ צעלאַכט זיך.

— איך האָב ניט געטראָפן? — האָט ליזע זיך פארלוירן.

— ניט געטראָפן. נאַדעזשדאַ קאָנסטאַנטינאָוונאַ איז לענינס פרוי און אַליין א רעוואָלוציאָנערקע, — דעקלערט קאָסטענקאָ. — ריכטיק האָב איך געזאָגט?

— ריכטיק, ריכטיק.

— דערציילט אונדז וועגן לענינען, — בעט קאָסטענקאָ.

— לענין... — פעטראָווסקי טוט א קוק מיט שמייכלענדיקע אויגן אפן קיִעווער ארבעטער. — מיך וווּנדערט: לענין וווינט אין קראָקע — ווייַט פון פעטערבורג, און דאָך איז ער אין אייניקע פראַגעס א סאַך מער באַהאַוונט, איידער מיר, אין פעטערבורג. לענין באַקומט א ברייטע אינפאָרמאַציע פון די גרעסטע אינדוסטריעלע שטעט אין רוסלאַנד. ער האָט מיך געפרעגט וועגן קיִעוו. אָט דערציילט מיר, וואָס טוט זיך עס בא אייַך ארום ביילּיסן? לענין האָט זיך שטאַרק אינטערעסירט מיט אָט דעם איניען. צו אונדז קיין פעטערבורג דער־גייען פארשיידענע ידיעות אין שייַכעס מיטן דערמאָרדן דעם שילער אַנדריי יושטשינסקי. נאָר זאָל אָף הייַנט זייַן גענוג, מייַנע גאַסטפרייַנטלעכע באַלעבאַטים, מע דאַרף זיך לייגן שלאָפן. וויפל אַזייגער גייט איר אָף דער ארבעט, קאָסטענקאָ?

— מיטן טאָג גלייַך. ס'הייסט ארום זיבן אַזייגער. האַלב אַכט שטיי איך שוין בא דער מאַשין.

— און וויפל איז איצט דער זייגער? — פרעגט פעטראָווסקי און באַטראַכט די ווענט פון דער שטוב. ניט געפונען קיין זייגער, כאַפּט ער שולדיק א קוק אָף די באַלעבאַטים.

— איך האָב געזאָגט מייַן פעטראָ, אז מיר דאַרפן זיך אייַנשאַפן כאָטש עפּעס א ציבעלע־זייגער. איך בלייַב מיטן קינד אַליין אין דער היים און ווייס קיינמאָל ניט די צייַט.

— נישקאָשע, נישקאָשע, וואַשע וועליטשעסטוואָ, גאָספּאָדין ראַבאָטשי קלאַס[1], ווי ס'פּלעגט זאָגן מייַנער א כאַווער אפן בריאַנסקער זאַוואָד, מיר וועלן נאָך האָבן גוטע זייגערס. פון דער פירמע פּאַוועל בורע, — האָט געזאָגט פעטראָווסקי און זיך צעלאַכט. מיט אים האָבן מיטגעלאַכט די יונגע באַלעבאַטים.

— ...וואַשע וועליטשעסטוואָ ראַבאָטשי קלאַס... — האָט איבערגעכאַזערט קאָסטענקאָ. — ס'איז קאָמיש...

קאָסטענקאָ האָט געוואָלט דערווייַזן פעטראָווסקין, אז בנוגע דעם ארבעטער־קלאַס קאָן מען אַזוי ניט זאָגן, אָבער פעטראָווסקי האָט געהאַלטן, אז ס'איז א גוטער אייַנפאַל, עס גיט אָנצוהערן, אז דער ארבעטער־קלאַס איז דער עמעסער באַלעבאָס פון אַלץ.

פעטראָווסקי האָט ארויסגענומען זייַן קעשענע־זייגער, אָפּגעטשעפּעט דאָס קייטעלע פון דער זשילעט־קעשענע און אַוועקגעלייגט דעם זייגער אפן טיש. דאָ האָט ער באַמערקט דאָס לערנביכל „ראָדנאָיע סלאָוואָ"[2] פונעם באַרימטן פּעדאַגאָג אושינסקי.

— ווער לערנט עס לויט דעם לערנביכל?

— ליזע.

— לייענט זי שוין?

— יאָ, צוביסלעך.

קוקנדיק אפן לערנביכל, האָט פעטראָווסקי זיך דערמאָנט, וויאַזוי ער, א פּערצניאָריק באָ־

[1] אייַער מאַיעסטעט, ארבעטער־קלאַס.

[2] א לערנביכל פון דער רוסישער שפּראַך פאר דער אָנפאַנג־שול.

כערל, האָט זיך געלאָזט צופוס פון כאַרקאָוו קיין קאַטערינאָסלאַוו צום ברודער, וועלכער האָט געאַרבעט אַפן בריאַנסקער זאַוואָד. אין דעם זעלבן טאַרבעלע, וווּ ער האָט אַרײַנגעלייגט ברויט מיט ציבעלעס אַפן וועג, האָט ער אויך אַרײַנגעשטופּט זײַנע העפטן פונעם ניט־פאַרענדיקטן פערטן קלאַס, און אויך אושינסקיס צעפליקט לערנביכל, פונקט אַזאַ ביכל, וואָס ליגט איצט אַפן טיש באַם קיִווער אַרבעטער קאָסטענקאָ.

— וואָס האָט איר זיך פאַרטראַכט, גריגאָרי איוואַנאָוויטש?

פעטראָווסקי טוט אַ קוק מיט זײַנע גוטע אויגן אַף קאָסטענקאָן.

— דאָס דאָזיקע ביכל וואַרפט מיך אַריבער צו מײַנע קינדער־יאָרן, — האָט ער געזאָגט און זיך געגומען אויסטאָן.

קאָסטענקאָ און זײַן ווײַב זײַנען שוין געשלאָפן, דאָס צווייייאָריקע מיידעלע האָט זיך געדרייט אַף איר געלעגערל, נאָר פעטראָווסקי, אָן איבערפולטער מיט אײַנדרוקן פון זײַן רײַזע קיין קראָקע, האָט ניט געקאָנט אײַנשלאָפן. ער האָט געטראַכט וועגן דעם, וואָס ער וועט מאָרגן דער־ציילן די אַרבעטער וועגן לענינען, וועגן דער צײַטונג „פּראַוודאַ“, וואָס האָט אָנגעהויבן דערשײַנען אין פעטערבורג.

דעם אַנדערן טאָג אין אָוונט האָט מען זיך פאַרזאַמלט באַ פיאָדאָר גוסיעוון אין שטוב אַף דעמיִעווקע אין אַ טיף פאַרוקט געסל, וואָס האָט געטראָגן אַ סימבאָלישן נאָמען „אָסטאַראָזשנע“[1]. די שטוב איז געווען ווי אָנגעמאָסטן פאַר פיאָדאָר גוסיעווס קליינער מישפּאָכע, וואָס איז באַ־שטאַנען בלויז פון אים מיט זײַן פרוי — דער פאַשעטער שטוב־באַלעבאָסטע. פיאָדאָר ניקאָלײַע־וויטש אַליין האָט ליב געהאַט זיך וויצלען: „וואָס דאַרפן מיר, דיד דאַ באַבאַ[2], אַף דער עלטער?“ זומער־צײַט פלעגט די טאָכטער צושיקן פון אומאַן דאָס עלטערע אייניקל — אַ קרעפּטיק באָכערל מיט אַ פאַרברוינט פּענעמעל, אַ שילער פון דער צווייקלאַסיקער שול. פלעגט פיאָדאָר ניקאָלײַע־וויטש אים מיטנעמען מיט זיך אַף פישפאַנג. פיאָדאָרס ווײַב האָט אַפילע אַפט געוואָרטשעט, אומ־צופרידן געווען, וואָס זי דאַרף גאַנצע מעסלעסן זיצן איינע אַליין אין שטוב, ס'איז ניטאָ אַף וועמען אַפילע אַ בורטשע צו טאָן. און בורטשען איז די אַלטע שטענדיק אַ באַלן געווען. אָבער ווינטער? ווינטער איז די אַלטע זיך מעכײַע געווען, ווײַל נאָך דעם, ווי פיאָדאָר ניקאָלײַעוויטש קומט פון דער אַרבעט, זיצט ער מערסטנטייל אין דער היים.

דעם אָוונט האָט פיאָדאָר ניקאָלײַעוויטש זיך אומגעקערט פון זאַוואָד אָן אופגעלייגטער.

— שפּרייט אויס, פּראַסקאָוויאַ קירילאָוונאַ, דעם יאָמטעוודיקן טישטעך.

— וואָס איז באַ דיר פאַר אַ יאָמטעוו? — האָט די אַלטע געגומען פינטלען מיט די אויגן.

גאָרנישט ניט געענטפערט, איז פיאָדאָר ניקאָלײַעוויטש אַראָפּ אין קעלער, אופגעעפנט אַ פּריש פעסעלע מיט געזײַערטע קאַווענעס און אַרופגעטראָגן צוויי שיסעלעך מיט קײַלעכדיקע גרינבלעכע פּיירעס, וואָס האָבן געלאָזט פון זיך דעם ראַסל. דערנאָך האָט ער ווידער אופגעעפנט דאָס קעלער־טירל, טאַקע דאָ אין קיך אונטערן איוון, און אַרופגעטראָגן אַ פולן טעלער געזײַערטע פּאָמידאָרן. איצט האָט די אַלטע שוין מיט אַ געהעכערטער שטים געפרעגט:

— לאָמיך וויסן, פעדאַרושקאָ, וואָס איז אַף דיר אַזאַ סימכע?

— עך, פּאַראַסקאָ, פּאַראַסקאָ, דו ווייסט דאָך, ווי איך האָב ליב... ס'זאָל זײַן שאַ...

זי ווייסט שוין, די אַלטע, אַז פיאָדאָר אירער האָט ליב, מע זאָל מיט אים ריידן מיט אַ האַלב מויל.

— פּאַרט? — פרעגט זי אים מיט די אויגן. — ווער דאַרף קומען צו דיר?

— שוין איינמאָל אַ מענטש...

— פעדיושקאָ, זאָג, נעם ניט אַרויס די נעשאָמע.

— נאָר... — ער לייגט צו דעם ווײַז־פינגער פון דער רעכטער האַנט צו די ליפּן.

— אַניט קען איך דיך ניט, אָפּגעלעבט מיט דיר אַ לעבן אין שווײַגעניש, איך ווייס ניט, וואָס דו טוסט, וווּהין דו גייסט, וווּהין דו פאָרסט. איך ווייס גאָרניט... גאָרנישט ניט געזען און גאָרנישט ניט געהערט.

— אַזוי־אָ האָב איך דיך ליב, — צעלאַכט זיך פיאָדאָר ניקאָלײַעוויטש און די קנייטשיקלעך אַרום דער נאָז צעשמייכלען זיך. — וועל איך דיר זאָגן, פּראַסקאָוויאַ קירילאָוונאַ. איינער אַ דע־פּוטאַט פון דער דומע.

— אָ־אָ! וווּהין דו ביסט פאַרפאָרן! — בלאָזט אָן פּראַסקאָוויאַ קירילאָוונאַ דעם גוידער. זי גרויסט זיך מיט איר מאַן.

— וואָס דען האָסטו געמיינט, נאַכעס מײַנער, אַז פיאָדאָר גוסיעוו איז אַראָפּ פונעם מאַרק?

---

[1] „פּאָרזיכטיק“.
[2] זיידע־באָבע.

זי האָט גאָר אַזוינס ניט געמיינט און אַזוינס קיינמאָל ניט געקלערט וועגן איר פעדיען. כאָטש זי פאַרשטייט ווייניק אין זײַנע ביכלעך, וואָס ער ברענגט אַמאָל אַהיים, און קלײַבט זיך ניט פאַנאַנדער אין די בלעטלעך, וואָס זי האָט געפונען באַהאַלטן אַפן דעק פון דער סקריניע, האַלט זי דאָך שטאַרק פון אים און וויל ניט לײַדן, ווען ער טוט אַ זאָג וועגן זיך האַלב ערנסט און האַלב אין אַ שפּאַס, אַז ער האָט שוין זײַנס אָפּגעלעבט און טויג צו גאָרניט.

— מעגסט מיר פאַרטרויען, פעדיא, קענסט דאָך מיך שוין ניט איין יאָר.

— האָב איך דיר דאָך געזאָגט — אַ דעפּוטאַט פון דער דומע.

— אַזש פון דער גאָסודאַרסטווענע[1], צי פון דער קיִעווער? — וויל וויסן דאָס ווײַב.

— זעסטו, דאָס איז שוין פאַר דיר קיין כילעק ניט.

— זע נאָר, ווי מע דאַרף באַ אים קויפן אַ וואָרט.

— הער, און זע, און שווײַג... — האַקט אָפּ פיאָדאָר גוסיעוו, — עמעצער גייט, דאַכט זיך.

אין שטוב זײַנען אַרײַנגעקומען יאַקאָוו ראַטנער און אַנאַסטאַסיאַ שישאָוואַ.

— זיצט, זיצט, מײַנע ליבע געסט! — באַגעגנט זיי גוסיעוו, און פּראַסקאָוויאַ קירילאָוונאַ דערלאַנגט צוויי טאַבורעטקעס.

די געסט ווישן זיך און זעצן זיך שווײַגנדיק אַוועק.

ס'איז צוגעפאַלן דער פאַרנאַכט און גענומען אַפּמעקן די קאַנטן פון די ביימער הינטערן פענצטער. אַ שטומע טונקלקײַט האָט זיך אַרײַנגעשלײַכט מיט די אומנטיקע שאָטנס אין די קליינע צימערלעך פון דער וווינונג.

— עפשער דערווײַל אויפנעמען די באַרישניע? — איז פּראַסקאָוויאַ קירילאָוונאַ צוגעגאַנגען צום מאַן און זיך אָנגעבויגן צו זײַן אויער.

אין דער מינוט שטעלן זיך אַרײַן קאָסטענקאָ מיט נאָך עטלעכע אַרבעטער. פּראַסקאָוויאַ קירילאָוונאַ לאָזט זיך צו קאָסטענקאָן, מיט וועלכן זי פּילט זיך היימישער, און פרעגט שטיל:

— ווו איז דער מיט די געקרײַזלטע האָר?

— טימקען מיינט איר? ער וועט באַלד קומען.

— טימקע ווײַס? — מישט זיך אַרײַן פיאָדאָר ניקאָלײַעוויטש. — אָן אים באַגייען מיר זיך ניט. טאַקע ער דאַרף ברענגען אַהער דעם דעפּוטאַט. פאַרשטאַנען? — הייבט ער אויף די אויגן צום ווײַב.

אין פּאָדערהויז דערהערן זיך טריט. גוסיעוו האָט אָנגעצונדן אַ שוועבעלע און באַלויכטן דאָס פּאָדערהויז.

— קומט אַרײַן, דאָבראָ פּאָזשאַלאָוואַט[2], גריגאָרי איוואַנאָוויטש!

פיאָדאָר ניקאָלײַעוויטש האָט אויסגעשטרעקט די האַנט:

— גיט מיר אַהער אײַער פּאַלטאָ.

פּעטראָווסקי האָט אויסגעטאָן די פּאַלטאָ, טימקע ווײַס האָט אַפּגיך זי איבערגענומען און אַרויס אין פּאָדערהויז אָפּטרייסלען דעם שניי.

דערהערט, ווי מע טרייסלט אָפּ דעם שניי פון זײַן מאַלבעש, האָט פּעטראָווסקי האַסטיק זיך אַ לאָז געטאָן אין פּאָדערהויז, צוגענומען די פּאַלטאָ פון טימקעס הענט, אַרופגעוואָרפן זי צו זיך אַף איין האַנט, און מיט דער צווייטער אויסגעטרייסלט דעם יאַלעם, וואָס איז אויך געווען פאַרשאָטן מיט שניי. אומגעקערט זיך אין צימער, האָט ער געזאָגט:

— הערט אויס, כאַווײרים, איך בין טאַקע אַ גאַסט באַ אײַך, אָבער קיין פּאַרעץ בין איך קיינמאָל ניט געווען.

— דאָס איז פּאַשעטע העפלעכקײַט, גריגאָרי איוואַנאָוויטש, — פאַרענטפערט זיך פיאָדאָר גוסיעוו.

באַוויזן פון גוטע געפילן צום גאַסט, האָט די באַלעבאָסטע פון שטוב אים צוגעטראָגן אַ שיסעלע מיט געזײַערטע קאַווענעס און געזאָגט:

— פאַרזוכט, גריגאָרי איוואַנאָוויטש, אונדזערע אַרבוזן. אַליין זיי געזײַערט, מיט מײַנע אייגענע הענט. פיאָדאָר איז דאָך שטענדיק פאַרנומען.

דער מאַן האָט בייז אַ קוק געטאָן אין איר זײַט.

— וואָס איז, כ'האָב שוין ווידער געזאָגט עפּעס ניט וואָס מע דאַרף?..

— ניין, גאַט באַוואַר, באַלעבאָסטעניו, איר האָט זייער גוט געזאָגט. איך וועל אוודע פאַרזוכן, — פּעטראָווסקי האָט דערבײַ צוגעשאָקלט מיטן גרויסן קאָפּ. די שוואַרצע פּײַכטע אויגן האָבן געשמייכלט.

---

[1] מעלוכישער.

[2] ווילקאָמען.

פיאָדאָר ניקאָלײַעװיטש האָט אװעקגעשטעלט אױפֿן טיש אַ זידנדיקן סאַמאָװאַר. פֿון דער פֿײַערקע האָבן אַרױסגעקוקט האַלב־באַלױכטענע לעכעלעך.

בײַ אַ גלעזל טײ האָט פּעטראָװסקי דערצײלט װעגן דער פּאַרטײ־קאָנפֿערענץ אין קראָקע.

— װי אַזױ זעט אױס לענין? — האָט געפֿרעגט ראַטנער און צוגערוקט זיך נעענטער צום גאַסט.

פֿאַר פּעטראָװסקין איז די פֿראַגע געװען אומדערװאַרט. ער האָט עטװאָס זיך פֿאַרטראַכט, דערנאָך גוטמוטיק זיך צעשמייכלט.

— װי זאָל איך אײַך זאָגן... — האָט ער אָנגעהױבן. — קײן פּאָרטרעטן קען איך ניט מאָלן. לענין איז אַ מיטלװוּקסיקער, אַ בלאָנדער, אײגנטלעך, אַ טונקל־בלאָנדער, מיט אַ גרױסן שטערן און טיפֿע װינקלען. ער קוקט אױף אײַך מיט זײַנע קלוגע אױגן און זעט, װאָס אױפֿן דנאָ פֿון אײַער נעשאָמע טוט זיך. דאָרט איז געװען אַ מענטש, װאָס װאַקלט זיך צװישן באָלשעװיזם און מענשעװיזם...

— מאַרטאָװ? — שטעלט אַרײַן זײַן װאָרט דער אַלטער גוסיעװ.

— נײן. מאַרטאָװ איז ניט געװען אױף דער קאָנפֿערענץ. װי קומט ער אַהין? ניט װיכטיק דער נאָמען פֿון יענעם, װאָס האָט זיך געדרײט אױפֿן טעלער. האָט לענין עס גלײַך דערקענט. «Не виляйте»[1], — האָט ער געזאָגט. „איר שטײט אױף אונדזער ברעג, צי אױף יענעם, אױפֿן צװײטן, אױפֿן קעגנבערדיקן?“ — האָט לענין געפֿרעגט.

— װאָס זשע איז געװאָרן? — איז קאָסטענקאָ אומגעדולדיק.

— װאָס זאָל װערן? דער מענטש האָט גענומען פּלאָנטערן מיט דער צונג... — צעשמײכלט זיך פּעטראָװסקי. — לענין האָט פֿון אים זיך אָפּגעקערעװעט. אָט אַזאַ איז לענין.

פּעטראָװסקי האָט דערצײלט װעגן דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פֿראַקציע אין דער דומע, װעגן די פֿראַגן, װאָס די פֿראַקציע הײבט אױף. אָט, למשל, די פֿראַגע פֿון אַרבעטער־סטראַכירונג. אַלע אַרבעט־מענטשן זײַנען דערין פֿאַראינטערעסירט. פֿאַראַיאָרן יון האָט די רעגירונג אַרױסגעגעבן אַ געזעץ װעגן סטראַכירונג פֿאַר אַרבעטער אין פֿאַל פֿון אומגליק־צופֿאַלן אױף די אונטערנעמונגען. אינדערעמעסן האָט דער דאָזיקער געזעץ ניט פֿאַרבעסערט, נאָר פֿאַרערגערט די לאַגע פֿון די אַרבעטער. האָבן מיר, די אַרבעטער־דעפּוטאַטן, געמאַכט אַן אָנפֿראַגע אין דער מעלוכע־דומע. אָבער דאָרטן, דאַרפֿט איר װיסן, אין דער דומע, װיל מען ניט װיסן פֿון אונדזערע נױטן און באַדערפֿענישן. אָט זיץ איך צװישן אײַך, פֿיל, װי אײַערע הערצער קלאַפּן צוזאַמען מיט מײַן האַרץ. און דאָרטן, אױף דער טריבונע אין דער דומע, רײַסט אונדז איבער דעם פֿאָרזיצערס װאָרענונג־גלעקל און עס שטערן אונדז רײדן די דעפּוטאַטן־פֿאַבריקאַנטן, דעפּוטאַטן־גאַלאָכים, דעפּוטאַטן־פּריצים...

זײער צוטריטלעך, מיט פּראָסטע װערטער האָט פּעטראָװסקי גערעדט. אַלע האָבן געשלונגען זײַנע װערטער.

עס האָבן שױן פֿון לאַנג זיך אױסגעשאָטן די לעצטע אַש־פֿינטעלעך און זיך אַװעקגעלײגט אױף דער טאַץ אונטער דעם אױסגעקילטן סאַמאָװאַר, נאָר מ׳איז נאָך אַלץ געזעסן.

נאַסטיע האָט דערצײלט, אַז אױף אַ סך קיִעװער אונטערנעמונגען רױשט זיך מיטן מאָרד פֿון אַנדרײ יושטשינסקי. דערױף האָט פּעטראָװסקי געזאָגט:

— איך האָב נעכטן דערצײלט קאָסטענקאָן, װי לענין האָט זיך אינטערעסירט מיט אָט דער שװידערלעכער געשיכטע. לענין װעט געװיס שרײַבן װעגן דעם שענדלעכן פּראָצעס, װאָס די רוסישע רעגירונג גרײט.

— מיר האָבן, גריגאָרי איװאַנאָװיטש, אָנגעשריבן אַן אױפֿרוף צו דער קיִעװער באַפֿעלקערונג... — די קורסיסטקע נעמט אַרױס אַ פּאַפּיר און באַװײַזט פּעטראָװסקין.

גריגאָרי איװאַנאָװיטש לײענט אױפֿמערקזאַם איבער דעם אױפֿרוף.

— און מיר דאַכט זיך, — זאָגט ער, — אַז קײן פּאַראַלעלע װענדונגען דאַרף מען ניט. בעסער פֿאַרשפּרײטן קאָראָלענקאָס אױפֿרוף צװישן דער באַפֿעלקערונג.

ראַטנער און שישאָװ קוקן זיך איבער.

— צוליב װאָס דאַרפֿט איר אַ נײַעם? דאָרטן איז אונטערגעשטריכן די פּראָגרעסיװע רוסישע אינטעליגענץ. עמעס, אײן זאַך פֿעלט דאָרט: מע דאַרף אױפֿקלערן דעם פֿאָלק, אַז די רוסישע רעגירונג נוצט אױס דעם אָבערגלױבן, דעם ליגן און דעם בילבול אױף ייִדן, קעדײ אָפּצוציִען די אױפֿמערקזאַמקײַט פֿון דער רעװאָליוציאָנערער באַװעגונג. אָט דעם װיכטיקן פּונקט דאַרפֿט איר אַלע מאָל אונטערשטרײַכן.

— מיר טוען טאַקע אַזױ, גריגאָרי איװאַנאָװיטש, — רופֿט זיך אָן קאָסטענקאָ.

---

[1] געמײנט: דרײט זיך ניט אױפֿן קאָרעק.

— און דערפֿאָלג האָט איר?

— ווי אמאָל. אָפּטמאָל קומט אויס זייער שווער.

— געדולד און נאָכאמאָל געדולד. אנדערש קאָן מען ניט געווינען דעם צוטרוי פונעם פֿאָלק, באזונדערס בא מענטשן אָבערגלויביקע. אָבערגלויבן איז ווי א פּאַרזשאַוועטער צוויאַק אינעם באַוווסטזיין. מע דאַרף מיט פּראָסטע, צוטריטלעכע ווערטער דערציילן, אַז אונדזערע עמעסע סאָנים זײַנען ניט די מאַלאַראָסן, טאַטערן, יידן, ווי די רעגירונגס־אַגענטן ווילן אײַנריידן די פֿאָלקס־מענטשן, נאָר די זעלבסטהערשונג, די מיניסטאָרן, זשאַנדארמען, טשינאָווניקעס... בא אײַך אין אוניווערסיטעט זײַנען פֿאַראַן סאָציאַל־דעמאָקראַטן? — ווענדט זיך פּעטראָווסקי צו ראַטנערן.

— פֿאַראַן, נאָר זייער ווייניק.

— ווייניק? פֿאַרוואָס?

— ווײַל די „סאָיוזניקעס” האָבן א גרויסע ווירקונג.

— און די פּראָפעסור? — פֿרעגט פּעטראָווסקי.

— די פּראָפעסור... א סאַך ווילן זיך ניט אַרײַנמישן אין פּאָליטיק.

— מע דאַרף זײַן דרייסטער. אָט איר, אַשטייגער, העלר סטודענט, קענט עמעצן פֿון דער פּראָפעסור? — פּעטראָווסקי לייגט פֿרײַנטלעך אַרוף זײַן האַנט אף ראַטנערס אַקסל. — איר האָט אמאָל געפּרוווט מיט אײַערן א נאָענטן פּראָפעסאָרריידן וועגן אונדזערע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּרינציפּן, וועגן קאַמף קעגן די „סאָיוזניקעס”?

— איך בין איין מאָל דורכגעפֿאַלן מיט איינעם א פּראָפעסאָר פֿונעם פּאָליטעכנישן אינ־סטיטוט...

פּעטראָווסקי שלאָגט אים איבער:

— איר זײַט, דוכט זיך מיר, א סטודענט פֿונעם מעדיצינישן פֿאַקולטעט אין אוניווערסיטעט? מיטן פּראָפעסאָר שאַבאַנאָוו זײַט איר אין גוטע באַציִונגען?

— איר קענט שאַבאַנאָוון? — רײַסט זיך אַרויס באַם סטודענט.

— כ׳האָב, אַלנפֿאַלס, געהערט, אַז ער איז קעגן די „סאָיוזניקעס”. דאָס איז שוין א גוטע פּאָזיציע פֿאַר אונדז.

— יאָ, ער איז פֿון די פּאָרגעשריטענע פּעדאַגאָגן.

— מיר דאַכט, אַז מיט אים איז ניט געפֿערלעך פֿאַרפֿירן א שמועס.

ראַטנערן איז געווען ניט אָנגענעם, דעריקער פֿאַר נאַסטיען, וואָס אָט, א פֿרעמדער מענטש קלײַבט זיך פֿאַנאַנדער אין די איניאָנים פֿון אוניווערסיטעט בעסער פֿון אים. ער האָט באַמערקט, ווי שישאָווא האָט עטלעכע מאָל געוואָלט אים פֿאַרענטפֿערן פֿאַר גריגאָרי איוואַנאָוויטשן, נאָר עפּעס, ווײַזט אויס דאָס געפֿיל פֿון טאַקט, האָט זי אָפּגעהאַלטן דערפֿון.

איינציקווײַז האָבן פֿון גוסיעווס שטוב אינעם פֿאַרוואָרפֿענעם געסל אף דעמיִעווקע זיך אַרויסגעגליטשט אין דער פֿינצטערניש מענטשן. אין פֿאַרכמאַרעט־פֿאַרשנייטן דרויסן איז פּעט־ראָווסקין אופֿגעקומען אפֿן דימיען דער גרויסער זאַל אין טאַווּרישן פּאַלאַץ מיט די פֿרעמדע, פֿײַנטלעכע פּענעמער. דאָ זײַנען מיט אים געווען אנדערע מענטשן — אייגענע מענטשן, אף וועלכע ער שטיצט זיך אין זײַן טאָגטעגלעכן לעבן...

## פּעטראָווסקיס אַרויסטרעטונג אין מעלוכע־דומע

יענער טאָג איז אין פּעטערבורג געווען א הייסער, מ׳קאָן זאָגן אפֿילע א מעסוקן הייסער. ס׳איז געווען שווער צו אָטעמען. כאָטש ס׳איז ערשט געווען אָנהייב יוני — לויט דער אַלטער צײַט־רעכענונג דער 20 מײַ — איז די היץ געשטאַנען שוין עטלעכע טעג נאָכאַנאַנד. הונדערטער און טויזנטער אײַנוווינער האָבן פֿון גאַנצפֿרי אָן געזוכט א קיל אָרט אף צו מעכײַע זײַן די נע־שאָמע און זיך געלאָזט הינטער דער שטאָט. אף די שטענדיק טומלדיקע גאַסן האָט מען זעלטן געזען א פֿאַרבײַגייער.

ניט געקוקט אף דער שרעקלעכער היץ אין שטאָט, זײַנען אין טאַווּרישן פּאַלאַץ פֿאַרגעזעצט געוואָרן די דעבאַטן אין דער דומע. די דעפּוטאַטן האָבן דאָ אף קיין האָר ניט געליטן פֿון דער שווערער לופֿט אין שטאָט, צענדליקער ווענטיליאַטאָרס, צעשטעלט אין זאַל און אין די קאָלוירן, האָבן לינדער געמאַכט די לופֿט.

א וויכטיקע זיצונג איז געגאַנגען. די דומע האָט באַהאַנדלט די סמעטע פֿונעם מיניסטעריום פֿאַר אינערלעכע איניאָנים: וויפֿל וועט די רעגירונג אויסטיילן מיטלען, צונויפֿגעזאַמלטע בא דער

באַפעלקערונג דורך שטײַערן און טשינשן, אַף אויסצוהאַלטן די פּאָליציי, די זשאַנדאַרמעריע, די אָכראַנקע — די טפּיסעס, קאַטאָרגע־ערטער, די אַלע אַנשטאַלטן, וואָס העלפן האַלטן אין פּאַכעד, מוירע און אונטערטעניקײַט די פעלקער, וועלכע באַוווינען דאָס גרויסע לאַנד.

באַם באַהאַנדלען די פראַגע וועגן די הויצאָעס פונעם מיניסטעריום פאַר אינערלעכע איניאָנים האָבן זיך, ווי אַף אַ לאַקמוס־פּאַפּירל, אַנטפּלעקט די ווירקלעכע פּאָזיציעס פון די דעפּוטאַטן־גרופּעס. די רעכטע גרופּעס — די נאַציאָנאַליסטן, צענטריסטן, אָקטיאַבריסטן, קאַדעטן־ליבעראַלן, די גײַסטלעכע — האָבן אונטערגעהאַלטן די רעגירונג אין אירע פּאָדערונגען צו באַשטעטיקן די סמעטע פאַר דעם מיניסטעריום, וואָס איז באַרופן צו היטן די צאַרישע אָרדענונג אין לאַנד.

— טורמעס דאַרף מען בויען, — האָט פּאַטעטיש אויסגערופן איינער פון די רעכטע דעפּוטאַטן, — ניט בלויז פאַר קרימינעלע פאַרברעכער, נאָר אויך פאַר די, וואָס שטערן די געזעלשאַפטלעכע רו, די אײַנגעשטעלטע אָרדענונג, וואָס איז געגעבן פון גאָט אַליין און פון זײַן פאַרשטייער אַף דער ערד — דעם גאָטגעזאַלבטן אימפּעראַטאָר ניקאָלײַ אַלעקסאַנדראָוויטש...

פורישקעוויטש האָט זיך אופגעשטעלט אַף דער באַנק און אַ צעהיצטער געפּאַטשט בראַוואָ, זײַנע גרויסע קײַלעכיקע אויגן האָבן געבערענט פון באַגײַסטערונג. דער נאַקעטער קאָפּ זײַנער האָט געגלאַנצט. ער האָט עפּעס אויסגעשריִען מיט אַ ריטשענדיק־קוויטשענדיקער שטים. די מערהײַט דעפּוטאַטן איז שוין געוווינט צו זײַנע מעשונעדיקע אויסגעשרייען, האָט מען דעריבער אַפילע זיך ניט אומגעקוקט אַף אים. נאָר אַלצייטנס האָט ער זײַנס אויסגעשריִען, ווי אַ ליאַלקע מיט אַן אַנגעדרייטן מעכאַניזם, וואָס ביז ער גייט ניט אויס, הערט ניט אוף דאָס געפּילדער.

פאַר דעם דעפּוטאַט פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פראַקציע גריגאָרי איוואַנאָוויטש פּעטראָווסקי איז געלעגן דער טעקסט פון זײַן רעדע אַף דער זיצונג. די הויפּט־טעזיסן האָט נאָך אַף דער קראָקער באַראַטונג צוגעגרייט וולאַדימיר איליטש לענין.

פּעטראָווסקי לויפט דורך מיט די אויגן דעם טעקסט. עפּשער קירצן? מע וועט דען לאָזן אים אַזויפיל ריידן? ער דערמאָנט זיך, ווי מ'האָט אים ניט געלאָזט ריידן, בייס ער איז אַרויסגעטראָטן וועגן דעם סטראַכירונגס־געזעץ. ביז איצט קלינגען אים אין די אויערן די אויסרופן פון די רעכטע דעפּוטאַטן. ער האָט דעמלט מיט שטאָלץ געזאָגט צו די צעבייזערטע פּריצים: „עפּשער איז מײַן רעדע ניט אַזוי עלאַסטיש, זי וועט עפּשער ניט מיטווירקן, אײַער מאָגן זאָל קאָנען איבערקאָכן דאָס, וואָס איך דערצייל דאָ פון דער הויכער טריבונע. נאָר עס האָט מיך אהער געשיקט די יעקאַטערינאָסלאַווער גובערניע, און איך האָב צוגעזאָגט מײַנע ווײַלער, אַז איך וועל דערציילן דעם וואָרן עמעס. די ווײַלער מײַנע האָבן צו מיר געטײַנעט: „גיי און רייד וועגן אונדזערע לײַדן, שרעק זיך ניט, אויב מע וועט דיך וועלן אויסלאַכן, זאָג דעם עמעס אין די אויגן, ווי ביטער ער זאָל ניט זײַן פאַר די אויסגעפּאַשעטע דעפּוטאַטן...“

אויך איצט, אָט באַלד וועט ער וואַרפן דעם עמעס אין פּאָנעם אַרײַן די אַלע, וואָס זיצן אַזוי פּריציש־צעלייגט אין אָט דעם גרויסן און צעשטורעמטן זאַל.

דער פּאָרזיצער האָט זיך איבערגעבויגן צום זאַל און געגעבן דאָס וואָרט דעם אַרבעטער־דעפּוטאַט.

— מיך האָבן באַופטראָגט מײַנע ווײַלער צו זאָגן עטלעכע ווערטער וועגן דער פּאָזיציע, וואָס מיר פאַרנעמען אין דער נאַציאָנאַלער פראַגע, און וויאַזוי מיר באַציִען זיך צו דעם מיניסטעריום פאַר אינערלעכע איניאָנים, — האָט פּעטראָווסקי אָנגעהויבן. — די נאַציאָנאַלע פראַגע אין רוסלאַנד האָט אַ גוואַלדיקע באַדײַטונג. איינער פון די העלדן פון דער מעלוכע־איבערקערעניש דעם דריטן יון און דער העלד פון דער קאָנטררעוואָלוציאָנערער פּאָליטיק — סטאָליפּין האָט אַלץ געטאָן, קעדיי צו פאַרמאַסקירן יעטווידע אונטערדריקונג... — באַ די ווערטער האָט דעם פּאָרזיצערס גלעקל אַ גרילץ געטאָן אין פּעטראָווסקיס אויערן, אָבער ער האָט זיך אַפילע ניט אומגעקוקט.

— דאָס האָט ער, סטאָליפּין, אויסגעפונען די פּאַרטיי פון דוואָריאַנעס־נאַציאָנאַליסטן, וועלכע פאַרנעמט ביז הײַנטיקן טאָג דאָס גרעסטע אָרט אין דער איצטיקער שוואַרצער דומע, און האָט געשאַפן די אַזויגערופענע „נאַציאָנאַלע“ פּאָליטיק, וואָס איז ביז הײַנטיקן טאָג דער הויפּט־פונקט פון דער רעגירונגס־פּראָגראַם. די רעכטע פּאַרטייען באַוווילִיקן די גוואַלדטאַטן קעגן אַזעלכע פעלקער, ווי די פינען, יידן, פּאָליאַקן און אוקראַיִנער, קעגן די טאָטערן, אַרמענער, קירגיזן, באַשקירן, לעטן און אַנדערע. ס'איז גאַנץ נאַטירלעך, אַז באַם באַהאַנדלען די סמעטע פונעם מיניסטעריום פאַר אינערלעכע איניאָנים — דעם וויכטיקסטן אויסדריקער פון דער אָפיציעלער נאַציאָנאַלער פּאָליטיק, וועל איך, אויספּילנדיק דעם אופטראָג פונעם סאָציאַל־דעמאָקראַטישן פּראָלעטאַריאַט, וואָס האָט מיך אהער געשיקט, אײַך זאָגן, וויאַזוי עס באַציט זיך דערצו דער פּראָלעטאַריאַט פון גאַנץ רוסלאַנד. אין יעקאַטערינאָסלאַוו, אַשטייגער, לעבן

מערער פון זיבן צענטל אוקראַינער, וועלכע מע רופט אָן אף דער אָפיציעלער שפראך — מאלאַראָסן...

— כאַכלי! — לאָזט זיך הערן דאָס קאָל פון מארקאָוו דעם צווייטן, אָדער, מעגלעך, פון פורישקעוויטשן.

— איך בין דער פאָרשטייער פונעם פראָלעטאריאט פון יעקאטערינאָסלאווער גובערניע, ווו עס וווינט איינס פון די סאמע אונטערדריקטע און געפלאָגטסטע פעלקער מיצאד דער רעגירונג. גרויסרוסן זײַנען אין רוסלאַנד פאראן אינגאנצן דרײַ און פערציק פּראָצענט, דאָס הייסט, ווייניקער ווי א העלפט פון דער גאנצער באפעלקערונג, און די איבעריקע באפעלקערונג פון רוסלאַנד, די אנדערע פעלקער, וואָס זײַנען א מערהײַט, האָבן נישט קיין רעכט און קיין מעגלעכקײַט צו ריידן אף זייער אייגענער שפראך און ווערן געפּלאָגט און אונטערדריקט. מע קאָן זאָגן, אז צום גרויסרוסישן נאציאָנאליזם און פריצישן פאטריאָטיזם איז ניט בלויז אין אייראָפּע, נאָר אויך אין דער גאנצער וועלט קיין גלײַכן ניטאָ. אין ערגעץ ניט אפן גאנצן ערדקײַלעך איז ניט פאראן אזא ווילדע מיטלאלטערלעכע דערשײַנונג, ווי די יידישע „טשערטא אָסעדלאָסטי“...[1]

א גרילצנדיק קאָל רײַסט זיך ארויס ערגעץ פון די בענק, ווו עס זיצן די רעכטע דעפּוטאטן:

— מיר גראטולירן אײַך! א נײַער שאבעס־גוי האָט זיך באוויזן אין דער דומע — דער סאָציאַל־דעמאָקראט פעטראָווסקי.

פעטראָווסקי האָט א גאליקן קוק געטאָן אין דער זײַט פון די רעכטע און פאָרגעזעצט:

— מיליאָנען בירגער זײַנען פארורטיילט אף רעכטלאָזיקײַט, אף כויזעק מיצאד די מאכט־האָבער. בלויז אין אזא פארשאָלטענער סוויווע האָבן אפן גרונט פון דער עקלהאפטער לײַב־אייגנטימערישער אָרדענונג געקאָנט אופקומען אזעלכע אומפארשעמטע עקלהאפטע פּראָצעסן, ווי דער ביילים־פּראָצעס...

ווידער אויסרופן:

— שאבעס־גוי!

— קאָראָלענקאָס א ברודער!

— ביידע זײַנען זיי מאלאַראָסן, כוצפעדיקע כאָכאָלן!

עס לאָזט זיך הערן דעם פאָרזיצערס גלעקל.

דער רעדנער אף דער טריבונע זעצט פאָר:

— באזונדערס פארפאָלגט מען די סלאווישע נאציעס: די ווײַסרוסן, אוקראַינער, פּאָליאקן. די שווארצמייעניקעס און זייערע לאקייען זאָגן, אז רוסלאַנד איז א סלאווישע מעלוכע. דערפאר, ווײַל דאָ, אין דער דאָזיקער גרויסער מעלוכע, פּראקטיקירט מען אונטערדריקונגען פון סלאווישע פעלקער, ארעסטן, אונטערזוכונגען, שטראפן, פּאָליצייישע פארפאָלגונגען פאר דערלערנען בעסאָד די מוטערשפראך. זאָגט מיר, איך בעט אײַך, ווו נאָך, כוץ אין רוסלאַנד, נאָך אין א וועלכן לאנד טרעפט מען אזא דערשײַנונג? ס'איז בלויז גענוג צו מעלדן, אז מע וויל דורכלייענען א לעקציע אף דער אוקראַינישער שפראך, ווי די לעקציע ווערט גלײַך פארבאָטן, כאָטש אין איר איז ניט פאראן קיין פּאָליטישע אָדער קרימינעלע מאָמענטן, גאָרניט קיין אנטיגעזעצלעכס. אין מײַן יעקאטערינאָסלאווער גובערניע איז גענוג אויסצורײדן אן אוקראַיניש וואָרט, אז דער ריכטער זאָל דיך גלײַך אנערקענען אלס אזעלכן, וואָס העצט קעגן דער רעגירונג.

בייס די ציווילוזירטע לענדער אין דער וועלט פארמעסטן זיך אין פראט פון פאָלקס־בילדונג, קעדיי צו ראטעווען זיך פון אומקום און פון צעפוילונג, ווערט אין רוסלאַנד פארפאָלגט די שטרע־בונג צו גראמאָטנעקײַט און סלאווישע פעלקער ווערן פארפאָלגט פאר וועלן באקומען בילדונג אף זייער מוטערשפראך.

דער הער פאָרזיצער פון דער בודזשעט־קאָמיסיע האָט אין זײַן רעדע געזאָגט, אז די גרעסטע סומע פון אונדזער בודזשעט — העכער דרײַ מיליארד — ווערט צונויפגעזאמלט באם אָרעמסטן טייל באפעלקערונג פאר רייכערן מאכאָרקע, פאפּיראָסן, פאר ניצן שוועבעלעך און נאָך אזעלכע סכוירעס, וואָס, ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט, עס געברויכט דער נידעריקסטער קלאס, און פון אָט די דאָזיקע גראָשנס איז צונויפגעשטעלט געוואָרן דער בודזשעט. באנאנד דערמיט האָט דער פאָרזיצער פון דער בודזשעט־קאָמיסיע דערציילט, אז די פערזענלעכע און אייגנטום־זיכערקײַט פון דער באפעלקערונג איז ניט אינגאנצן באוואָרנט. אף וואָס האָט ער עס אָנגעדײַט? עפשער דערוף, אז מיר האָבן ווייניק פּאָליציי און מע דארף מער אגענטן, מער טורמעס — ער האָט ניט געזאָגט אף זיכער.

מײַנע הערן, די פּאָליטיק פונעם מיניסטעריום פאר אינערלעכע איניאָנים, די פּאָליטיק פון די הערן מארקאָווס און פורישקעוויטשעס אין רוסלאַנד האלט דעם סלאווישן פויער אין א סאך א גרעסערער ווילדקײַט, איידער אמעריקע האלט די נעגערס.

---

[1] טכום־האַמוישעוו.

...דער פוילישער דעפוטאט מאציעוויטש פראטעסטירט ניט בלויז קעגן רעליגיעזן דרוק, וואס אונדזער רעגירונג ווענדט אן. ער האט אויך פראטעסטירט קעגן דעם נאציאנאלן דרוק. אבער, הערן פוילישע דעפוטאטן! מיט וואס פאר א מאס איר גייט צו, מיט אזא מאס מעסט מען אויך אייך. אויב איר דערלאזט בא זיך אין פוילן רעדיפעס אף יידן, איז ווי קאנט איר פראטעסטירן קעגן נאציאנאלן דרוק? צוליב וואס האט איר גענומען העצן קעגן די יידן נאך די וואלן בא אייך אין פוילישן קאנט?.. אייערע פראטעסטן וואלטן געהאט א ווערט און וואלטן געווען אופריכטיק, ווען איר, הערן דעפוטאטן, וואלט זיך אפגעזאגט פון דעם נאציאנאליזם, מיט וועלכן איר העצט און רודעפט די יידן אין אייער קאנט...

ווידער דערהערן זיך צווישנרופן.

איינזאם איז געזעסן ערגעץ צווישן די קאדעטן דער יידישער דעפוטאט פרידמאן און זיך צוגעהערט צו פעטראווסקיס רייד. בעשאס דער ארבעטער־דעפוטאט האט דערמאנט בייליסן און די טרויעריקע לאגע פון די יידן, האט פרידמאן א קלער געטאן: „וויאזוי דער דאזיקער סאציאל־דעמאקראט רעדט עס וועגן אונדזער פאלק!.. ער טוט עס בעסער, איידער איך, אדער ווי ניסעלאוויטש פלעגט עס טאן... דער איקער — ווירקעוודיקער... מע קאן מיינען, אז דער ארבע־טער פון יעקאטערינאסלאוו פעטראווסקי שטעלט פאר די יידן אין רוסישן פארלאמענט און ניט איך, פרידמאן נאפטאל מארקאוויטש, דער „פריסיאזשני פאווערעני" פון קאוונער גוברניע".

א טיפער פארדראס אף זיך אליין באהערשט פרידמאנען, ער קוקט זיך איין אין פעטראווסקין, אין זיין פאנעם, וואס קאן זיין אי צארנדיק, ווען ער רעדט וועגן זיינע קעגנער, אי מילד, ווען ער רעדט וועגן זיינע ארבעטער־ברידער, וועגן די אונטערדריקטע פעלקער פון רוסלאנד.

ניט געקוקט אף די צווישנרופן מיצאד די רעכטע, זאגט פעטראווסקי ארויס דעם גאנצן עמעס, ער דעקט אים אוף, ווי מיט א שארפן סקאלפעל, און ניט ווילנדיק הערט אים די גאנצע דומע.

פעטראווסקי קוקט זיך אום אין דער זייט, וווּ עס זיצן די באלשעוויסטישע דעפוטאטן — באדאיעוו, סאמוילאוו, און ער דערפילט, ווי זיי האלטן אים אונטער, ער באמערקט עס לויט זייערע אופגעלייגטע פענעמער. באדאיעוו ווינקט צו אים מיט די אויגן, ווי ער זאל אים וועלן דערמאנענען, אז ער האט נאך ניט אלץ געזאגט. זיי האבן דאך אלע געלייענט די רעדע פריער.

פעטראווסקי גיסט זיך אן אין א גלאז א ביסל וואסער און זעצט פאר:

— די פראגע וועגן נאציאנאלן שאלעם אדער נאציאנאלן האס האט א וויכטיקע באדייטונג פאר דער רוסלענדישער דעמאקראטיע. בלויז פולשטענדיקע איינהייט פון דער דעמאקראטיע קאן ברענגען צו פאליטישער פרייהייט און זיכערן זי. נאציאנאלע העצע, וואס שוואכט אפ דעם קאמף פאר פרייהייט, איז אין די אינטערעסן פון די פריצים, אין די אינטערעסן פון דער רעאקציע. די גרעסטע מערהייט פון עכט־רוסישע גוטבאזיצערס, רעכטע, נאציאנאליסטן, אקטיאבריסטן און קאדעטן באטייליקט זיך האנט־בא־האנט מיט די יידישע און אויסלענדישע קאפיטאליסטן אין לוינבארע און פראפיטפולע אונטערנעמונגען. נעמט אלע גרעסטע זאוואדן, האנדלס־אונטערנעמונ־גען, וועט איר דארט געפינען פארשטייער פון די אלע נאציעס. און אין דער נאציאנאלער פאלי־טיק דערוויידערן זיי קעגן גלייכבארעכטיקונג. איר אנערקענט פולשטענדיק די גלייכבארעכטיקונג פון יידישן קאפיטאל מיטן רוסישן קאפיטאל, דעם פאטערלענדישן און פרעמדלענדישן קאפיטאל אין זין פון אונטערדריקן די ארבעטער...

— גענוג! — האט מען זיך צעפילדערט אף די בענק פון די רעכטע.

— הערן דעפוטאטן! — האט גערופן דעם פארזיצערס גלעקל. — לאזט דעם מיטגליד פון מעלוכע־דומע — דעם דעפוטאט פעטראווסקי פארענדיקן זיין ווארט.

אינעם טומל, וואס האט זיך אופגעהויבן, האט פעטראווסקי אנגעשטרענגט אלע קויכעס און פארענדיקט:

— דעם נאציאנאלן שאוויניזם, דער אינטערנאציאנאלער פאראייניקונג פון די קאפיטא־ליסטן וועלן די ארבעטער קעגנשטעלן זייער אינטערנאציאנאלע פאראייניקונג אין קאמף קעגן קאפיטאליזם, קעגן דער בורזשואזיע...

— מיר שטימען קעגן דער סמעטע פונעם מיניסטעריום פאר אינערלעכע איניאנים...

א פייפעריי און זידלעריי פון די רעכטע האט באגלייט דעם ארבעטער־דעפוטאט ביז צו זיין ארט.

א שטאלצער, א צופרידענער, וואס ער האט אויסגעפילט דעם אנזאג פון זיינע ווילער, האט גריגארי איוואנאוויטש פאמעלעך געשפאנט צו זיינע פריינט און מיטקעמפער — די באלשעוויס־טישע דעפוטאטן פון דער דומע.

## ערעוו דעם פּראָצעס

אין יענעם יאָר איז דער סאָף סענטיאַבער אין קיִעוו געווען אַ טרוקענער, מיט זוניקע אָנווינ־טיקע טעג. אַ ליבע וואַרעמקייט האָט איינגעהילט די שטאָט און אַרומגעגאַרטלט אירע פּלעצער און גאַסן מיט לויטערע כיִעסדיקע זונען־שטראַלן, וואָס האָבן אַריינגעדרונגען ווו ערגעץ אַ שפּאַ־רונע, דורכגעשליפן מיט גאָלדיקער פרישקייט די בראָנזיק געוואָרענע קאַשטאַנען־ביימער און די זילבערנע טאָפּאָלן, צעשטעלטע, ווי וועכטער, לענגויס די טראָטואַרן און בולוואַרן־סטעזשקעס.

די איינוווינער פון דער פּרעכטיקער דאַרעמדיקער שטאָט איז אָבער ווייניק־וואָס אָנגעגאַנגען די אויסגעשפּילטע האַרבסטיקע שיינקייט. די שטאָט, קאָן מען זאָגן, האָט געלעבט בלויז מיט די אינטערעסן פונעם פּראָצעס, וואָס האָט געזאָלט די נאָענטסטע טעג זיך אָנהייבן אין קרייז־געריכט. די צייטונגען האָבן דערציילט, אַז דעם איניען וועגן דעם סוידעספּולן דערמאָרדן אַנדריי יושטשינסקין וועט מען אָנהיבן פאַנאַנדערקלייבן דעם פינף־און־צוואַנציקסטן סענטיאַבער און אַז אויף דער באַשולדיקונגס־באַנק וועט זיצן דער מענטש מיט דער שוואַרצער באָרד — דער אָנגע־שטעלטער פון זייצעווס ציגל־זאַוואָד מענדל בייליס.

די צייטונגען האָבן געגעבן צו וויסן, אַז אַלס באַשולדיקער וועט אויפן פּראָצעס אַרויסטרעטן דער געהילף־פּראָקוראָר פון דער פּעטערבורגער געריכט־פּאַלאַטע — ווינפער, אַלס ציוויל־מאַ־נער — די געשווירענע אַדוואָקאַטן זאַמיסלאָווסקי און שמאַקאָוו, אַלס פּאַרטיידיקער — די געשווויי־רענע אַדוואָקאַטן קאַראַבטשעווסקי, גרוזענבערג, זאַרודני, מאַקלאַקאָוו, גריגאָראָוויטש־באַרסקי; וועגן פּאָרזיצער פון געריכט האָט מען געוווּסט צו זאָגן, אַז ער איז אַ באַיאָרטער, זייער אַ געני־טער מענטש, אַז מע האָט אים ספּעציעל אַרויסגערופן קיין קיִעוו, קעדיי צו פירן דעם פּראָצעס. אין אייניקע צייטונגען האָט מען אונטערגעשטראָכן, אַז טשאַפּלינסקיס ראָליע, כאָטש ער גופע טרעט ניט אַרויס אַלס באַשולדיקער אויפן פּראָצעס, איז נאָך ניט פאַרענדיקט. מ׳האָט ניט פאַר־געסן צו דערמאָנען, אַז ער, אייגנטלעך, איז געווען דער הויפּט־רעזשיסער באַם צוגרייטן דעם פּראָצעס און אַז ער האָט געמאַכט זיין קאַריערע דערמיט, וואָס ער האָט אויסגעזוכט, ריכטיקער געזאָגט, אונטערגעשטעלט, באַוויזן און מאָטיוון אויף צו באַשולדיקן בייליסן. נו, און איצט, אַז ווינפער וועט זיין דער הויפּט־באַשולדיקער אויפן פּראָצעס, וואָס וועט ער, טשאַפּלינסקי, טאָן? נאָר, ווי געזאָגט, איז זיין ראָליע נאָך נישט פאַרענדיקט. אַלע מעסירעס, אַלע ראַפּאָרטן פון דער פּאָליציי וועגן אופרופן, שטרייקן, פּראָטעסטן קעגן דעם פּראָצעס פאַלן סיי־ווי אַריין צו טשאַפּלינסקין אין די הענט. ער האָט גענוג וואָס צו טאָן, דער הער טשאַפּלינסקי...

מיט אַ טאָג פריִער, איידער ס׳האָט זיך אָנגעהויבן דער פּראָצעס, האָט דער סטודענט פונעם פּאָליטעכנישן אינסטיטוט סטאַניסלאַוו ראַמאַשקאָ אָנגעקלאַפּט אין דער טיר צום ציינדאָקטער ראַטנער און זיך נאָכגעפרעגט אויף יאַקאָוון. די טיר האָט אים געעפנט די מאַדאַם ראַטנער, יאַקאָווס מוטער. דאָס ערשטע, וואָס איר האָט זיך געוואָרפן אין די אויגן, זיינען געווען די עפּאָלעטן אויף דעם סטודענטס אַקסלען. נאָר איידער עפּעס־וואָס, האָט די פרוי זיך פאַרינטערעסירט, וואָס באַ־טייט עס דער אָס A און די צוויי זילבערנע פאַסיקלעך אויף די עפּאָלעטן. דער גוטמוטיקער באָכער מיט די פולע באַקן האָט איר דערקלערט, אַז דער פּאָליטעכנישער אינסטיטוט, ווו ער האָט די ערע זיך צו לערנען, טראָגט דעם נאָמען פון דעם קייסער אַלעקסאַנדער דעם צווייטן.

— און איצט, מאַדאַם, — ווענדט זיך דער סטודענט צו איר, — בעט איך אייך מיר זאָגן, ווו קאָן מען געפינען יאַשען?

— צוליב וואָס דאַרפט איר האָבן מיין זון?

ראַמאַשקאָ שלאָגט זיך מיט דער דייע, וואָס זאָל ער איר ענטפערן. איינס איז אים קלאָר: וועגן דעם איניען, צוליב וועלכן ער איז געקומען צו יאַקאָוון, טאָר מען מיט איר ניט ריידן, אַפילע אַן איבעריק וואָרט קאָן שאַטן.

— מיך כידעשט, וואָס אַ מוטער פון אַזאַ קלוגן יונג, ווי יאַקאָוו, זאָל שטעלן אַזעלכע פראַ־געס, — איז געקומען זיין שטילער ענטפער.

דערפילט זיך ווי אָפּגעשמיסן, האָט זי געפרווט אין גוטן מוט פאַריידן אים די ציין:

— ווי רופט מען אייך, יונגערמאַן?

— סטאַסיק.

— און די פאַמיליע?

— ראַמאַשקאָ.

— א מוטער האָט איר?

— יאָ.

— דאַרפט איר פאַרשטיין, אַז איך בין אויך א מוטער און יעדער טראַט פון מײַן זון אינטע־רעסירט מיך... — און נאָך א קורצער פּאַוזע, ווען די פרוי האָט גוט זיך אײַנגעקוקט אין סטאַסיקס אויגן, האָט זי פאַרגעזעצט: — איצטער איז זייער אַן אומרויִקע צײַט... עפּשער זײַט איר גאָר פון גאָלוביאָווס באַסיאַקעס?

סטאַסיק צעלאַכט זיך.

— איר האָט ניט וואָס צו לאַכן, הער סטודענט. יאַשע מײַנער איז שוין א פּאָר מאָל געקומען פון דעם אוניווערסיטעט א צעשלאָגענער... זאָגט מיר, בא אײַך אין אינסטיטוט זײַנען אויך פאַראַן בעלאָפּאָדקלאַדאַטשניקעס?

— פאַראַן, מאַדאַם, פאַראַן, נאָר האָט קיין יעסורים ניט, איך בין ניט פון יענע.

— ווער זשע דען זײַט איר?

— א סטודענט... ווי זאָל איך אײַך זאָגן? פונקט פאַרקערט...

— אויב אַזוי, וועל איך אײַך זאָגן, וווּ מײַן זון איז. באַלד, אײן רעגעלע... — און זי אײַלט צום מאַנס קאַבינעט, נאָך אָפן וועג אויסרופנדיק: — יאַשע, יאַשעניו, מ׳איז צו דיר געקומען.

זי צעפּראַלט די טיר פונעם קאַבינעט, און סטאַסיק דערזעט יאַקאָוון.

— סטאַניסלאַוו?! — דאָס פּאָנעם איז בא יאַקאָוון געוואָרן אָנגעשטרענגט. דער געקומענער פאַרשטייט יאַקאָווס צושטאַנד, זאָגט ער:

— באַלד, באַלד, יאַשע... — און ער קוקט זיך אום צו יאַקאָווס מוטער. — א וויכטיקער איניען, — שעפּטשעט ער שטיל.

— מאַמע, אַנטשולדיק... — קוקט יאַשע מיט בעטנדיקע אויגן אויף דער מאַמען. ער לאָזט אַרײַן סטאַסיקן אין קאַבינעט און מאַכט צו די טיר. אין א רעגע אַרום כאַפּט ער זיך אַרויס פון יענער זײַט טיר און באַרויִקט די מוטער:

— מאַמע, זאָלסט קיין יעסורים ניט האָבן, ער דאַרף עפּעס איבעריידן מיט מיר.

— בא דיר, מײַן זון, זײַנען שטענדיק סוידעס מיט סוידעס... און ווי א סאָד... — זי דערעדט ניט און שפּאַנט אַוועק אַן אָנגעבלאָזענע אין שכיינעסדיקן צימער.

ווי נאָר די סטודענטן זײַנען געבליבן אַליין, האָט ראַמאַשקאָ אַרויסגענומען פון דער בוזעם־קעשענע א צונויפגעלייגטן בויגן פּאַפּיר און אים צענומען.

יאַשע האָט געוווּסט, אַז די סאָציִאַל־דעמאָקראַטישע גרופּע פונעם קיִעווער פּאָליטעכנישן אינסטיטוט וויל זיך ווענדן מיט א רוף צו פּראָטעסטירן קעגן דעם ביילים־פּראָצעס און קעגן דער נאַציאָנאַלער פּאָליטיק פונעם צאַריזם, האָט ער זיך ניט פאַרוווּנדערט, ווען ער האָט דערזען א פלוגבלעטל, אָפּגעדרוקט אויף א העקטאָגראַף.

— לייען דורך, סטאַסיק, אין דער הייך, — האָט ער פאַרגעשלאָגן, — אָבער וואַרט אויס... — ער איז צוגעגאַנגען צו דער טיר און זי שטילער פאַרמאַכט.

— דײַן טאַטע וועט ניט אָנקומען? — האָט סטאַסיק אָנגעוויזן אויף דער באַרמאַשין. — ס׳איז דאָך זײַן קאַבינעט.

— איך מיין, אַז ניט אַזוי גיך.

יאַשע איז אומגעדולדיק, ער נעמט דאָס פלוגבלעטל און לייענט:

„רוסלענדישע סאָציִאַל־דעמאָקראַטישע אַרבעטער־פּאַרטיי.
פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער, פאַראייניקט זיך!

כאַווײרים!

צוליב די באַמיִונגען פון דער רעאַקציאָנערער קנופּיע זײַנען מיר צוויי יאָר צײַט געצוווּנגען צו זײַן איידעס פון אַן עקלהאַפטן פּראָצעס, איבער וועלכן עס האָבן מיט פלײַס געאַרבעט אַלע פינצטערע קרעפטן פון רוסלאַנד.

איצט מאַכט דורך דער דאָזיקער פּראָצעס זײַן לעצטע פּאַזע. נאָך לאַנגע וואָגלענישן איבער די קאַנצעלאַריעס פון די פּראָקוראָרן און אַנדערע מײַסטערס פון געפעלשטע איניאַנים, וועלכע ווערן אָנגעפירט דורכן יוסטיץ־מיניסטער שטשעגלאָוויטאָוו, בא דער גינסטיקער שטיצע פון די פּאַרקויפטע פּראָפעסאָרן — די הערן סיקאָרסקיס, וואָס האַלטן, אַז די וויסנשאַפט דאַרף דינען אַלס געווער אויף אונטערדריקן און אָפּנאַרן די פאָלקסמאַסן, — גייט דער איניען סאָפקאָלסאָף אַריבער פון די טיי־הײַזער פונעם „פאַרבאַנד פון רוסישן פאָלק“ אין געריכט.

מיט וואָס דער איניען זאָל זיך ניט ענדיקן, האָט די געשיכטע פון אונדזער רעגירנדיקער באַנדע זיך באַרײַכערט מיט נאָך איין פאַרברעכערישן פּראָצעס. ווידער ווערט געמאַכט א פּרווו צו פאַרטומלען די מאַסן מיט דעם געשפּענסט פון א בלוט־בילבל, וועלכן די וויסנשאַפט האָט

שוין פֿון לאַנג אָפּגעוואָרפֿן, און ווידער פּראָטעסטירט דאָס גאַנצע דעמאָקראַטישע רוסלאַנד און וואַרפֿט אָפּ דאָס בלוטיקע געווער, וואָס איז מיט איין זײַט געריכטעט קעגן ייִדישן פֿאָלק און מיט דער צווייטער קעגן דעם גאַנצן קעמפֿנדיקן רוסלאַנד. בלויז קעדיי צו צעשפּאַלטן די רוסלענדישע דעמאָקראַטיע איז דאָך געשאַפֿן געוואָרן אָט דער שווידרהאַפֿטער פּראָצעס. די רעאַקציאָנערע קנופּיע האָט זיך דערשראָקן פֿאַרן נעס, וואָס די ערשטע רוסישע רעוואָלוציע האָט באַוויזן, האָבנדיק פֿאַראייניקט די דעמאָקראַטיע פֿון אַלע נאַציעס, וועלכע באַפֿעלקערן רוסלאַנד. זי האָט געציטערט פֿונעם אָפּקלאַנג, וואָס דער מעכטיקער רוף פֿונעם אַרבעטער־קלאַס „פּראָלעטאַריער פֿון אַלע לענדער, פֿאַראייניקט זיך!" האָט געפֿונען אין די הערצער פֿון מיליאָניקע רוסלענדישע אַרבעטער. קעגן אָט דער גרויסער דערשײַנונג אין דער וועלט־געשיכטע האָט זיך אויפֿגעהויבן סטאָליפּין, דער פֿינצטערער שעפֿער פֿון דער נאַציאָנאַליסטישער פּאָליטיק, וועלכע פֿרוווט דורך אַנטיסעמיטיזם שפּרייטן סינע צווישן באַזונדערע נאַציעס.

כאַוויירים! פֿון זינט עס האָט זיך אָנגעהויבן דער דאָזיקער בייליס־פּראָצעס, הערן זיך פֿון אַלע זײַטן פּראָטעסטן. דער געריכט־פּראָצעס, וואָס הייבט זיך אָן, וועט צוציִען די אויפֿמערקזאַמקייט פֿון דער גאַנצער וועלט. איז לאָמיר אויפֿהייבן אונדזער שטים און מיט אַ שטרײַק דעם 25־טן סענטיאַבער אויסדריקן אונדזער פּראָטעסט קעגן דעם שענדלעכן פּראָצעס!

נידער דער צאַריזם און זײַן בלוטיקע פּאָליטיק!

זאָל לעבן די רוסלענדישע רעוואָלוציע, וואָס פֿאַראייניקט אַלע אונטערדריקטע אָן אונטערשייד פֿון נאַציאָנאַליטעט! נידער דער אַנטיסעמיטיזם!

זאָל לעבן די איינהײַט פֿון די נאַציאָנאַליטעטן און די קינפֿטיקע פֿעלקער־ברידערשאַפֿט!

סאָציאַל־דעמאָקראַטישע גרופּע
פֿונעם קיִעווער פּאָליטעכנישן אינסטיטוט".

— גוט, — האָט יאַקאָוו געזאָגט, איבערלייענענדיק דאָס פֿלוגבלעטל, — מאָלאָדצי! איך דאַרף דיר זאָגן, סטאַסיק, אַז אונדזער גרופּע אין אוניווערסיטעט האָט אויך צונויפֿגעשטעלט אַן אויפֿרוף. איך ווייס אויך, אַז די אַרבעטער און אָנגעשטעלטע פֿון דאָרעם־רוסישן מאַשינבוי־זאַוואָד און פֿונעם גרעטער־קריוואַנעק־זאַוואָד שלאָפֿן אויך ניט. אויב ס'וועט זיך נאָר אײַנגעבן דער שטרײַק, וועט ער זײַן אַ מעכטיקע דעמאָנסטראַציע קעגן דעם פּראָצעס און זײַנע אָרגאַניזאַטאָרס.

דער סטודענט — דער פּאָליטעכניקער איז געווען גליקלעך. מיט אַ שײַנענדיק פּנים און צעפֿלאַמטע אויגן האָט ער עטלעכע מאָל זיך דורכגעדרייט איבערן קאַבינעט. פּלוצעם האָט ער זיך אָפּגעשטעלט.

— אַן אידיי, יאַשע, אָבער דו דאַרפֿסט מיר מיטהעלפֿן...

— מיט וואָס?

— איין רעגעלע. איך מיין, אַז עס וואָלט געווען גוט, אַז צום אָנהייב פֿונעם פּראָצעס זאָל ניט נאָר אין שטאָט, אויף די גאַסן, נאָר אויך אינעם זאַל פֿון געריכט פֿאַרשפּרייט ווערן אָט דער דאָקומענט.

— צוליב וואָס?

— צוליב עפֿעקט... און ניט נאָר צוליב דעם. עס וועט אַראָפּזעצן דעם טאָנוס בײַ די טשינאָווניקעס — בײַ די ריכטער, בײַם פּראָקוראָר, זיי וועלן ניט זײַן אַזוי פֿאַריסן. זאָלן זיי דערפֿילן, אַז דאָס פֿאָלק איז קעגן זיי.

— ניט קיין שלעכטע אידיי, — איז יאַשע מאַסקים.

ער האָט אַ טראַכט געטאָן, אַז נאַסטיע שישאָוואַ וועט מיט איר פֿאָטערס הילף זיכער קריגן אַ בילעט אויף דער ערשטער געריכט־זיצונג, וועט זי שוין קאָנען באַוואָרענען, אַז די פֿלוגבלעטלעך זאָלן טרעפֿן וווּ מע דאַרף.

הארט פֿאַר דעם פּראָצעס האָט פּעטראָ קאָסטענקאָ באַקומען פֿון דער פּעטערבורגער רעדאַקציע „פּראַוודאַ טרודאַ" אַ בריוו, צו וועלכן עס איז געווען בײַגעלייגט אַ רעזאָליוציע, אָנגענומען אין די ריגער זאַוואָדן, וואָס איז שפּעטער געווען אָפּגעדרוקט אין דער דאָזיקער צײַטונג. קאָסטענקאָ האָט גלײַך צונויפֿגערופֿן אייניקע אַרבעטער פֿון גרעטער־קריוואַנעק־זאַוואָד צו פֿיאָדאָר גוסיעוון אויף דעמיִעווקע. „אַוואַדע וואָלט גוט געווען באַקענען מיט דער רעזאָליוציע אַלע צעכן", — האָט אַ קלער געטאָן קאָסטענקאָ. דאָס איז אָבער געווען געפֿערלעך. אין די דאָזיקע טעג ערעוו דעם פּראָצעס איז די קיִעווער פּאָליציי, די אָכראַנקע און זשאַנדאַרמעריע — אָט דער „הייליקער דרײַלינג" — געווען באַזונדערס אָנגעשפּיצט. ווען קאָסטענקאָ איז בייסן איבערײַס צוגעגאַנגען צו עטלעכע אַרבעטער אויפֿן הויף, איז גלײַך לעבן זיי אויסגעוואַקסן ניקיפֿאָר פֿיליפּענקאָ, אַ קריפּל מיט גרויסע אויערן און אַ צעפֿלעטשטער נאָז.

— גיי, גיי, האָסט דאָ ניט וואָס צו שמעקן, — האָט מען אים געגעבן דעם וועג.

פיליפּענקאָ האָט עפּעס אָפּגעבורטשעט און איז נעלעם געוואָרן. אָבער אין אַ מינוט אַרום איז ער ווידער אויסגעוואַקסן לעבן קאָסטענקאָן מיט זײַנע כאָווירים.

— ווו מע פאַרזייט דיך ניט, וואַקסטו אויס, פּוילער שוואָם, — האָט מען אים געטריבן. נאָר פּעטראָ האָט אים אַ רוף געטאָן מיט אַ פינגער:

— הער נאָר, דו, פיליפּענקאָ, האָסט אַמאָל געקליבן שוואָמען אין וואַלד?

— געקליבן, אַגיטאַטאָר, געקליבן.

— איז ווייסטו מיסטאָמע, אַז ס'איז פאַראַן אַזאַ שוואָם, וואָס מע רופט אים פּאַהאַנקע. ער וואַקסט אָף אַ פוילן שוואַך פּיסל אונטער אַ גרויס היטל, און דאָס היטל איז צעגעסן און געשטופּלט.

— צעגעסן און געשטופּלט... — זאָגט נאָך פיליפּענקאָ.

— יאָ, פול מיט פלעקן, עס קרישעט זיך אונטער די פינגער. אַז מע רירט עס אָן, צעשיט זיך עס, ווי שטויב, און דער שטויב האָט אַ מיִעסן שווערן ריח... ס'איז אַ פּאַראַזיט...

די אַרבעטער האָבן זיך צעלאַכט, אַרײַנגענומען פיליפּענקאָן אין אַ קרײַז און אים באַשטעקט מיט כוויזעק־בליקן, ווי מע באַשטעקט אַ דולן מיט פעדערן. נאָר יענער האָט זיך געמאַכט טאַמעוואַטע.

— דו פאַרשטייסט, פיליפּענקאָ, וואָס פּעטראָ האָט דיר דערציילט? — האָט מען אים געפרעגט.

— ניין, — דרייט ער מיטן קאָפּ, און די ברייטע צעפלעטשטע נאָז צענעמט אירע פליגעלעך, ווי דער פאַרשוין זאָל וועלן אַרײַנאָטעמען אין זיך וואָס מער לופט.

— שמעק, שמעק מיט דײַנע פוילע נאָזלעכער, — רופט זיך אָן פּאַוולאָוו, אַ סאָלידער ברייט־ביינערדיקער אַרבעטער. ער נעמט אָן דעם קליינוווקסיקן פיליפּענקאָן פאַרן נאַקן, הייבט אים אַ ביסל אונטער און טײַנעט צו אים:

— קאָסטענקאָ האָט געזאָגט, אַז פון אַזאַ שוואָם, ווי דו, שטינקט... האָסט פאַרשטאַנען? פאַר־נעם זיך פונדאַנען און מאַך נישט קאַליע די לופט. וויפל מאָל האָט מען דיר געזאָגט, זאָלסט אָהער ניט שטעקן די נאָז, און דו קריכסט אַלץ. — און פּאַוולאָוו טוט אים פון זיך אַ שטויס, אַז דער „שוואָם" קײַקלט זיך אַוועק ווײַט פון דעם געזעמל אַרבעטער.

— איך וועל אײַך, אַגיטאַטאָרס, באַווײַזן...

— באַווײַז, באַווײַז! קיש־קיש פונדאַנען, — פּאַטשט אין די הענט דער גרויסגופּיקער, גוטמו־טיקער פּאַוולאָוו. דערנאָך ווענדט ער זיך צו די אַרבעטער: — איך האָב הײַנט אַליין געזען, ווי ער האָט זיך געדרייט אַרום קוליאַבקאָן, ווען יענער איז געקומען אין מעכאַנישן צעך עפּעס אויסשמעקן.

— קוליאַבקאָ איז הײַנט דאָ געווען? — פרעגט איבער קאָסטענקאָ. — מע דאַרף זײַן פּאָרזיכ־טיק... איך וועל אײַך בעטן הײַנט אָפּדערנאָכט קומען צו גוסיעוון אין אָסטראָזשנע געסל. און איצטער גייט זיך פונאַנדער.

ווען קאָסטענקאָ, טימקע ווײַס און פּאַוולאָוו זײַנען אַרויס פון די זאַוואָד־טויערן, האָבן זיי באַמערקט, ווי פיליפּענקאָ איז געשטאַנען צוגעקלעפּט צו אַ שפּאַרונע פונעם פּאַרקן. פּאַוולאָוו האָט אַ ווונק געטאָן צו קאָסטענקאָן, אַז ער וויל צוגיין צו אָט דעם פאַרשוין און קאָלזמאַן ער שטייט אַזוי אַרײַנגעטאָן אין דער פּאַרקן־שפּאַרונע, אָפּלאָזן אים עטלעכע פּעטש. נאָר קאָסטענקאָ דרייט מיטן קאָפּ אָף ניין, ס'איז ניט קעדײַ איצט האָבן צו טאָן מיט אים. עס וועט אָף אים נאָך קומען אַ טאָג...

ווען די שטוב בײַ גוסיעוון איז שוין פול געווען מיט מענטשן, האָט קאָסטענקאָ מיט באַדוי־ערונג אַ זאָג געטאָן:

— אַזאַ צונויפקומעניש וואָלטן מיר באַדאַרפט האָבן אין אַ גרויסן זאַל.

— עס וועט קומען אַ צײַט, וועלן מיר האָבן דעם זאַל פון סאָכרים־קלוב, — האָט געשמייכלט גוסיעוו.

— געוויס, — כאַפּט אונטער יאַשע ראַטנער.

— נאָך דער רעוואָליוציע וועלן אַלע זאַלן זײַן אונדזערע, — איז אויך פּאַוולאָוו מאַסקים. פּאַוולאָוו האָט גערעדט וועגן רעוואָליוציע, נאָר ביכלאַל האָט ער געהאַלטן, אַז ניקאָלײַ דעם צווייטנס אימפּעריע וועט פון זיך אַליין צעפאַלן ווערן און מע וועט ניט דאַרפן פאַרגיסן אַפילע קיין טראָפּן בלוט. אָף דעם באָדן פלעגט אָפּט פאָרקומען דיסקוסיעס צווישן אים און טימקע ווײַסן.

— אָן בלוט ווערט גאָרנישט ניט געבוירן, — האָט געטײַנעט טימקע, — געדענקסט דאָס פינפטע יאָר?

דעם עמעס געזאָגט, האָבן ניט אַלע געוווּסט, צוליב וואָס מ'האָט זיך צונויפגעזאַמלט בײַ גוסיעוון.

— איך וועל אײַך דורכלייענען אַ בריוו, וואָס איך האָב באַקומען, — האָט געזאָגט קאָסטענקאָ, — דאָרט ווערט געזאָגט וועגן פּראָצעס, וואָס דאַרף די טעג זיך אָנהייבן בײַ אונדז אין שטאָט.

קאָסטענקאָ שלעפּט אַרויס פון קעשענע אַ דינעם בויגן ציגאַר־פּאַפּיר, צעגעמט אים פאַרזיכטיק מיט זײַנע לאַנגע פינגער, גלײַכט אים אויס אויפן טישטעך און הייבט אָן לייענען פאַמעלעך, פראַזע נאָך פראַזע:

„מיר, אַרבעטער פון פאַרשיידענע נאַציעס און פאַרשיידענע פּאָליטישע ריכטונגען, אַ באַשטאַנדטייל פונעם רוסלענדישן פּראָלעטאַריאַט, קאָנען ניט שווײַגן גלײַכגילטיק, ווען אויף דער באַשולדיקונגס־באַנק זיצט אין דער פּערזאָן פון בייליסן דאָס גאַנצע ייִדישע פאָלק. אונדזער זעלבסטבאַוווּסטזײַן און מענטשלעכע ווירדע צווינגען אונדז אָפּצורופן זיך אויף אָט אַזאַ ווילדער דערשײַנונג. מיר האָבן ניט בעדייע צו פאַרטיידיקן דאָס ייִדישע פאָלק קעגן אָט דעם שמוציקן און ווילדן מיטלאַלטערלעכן בילבול, ווײַל מיר האַלטן, אַז ס'איז נידעריקער פון דער מענטשלעכער ווירדע און פון קלאַסעוון זעלבסטבאַוווּסטזײַן עמעצן צו באַרעכטיקן און פאַרטיידיקן קעגן אַזעלכע ווילדע און אומזיניקע באַשולדיקונגען. מיר ווילן בלויז אָנווײַזן, אַז די רוסישע רעאַקציע האָט געשאַפן דעם בייליס־פּראָצעס, קעדיי אָפּצוווענדן די אויפמערקזאַמקײַט מיצאַד די ברייטע פאָלקסמאַסן פון די עמעסע סיבעס פון זייערע אומגליקן און זייערע עכטע סאָנים. אונדז אָבער שרעקט דאָס ניט, ווײַל איינצײַטיק מיטן געריכט איבער בייליסן קומט פאָר נאָך אַ געריכט: אַ געריכט איבער זײַנע באַשולדיקער, און דער דאָזיקער געריכט איז ניט אונטערגעוואָרפן דער ביוראָקראַטיע. נאַציאָנאַליסטישע „געלערנטע“, וועלכע מיסברויכן מיט דער וויסנשאַפט צוליב זייערע פינצטערע צוועקן, טרעטן ניט אַרויס אַלס „עקספּערטן“; פּראָפעסיאָנעלע גאַנאָווים פיגורירן ניט אַלס איידעס. דאָס איז דער געריכט פון דעם באַוווּסטזיניקן פּראָלעטאַריאַט, וועמען ס'איז פרעמד נאַציאָנאַליסטישע העצע און וועלכער זעט אײַן אין דער דאָזיקער העצע אַ פּראָדוקט פון מענטשןפײַנטשאַפט, אַ פּראָדוקט פון דער שוידערלעכער רעכטלאָזיקײַט פון אַלע פעלקער אין רוסלאַנד און פונעם ייִדישן פאָלק ביפּראַט.

פּראָטעסטירנדיק קעגן דער דאָזיקער ווילדער באַשולדיקונג, שטרײַכן מיר אונטער, אַז בלויז ווען עס וועט געענדערט ווערן דער עקזיסטירנדיקער רעזשים אין דעם דאָזיקן לאַנד, וועלן פאַרשווינדן די פּרוכטן פונעם דאָזיקן רעזשים — די בלוט־בילבולים“.

קאָסטענקאָ האָט געענדיקט לייענען בײַ אַן אָנגעשטרענגטער שטילקײַט. ער האָט דערזען, ווי צו גוסיעוון האָט זיך אָנגעבויגן זײַן פרוי, און דערהערט, ווי זי פרעגט: „דאָס איז וועגן יענעם ייִדן מיט דער שוואַרצער באָרד?“ גוסיעוו האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ: „יאָ, וועגן בייליסן“.

עס הייבט זיך אויף סעריאָזשע, איינער פון דעם פּאָרל, וואָס קאָסטענקאָ פּרוווט דערנעענטערן צו דער גרופּע.

— האָסט געלייענט, — זאָגט ער, — אַז מ'האָט אומיסטן געשאַפן בייליסעס פּראָצעס, קעדיי אונדז פאַרמאַראַטשען די קעפּ, מיר זאָלן נישט פילן אונדזערע אייגענע צאָרעס. וועלכע צאָרעס מיינט מען?

— זאָג מיר, סעריאָזשע, — פרעגט אים קאָסטענקאָ, — דו ביסט צופרידן, וואָס דו לעבסט ווי אַ הונט און דײַנע באַלעבאַטים — גרעטער און קריוואַנעק — פאָרן אַרום אין די קאַרעטעס?

— און וווינען אויף רײַכע דאַטשעס... — זאָגט עמעצער אונטער.

— אין שווייצאַריע פאָרן זיי, אין די בערג, און דו, סעריאָזשע, אַרבעטסט און האָרעוועסט צו צוועלף שאָ אַ מעסלעס...

סעריאָזשע האָט דערויף ניט וואָס צו ענטפערן.

— אַהאַ, ער האָט פאַרשטאַנען, — דערפרייט זיך טימקע ווײַס.

אַלע צעלאַכן זיך.

בײַ אַן אַלגעמיין אויפגעלייגטער שטימונג דערציילט יאַקאָוו ראַטנער וועגן דעם פלוגבלעטל, וואָס די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע גרופּע פונעם פּאָליטעכנישן אינסטיטוט האָט אַרויסגעלאָזט.

— דאָ איז פאַראַן אַ נײַער פונקט, — ווײַזט ער אויפן פלוגבלעטל, וואָס ער האַלט אין דער האַנט. — אַ רוף צו אַן איינטאָגיקן שטרײַק דעם פינף־און־צוואַנציקסטן סענטיאַבער, ווען ס'וועט זיך אָנהייבן דער פּראָצעס. מיר איז באַוווּסט, אַז אין אַנדערע שטעט האָט מען אויך אַרויסגעלאָזט אַזעלכע פלוגבלעטלעך.

נאַסטיע שישאָוואַ האָט פאַרזיכערט, אַז זי וועט זײַן אויף דער ערשטער געריכט־זיצונג און אויך דאָרטן פאַרשפּרייטן די פלוגבלעטלעך. זי האָט שוין געקראָגן אַ בילעט.

פון האַנט צו האַנט גייט איבער דאָס רויטע פּאַפּירל, וואָס נאַסטיע באַווײַזט.

פון גאַנצפרי דעם פינף־און־צוואַנציקסטן סענטיאַבער איז אַרום דער געריכט־געבײַדע, וואָס מ'האָט אין יענער צײַט גערופן „פּריסוטסטווענ׳ע מעסטאַ“, געווען אָפּגעשיט מיט מענטשן, וועלכע האָבן ניט געהאַט קיין אײַנלאַדונגס־בילעטן און געמיינט אַף וועלכן־ניט־איז אופן אַרײַנקומען אין זאַל.

די אָרדענונג אין דרויסן אַרום דער געבײַדע האָט אונטערגעהאַלטן פּאָליציי אַף פערד און אָן פערד. צווישן דעם עולם האָבן גענישטערט פיל איבערגעטאָנענע זשאַנדאַרמען.

דער אינטערעס איז געווען גרויס ניט נאָר צום פּראָצעס גופא, מע האָט געוואָלט זיך דורכוואַרפן מיט אַ וואָרט, הערן, וואָס מענטשן זאָגן.

אַ פּאָר מאָל איז שוין דאָ געווען אָפּן פּלאַץ לעבן דער געריכט־געבײַדע ליפּע פּאָדעלקאָ. ער האָט זיך דורכגעדרייט איבערן פּלאַץ, מיט די אויגן געזוכט זײַן אייניקל — דעם גימנאַזיסט מיכל, און מיט אַ שווער האַרץ צוריק אַראָפּגעפאָרן מיטן פוניקולויאָר אַף פּאָדאָל, צו זיך אין וואָרשטאַט.

— ס'האָט זיך אָנגעהויבן דער אומגליק, — האָט ער דערציילט אַנטקעגן אָנגעקומענע מענטשן, — און ווער ווייסט, וויפל ס'וועט געדויערן.

דעם טאָג איז אָפּן פּלאַץ צו דער געריכט־געבײַדע עטלעכע מאָל געקומען אויך ניומע ראַט־נער און אָפּגעטראָגן טאַטע־מאַמע אַ גרוס, אַז מענגעס מענטשן שטייען לעבן דער געבײַדע.

— און וואָס טוט ביילים? — האָט זיך נאָכגעפרעגט די מוטער.

פונוואַנען זאָל ער וויסן, ניומע, ער איז דען געווען אינווייניק? מע שטייט אין דרויסן און מע קוקט.

— וואָס זשע דאַרפסטו גיין אַהינצו, מע וועט דיר נאָך טרעפן מיט אַ בולעווע איבערן קאָפּ, — איז די מוטער אומרויִק.

אָבער ניומע האָט זיך זײַנס אין זינען. ניומע דאַרף וויסן, צי אין דרויסן שטייען אַרום גאָלד־ביאַוס פאַרשוינען, ווי פירן זיי זיך אויף. דאָס האָט דער עלטערער ברודער זײַנער, יאַשע, געבעטן, ניומע זאָל אים דערציילן, וואָס ער וועט זען און הערן. זיי דאַרפן עס וויסן — יאַשע און זײַנע כאַווערים. ס'אַ סוואָרע, אַז פונדאַנען שיקט יאַשע אַוועק צוויי מאָל אין טאָג יעדיִעס קיין פּעטערבורג: יאַשע וויל ניט דערציילן דעם קלענערן ברודער, וואָס, וועמען און וויאַזוי ער שיקט איבער. דאָס הייסט קאָנספּיראַציע — פאַרשטייט דער גימנאַזיסט. יאַשע האַלט פאַרבינדונג מיט דער קורסיסטקע שישאָווא. ניומע ווייסט, איר פאָטער קומט אָפּט צו זײַן טאַטן היילן די ציין. אַנומלטן איז די קורסיסטקע געקומען זאָגן דעם ציינדאָקטער, אַז איר פאָטער איז קראַנק גע־וואָרן און וועט ניט קאָנען קומען. אָבער ניומע פאַרשטייט זייער גוט, אַז דאָס איז געווען ניט מער ווי אַן אויסרייד אַף צו זען זיך מיט יאַשען... ניומע ווייסט, אַז כוץ יענער קורסיסטקע כאַפּט זיך צו יאַשען אַרײַן דער בלאָנדער אַרבעטער, וואָס איז אָנגעטאָן ווי אַ שטאָטישער אינטעליגענט. עמעס, זייער זעלטן כאַפּט ער זיך אַרײַן, און מיינסטנס צווישן טאָג און נאַכט, אין בײַן־האַשמאָ־שעס, די מאַמע זאָל ניט זען. ניומע עפנט אים אויף די טיר — ער דערקענט שוין לויטן קלאַפּן, ווער דאָס איז. דער אַרבעטער שמוגלט זיך דורך אַף עטלעכע קורצע מינוטן צו יאַשען, און דער־נאָך לאָזט אים ניומע צוריק שטיל אַרויס, די טיר טוט אַפילע קיין קרעכץ ניט.

די לעצטע פּאָר וואָכן, איידער ס'האָט זיך אָנגעהויבן דער פּראָצעס, קומט דער אַרבעטער אָפטער, און אַז פון אַ ווײַטערן צימער דערהערט זיך דער מאַמעס שטימע: „ווער איז דאָרטן, ניומע?“ — ענטפערט ניומע: „איך, איך, האָב קיין יעסורים ניט“.

נאָר די מאַמע קען גוט אירע זין, לאָזט זי זיך צו דער טיר.

— איך ווייס, — ווינקט די מאַמע צו ניומען, — דאָ איז געווען יענער מיט דער היטשקע.

— פאַרוואָס מיינסטו אַזוי, מאַמע? — וויל ניומע איר פאַרריידן די ציין.

— ניין, ניין, ניומעלע, אַ מאַמעס האַרץ קאָן מען ניט אָפּנאַרן, איך ווייס גוט. ערשט נעכטן איז דאָ געווען דער אָקאָלאָדאָטשני און געפרעגט, צי קיינער נעכטיקט ניט באַ מיר, צי קיין סטודענטן נעמען זיך ניט צונויף באַ אונדז... זע נאָר, ניומעלע, איר זאָלט אונדז ניט אומגליקלעך מאַכן.

די גאַנצע ציוויליזירטע וועלט האָט געוואַרט מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם אַף דער עפענונג פונעם פּראָצעס אין קיִעוו. און געוואַרט האָט מען אויך אינווייניק אין זאַל. אין די ערשטע רייען האָט געווימלט מיט גרינע און בלאָוועלעכע מונדירן.

אין די ווײַטערע רייען — מענטשן אין וויזיטקעס און אין גאַרניטערס פון אַלערליי קאָלירן, גווידערדיקע אונטערגעצויגענע פאַרשוינען אין פעכלדיקע קראַגנס. אַ געדיכטער פאַרפומען־

גערוך האָט זיך געטראָגן פון די אויסטערליש־אויסגעפוצטע דאמעס, וועלכע האָבן ארויסגעקוקט אפן אָנהייב פון פראָצעס, ווי אף א פיקאנטער פאָרשטעלונג.

איינע א דאמע האָט ניט געוואָלט ליידן, וואָס דער גריכט־פריסטאוו האָט צוגעפירט און אוועקגעזעצט אין דער ערשטער ריי ביילִיסעס ווייב — אן אויסגעדייווערטע פרוי מיט א פאַרוואָלגט און פאַרכוישעכט פּאָנעם. די דאמע האָט, ווי פון א מַיעסקייט, אָפּגערוקט זיך ווייטער אף עטלעכע שטולן. אף איר אָרט האָט זיך צוגעזעצט א מיליטער־מאַן מיט גרויסע זאפּאָראָזשיער וואָנצעס. אונטערגעהויבן די שווערד, וואָס האָט זיך געבאָמבלט בא אים אף דער זייט, האָט ער, ווי ווייט מעגלעך, זיך אָפּגערוקט פון דער פאַרוואָגלטער עסטער ביילִיס, בא וועלכער עס האָבן צווישן די קאַשטאַן־קאָלירענע האָר זיך דורכגעוואָרפן באַזילבערטע פאַסמעס.

זעלטן האָט צווישן דעם דאָזיקן אוילעם אין זאַל דורכגעשווינדלט א מענטש אין א פּראָסטן אָנצוג. שווער געווען צו זאָגן, אף וועלכן אופן אזא מענטש האָט געקראָגן אן אריינגאנגס־בילעט.

אין די דורכגענג האָבן אזעסדיק ארומגעשפּאַנט יונגעלייט אין סטודענטישע מונדירן און אין ענגע איינגעפּאסטע פּידזשאקלעך, אין די לאַצן זיינען בא זיי געווען פאַרשטעקט צייכנדלעך מיטן צווייקעפּיקן אָדלער. זיי האָבן כוצפּעדיק אריינגעקוקט איטלעכן אין פּאָנעם.

די זון איז שוין לאַנג אוועק פון די פענצטער, וואָס קוקן ארויס אין דער מיזרעך־זייט. דער אוילעם האָט גענומען פאַרלירן די האָפענונג, אז היינט וועט ביכלאַל פאָרקומען א זיצונג.

— וויפל איז דער זייגער? — האָט געפרעגט אן אלטער גענעראַל בא זיין שאָכן.

— שוין צוויי, הער גענעראַל.

אין דער רעגע האָט ראַשיק זיך צעפראַלט א זייטיקע טיר און עס האָט זיך באַוויזן דער גריכט־פריסטאוו. ער האָט א גלעט געטאָן זיינע היפּשע וואָנצעס און ארויסגעבולקעט פון זיך:

— פּראָשו ווסטאַט, סוד אידיאָט![1]

גלייך נאָכן פריסטאוו האָט ארויסגעשפּאַנט דער פּאָרזיצער פון קרייז־גריכט באָלדיריעוו — א פעסטגעבויטער פאַרשוין מיט אונטערגעהויבענע אַקסלען און ברייט צעצווייטע באָרד־שפּיצן, די שווערע ריכטער־קייט איז אראָפּגעהאַנגען פון זיין פעטן האלדז ביזן בויך, — ער איז צוגעגאַנגען צום גרויסן טיש, וואָס איז געווען געדעקט מיט העל־רויטן געוואַנט, און שווער זיך אוועקגעזעצט. בא ביידע זייטן פון אים האָבן זיך באַזעצט צוויי קרוין־ריכטער, ביידע מיט מאַסיווע גלאַנצנדיקע קייטן אף די ברוסטן.

דאָס אָרט פון פּראָקוראָר האָט פאַרנומען דער פאָרשטייער פון דער באַשולדיקונג — דער געהילף־פּראָקוראָר פון פעטערבורגער גריכט־פּאַלאַטע אָסקאַר יוריעוויטש ווייפּער.

אין דער טיף הינטער די קרוין־ריכטער האָבן פאַרנומען ערטער דער פאָרשטייער פונעם מיניסטעריום פאַר אינערלעכע איניאָנים — דער טשינאָווניק פאַר באַזונדערע אופטראָגן — בענעדיקט אנטאָנאָוויטש דיאטשענקאָ, דער פּראָקוראָר פון דער קיִעווער גריכט־פּאַלאַטע טשאַפּלינסקי און אנדערע פאָרשטייער פון דער פּראָקוראַטור און מאַגיסטראַטור.

רעכטס פון די קרוין־ריכטער האָבן בא א באַזונדער טיש זיך אוועקגעזעצט אין צוויי רייען די געשווירענע בייזיצערס, וועלכע דער גריכט־פריסטאוו האָט איינציקווייז ארויסגעלאָזט פון א זייטיקער נידעריקער טיר. דאָס זיינען מערסטנטייל געווען פּויערים, אָנגעטאָן אין טונקעלע פעלצלעך און אין מאַרינאַרקעס. א פּאָר פון די בייזיצערס זיינען געווען געמיין־שטאָטיש געקליידט. איינער האָט געטראָגן ברילן — געוויס א מינדערוועדטיקער שטאָטישער טשינאָווניק.

ביילִיסעס פאַרטיידיקער — גרוזענבערג, קאַראַבטשעווסקי, גריגאָראָוויטש־באַרסקי און זאַרודני — זיינען געזעסן עטוואָס ווייטער. פון די ציוויל־מאָנער שמאַקאָוו, זאַמיסלאָווסקי און שמאַקאָווס געהילף — דוראַסאָוויטש.

עס האָבן פאַרנומען די ערטער אויך די עקספּערטן: דער מאָסקווער קאַזיאָנער ראַבינער מאַזע, די געלערנטע בעכטיערעוו, טיכאָמיראָוו, פּאַוולאָוו. אָפּגעשיידט פון אלע אנדערע עקספּערטן איז געזעסן דער טאַשקענטער קאַטוילישער קסיאָנדז יוסטין פּראַנייטיס.

די זשורנאַליסטן און רעפּאָרטיאָרן פון פאַרשיידענע רוסלענדישע און אויסלענדישע צייטונגען, וועלכע האָבן זיך געפונען אף די כאָרן, האָבן באַטראַכט דורך בינאָקלען דעם דאָזיקן אויסגעטריקנטן פאַרשוין מיטן שאַרפן פּאָנעם און דינע ליפּן. אונטער זיינע גילדענע ברילן האָבן זיך באַהאַלטן וואַסערדיקע, פאַרבלאָזע אומרויִקע אויגן. אף זיינע פאַרשפּיצטע אַקסלען איז געווען אָנגעטאָן א גרויסאַרטיקע סוטאַנע, אף וועלכער ס׳האָבן זיך געבאָמבלט פאַרשיידענע אָרדענס.

ניט נאָר די זשורנאַליסטן אף די כאָרן, נאָר אויך א גרויסער טייל פון דעם אוילעם האָבן ניט ארויסגעלאָזט פונעם אויג דעם אויסטערלישן יעזויִט.

דער פּאָרזיצער האָט זיך געווענדט צום גריכט־פריסטאוו:

---

[1] איך בעט אופשטיין, דער גריכט גייט!

— איך בעט אריינפירן דעם באשולדיקטן.

פון א זייטיקער טיר האָט מען ארויסגעפירט מענדל בייליסן און אים אוועקגעזעצט הינטער דער פארצוימונג אנטקעגן דעם גרויסן געריכט־טיש. לעבן אים האָבן פוןביידע זייטן זיך אוועקגעשטעלט צוויי סאָלדאטן מיט אנטבלויזטע שווערדן. די ערשטע רעגעס האָט בייליס פארלוירן געקוקט אין כאָלעל פון זאל. ס'האָט זיך געדאכט, אז די קויל־שווארצע באָרד זיינע באוועגט זיך, ווייזט אויס, די ליפן בייליסעס האָבן געציטערט.

ס'האָט זיך דערהערט א פארשטיקט כליפעריי. דאָס האָט געוויינט עסטער בייליס. פארשטעלט דאָס פּאָנעם מיט א ווייס טיכעלע, האָט זי אין זיך דערשטיקט דאָס געוויין, וואָס האָט זיך בא איר ארויסגעריסן, ווי נאָר זי האָט דערזען איר מאַן.

באָלדיריעוו האָט א קלונג געטאָן אין גלעקל און זיך געווענדט צו בייליסן:

— איר זייט א מעשטשאַניק, באשולדיקטער?

בייליס האָט זיך אופגעשטעלט.

— א מעשטשאַנין.

— וויפל זייט איר אלט?

— ניין און דרייסיק יאָר.

— איר וווינט שטענדיק אין קיִעוו?

— אין קיִעוו.

— א געזעצלעך געבוירענער?

— יאָ.

— איר זייט א ייִד?

— יאָ, א ייִד.

— א גראמאָטנער?

— יאָ.

— א כאסענע געהאטער?

— יאָ... יאָ.

— קינדער האָט איר?

— כ'האָב קינדער... פינף.

— מיט וואָס באשעפטיקט איר זיך?

— אן אָנגעשטעלטער.

— איר האָט עפּעס א פארמעגן?

— איך פארמאָג גאָרניט.

— אייך איז באוווסט, אז צווישן די באשולדיקער טרעט ארויס דער געהילף־פּראָקוראָר פון דער פּעטערבורגער געריכט־פּאַלאַטע?

— מיר איז אַלץ באוווסט.

— די הערן פארטיידיקער טרעטן ארויס מיט אייער מיטשטימונג?

— יאָ.

---

פון א מיטלסטער ריי אין געריכט־זאל האָט שטיל זיך אופגעהויבן יאקאָוו ראטנער, נאָך אים נאסטיע שישאָווא. ביידע האָבן זיך געלאָזט צו דער ארויסגאנג־טיר.

ווי א הונט פון א קייט, האָט פון דער זאלבער ריי זיך א ריס געטאָן פון זיין אָרט א סטודענטל מיט א צייכן פון א „סאַיוזניק" אינעם לאַץ. ער איז ארויס אינמיטן זאל און געגומען רופן:

— גאָספּאָדין פּריסטאוו![1]

דעם אנטקעגן־אָנגעקומענעם פּריסטאוו האָט דאָס סטודענטל געטיטשעט אין פּאָנעם אריין א פּלוּבבלעטל, וואָס ער האָט אופגעהויבן פון דעם אָרט, וווּ יאשע ראטנער איז געזעסן:

— אָט זעט, קראמאָלע... פארהאַלט אָט יענעם סטודענט אין דער אוניווערסיטעט־אוניפאָרם. גיכער, פארהאַלט אים...

א צעמישטער, האָט דער פּריסטאוו געגומען אפגיך נאָכשפּאַנען ראטנערן, אָבער בא דער ארויסגאנג־טיר פון זאל האָט נאסטיע קלוימערשט ניט אומיסטן זיך פארטשעפּעט פאר איר אייגענעם אָפּצאַס און א פאל געטאָן אפן פּריסטאַווס ברוסט. ראטנער איז נעלעם געוואָרן... דער פּריסטאוו האָט פארהאַלטן די פרוי, זי ארויסגעפירט פון זאל.

— איר וועט מיט מיר מיטגיין, מאדעמואזעל.

נאסטיע האָט זיך ארומגעקוקט. איבערצייגט זיך, אז ראטנער איז שוין דאָ ניטאָ, האָט זי רויִק געענטפערט:

[1] הער פּריסטאוו.

— איר האָט קיין רעכט ניט מיך צו פאַרהאַלטן, הער פּריסטאַוו.

— דאָס וועלן מיר אויסקלאָרן, דערוויַיל קומט מיט מיר. — און ער האָט ברוטאַל זי א נעם געטאָן פאַרן אָרעם. ער האָט זי אַריַינגעפירט אין א זיַיטיקן צימער און אַוועקגעשטעלט לעבן איר א וואַך.

אין עטלעכע מינוט אַרום איז דאָס פלוגבלעטל שוין געווען אין טשאַפּלינסקיס הענט. א צעפלאַמטער האָט ער זיך איַינגעגראָבן מיט די אויגן אין דעם בלעטל, וואָס האָט גערופן צו פּראָטעסטירן קעגן דעם פּראָצעס און צו אַן איינטאָגיקן שטריַיק פון די קיִעווער אַרבעטער און אָנגעשטעלטע. פון קאַס איז טשאַפּלינסקי געוואָרן אַלע קאָלירן. נאָך דעם, ווי דער פּריסטאַוו האָט אים עפּעס איַינגערוימט אפן אויער, האָט ער זיך אופגעהויבן פון זיַין אָרט און אַרויסגע־גאַנגען מיטן פּריסטאַוו צו דער פאַרהאַלטענער קורסיסטקע.

— ווער זיַיט איר? — האָט טשאַפּלינסקי געפרעגט בא איר.

זי האָט גאָרנישט ניט געענטפערט.

— ביז איר וועט אונדז ניט זאָגן, ווער איר זיַיט און ווער איז דער סטודענט, וועלכער האָט פאַרשפּרייט די בלעטלעך, וועלן מיר איַיך ניט באַפריַיען, מיר האָבן רעכט דערויף...

— ס'איז ניט געזעצלעך. איך וועל אָנשריַיבן דעם יוסטיץ־מיניסטער.

— אָ־אָ, מאַדעמואַזעל... צי ווייסט איר, אַז מיר געפינען זיך מיט איַיך אין פּאַלאַץ פון גערעכטיקייַט? מיר ווייסן אונדזערע פליכטן.

די קורסיסטקע האָט זיך צעלאַכט. וואָס מער טשאַפּלינסקי האָט זיך געבייזערט, אַלץ שטאַר־קער האָט זי געלאַכט.

אין צימער האָט זיך אַריַינגעריסן אַנאַטאָלי שישאָוו.

— הער פּראָקוראָר, איך האָב די גאַנצע ציַיט נאָך איר נאָכגעקוקט, — האָט ער אויס־געשאָסן.

— ווער זיַיט איר, הער סטודענט? — טשאַפּלינסקי באַטראַכט שישאָווס סטודענטישן מונדיר.

— איך בין אַנאַטאָלי שישאָוו, איר ברודער, — האָט ער אָנגעוויזן אף דער פאַרהאַלטענער.

— און וואָס פאַר א שיַיכעס האָט איר ביידע צו לעאָנטי איוואַנאָוויטש שישאָוון? — האָט טשאַפּלינסקי, פאַרזשמורענדיק די אויגן, געפרעגט.

— לעאָנטי איוואַנאָוויטש איז אונדזער פאָטער, אונדזער לייבלעכער פאָטער, הער פּראָ־קוראָר.

— אַזוי גאָר... טשיקאַווע. — ניט אומקוקנדיק זיך אף אַנאַטאָלין און נאַסטיען, איז דער פּראָקוראָר מיט שנעלע טריט אַרויס פונעם צימער.

— פּאָדלייעץ! — האָט נאַסטיע א געשריי געטאָן צום ברודער. — מיר איז א ביזאַיען זיַין דיַין שוועסטער.

— דערפאַר וועסטו אָבער דערפרייען דעם טאַטן, — האָט קאַלטבלוטיק געענטפערט אַנאַ־טאָלי און איבערגעלאָזט די שוועסטער מיטן פּריסטאַוו.

## בא די שישאָווס אין שטוב

סעראַפימאַ גאַווריִלאָוונאַ וואָלט שוין פון לאַנג זיך געלייגט שלאָפן, נאָר דער מאַן און ביידע קינדער זיַינען נאָך נישטאָ אין דער היים, וואַרט זי אף זיי. וואָס איז הייַנט געשען? סעראַפימאַ גאַווריִלאָוונאַ האָט געוווסט, אַז אין שטאָט איז אומרויִק, דאָס דינסטמיידל איז אינדערפרי געקו־מען פונעם מאַרק און דערציילט, אַז איבער די גאַסן שפּאַנען אַרום פאַרשטאַרקטע פּאָליציי־קאָנ־וואָיען און צעטריַיבן די פאַרבייַגייער. אין אייניקע הויפן שטייען אַפילע קאָזאַקן.

אָבער אַזוי שפּעט האָט נאָך לעאָנטי איוואַנאָוויטש קיינמאָל זיך ניט אומגעקערט אַהיים. ווען זי האָט אים ענדלעך דערזען, האָט זי זיך פאַשעט דערפרייט:

— נו, דאַנקען גאָט, וואָס דו, לעאָנטי איוואַנאָוויטש, ביסט שוין געקומען.

— וואָס איז דען? — האָט זיך געכידעשט דער מאַן.

— די קינדער זיַינען נאָך ניטאָ.

— זיַי רויִק, זיי זיַינען שוין ניט קיין קליינינקע, — האָט לעאָנטי איוואַנאָוויטש געטרייסט דאָס וויַיב.

— עפּעס איז מיר שווער אפן האַרצן...

— באַרויִק זיך און לייג זיך שלאָפן.

לעאָנטי איוואַנאָוויטש האָט אָפּגעגעסן וועטשערע, דורכגעקוקט די ציַיטונגען און זיך צוגעשפּאַרט אפן דיוואַן אין עסצימער. אַזייגער צוועלף האָט ער דורכן לייַכטן דרעמל דערהערט,

ווי די פרוי זײַנע דרייט זיך נאָך אַלץ אַרום איבער די צימערן און שפּאַנט פון איין פענצטער צום אַנדערן. ער האָט פאַמעלעך זיך אופגעהויבן פונעם דיוואַן און אַ קוק געגעבן אָף דעם קעשענע־זייגער. „שוין טאַקע שפּעט“, — האָט ער אַ קלער געטאָן.

— נאָך נישטאָ? — האָט ער געפרעגט די פרוי.

— ניין, ניט נאַסטיע און ניט אַנאַטאָלי.

— ביידע? מאַדגע, — האָט ער געקנייטשט מיט די אַקסלען.

ערשט אַרום איינס באַנאַכט האָט אַ קלונג געטאָן דאָס גלעקל. מיט דריבנע טריט האָט סעראַפּימאַ גאַווריליאָוונאַ זיך געלאָזט צו דער טיר.

אָף דער שוועל האָט זיך באַוויזן אַנאַטאָלי. אַ נאַריש שמייכעלע האָט געבלאַנדזשעט אָף זײַן טעוואָס בעגילופנדיקן פּאָנעם.

— וווּ איז נאַסטיע? — פרעגט די מוטער.

— נאַסטיע? וואָס פרעגסטו מיך וועגן נאַסטיען? פרעג באַם פּראָקוראָר טשאַפּלינסקי.

— וואָס פּלאַפּלסטו? — האָט קימאַט אויסגעשריִען די מוטער. — לעאָנטי, גיי נאָר אַהער גיכער!

עס דערהערן זיך שאַרקענדיקע שווערע טריט. לעאָנטי איוואַנאָוויטש קומט אַרײַן אין עס־צימער. דאָס שטוב־מיידל האָט זיך אויך אופגעכאַפּט פונעם טומל, אַרײַן אַהער, דערזען קימאַט דאָס גאַנצע געזינדל, און אָנגעצונדן אַלע עלעקטרישע לעמפּלעך אין דער גרויסער ליוסטרע.

— וואָס איז דאָס פאַר אַן איליומינאַציע? — האָט לעאָנטי איוואַנאָוויטש פאַרשטעלט די אויגן מיט די הענט. — לעשט אויס.

סעראַפּימאַ גאַווריליאָוונאַ האָט אויסגעלאָשן די ליוסטרע און פאַרייִעשט אויסגערופן:

— הער, לעאָנטי, הער, וואָס אַנאַטאָלי זאָגט... — זי נעמט אָן דעם זון פאַרן אָרעם און פירט אים צו צום פּאָטער.

— וואָס איז דאָ צו דערציילן? זי איז אַ קראַמאַלניצע. איך האָב אַליין געזאָגט טשאַפּלינסקין...

— וואָס האָסטו אַליין געזאָגט? — האָט אומגעדולדיק, ניט לויט זײַן שטייגער, אויסגעשריִען לעאָנטי איוואַנאָוויטש. — זע נאָר, — זאָגט ער צו דער פרוי, — ער שטייט דאָך קוים אָף די פיס, דײַן איליא מוראָמעץ... — לעאָנטי איוואַנאָוויטש טוט האַסטיק אַ שלעפּ אַנאַטאָלין פאַר אַ האַנט און זעצט אים אַוועק אָפן דיוואַן. — זיץ און דערצייל.

— באַלד, באַלד, — פונעם פּאָטערס שלעפּ איז אַנאַטאָלי ווי צו־זיך געקומען, אויסגעעסטאַר־טשעט די אויגן און געגומען דערציילן: — נאַסטיע האָט געוואָלט ראַטעווען איר קאַוואַליער — דעם געקרייַזלטן סטודענט ראַטנער. פּליגבלעטלעך האָבן זיי פאַנאַנדערגעוואָרפן... האָט דער פּריס־טאַוו זי פאַרהאַלטן, און טשאַפּלינסקי...

— וואָס טשאַפּלינסקי? וואָס, רייד שוין אַמאָל!

— איך האָב אים געזאָגט, ווער זי איז... די פאַמיליע געזאָגט.

— אויסוווּרף! — האָט דער פּאָטער אָפּגעלאָזט דעם זון אַ פּליאַסק.

— גאָט מײַנער, וואָס טוסטו, לעאָנטי?! — סעראַפּימאַ גאַווריליאָוונאַ האָט מיט ציטערנדיקע הענט פאַרשטעלט דאָס פּאָנעם. — לעאָנטי!.. איך מיין, אַז מאָרגן דאַרפסטו מיט טשאַפּלינסקין זיך זען...

— לאָז מיך, איך בעט דיך, צורו...

— וואָס הייסט דיך לאָזן צורו, נאַסטיע איז דאָך אַרעסטירט.

— און אַז אַרעסטירט...

מער האָט לעאָנטי איוואַנאָוויטש ניט געוואָלטריידן.

אָפן אַנדערן פרימאָרגן האָבן מאַן און ווײַב צווישן זיך ניט אויסגערעדט קיין וואָרט, אַפילע באַם טיש. מע האָט שטומערהייט איבערגעביסן. איידער דער מאַן האָט געדאַרפט אַוועקגיין, האָט סעראַפּימאַ גאַווריליאָוונאַ דאָך ניט אויסגעהאַלטן און געפרעגט:

— לעאָנטי איוואַנאָוויטש, געדענקסט וועגן נאַסטיען?

— דאַרפסט מיר ניט דערמאָנען. איך געדענק גוט...

ווי נאָר לעאָנטי איוואַנאָוויטש איז אַרויס פון שטוב, איז סעראַפּימאַ גאַווריליאָוונאַ אַרײַן צום זון אין צימער.

— שטיי אוף, אַנאַטאָלי, דער טאַטע איז שוין אַוועק אין געריכט.

אָפּגעפרישטיקט, האָט דער זון אָן איין וואָרט צו זאָגן זיך געלאָזט אַרויסגיין. באַ דער טיר האָט די מוטער אים פאַרהאַלטן:

— וווּהין גייסטו איצטער?

— אין אוניווערסיטעט.

— און נעכטן אַזוי שפּעט אויך געווען אין אוניווערסיטעט?

— וואָס איז געווען נעכטן, געדענק איך ניט, — האָט ער, ניט אויסקערעווענדיק זיך, א זאָג געטאָן.

„אהין, צי אין אוניווערסיטעט? — האָט אנאַטאָלי א קלער געטאָן, פּארקלאָפּנדיק נאָך זיך די טיר, — נייִן, פריִער אין גערירכט, עפּשער וועל איך גאַלוביאָוון צוניץ קומען...“

בייסן איבערייַס נאָך דער אינדערפריִענדיקער זיצונג האָט לעאָנטי איוואנאָוויטש געטשאַטעוועט, ער זאָל זיך טרעפן מיט טשאַפּלינסקין, ער האָט אומיסטן זיך דורכגעדרייט עטלעכע מאָל פאר זייַנע אויגן אין דעם צימער פאר די ריכטער, ביז זיי זייַנען קלוימערשט אומגעריכט אָנגעקומען איינער אנטקעגן אנדערן.

שישאָוו האָט, נאַטירלעך, געוואוּסט, דער פּראָקוראָר זאָל אים פאַרטשעפּען, אָבער פאַרפירנדיק א שמועס, האָט טשאַפּלינסקי אויסגעשעצט, אז שישאָווס פּאָטעריש הארץ וועט ניט אויסהאַלטן און ער וועט אַליין פרעגן, וואָס איז געשען מיט זייַן טאָכטער.

— איר זייַט די גאַנצע צייַט אָף די זיצונגען? — האָט געפרעגט טשאַפּלינסקי.

— יאָ, פון זינט דער פּראָצעס האָט זיך אָנגעהויבן.

— אינטערעסאַנט?

— יאָ, געוויס.

— וואָס פאר אן עפּיזאָד איז, לויט אייַער מיינונג, דערווייַל דער שטאַרקסטער, לעאָנטי איוואנאָוויטש?

— וועלכער עפּיזאָד?.. — פרעגט איבער שישאָוו און פאַרקלערט זיך.

— יאָ, וועלכער עפּיזאָד? — און ווייַל שישאָוו ענטפערט ניט אזוי גיך, רעדט ווייַטער דער פּראָקוראָר: — איך וועל אייַך אונטערזאָגן...

— איר?

— איך, לעאָנטי איוואנאָוויטש. איך מיין, אז יענער, ווען די בייזוויליקע קראַמאַלניקעס האָבן פאנאנדערגעוואָרפן זייערע פאַרברעכערישע פלוגבלעטלעך, און אייַער טאָכטער... — טשאַפּלינסקי איז אנשוויגן געוואָרן.

— וואָס — מייַן טאָכטער, געאָרגי גאַוורילאָוויטש?

— איר ווייסט גאַנץ גוט, אז אייַער טאָכטער האָט אָנטיילגענומען דעריין.

— איך ווייס ניט דערפון...

— איר ווייסט ניט? — א פּאוזע.ביידע גערירכט-טוער קוקן אָן איינער דעם צווייטן, גלייַך זיי זעען זיך דאָס ערשטע מאָל אין לעבן. — עפּשער וואָלט איר איבערגערעדט מיט אייַער טאָכטער? — שישאָוו שווייַגט, אים איז שווער צו ענטפערן. — מעגלעך, אז איר וועט קאָנען איבערצייַגן אייַער טאָכטער, זי זאָל דערציילן, וועלכן פאַרברעכער האָט זי געוואָלט אויסבאהאַלטן, שטיצנדיק זיך אָף אייַער נאָמען...

— אָף מייַן נאָמען... — שישאָוו באנעמט איצט טשאַפּלינסקיס פּראָוואָקאַציאָנעלן מאנעוור. — ווו געפינט זיך איצט מייַן טאָכטער?

— אין זשאנדארמסקע. האָט קיין יעסורים ניט, לעאָנטי איוואנאָוויטש, קיינער וועט איר דאָרטן קיין שלעכטס ניט טאָן.

שישאָוון האָט באשלאָגן א שוויס. טשאַפּלינסקי באמערקט, ווי שישאָוו מינעט זיך, וואַרפט ער אונטער עטלעכע ווערטער, ווי מע גיסט אונטער ברענשטאָף אין א פייַער:

— שרעקט זיך ניט, לעאָנטי איוואנאָוויטש. אויב זי איז אין גאָרנישט ניט שולדיק, וועט מיט איר ניט טרעפן קיין שלעכטס.

— איר ווייסט גאַנץ גוט, געאָרגי גאַוורילאָוויטש, אז איך בין ניט פון די דערשראָקענע.

— איך געדענק עס... איז אָט, אויב איר ווילט, קאָנט איר זיך זען מיט אייַער טאָכטער.

גאָרנישט ניט געענטפערט, האָט שישאָוו עטוואָס פארנייגט דעם קאָפּ און זיך געלאָזט אוועקגיין, נאָר טשאַפּלינסקי האָט אים אָפּגעשטעלט:

— לעאָנטי איוואנאָוויטש... מיר דאַכט, אז ס'איז שוין צייַט, איר זאָלט אָנגעבן אין דעמיסיע...

א בלאַסער, מיט א קלאַפּנדיק הארץ, איז דער מיטגליד פון קיִעווער גערירכט-פּאַלאַטע שישאָוו שווייַגנדיק ארויס פון דער גערירכט-געבייַדע.

באם ראָג פון פּראָרעזנאיא האָט אים אָנגעיאָגט א דראָשקע מיט א באַקאַנטן פורמאַן. שישאָוו האָט אים אָפּגעשטעלט.

— וווּהין, באַרין?

— צו דער זשאנדארמסקע, נאָר שנעלער!..

דער פורמאַן טוט פאַרכידעשט א קוק אָף זייַן פּאַסאַזשיר.

— איר, לעאָנטי איוואנאָוויטש... אהין גאָר?..

— טרײַב, קוזמא. אין לעבן טרעפט אַלץ.

אין פּאַדערציִמער פונעם זשאַנדאַרם־אָפּטײל האָט דער דעזשורנע זיך אופגעשטעלט פאַר דעם מענטשן אין מונדיר. שישאָוו האָט דערקלערט, צוליב וואָס ער איז אהער געקומען.

— יאָ, פאַראַן באַ אונדז אַזאַ, — האָט דער דעזשורנע געזאָגט און אַרײַנגערופן אַן עלטערן פון זיך.

אַן אָפּיצער מיט פאַרדרײטע וואָנצעלעך און קלײנע שמײכלענדיקע אײגעלעך האָט געבעטן שישאָוון צוווארטן — אָט וועט ער גײן פרעגן... אײַנגיכן זיך אומגעקערט און אַראָפּגעפירט לעאָנטי איוואַנאָוויטשן אין דעם קעלער, ווו מע האָט מיט אַ צײַט צוריק עטלעכע טעג געהאַלטן בײַליסן מיט זײַן ייִנגעלע.

דערזעען דעם פּאָטער לעם זיך אין האַלב־פינצטערן קעלער, איז נאַסטיע געבליבן ווי גע־פּלעפט. די ערשטע עטלעכע רעגעס זײַנען זײ שווײַגנדיק געשטאַנען אײנער קעגן אַנדערן. אהער, אין קעלער, איז אַ פאַרלאָשענער דערגאַנגען דער רויש פונעם רעגן, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אין דרויסן. ס׳האָבן זיך דערטראָגן עטלעכע דונערס. דער פּאָטער איז געשטאַנען לעם דער טיר, שווער געאָטעמט און אָנגעשטרענגט געקוקט אַף דער טאָכטער.

ווען לעאָנטי איוואַנאָוויטשעס אויגן זײַנען צוגעוווינט געוואָרן צו דער טונקלעניש, וואָס האָט זיך דאָ, אין קעלער, געראַנגלט מיט דער בלאַסער טאָג־שײַן פון דעם קלײנעם צווײטאָפּליעדיקן פענצטערל ערגעץ באַ דער סאַמע סטעליע, האָט ער זיך דערנעענטערט צו דער טאָכטער, וועלכע איז נאָך געשטאַנען אַ פאַרגליווערטע לעבן דער וואַנט.

— טאָכטער, פאַרוואָס באַדעקסטו מיט שאַנדע מײַן אַלטן קאָפּ?

— דו, טאַטע, רעדסט אַזוי? ביסט דאָך אַ מענטש פון גערעכטיקײַט... האָסט מיך דאָך שטענדיק אַלײן געלערנט צו זײַן מענטשלעך און אָרנטלעך.

— עמעס, אַזוי דיך געלערנט. זאָג מיר, אין דער אַקציע פון פאַרשפּרײטן די בלעטלעך האָסטו אויך אָנטײלגענומען, צי נאָר יענער סטודענט?

צוערשט האָט זי ניט געענטפערט, נאָר דערנאָך מיט אַ מונטער קאָל אַרויסגעבראַכט:

— ניט נאָר אײן סטודענט, טאַטע, צענדליקער, הונדערטער...

— אַזוי... אָבער פאַרהאַלטן האָט מען בלויז דיך?

— איך ווײס ניט, דאָס וואָלט איך טאַקע געוואָלט וויסן.

— בלויז דיך, — האָט דער פּאָטער געזאָגט און דערנאָך צוגעגעבן שטילער: — דערווײַל...

— דאָס איז פאַר מיר גאָר אַ גוטע ידיעה. אַ דאַנק דיר, טאַטע.

— עך, נאַסטיע, נאַסטיושע... גײסט אין אַ געפערלעכן וועג...

— אָבער דערפאַר אין אַ גערעכטיקן, וואָס וועט ברענגען מענטשן פרײד. דערין בין איך זיכער, טאַטע.

— מײנסט אַזוי?

— יאָ, איך האָף און גלײב...

נאַסטיע האָט צוגעשפּאַרט דעם קאָפּ צום פּאָטערס אַקסל.

— שטאַרק זיך, נאַסטינקע...

— איך בין שטאַרק און רויִק! — קומט איר ענטפער.

וואָס לענגער שישאָוו איז דאָ געשטאַנען און זיך אײַנגעהערט אין דער טאָכטערס רײד, אַלץ מער האָט אים פאַרלאָזט דאָס געפיל פון ווײטעק און אַלץ טיפער האָט אים באַהערשט אַ געפיל פון שטאָלץ, וואָס די טאָכטער פאַרמאָגט אַזאַ שטאַרקן כאַראַקטער און אַזאַ אָפן האַרץ פאַר צוטרוי צו מענטשן און פאַר גוטס... אים איז געווען שווער זי צו פאַרלאָזן אין איר עלנטקײַט, און ער האָט עס איר געזאָגט.

— נײן, טאַטע, איך בין ניט אײנזאַם אין מײַן וועג... מיר זײַנען אַ סך, אַ סך.

— אָבער... — אַ טרער האָט זיך צוגעקײַקלט צו זײַן האַלדז, — דערווײַל זיצסטו דאָ...

— ניטאָ קײן באַווײַזן און קײן מאָטיוון, מע זאָל מיך פאַרהאַלטן, ניטאָ... זאָג וועגן דעם דער מאַמען.

— יאָ, ריכטיק, ניטאָ. אָבער... — ווער־ווער, נאָר שישאָוו האָט גוט געוווּסט די גענג פון די טשאַפּלינסקיס, ער האָט זײ גוט געקענט... — שטאַרק זיך, טאָכטער, — האָט ער צוגעגעבן.

— איך בין שטאַרק. זאָג דער מאַמען, טרײסט זי.

שישאָוו איז אַרויס אין דרויסן, ווו ס׳האָט שוין ווידער געשפּילט די זון, קינדער האָבן גע־שפּאַנט איבער די קאַליזשקעלעך און פרײלעך געלאַכט.

קיין פרומער איז דער בלעכער ליפּע פּאַדעלקאָ ניט געווען, נאָר שאַבעס און יאָמטעוו די שול ניט פאַרפעלט. נאַטירלעך, אַז אום יאָמקיפּער איז אַזאַ מענטש, ווי ליפּע, אַוועק אין בעסמעדרעש.

יאָמקיפּער אין יענעם יאָר איז געווען אַ באַזונדערס מאָרעשכוירעדיקער. אַף אַלעמען האָט געדריקט דער בלוט־בילבל, און די מיספּאַלעלים אין קיִעוו האָבן טפילע געטאָן ניט בלויז פאַר זיך, נאָר אויך פאַר דעם אומגליקלעכן אָסיר בייליסן, וואָס זיצט אַף דער באַשולדיקונג־באַנק און וואַרט מיִעס געפּיִניקט.

אַפן שטענדער, לעם וועלכן ס'איז געשטאַנען ליפּע פּאַדעלקאָ, איז כּוץ דעם מאַכזער געלעגן אַ שניי־ווײַס טיכעלע, טאָמער וועט אַ טרער אַ ברי טאָן די אויגן.

אויב נאָך ביז מוסעף האָט ליפּע געפּילט, אַז אַ טרער וועט אָט־אָט זיך אַרויסקײַקלען פונעם אויג, איז שפּעטער, אין דער צווייטער העלפט טאָג, דאָס הארץ אים אײַנגאַנצן פאַרשטיינערט געוואָרן. בייס אַ האַפסאָקע, ווען אַ טייל מיספּאַלעלים זײַנען אַרויס פון דער שול־שטיקעניש אין דרויסן צו כאַפּן אַ ביסל לופט, האָט ליפּע זיך אָנגענומען מיט הארץ און געזאָגט צו איינעם אַ באַלעבאָס:

— רעב ייִצכאָק, איר ווייסט, וואָס איך האָב אַ קלער געטאָן? איך מיין, מע דאַרף ניט נאָר וויינען, נאָר פאַרקערט, מע וואָלט באַדאַרפט זיך אָנטאָן אין די שענסטע קליידער און אַלע צוזאַמען גיין צום געריכט און פּאַדערן, פּראָטעסטירן.

— פאַרוואָס אין די שענסטע קליידער? — האָט געפרעגט רעב ייִצכאָק. — אין צעריסענע מאַלבושים — דאָס פאַרשטיי איך, אַז זיי, די טאַליאָנים, זאָלן זען, ווי מיר טרויערן און רײַסן קריִע...

— ניט וויינען דאַרף מען, רעב ייִצכאָק, אַז די סאָנים זאָלן זען אונדזער דערשלאָגנקײַט. פאַרקערט, מיר דאַרפן זיי ווײַזן, אַז מיר זײַנען שטאַרק בא זיך.

— ניקאָלקע קוואָס, דעם רוסישן קייסער, וועט איר איבערשרעקן מיט אײַער גוורע... מע וועט אײַך ווי אַ הונט פאַרטרײַבן פון דעם מויער, ווו דער געריכט קומט פאָר... ווייסט איר גאָר, וואָס איך וועל אײַך זאָגן, רעב ליפּע, מע'ט אײַך נאָך אַרײַנפּאַקן אין קוטשעמענט און אײַך אַוועקזעצן לעם בייליסן: אָט האָסטו דיר, רעב ייִד, פאַר דערפאַר, וואָס דו בונטעוועסט דעם אוילעם.

אין דער רעגע איז אָנגעקומען ליפּעס אייניקל, דער גימנאַזיסט, און געבראַכט אַ פלעשעלע מיט כאַלאָשעס־טראָפּן: טאָמער וועט דעם זיידן פאַרקלעמען באַם הארצן אָדער עס וועט זיך אים פאַרדרייען דער קאָפּ.

ליפּע האָט גענומען דאָס פלעשעלע און צוגעטראָגן עס רעב ייִצכאָקן.

— נאָט, נעמט, רעב ייִצכאָק. איר קלײַבט זיך דאָך וויינען.

רעב ייִצכאָק האָט זיך אַפילע ניט באַליידיקט אַף ליפּען, בלויז אַ בורטשע געטאָן:

— אַלע יאָרן זײַנען בא אונדז געווען מענטשן, וועלכע זײַנען געגאַנגען אַף קידעש־האַשעם...

— דאָס איז געווען אַמאָל, — דערווידערט ליפּע דער בלעכער, — הײַנטיקע צײַטן ענטפערט מען מיט קלעפּ אַף קלעפּ. מע בייגט ניט אָן דעם קאָפּ, נאָר מע שטעלט זיך קעגן, מיט וואָס נאָר מע קאָן. אָט אַזוי, ווי מע האָט געטאָן מיט סטאָליפּינען...

— גוואַלד געשריִען, אַ מענטש זאָל אַזוי ריידן אין אַזאַ געפערלעכער צײַט!

— שרעקט זיך ניט, רעב ייִד, — מישט זיך אַרײַן דער גימנאַזיסט, — מיינט ניט, אַז דער הימל איז בא דער ערד. איר זאָלט געווען הערן, וויאַזוי דער שוסטער נאַקאָנעטשני האָט הײַנט אָפּגעלייקנט אַלץ, וואָס דער פּאַנאַרשטשיק שאַכאָווסקי האָט אויסגעטראַכט...

— איר הערט, רעב ייִצכאָק, דאַרף מען וויינען?..

— הייסט עס, אַז ס'איז דאָ אַ גאָט אַף דער וועלט.

דער בלעכער קוקט דעם בעסמעדרעש־ייִדן אין די אויגן און זאָגט:

— פאַראַן נאָך מענטשן אַף דער וועלט, מענטשן...

— אַ גאָט איז דאָ אַף דער וועלט!

— און איך זאָג, מענטשן זײַנען דאָ, מענטשן.

— און גאָט? אַ בלעכער זאָל זײַן אַזאַ אַפּיקוירעס!

רעב ייִצכאָק האָט בייז זיך אויסגעקערעוועט מיטן רוקן צו ליפּען און מיט פּאַמעלעכע טריט זיך געלאָזט אין בעסמעדרעש.

ליפּע פּאַדעלקאָ האָט געפּילט, אַז ער וועט ניט קאָנען זיך דערוואַרטן אַף נעִילע. ער מוז זײַן לעבן געריכט. נעענטער צו דעם אָרט, ווו עס ווערט געלייזט דער גורל פון בייליסן. „סטײַטש, — האָט אַ קלער געטאָן דער בלעכער, — ליפּע, באַטראַכט זיך, ביסט דאָך אַ זינדיקער מענטש. מע וועט דאָך דיך פאַרכאַרמענען, מע וועט דאָך טײַנען, אַז דו, ליפּע, האָסט ניט אויסגעהאַלטן דעם

טאַנעס און דערפאַר ביסטו אוועק פאַר נעזלע, פאַר דעם, ווי ס'האָט זיך באַוויזן דער ערשטער שטערן". אָבער דאָס געפיל, אַז זײַן עמעס אָרט איז ניט דאָ, ווו ס'הערשט נאָר געוויין, האָט גויוּוער געווען. ליפּען האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז מיט עפּעס וועט ניט נאָר אים גרינגער ווערן, ווען ער וועט שטיין בא דער געריכט־געבײַדע, נאָר דערמיט וועט ער גרינגער מאַכן אויך דעם אַרעס־טאַנט מענדל בייליס. ווײַל ער, ליפּע, וואָלט דאָך, פּונקט ווי מענדל בייליס, געקאָנט זיצן פאַר־שפּאַרט און פאַרקאַוועט הינטער דער גראַטע, נאָר וואָס דען, דער גורל האָט אים אויסגעמיטן, מע האָט געכאַפּט מענדלען אָנשטאָט אים, ליפּען, אָדער אָנשטאָט אַן אַנדער ייִדן, אפילו אָנשטאָט אָט יענעם רעב ייִצכאָקן — דעם באַל־בעכיע מיט דער שיינער אויסגעקעמטער באָרד. און ליפּע שפּאַנט אַוועק צום געריכט. „סטײַטש, — טראַכט ווידער ליפּע, — האָסט דאָך געפּאַסט אַ גאַנצן טאָג, קאָן זיך נאָך דיר פאַרדרייען דער קאָפּ דערפון. אייסעך־וואָס, בייליס האָט געהאַט אַ שווע־רערן טאָנעס. מע זאָגט, ער האָט זיך נעכטן צו קאָלנידרע פאַרפאַסט. איז וואָס טראַכסטו, ליפּע, וועגן אַזעלכע זאַכן? דער גוטערי־אַר וועט דיך ניט נעמען, ליפּע פאָדעלקאָ".

אין דער פאַרנאַכטיקער שטילקײַט שטייט באָגדאַן כמעלניצקי אַף זײַן ביסטרע פערד, אַן אָפּגעגאָסענער מיט דער פאַרגייענדיקער זון. אַרום דעם מאָנומענט שטייען הונדערטער מענטשן. נאָר ס'איז שטיל. איינער האָט מוירע באַם צווייטן עפּעס צו פרעגן. ליפּע באַמערקט, אַז ניט בלויז ייִדן שטייען דאָ, ער דערהערט, ווי איינער זאָגט צו אַ צווייטן:

— דערקלערונגען גיט נאָך נאַקאָנעטשני...

— ווער איז נאַקאָנעטשני? — פרעגט דער אַנדערער, לויטן אויסזען אַ טשינאָווניק.

— אָט יענער, מיטן צונעמעניש „ליאַגושקאַ".

— אוי, וועט ער דאָך בייליסן באַגראָבן!..

— איר האָט אַ טאָעס, מײַן הער, — מישט זיך אַרײַן איינער אין אַן אַרבעטס־פּאַרטעך, וואָס איז, אַפּאָנעם, אָקאָרשט אַוועק פונעם וואַרשטאַט. — אַ נאַש בראַט קאָן ניט ריידן קיין שלעכטס אַף אַן אומשולדיקן מענטשן.

— נאַש־בראַט, נאַש־בראַט... — האָט דער טשינאָווניק איבערגעקרימט. — כוץ אײַערע ברי־דער זײַנען פאַראַן נאָך לײַטישע מענטשן אין רוסלאַנד.

— אַשטייגער, איר, פּאַני?

— יאָ, שטעלט זיך פאַר, אַשטייגער, איך, — און דער טשינאָווניק האָט זיך אָפּגעטראָגן.

און דאָרטן, אין געריכט־זאַל, איז אַפן איידעס־טרעפּל געשטאַנען מיכאַיל נאַקאָנעטשני, לויטן פאַך אַ שוסטער, וועלכער האָט אָפּט צוגעפאַרדינט דערמיט, וואָס ער פלעגט אָנשרײַבן אַ שטאָד־לאָנעס־בריוו צו נאַטשאַלסטווע אָדער אַ ביטע־שריפט, אַ פּראָשעניע. אַ מיטלוווּקסיקער, מיט בלאָנדע האָר, וואָס זײַנען אַראָפּגעפאַלן אַפן ווײַסן שטערן, און אפילו פאַרכאַפּט אַ שטיק פון זײַן ציכטיק־אויסגעגאָלטן פּאָנעם, האָט ער אויסגעזען ווי אַ טיפּישער רוסישער באַלמעלאָכע און געמאַכט זייער אַ גוטן אײַנדרוק. אָנגעטאָן איז ער געווען אין אַ טונקעלן גאַרניטער פון וואָל־וועלן צײַג. מיט איין האַנט האָט ער אָפּט פאַרשאַרט זײַנע בלאָנדע האָר, די צווייטע האָט ער געהאַלטן אין דער אַרופגעלייגטער קעשענע פון זײַן קורצן רעקל. גערעדט האָט ער מיט אַ צוגע־שטילטער באַסאָווע שטימע, און דאָס איז אויך געווען צום האַרצן.

מיכאַיל נאַקאָנעטשני האָט דערציילט דעם געריכט, אַז ער איז געווען ווערע טשעבעריאַקס אַ שאָכן. ווען ס'איז געשען דער אומגליק מיט אַנדריושען, האָט דער לאָמפּן־צינדער שאַכאָווסקי געוואָלט אים אײַנריידן, אַז ניט בא דער טשעבעריאַק אין שטוב האָט מען געפּאַטערט דאָס ייִנגל, נאָר אים האָט אַוועקגעשלעפּט אַ ייִד מיט אַ שוואַרצער באָרד. אָבער, האָט דערקלערט דער שוס־טער נאַקאָנעטשני, שאַכאָווסקי איז אַ פאַרשוין מיט ניט קיין גוטע זיטן, ער איז קאַפּאַבל אַף אַלץ. קיין צוטרוי טאָר מען צו אים ניט האָבן. איינמאָל האָט שאַכאָווסקי זיך אַזוי אויסגעדריקט: „כ'וועל מענדלען אַרײַנפּלאָנטערן אין דעם דאָזיקן איניען", פּינקטלעך אַזוי געזאָגט: „פּרישיו מענדעליאַ ק דיעלו".

די לעצטע פראַזע האָט, ווי אַ דונער, אַ קנאַל געטאָן איבערן זאַל. בא שמאַקאָוו האָבן אָנגע־הויבן ציטערן די בלאָוולעכע אָנגעשוואָלענע בײַטעלעך אונטער די אויגן. זאַמיסלאָווסקי האָט זיך געכאַפּט טרינקען וואַסער. און ווינפּער — יענער האָט נערוועז זיך אופגעשטעלט און צוריק זיך אַוועקגעזעצט אַף זײַן אָרט.

— איך האָב באַשלאָסן, — האָט איבערן געריכט־זאַל זיך געקײַקלט די באַסאָווע שטימע, — צו דערציילן דעם גאַנצן עמעס, ווײַל מײַן געוויסן דערלויבט מיר ניט, עס זאָל לײַדן אַן אומ־שולדיקער מענטש.

בא די ווערטער איז בייליס מיטן גאַנצן קערפּער צוגעפאַלן צו דער פּאַרענטשע פון דער פּאַרצוימונג. פאַר די פיר טעג, וואָס ער זיצט דאָ אין געהאַקטע ווונדן אונטער דער וואַך פון

צווי סאָלדאַטן מיט אַנטבלויזטע שווערדן, האָט מען צום ערשטן מאָל דערמאָנט זײַן נאָמען צום גוטן. דאָס האַרץ זײַנס האָט ניט אויסגעהאַלטן, ער האָט זיך צעוויינט און, כליפּענדיק, אַראָפּגע־לאָזט די אויגן.

די שטילקייט אין זאַל איז געוואָרן געשפּאַנטער, מע האָט אָנגעשטרענגט געקוקט אויפֿן אַרעסטאַנט הינטער דער פּאַרצוימונג. דער פּרעזידענט האָט זיך אָנגעבויגן צו די ריכטער, ווײַזט אויס, זיך געייעצט מיט זיי: עפּעס אויף איבערײַס מאַכן? אָבער ביילים האָט גלײַך זיך גענומען אין די הענט. ער האָט מיט אַ דלאָניע אַפּגיך אויסגעווישט די אויגן און צו זיך אַליין געזאָגט: „מוט — מענדל ביילים! וואָס האָסטו זיך צעלאָזט?"

נאָכאַנטשני האָט ווײַטער פּאַרזיכערט דעם געריכט, אַז דאָס, וואָס טשעבעריאַקאָוועס מיי־דעלע ליודמילע האָט דערציילט, אַז אַ מענטש מיט אַ שוואַרצער באָרד האָט געכאַפּט אַנדריושע יושטשינסקין, ווען די קינדער האָבן זיך געשפּילט אויף דער מיאַלע, און אים ערגעץ אַוועקגע־שלעפּט, — קאָן בעשום־אופֿן ניט זײַן עמעס. ווען דאָס זאָל זײַן עמעס, וואָלט אין אַ שאָ אַרום די גאַנצע גאַס געוווּסט וועגן דעם.

— איך פאַרזיכער, אַז אַזאַ זאַך איז קיינמאָל ניט געשען, ווײַל דאָרטן, אַרום דער מיאַלע, איז געשטאַנען אַ פּאַרקן. איך ווייס ניט, צי האָט מען דאָס אויסגעפּאַרשט, נאָר איך האָב געוווּנדט די אויפֿמערקזאַמקייט פֿון דעם אויספֿאָרשער, אַז דער דאָזיקער פּאַרקן איז אַוועקגעשטעלט גע־וואָרן נאָך אין נאָיאַבער טויזנט נײַן הונדערט צענטן יאָר, די קינדער האָבן בעשום־אופֿן אַהינצו ניט געקאָנט קומען. דאָס ווייס איך זייער גוט.

— פֿאַרוואָס זשע האָט אײַער פּערצניאַריק טעכטערל דוניע געזאָגט, אַז דעם צוועלפֿטן מאַרט האָבן די קינדער זיך געהוידעט אויף דער מיאַלע?

— דאָס קאָן נישט זײַן... אויב מײַן קינד האָט עס געזאָגט, איז דאָס דערפֿאַר, וואָס מע האָט זי אָנגעשראָקן... אַז אויב זי וועט ניט זאָגן, וועט מען זי... — דער אײדעס איז בלייך געוואָרן. ער האָט אויסגעצויגן די האַנט, און מע האָט אים דערלאַנגט אַ גלאָז וואַסער. אַוועקגעשטעלט צוריק די גלאָז, האָט ער מיט אַ פֿעסטער שטים געמאָלדן הויך און קלאָר: — דעמלט, אין דעם טאָג פֿונעם מאָרד, האָבן די קינדער ניט געקאָנט זיך הוידען אויף דער מיאַלע, ווײַל ז׳ײַצוווּס זאַוואָד, און ניט בלויז זײַצעווס זאַוואָד, נאָר אויך די שכײנעסדיקע טעריטאָריעס, האָבן זיך געפֿונען פֿון יענער זײַט הויכן פּאַרקן און אַהינצו, אויף דער מיאַלע, כאָטש איך איבער, האָבן די קינדער ניט געהאַט קיין שום מעגלעכקייט אַרײַנצודרינגען.

מיט זײַנע דורכדרינגענדיקע אויגן האָט זאַמיסלאָווסקי געוואָלט דורכלעכערן דעם אײדעס. ער האָט געפֿרעגט:

— פֿאַרוואָס זשע האָט פֿאַרט אײַער מיידעלע באַם אויספֿאָרשער געזאָגט, אַז צוזאַמען מיט איר זײַנען געווען זשעניע און ליודמילע טשעבעריאַק און אויך אַנדריי יושטשינסקי?

— דאָס איז נאָר דערפֿאַר, ווײַל מע האָט מײַן קינד אָנגעשראָקן. אַזוי האָט זי מיר אַליין געזאָגט...

זאַמיסלאָווסקי ווערט אין כּעס, ער בורטשעט עפּעס, נאָר קיינער הערט ניט וואָס. בלויז ווי־פּער קוקט אויף זײַן קאָלעגע און שאָקלט צו מיטן קאָפּ. ער שטעלט זיך אויף, נעמט אַ גלאָז מיט וואַסער, און מע דערהערט גאַנץ בוילעט, ווי דעם פּראָקוראָרס ציין ראַנגלען זיך מיט דער גלאָז.

אויף גרוזענבערגס פּנים לויכט אַ צופֿרידענער שמייכל. אויך זײַנע קאָלעגן קאַראַבטשעווסקי, זאַרודני, מאַקלאַקאָוו, גריגאָראָוויטש־באַרסקי שמייכלען.

די געשווּוירענע בײַזיצערס האָבן מיט אָפּשײַ באַטראַכט דעם פּאַשעטן באַלמעלאָכע נאָכאַ־נטשני. מיט זײַנע געווינסנהאַפֿטע און אָרנטלעכע באַווײַזן האָט ער ניט איין ביטערע מינוט פֿאַרשאַפֿט די קאַטייגערס. זיי האָבן אַפֿילו ניט איין מאָל געפּרוּווט שטעלן פֿאַר אים אַ כאַפּ־שטײַגעלע, נאָר אַלע מאָל דורכגעפֿאַלן, ווײַל דער פּראָסטער רוסישער פֿאָלקס־מענטש האָט מיט זײַן לויטערן און קלאָרן סייכל קונציק אַריבערגעטראָטן איבער די צעשטעלטע כאַפּ־שטײַגלעך.

אומגעריכט טוט דער פּאַרזיצער אַ פֿרעג באַם אײדעס:

— „ליאגושקא" איז אײַער צונעמעניש?

— יאָ.

שמאַקאָוו בלאָזט אָן זײַנע ליפּן, און פֿון די פֿעטע פֿלוסטערדיקע געלע באַקן קומט אַרויס ווי אַ געבריל:

— איך בעט לייגן אַכט דערויף, וואָס פֿאַרוואָס יעדיעס דער געריכט־אויספֿאָרשער האָט פֿאַר־מאָגט אין זײַן רעשוס. ביילים האָט מוירע געהאַט פֿאַר נאָכאַנטשנין...

עס איז אויפֿגעשטאַנען גרוזענבערג און דערקלערט:

— הער פּאַרזיצער, פונעם באַשולדיקונגס־אַקט איז צו זען, אַז דער אַרעסטאַנט קאַזאַטשענקאָ האָט געבראַכט אַ צעטעלע און געטײַנעט, אַז לויט ביילִיסעס דייע דאַרף מען אָפּסאַמען די „ליאַגושקאַ"...

ביילִיס האָט זיך צעשמייכלט. דאָס ערשטע מאָל פאַר אַלע פיר טעג.

ס'איז שוין לאַנג צוגעפאַלן דער אָוונט. ליפע דער בלעכער איז אַלץ געשטאַנען און געוואַרט, עס זאָל אַרויסקומען פון דער געריכט־געבײַדע זײַן אייניקל, וועט ער שוין הערן, וואָס דאָרט איז הײַנט פאָרגעקומען, און זיי וועלן גיין צוזאַמען אהיים.

ענדלעך דערזעט ער זײַן מיכלען. ער שפּאַנט מיט נאָך צוויי מענטשן. איינער פון זיי איז כאַדאַשעוו. ליפע לאָזט זיך אים אַנטקעגן.

— וואָס טוסטו דאָ, זיידע?

— גאָרניט, קינד מײַנס, — האָט אַן אָפּגעשוואַכטער פון אַ טאָג פאַסטן געענטפערט ליפע. — איך וואַרט אָף דיר, זאָלסט מיר דערציילן, וואָס ס'איז געווען דאָרטן, — ווײַזט ער מיט דער האַנט אָף די באַלויכטענע פענצטער פונעם געריכט.

— דאָס איז דער ייִד, וועגן וועלכן איר האָט מיר דערציילט? — פרעגט דער צווייטער מענטש, וועלכער איז געגאַנגען באַנאַנד מיט כאַדאַשעוון.

— יאָ, הער שאָלעם אַש, באַקענט זיך! רעב ליפע, איר האָט אַמאָל געהערט וועגן אַ שריפטשטעלער שאָלעם אַש?

— שאָלעם... וועגן שאָלעם־אַלייכעמען האָב איך געהערט, — רופט זיך אָן ליפע, — וואַרט, וואַרט, וועגן שאָלעם אַש... אויך געהערט. ווי דען? איר וווינט אין קיִעוו?

— ניין, אין וואַרשע.

— אַך, אין וואַרשע, דאָרט, ווו יִצחאָק־לייבוש פּערעץ?

— איר האָט געליינט עפּעס פון פּערעצעס ווערק?

— יאָ, אַוודע...

— וואָס זשע האָט איר געלייענט?

— באַנציע שווײַג. אויך אַ בעסדן, מיט אַן אָון־פּרעזעס, אַ קאַטייגער און אַ מײַליק־יוישער, אַזוי ווי דאָ מיט ביילִיסן.

דער שריפטשטעלער האָט אַ טאָרע געטאָן כאַדאַשעוון:

— און איר, יונגערמאַן, ווילט מיר אײַנריידן, אַז אונדזער פאָלק לייענט ניט זײַנע שרײַבער.

— יאָ, — שלאָגט איבער ליפע, — זאָגט מיר בעסער, מײַנע ליבע ייִדן, וואָס האָט דאָרטן נאַקאָנעטשני הײַנט געזאָגט? מע טײַנעט, אַז דערווײַל איז ער דער איינציקער מײַליק־יוישער פאַר ביילִיסן.

— קום, זיידע, גיכער אהיים, אַפן וועג וועל איך דיר דערציילן, — זאָגט מיכל.

דער אַלטער האָט פאַריסן דעם קאָפּ צו די פינקלענדיקע שטערן און מער צו זיך, ווי צו זײַנע מיטגייער, מיט אַ צעבראָכן קאָל אַ זאָג געטאָן:

— אַ שווערער טאָנעס הײַנט געווען, מײַנע ליבע ייִדן. — און נאָך אַ פּאַוזע צוגעגעבן: — נאָר ביילִיסן איז אַוודע שווערער, ווי מיר.

— ריכטיק, רעב ליפע, גייט אײַך געזונטערהייט אהיים און לענט אונטער דאָס האַרץ.

געבליבן אַליין מיט כאַדאַשעוון, האָט דער שריפטשטעלער געזאָגט:

— פירט מיך אַרײַן ערגעץ אין אַ רעסטאָראַן, מע דאַרף עפּעס איבערכאַפּן. מיר האָבן אויך גאָרנישט אָדער קימאַט גאָרנישט ניט געהאַט אין מויל.

— אויב אין אַ גוטן רעסטאָראַן, וואָלטן מיר געדאַרפט זיך אַראָפּלאָזן מיט אָט דער גאַס צום קרעשטשאַטיק, — זאָגט כאַדאָשעוו, — באַ ראָאָצן איז פאַראַן אַלץ, וואָס דאָס מויל קאָן אויסריידן, אָבער, שאַ, — שלאָגט ער זיך אַליין איבער, — אָט איז אַ רעסטאָראַנדל, ווו מע קאָן אויך געפינען אַנטיקלעך, דעריקער ווײַן, אויסגעצייכנטע מאַרקעס.

און איידער עפּעס־וואָס, האָט כאַדאָשעוו באַם סאַמע ראַנד פון טראָטואַר, ווו ביידע האָבן געשפּאַנט, אויפגעעפנט די טיר פונעם רעסטאָראַנדל „דרעווניאַיאַ רוס"[1].

— מאָיאָ פּאָטשטעניע! — באַגריסט זיך כאַדאָשעוו מיטן באַלעבאָס, וועלכער איז אַמאָל געווען אַ ניט קיין גערואָטענער דראַמאַטישער אַקטיאָר. — וואָס מאַכט איר עפּעס גוטס, פּילאַרעט כאַראַלאַמפּיִעוויטש?

יענער שטעלט זיך אַוועק אין אַן אַקטיאָרישער פּאָזע, לייגט אַוועק די רעכטע האַנט אָף דער לינקער זײַט פון דער ברוסט און ברומט אַרויס:

---

[1] „אַלט־רוסלאַנד" (רוס.).

— איך בין גליקלעך אײַך צו זען! ווי גייען אײַערע געשעפטן, שערלאָק כאָלמס פון „קיִעוו־סקאיא מיסל״?

— גוטע געשעפטן. אָט האָב איך אײַך געבראַכט א נײַעם קונד, דעם שרײַבער שאָלעם אש פון ווארשע.

— שאָלעם אש? ווארט, ווארט... דאָס איז ניט דער אווטאָר פון „באָג מעסטי״?[1]

— פּולקאָם ריכטיק, פּילארעט כארלאמפּיִעוויטש.

דער באַלעבאָס פון רעסטאָראַן גלײַכט זיך אויס, שטרעקט אויס זײַן גרויסע האנט צום שריפטשטעלער און מעלדעט פײַערלעך:

— כ׳האָב דאָך אין איינעם א פּראָווינציעלן טעאטער געשפּילט יעקל שאבשאָוויטש אין אײַער טעאטער־שטיק, הער דראַמאטורג! דאָס איז געווען «На заре моей туманной юности»![2]

— זייער אָנגענעם! — שאָלעם אש דריקט פּילארעט כארלאמפּיִעוויטשן די האנט און פאַר־נייגט לײַכט דעם קאָפּ. פון זײַן שלאַנקער פיגור ווייעט מיט ווירדע און מיט גרויסשטאָטישער באַנעמונג. — מיט וואָס וועט איר אונדז אופנעמען, הער רעסטאָראַטאָר?

— מיט וואָס? אשטייגער, מיט אַן אָטביוונאיא. אָבער, מיר דאַכט, הער אש, אז קיין כאזער־פליייש עסט איר ניט?

— איך בין ניט קיין רעליגיעזער מענטש, — צעשמייכלט זיך אש, באַווײַזנדיק זײַנע גלײַכע, שיינע פּערלדיקע ציין, וואָס טיילן זיך באַזונדערס אויס פון אונטער די קויל־שווארצע וואָנצעס, — נאָר אקעגן נאכט וואָלט גלײַכער געווען א פּרעזשעניצע און א גלאָז טיי מיט געבעקס.

— און ווײַן. וועלכן ווײַן?

— ווײַן? ווײַן וועט מײַן קאָלעגע באַשטעלן, — קוקט אש צו כאַדאַשעוון.

— שוסטאָווס קאָניאַק וואָלט ניט שלעכט געווען, דעם העכסטן סאָרט, — טוט א זאָג כאַדאַ־שעוו. — און פאַר מיר בעט איך דאָפּקע אַן אָטביוונאיא.

כאַדאַשעוו און שאָלעם אש זײַנען אריבערגעגאַנגען אין צווייטן צימער, זיך אײַנגעמאָסטעט דאָרטן און דערווײַל, ביז מע האָט דערלאַנגט די באַשטעלטע מײַכאָלים, פאַרפירט א שמועס.

— ווי האַלט איר, הער אש, מיט וואָס וועט זיך ענדיקן דער פּראָצעס?

— איר ווילט אַן אינטערוויו? נאָך פרי צו ריידן וועגן דעם. יאָך וועל שרא־אבן וועגן פּראָ־צעס, וועגן מוסער־האַסקל פון דעם דאָזיקן פּראָצעס, — האָט אש געענטפערט אַף מאַמעלאַשן.

— מיר איז אָנגענעם צו ריידן אַף יידיש, כאָטש איך ארבעט אין א רוסישער צײַטונג און רייד אַמיינסטנס רוסיש.

דער קעלנער האָט דערלאַנגט די וועטשערע.

— איר ווילט וויסן מײַן קוק אַפן פּראָצעס... האָט אָנגעהויבן שאָלעם אש. — מע האָט פון אונדז געמאַכט א פּרוביר־שטיין פאַר דעם געוויסן. דאָס, וואָס דרייפוס איז געווען פאַר פראַנקרײַך, קאָן בייליס ווערן פאַר רוסלאַנד. אין דעם בייליס־מישפּעט קאָנען די בעסערע מענטשן פון רוסלאַנד דערזען, ווי ווײַט עס האַלט מיטן יווישער. מיר זײַנען ביז איצט געווען נאָר מאַרטירער פאַר גערעכטיקײַט...

אש איז שטיל געבליבן. כאַדאַשעוו האָט אים געקוקט אין די אויגן און געוואַרט, ער זאָל פאָרזעצן.

— מיר דאַרפן אָבער ווערן ניט די מאַרטירער פון גערעכטיקײַט, נאָר די קעמפער פאַר גערעכטיקײַט. איר פאַרשטייט, קאָלעגע? — האָט אש פאַרענדיקט זײַן געדאַנק. — און די גרויסע פרייד, וואָס דער קאַמף וועט ברענגען, דאָס דאַרף זײַן דער רינג, וואָס זאָל אונדז פאַריי־ניקן אין איין נאַציִאָן...

— די גרויסע פרייד, וואָס דער קאַמף דאַרף ברענגען, זאָגט איר, דאַרף זײַן דער רינג, וואָס זאָל אונדז פאַרייניקן אין איין נאַציִאָן? — האָט כאַדאַשעוו איבערגעפרעגט. — ווי מיינט איר, צי דאַרף איך, איר, צי אָט דער פאַשעטער פאַלקסמענטש — ליפע פאַדעלקאָ אינעם קאַמף פאַר גע־רעכטיקײַט זיך פאַרייניקן מיט בראָדסקין, דעם צוקער־פאַבריקאַנט?

— יע, יאָך מײַן, אז אַפן ערשטן עטאַפּ — יע, און נאָכער וועט מען זען... דורך דער גע־שיכטע וועט אַלץ אַליין אָוועקגעשטעלט ווערן אַף זײַן אָרט.

— פון זיך אַליין ווערט ניט אָוועקגעשטעלט, — דערווידערט כאַדאַשעוו.

ביידע זײַנען שטיל געבליבן. עטוואָס שפּעטער האָט אש ארויסגעבראַכט זייער באַדאַכט און פּאַמעלעך:

---

[1] גאָט פון נעקאָמע.

[2] אין אָנפאַנג פון מײַן נעפּלדיקער יוגנט.

— ניט אומזיסט ארבעט איר אין „קיִעווסקאיא מיסל״.
— וואָס מיינט איר דערמיט צו זאָגן?
— דאָרטן שראַבן סאָציִאַל־דעמאָקראַטן.
— ס׳איז גאָרניט אַזוי שלעכט, הער אש.
— מעגליך...
ביידע האָבן זיך אָפּגעזעגנט מיטן רעסטאָראַן־באַלעבאָס און ארויס אין דרויסן.

## ווו איז יאַקאָוו ראַטנער?

באַנאַכט, נאָך דעם, ווי מע האָט די שטוב איבערגעקערט האָרע־קאָרע און די זשאַנדאַרמען האָבן פאַרלאָזט די וווינונג פונעם ציינדאָקטער ראַטנער, האָט מאַדאַם ראַטנער געזאָגט צום מאַן:
— יאָסיף, אָבער זיי האָבן גאָרנישט ניט געפונען, א פּיַיג!
וואָס האָט דער איבערגעשראָקענער דאַנטיסט געזאָלט ענטפערן דערויף? ס׳האָט אים זיכער האַנאָע געטאָן, וואָס מ׳האָט גאָרנישט ניט געפונען. אָבער ווו איז דער זון אַהינגעקומען? טאַטע־מאַמע האָבן ניט אַראָפּגעלאָזט די אויגן פון זייער קלענערן זון.
— דו, ניומעניו, ווייסט מיסטאַמע, וווהין ס׳איז אַהינגעקומען יאַשע, האַ? — האָט זיך דער־פרעגט די מוטער.
דער גימנאַזיסט האָט געקנייטשט מיט די אַקסלען און געדרייט מיטן קאָפּ אַף ניין. וואָס ווייסט ער? ער ווייסט נאָר דאָס, וואָס ער האָט געהערט אין גימנאַזיע: אַז מע זוכט די סטודענטן, וועלכע האָבן פאַרשפּרייט פלוגבלעטלעך און גערופן צו א שטרײַק אַלס פּראָטעסט קעגן פּראָ־צעס איבער בייליסן.
— מע זוכט די סטודענטן... ווו זשע קאָן זיַין יאַשענקע? — קרעכצט די מוטער.
— מיסטאַמע אַף א סכאָדקע, — סטאַרטשעט אויס די דערשראָקענע אויגן דער דאַנטיסט.
— א מאָשל, איצטער סכאָדקעס? וואָס רעדסטו, יאָסיף?
אַפן צווייטן אינדערפרי האָט דער דאַנטיסט גליַיך נאָכן אָנבײַסן זיך גענומען אָנטאָן אַף אַוועקצוגיין.
— ווהין איז? — האָט געפרעגט דאָס וויַיב.
ווהין? ער זאָל אַזוי ויסן פון צאָרעס. ער קלערט צוגיין אין געריכט־פּאַלאַטע, זיך דערוויסן עפּעס בא זיַין באַקאַנטן פּאַציִענט... פרעגן...
— וואָס פרעגן, וועמען פרעגן? — איז אומרויִק דאָס וויַיב. — יענער האָט מער ניט וואָס צו טאָן, נאָר ריידן אין אַזאַ שווערער צײַט מיט יאָסיף ראַטנערן. און כוץ דעם, וואָס קאָן ער ויסן וועגן יאַשען?
— ער איז דאָך א טשינאָווניק פון דער געריכט־פּאַלאַטע, — רעדט קימאַט צו זיך אַליין דער דערשלאָגענער פאָטער.
— אייסעך־וואָס, שלאָג זיך ארויס פונעם קאָפּ, יאָסיף, און גיי ניט אין ערגעץ. — זי נעמט אַראָפּ דעם פּידזשאַק פונעם מאַנס אַקסל, זי וועט אים אַהין, צו דער געריִכט־פּאַלאַטע, בעשום־אויפן ניט לאָזן גיין, ס׳איז געפערלעך.
— פאַרוואָס געפערלעך?
— אַזוי, אין אַזעלכע אומרויִקע טעג איז גליַיכער ניט צו גיין אין אַזעלכע אַנשטאַלטן...
מאַן און וויַיב זיַינען געבליבן זיצן אַף דער קושעטקע אין עסצימער. דאָס דינסטמיידל, וואָס האָט צוגעראַמט פונעם טיש, האָט א זאָג געטאָן:
— זעט נאָר, ניומע האָט פאַרגעסן מיטנעמען אין גימנאַזיע דעם איבערבײַסן.
דער פאָטער כאַפּט דאָס פּעקעלע און וויל לויפן אָפּטראָגן דעם איבערבײַסן אין גימנאַזיע, נאָר אפילע אַהין האָט אים דאָס וויַיב ניט געלאָזט גיין: זי וויל ניט, זי דאַרף ניט, זי האָט מוירע, ניומע וועט ניט שטאַרבן פון הונגער.
מע קלאַפּט אין טיר. טאַטע־מאַמע ציטערן אויף.
דאָס דינסטמיידל עפנט די טיר. אַף דער שוועל באַווײַזט זיך נאַסטיע שישאָווא.
נאַסטיע האָט גליַיך זיך געלאָזט אין דאָקטערס קאַבינעט, און די ראַטנערס זיַינען שווײַגנ־דיקע, מיט קלאַפּנדיקע הערצער נאָכגעגאַנגען דעם אומגעריכטן גאַסט.
אַריַינגעקומען אין קאַבינעט, האָט נאַסטיע זיך אַריַינגעזעצט אין דער הייל־שטול און שטיל געזאָגט:
— אַנטשולדיקט. איך ווייס ניט אײַער פאָטערנאָמען... מיך קענט איר?

— ווי דען, באַרישניע, וויפֿל מאָל זײַט איר בײַ אונדז געווען אין שטוב? — האָט זיך אָנגע־רופֿן די פֿרוי ראַטנער. — עפּשער ווייסט איר, ווו איז יאַשע?

— אָט דאָס בין איך אײַך געקומען זאָגן. — נאַסטיע שלעפּט אַרויס פֿון רידיקיול אַ צע־טעלע. — אָט דאָס שרײַבט אײַך יאַשע.

— ווו זײַנען מײַנע ברילן, יאָסיף?

— באַלד, באַלד... — דער דאַנטיסט נעמט דאָס צעטעלע פֿון דעם מיידלס האַנט, צעוויקלט עס, קריכט אַרײַן מיט די אויגן און לייענט אויס: „טײַערע עלטערן, איך האָב געמוזט אויקער זײַן פֿון קיִעוו. איר זאָלט ניט האָבן קיין יעסורים. איך קאָן אײַך ניט זאָגן, ווו איך געפֿין זיך. בײַ נאַסטיען וועט איר שטענדיק קאָנען זיך דערוויסן וועגן מיר. יאַשע".

ווען ביידע, סײַ דער פֿאָטער, סײַ די מוטער, האָבן דורכגעלייענט דאָס צעטעלע, האָט נאַסטיע עס אַרויסגענומען פֿון דער מוטערס הענט און פֿאַר זיי אין די אויגן עס צעריסן אויף פּיץ־פּיצלעך.

— וואָס טוט איר?

— אַזוי דאַרף מען. צוליב יאַשען און צוליב אײַך... — דערקלערט נאַסטיע.

די עלטערן קוקן זיך איבער שטוינענדיק.

ניומע האָט זיך אומגעקערט פֿון גימנאַזיע, ווען נאַסטיע איז נאָך ניט אַוועק. ער האָט גלײַך פֿאַרשטאַנען דעם ציל פֿון איר וויזיט.

— מאַלאַדוי טשעלאָוועק[1], — ווענדט זיך נאַסטיע צום גימנאַזיסט, — איר האָט מיך ניט געזען בײַ אײַך אין שטוב...

— זײַט זיכער! — האָט דער גימנאַזיסט געזאָגט אַזוי פֿעסט, אַז דאָס האָט אַרויסגערופֿן בײַ דער קורסיסטקע אַ שמייכל.

אָפּגעזעגנט זיך מיט די ראַטנערס, איז שישאָווא אַוועקגעגאַנגען.

— דו פֿאַרשטייסט, קלאַרע, ער איז אויך מיט זיי... — האָט, אָנווײַזנדיק מיטן קאָפּ אויפֿן קלענערן זון, געזאָגט ראַטנער.

— ווער?

— ניומען מיין איך...

## צאַדיקים

שוין דעם צווייטן טאָג ווי דער געריכט פֿרוווט קלאָר מאַכן דעם כילעק צווישן כסידים און מיסנאַגדים. ביז די עקספּערטן — דער קסיאָנדז פּראַנײַטיס, דער פּראָפֿעסאָר פֿון דער סאַנקט־פּעטערבורגער גײַסטלעכער אַקאַדעמיע טראָיִצקי, דער סעמיטאָלאָג קאָקאָווצעוו, דער מאָס־קווער קאַזיאָנער ראַבינער מאַזע — וועלן אַרויסזאָגן זייער מיינונג איבער דער דאָזיקער פּראָ־בלעם, האָבן וויפֿער, זאַמיסלאָווסקי און שמאַקאָוו געוואָלט, ווי מע זאָגט, צושפּאַרן צו דער וואַנט צוויי אײדעס — אײנעם אַ דודמאַן, אַ גאַבע פֿון קיִעווער שול, און אַ צווייטן — מאָרדכע זשוק, וועלכער פֿילט אויס אין דער זעלביקער שול די פֿליכטן סײַ אַלס שאַמעס, סײַ אַלס כאַזן. בײַ אָט די צוויי אײדעס האָבן זיי געוואָלט זיך דערשלאָגן, וואָס איז דער כילעק צווישן אַ כאָסיד און אַ מיסנאַגעד. מער פֿון אַלע קאַטײגערס איז אָנגרײַפֿעריש שמאַקאָוו. אַלע מאָל, ווי נאָר ער דערהערט דאָס וואָרט כאָסיד אָדער ווער שמועסט דעם נאָמען פֿון דעם כסידישן רעבן שנײער־זאַלמען בען באָרעך, ווערט ער אויפֿגעקאָכט. זײַנע פֿאַרשלאָפֿענע אייגעלעך, פֿאַרשווומענע ווי מיט כײלעוו, נעמען בליצן, און ער הייבט אָן אַרויסווײַזן בקיִעס אין הילכעס כסידעס פֿאַרן געריכט, פֿאַר די געשווירענע בײַזיצערס, וועמען עס קריכן אַפֿילע ניט אין קאָפּ אָט די פֿאַרפּלאָנטערטע פּראָטים.

באַזונדערס האָט שמאַקאָוו זיך צוגעטשעפּעט צום אײדעס פּײַוול שנייערסאָן, בייליסעס אַ שאָכן, אַ יונגערמאַן פֿון אַ יאָר עטלעכע און דרײַסיק, וועלכער האָט געהאַנדלט מיט היי און מיט שטרוי און געשפּײַזט זיך בײַ בייליסן אין שטוב. אַזוי ווי שנייערסאָן איז אויך געווען די פֿאַמיליע פֿון דעם ברייט־באַקאַנטן רעב זאַלמען פֿון ליאַדע, האָט שמאַקאָוו געוואָלט דערווײַזן פֿאַר די געשווירענע בײַזיצערס, אַז, אָט זעט, מיט וועמען ס'האָט זיך געכאַווערט בייליס, דאָס האָט ער צוזאַמען מיטן כאָסיד שנייערסאָן, מיט די צאַדיקים און כסידים געפּאַטערט דאָס יינגעלע אַנדריי יושטשינסקי.

---

[1] יונגערמאַן.

— איך איז באוווּסט, אַז ביילים איז אַ כאָסיד? — האָט שמאַקאָוו געפרעגט דעם אידעס.
— איך ווייס ניט.
— ער איז אַ ראַווינעסט צי אַ כאָסיד? ער געהערט צו די ראַווינעסטן אָדער צו די כסידים?
— איך ווייס ניט. מיר דאַכט, ניט צו די און ניט צו יענע.
— און ביילימעס פאָטער איז געווען אַ כאָסיד?
— זײַן פאָטער קען איך ניט.
— איר געדענקט ניט?
— וועגן זײַן פאָטער ווייס איך גאָרניט.
— איר ווייסט ניט?
— ניין, איך ווייס ניט.
— אײַער פאָטער איז אַ צאַדיק? און וואָס דאָס באַטײַט, ווייסט איר?
— איך ווייס ניט.
— קומט אויס, אַז איר האָט ניט קיין באַגריף וועגן דעם, אַז אײַער מישפּאָכע איז אַ באַרימטע?
— איך האָב ניט געהערט.
— איר ווייסט ניט, אַז פון אײַער מישפּאָכע קומען אַרויס עטלעכע באַרימטע צאַדיקים?
— איך ווייס ניט וועגן דעם...

די קאַטייגערס האָבן זיך געגרייט צו יענעם טאָג, ווען פאַרן גערימט וועלן געבראַכט ווערן די אידעס לאַנדאַו און עטינגער, וועלכע מע האָט אַרויסגערופן פון אויסלאַנד. דאָס זײַנען געווים יענע צוויי פאַרוואַקסענע ייִדן מיט בערד און פּייעס, וועלכע פלעגן קומען צו זײַצעוון אַפן זאַוואָד. דאָס זײַנען געווים יענע, וועלכע האָבן צוזאַמען מיט זײַצעווס פּריקאַשטשיק ביילימען געהאַרגעט דאָס קריסטלעכע ייִנגל. געווים זײַנען דאָס יענע „צוויי צאַדיקים“, — האָט געמאָלדן דער פּראָקוראָר ווייפּער. ס׳איז אַ סוואָרע, אַז לאַנדאַו און עטינגער שטאַמען פון די שנייערסאָנס. דער דאָזיקער נאָמען האָט אָנגעוואָרפן אַ שרעק אַף די ריכטער, אַף דעם פּאָרזיצער פון גערימט, אַף די געשוווירענע בײַזיצערס...

אָט וועט מען שוין זען, האָבן געטײַנעט דער פּראָקוראָר און זײַנע באַהעלפער שמאַקאָוו מיט זאַמיסלאָווסקין, וואָס פאַרא פאַרשוינען עס זײַנען די צוויי צאַדיקים, וועלכע כאַוורען זיך מיט ביילימען! די דאָזיקע ווילדע ברוים פאַרגיפטיקן די לופט שוין פון וויפל יאָרן, זיי קוילען די קריסטלעכע קינדער — הײַנט דאָ, מאָרגן דאָרטן... סאָפקאָלסאָף האָט מען זיי געכאַפּט און מע וועט זיי ברענגען אַהער, אין קיִעווער קרײַז-גערימט.

די שוואַרצמייעדיקע פּרעסע איז געשפרונגען פון דער הויט. דעם קיִעווער קרײַז-גערימט האָט זיך אײַנגעגעבן אַרויספאָדערן די „צוויי צאַדיקים“, לאַנדאַו און עטינגער, וועלכע האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין אויסלאַנד. אָט וועט די וועלט סאָפקאָלסאָף דערזען די פאַרשוינען, וועלכע זײַנען צוזאַמען מיט דעם פאַרשטעלטן כאָסיד מענדל ביילים באַגאַנגען דעם „עקלהאַפטיקסטן פאַרברעכן פונעם צוואַנציקסטן יאָרהונדערט“.

און אָט שטייט פאַרן גערימט לאַנדאַו, אַ יונגערמאַן, אָן אויסגעפּוצטער לויט דער לעצטער מאָדע — אין אַ טונקל-בלאָוון גאַרניטער, אין אַ ציכטיק-אויסגעפּרעסט אויבער-העמדל, מיט אַ פײַנעם געפינטלטן שניפּס. אַ פּריש-אויסגעגאָלטער, מיט דינע וואָנצעלעך, האָט ער אויסגעזען ווי אָן אַקטיאָר, אַף זײַן פּאָנעם האָט געשפּילט אָן איראָניש שמייכעלע. כאָטש ביילימעס פאַרטיידיקער, האָט דאָ קיינער ניט געוווּסט, אַז אָט דער דאָזיקער פאַרשוין פאַרנעמט זיך מיט ליטעראַטור, מוזיק, ער שרײַבט אָפּערעטקעס. צוויי פון זיי זײַנען מיט דערפאָלג אופגעפירט געוואָרן אין פּאַריזשער אָפּערעטע-טעאַטער.

ווי נאָר מע האָט אַרײַנגעפירט דעם דאָזיקן פאַרשוין, וועלכער איז געווען ענלעך אַף איינעם פון די פּערסאָנאַזשן פון זײַנע אָפּערעטעס, האָט מען אין זאַל זיך אָנגעהויבן שעפּטשען. וועמען האָט מען עס אַהערצו געבראַכט? אַלע האָבן דאָך געהאָפט דערזען אַ צאַדיק, אַ טיף-רעליגיעזן מענטשן, אַ פּאַטריאַרכאַלן ייִדן, מיט באָרד און פּייעס, און דאָ נאָ דיר גאָר — אַ יונגערמאַן, וואָס האָט געלערנט אין קיִעווער פּאָליטעכניקום... וואָס וווינט מייסטנס אין אויסלאַנד...

אַ געלעכטער האָט באַהערשט דעם אוילעם. אָט דאָס איז דער צאַדיק, מיט וועלכן מע האָט געשראָקן? ער איז דאָך גאָר אַ לעב-יונג, פון יענע יונגעלײַטלעך, וואָס זוכן לײַכטע פאַרווײַלונגען, אַ פײַנער צאַדיק! וואַרט, וואַרט, מע דאַרף נאָך הערן, וואָס וועט ער געבן פאַר אַ באַווײַז.

פון הינטער באַלדירעווס פּלייצע קוקט טשאַפּלינסקי פאַרלוירן צו זײַן פרוי, וואָס זיצט אין דער ערשטער ריי. אויך זי פרעגט אים מיט די אויגן: אָט דאָס איז דער שרעקלעכער צאַדיק? וואָס טוט זיך עס באַ דיר אין דער גערימט-פּאַלאַטע? איר אָנגעפאַרפומירט פּאָנעם באַדעקט

זיך מיט א טרויער־וואָלקנדל און די אויגן לאָזן זיך אראָפּ, שעמען זיך קוקן צום מאַן: „וואָס איז דאָ געשען, זשאָרזש, דאָס האָבן די ייִדן דיר אָפּגעטאָן א שפּיצל, צוגעשטעלט ניט דעם עמעסן צאַדיק, וועלכער האָט געדאַרפט עפענען די אויגן די געשווירענע ריכטער...‟ בא שמאַקאָוון האָט די אונטערשטע ליפּ זיך אראָפּגעלאָזט. פון שטוינונג האָט ער ארויסגעשטעקט די צונג. ער האָט איצט אויסגעזען ווי א געשלאָגענער הונט... טשאַפּלינסקיס פּרוי האָט הינטערוויילעכס געכאַפּט א קוק צו די פאַרטיידיקער — זיי לאַכן אַלע, שטיקן זיך פון געלעכטער, און מער פון אַלע גרוזענבערג און קאַראַבטשעווסקי.

עס דערהערט זיך דעם פאָרזיצערס שטים.

— איידעס, וואָס קאָנט איר זאָגן וועגן דעם איניען?

— איך ווייס גאָרניט, — קלינגט אָפּ א יונגע הילכיקע שטים.

— וווּ ווינט איר שטענדיק, הער לאַנדאו?

פון די פּראָגעס, וואָס מע האָט געשטעלט דעם איידעס, איז קלאָר געוואָרן, אז ער קומט פון צייַט צו צייַט צו פאָרן קיין קיִעוו צו זייַן מוטער און צו די אייגענע, וועלכע ווינען דאָ, און אז ער איז דאָס לעצטע מאָל געווען אין קיִעוו אין 1911, דאָס הייסט דעמלט, ווען טשעבעריאַטשקעס קינדער האָבן אויסגעטראַכט, אז זיי האָבן געזען בא ביילִיסן כסידים מיט גרויסע בערד און פּייעס.

— וווּ האָט איר זיך אָפּגעשטעלט אין קיִעוו און... צי האָט איר ווינערעכט אין קיִעוו?

— יאָ, נאָר ניט אין פּאַלאַץ־באַצירק.

— און אייַער מוטער האָט ווינערעכט אין דעם באַצירק?

— יאָ. אָבער איך האָב געמוזט זיך צושרייַבן אין אַן אנדער באַצירק.

— וווּ האָט איר זיך צוגעשריבן?

— אינעם אַלט־קיִעווער באַצירק.

— אָף וועלכער גאַס?

— דוכט זיך, אָף פונדוקלייעווער.

ס'האָט זיך אַרייַנגעמישט וויפּער.

— צי קאָנט איר ניט דערקלערן, פאַרוואָס האָט זיך אזוי באַקומען, אז איר האָט ווינערעכט אין קיִעוו און איר האָט ניט קיין רעכט צו ווינען אין פּאַלאַץ־באַצירק?

— איך ווייס אַליין ניט.

— זאָגט מיר, וואָס איז דאָס פאַר א קאָמעדיע, אז איר ווינט אָף איין אָרט און צוגעשריבן זייַט איר אָף א צווייט אָרט?

— איך זעלבסט האָב זיך מיטן צושרייַבן ניט פאַרנומען. איך ווייס ניט, צוליב וואָס מע האָט עס געטאָן.

פון זייַן אָרט הייבט זיך אוף ביילִיסעס פאַרטיידיקער גריגאָראָוויטש־באַרסקי:

— איך וויל בעטן, הער פאָרזיצער, איר זאָלט דערקלערן די הערן געשווירענע ריכטער, אז אין קיִעוו האָבן די ייִדן ווינערעכט ניט אין אַלע באַצירקן און אז דאָס איז ניט קיין קאָמעדיע, נאָר א טראַגעדיע.

— זאָגט מיר, הער לאַנדאו, — האָט זיך אָנגערופן קאַראַבטשעווסקי, — איר האָט דען ניט געקאָנט זיך דערשלאָגן, מע זאָל אייַך צושרייַבן אין אייַער מאַמעס אייגענעם הויז?

— מיט פאַרמעלדן פאַרנעמט זיך אונדזער דוואָרניק.

— און דאָרטן, וווּ איר זייַט געווען פאַרמאָלדן, האָט איר קיינמאָל ניט געוווינט?

— ניין, ניט געוווינט.

— איר זייַט א סוכער? איר האָט געענדיקט דעם פּאָליטעכניקום? — פרעגט דער פאָר־זיצער.

— ניין, ניט פאַרענדיקט.

— און אייַערע קרויווים?

— אַלע מייַנע ברידער האָבן פאַרענדיקט הויכשולן. מייַן מוטער איז אַן ערן־בירגערן.

— הערן געשווירענע ריכטער, — האָט זיך געווענדט דער פאָרזיצער צו די בייַזיצער, — ייִדן אין קיִעוו, וועלכע האָבן ניט באַקומען קיין הויכבילדונג און געהערן ניט צו די סאָכרים פון ערשטער גילדיע, נאָר ווינען אפּן סמאַך פון אנדערע רעכט, האָבן ניט קיין ווינערעכט אין אַלע שטאָט־באַצירקן.

אין זאַל האָט זיך דערהערט א שושקערייַ. וויפּער, שמאַקאָוו און זאַמיסלאָווסקי האָבן זיך אזש אונטערגעהויבן פון זייערע ערטער.

ביילִיסעס פאַרטיידיקער — קאַראַבטשעווסקי האָט א קוק געטאָן צו זייַנע קאָלעגן און א ווונק געטאָן צו גרוזענבערגן, ווי איינער רעדט: „דער נאַר פון דער באָד ארויס... ווי געפעלט אייַך דער פאָרזיצער?‟

אף דער זעלבער זיצונג האָט אויך געגעבן באַוויַיזן דער צווייטער „צאַדיק“ עטינגער. אַזוי־ווי ער האָט ניט געקענט קיין רוסיש, האָט מען צו אים צוגעשטעלט אַן איבערזעצער פון דיַיטש. אף דער דאַזיקער שפּראַך האָט דער אײדעס געגעבן זיַינע דערקלערונגען.

אַז עטינגער האָט זיך באַוויזן, האָט איבערן גאַנצן זאַל ווידער זיך דורכגעטראָגן אַ שוש־קעריַי: אָט איז דער צווייטער צאַדיק! שמאַקאָוו האָט פאַרלוירן אַ קוק געטאָן אף זיַין געהילף — אף דוראַסאָוויטש, און יענער האָט פרעגנדיק אַ בליק געטאָן אף זיַין אידיישן לערער: וואָס באַטיַיט עס? ווו איז דער עמעסער צאַדיק?

אָט דער אויסגעפּוצטער יונגערמאַן איז אַ כימיקער לויט דער בילדונג, וווינט אין גאַליציע און אַהער קומט ער אַמאָל צוגאַסט צו זיַין שוועסטער, צו מארק זייַצעווס פרוי. יאַקאָוו עטינגער איז דאָס לעצטע מאָל געוועזן בא זיַין שוועסטער פון דעקאַבער 1910 ביז יאַנוואַר 1911. וועגן דעם זאָגן די שטעמפּלען אין זיַין אויסלענדישן פּאַס. געקומען איז ער דאַן ניט צוגאַסט, נאָר געשעפטלעך. זיַין פירמע האַנדלט מיט ברויט און האָלץ. קומט אויס, אַז ער איז גאָר געוועזן אין קיִעוו נאָך אײדער עס איז דערמאָרדעט געוואָרן יושטשינסקי. אויסגעלאָזט האָט זיך, אַז ער האָט קײנמאָל בייליסן אפילע אין די אויגן ניט געזען.

וויפער האָט געפּרוּווט קלאָר מאַכן, וואָס ווייסט דער גאַליציאַנער סויכער וועגן כסידים און צאַדיקים. נאָר עטינגער ווייסט גאָרניט. ער איז אף זיַין לעבן ניט געוועזן ניט בא קיין כאָסיד, ניט בא קיין צאַדיק. דער איבערזעצער האָט געשמייכלט פון עטינגערס ענטפער.

— פרעגט דעם אײדעס, — ווענדט זיך וויפער צום איבערזעצער, — צי איז אים ניט באַקאַנט, אַז אײנער פון די אָנפירער פון די כסידים איז זאַלמען שנייערסאָן, צי האָט ער ניט געהערט אַזאַ פאַמיליע.

— קײנמאָל ניט געהערט.

יאַקאָוו עטינגער האָט געקנייטשט מיט די אַקסלען און בעשום־אויפן ניט געקאָנט באַנעמען, צוליב וואָס האָט מען אים אַרויסגערופן אַהער, קיין קיִעוו?

טשאַפּליִנסקיס פרוי האָט מיט די אויגן געזוכט איר מאַן — דעם רעזשיסער פון דעם גאַנצן ספּעקטאַקל. זי האָט מיט אַ ווונק אים געפרעגט: „וואָס איז דאָס פאַר אַ סקאַנדאַל, ליבער זשאָרזש? אַזוי דורכפאַלן!“

## קאָראָלענקאָ איז געקומען

אף אײנער אַ געריכט־זיצונג איז בייסן איבערַיַס דער פּריסטאַוו צוגעגאַנגען צום געריכט־פאַרזיצער באָלדיריעוו און אים איַינגערוימט אפן אויער:

— איַיער עקסעלענץ! קאָראָלענקאָ איז געקומען קיין קיִעוו און באַמיט זיך קריגן אַ דער־לויבעניש בײַזיַין אפן געריכט.

באָלדיריעווס גאָדיכטע ברעמען האָבן זיך אַרופגערוקט העכער אפן שטערן, און די צוויי קנייטשן איבער דער נאָז זיַינען טיפער געוואָרן:

— קאָראָלענקאָ?.. וועלכער קאָראָלענקאָ?

— דער שריפטשטעלער. וולאַדימיר גאַלאַקטיאָנאָוויטש, — האָט געענטפערט דער פּריסטאַוו.

— אָך, קאָראָלענקאָ, לאָזט אים אַריַין. אָבער וואַרט. פאַרבעט אים צוערשט צו מיר אין קאַבינעט.

דער פּריסטאַוו איז אַוועק און איַנגיכן זיך אומגעקערט.

— שוין, איַיער עקסעלענץ!

— וואָס שוין?

— אים אַריַינגעלאָזט.

— איר האָט אים געזאָגט, אַז איך פאַרבעט אים צו זיך?

— געזאָגט. אָבער ער האָט דערוף גאָרנישט ניט געענטפערט.

— וואָס הייסט?

דער פּריסטאַוו האָט צענומען די הענט.

— איר האָט געוויס ניט גאָר העפלעך אים געזאָגט...

— וואָס רעדט איר? איך וועל אים נאָכאַמאָל זאָגן...

באָלדיריעוו האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, אָנגענומען דאָס גאָלדענע ברעלאָקל, וואָס איז געהאַנגען באַם קייטעלע פון זייגער, און מיט כשיוועס עס אַ גלעט געטאָן צווישן די ווייכע פינגער:

— דערמאָנט אים, דערמאָנט...

דער שרײַבער איז אָבער דעם טאָג ניט אַרײַן צו באַלדיריעוון, און דאָס האָט דעם טשינאָוו־ניק בעפּײַרעש שטאַרק פאַרדראָסן, אָבער ער האָט זיך געמאַכט ניט װיסנדיק.

אויפן אַנדערן טאָג האָט דער פּאַרזיצער ספּעציעל געשיקט דעם פּריסטאַוו צו קאַראַלענקאָן אויף דער גאַליאַרקע, אין דער קאָרעספּאָנדענטן־לאָזשע, ער זאָל זאָגן דעם שרײַבער, אַז, אַלס אויסנאַם, דערלויבט ער אים פאַרנעמען אַן אָרט אין דער ערשטער רײ. דער פּריסטאַוו האָט געבראַכט אַזאַ ענטפער:

— ער װיל בלײַבן צװישן זײַנע פּען־קאָלעגן.

װען די זשורנאַליסטן האָבן דערזען װלאַדימיר גאַלאַקטיאָנאָוויטשן אויף דער גאַליאַרקע, האָבן זײ זיך מיט אים זײער דערפרײט. ש. אַנ־סקי, װעלכער האָט געשריבן פאַר דער בערדי־טשעװער צײַטונג „יוזשנאיאַ מאָלוואַ", האָט געזאָגט כאַדאַשעוון, אַנוײַזנדיק אויף קאַראַלענקאָן:

— דער עמעס אַליין שפּאַנט, און גאַרנישט װעט אים ניט אָפּשטעלן...

— סעמיאָן אַקימאָוויטש, — האָט כאַדאַשעוו געפרעגט בא אַנ־סקין, — ס'איז מיר עפּעס אַזוי באַקאַנט די פּראַזע. פונוואַנען איז זי?

— אַ מיטאַרבעטער פון „קיִעוסקאַיאַ מיסל" מעג געדענקען, װער ס'האָט זי געזאָגט, — באַמערקט אַנ־סקי. — דאָס האָט געזאָגט עמיל זאָליאַ בײַס דעם דרײפוס־פּראָצעס.

ביידע באַמערקן, אַז קאַראַלענקאָ זעט אויס מיד. ער האָט זיך אײַנגעמאָסטעט אין אַ װינקל און מאָלט עפּעס אויף אַ בויגן פּאַפּיר.

פאַרענדיקט מאָלן, האָט קאַראַלענקאָ באַוויזן דאָס געמעל כאַדאַשעוון.

— איר דערקענט, װער דאָס איז? — ער איז, װײַזט אויס, ניט געװען זיכער אין דער ענלעכקײַט.

כאַדאַשעוו האָט גענומען דאָס געמעל אין די הענט און באַוויזן אַנ־סקין.

— װער איז עס, סעמיאָן אַקימאָוויטש?

אַנ־סקי קוקט זיך אײַן אין געמעל.

— איר דערקענט ניט פּראַנײַטיסן? זעט, װי עס איז געמאַכט. פון רעכטס, בא די פיס פון קסיאָנדז — אַ שעד און לעבן אים אַ העקעלע, אַן אָל, אַן אָפּצװענגע און אַן אײַזערנע העענטשקע — דאָס געװער, מיט װעלכן מע מאַטערט און מע פּײַניקט. און אונטן — אַ ציטאַטע פון פּראַנײַטיסעס שרײַבעכצן: „אַן אינויִם־קאַשים קאָן מען זיך דעם עמעס ניט דערשלאָגן".

— אַן אינקוויזיטאָר! — רײַסט זיך אַרויס בא כאַדאַשעוון.

— װאָס כידעשט איר זיך? פאַראַן נאָך גענוג אויף דער װעלט אַזעלכע בריִעס... — זאָגט אַנ־סקי.

קאַראַלענקאָ איז אַ קראַנקער, מיט אַ געהעכערטער טעמפּעראַטור געקומען צו פאָרן פון פּאָלטאַווע אויפן פּראָצעס. ער האָט עס אָבער אויסבאַהאַלטן פון די אַרומיקע. װיאַזוי עס האָט זיך װעגן דעם דערװוּסט דער אַדװאָקאַט גרוזענבערג, איז שװער צו זאָגן, נאָר בײַס אַן איבעררײַס, װען דער אוילעם האָט אַ שטראָם געטאָן פונעם זאַל אין קאָרידאָר, איז לעבן קאַראַלענקאָן אויסגעװאַקסן גרוזענבערג.

— קומט צו מיר אין האָטעל, װעט איר זיך אַ ביסל אָפּרוען, — האָט ער געזאָגט צום שרײַבער און גענומען אים אונטערן אָרעם.

— איך װוין אין „פראַנסוא".

— איך װײס, אַז איר פילט זיך ניט גוט, װלאַדימיר גאַלאַקטיאָנאָוויטש.

— פונוואַנען האָט איר אַזעלכע ידיִעס?

— דאָס איז אַ סאָד, — שמייכלען פון אונטער די פענסנע דעם אַדװאָקאַטס קלוגע אויגן, — מיר, אַדװאָקאַטן, דאַרפן אַלץ װיסן...

קאַראַלענקאָ האָט געאַכטעט זײַן אַלטן באַקאַנטן, דעם גערימטן אַדװאָקאַט, און פאַרשטאַנען, אַז אויב גרוזענבערג, בא װעמען יעדע רעגע איז אויסגערעכנט אין די דאָזיקע אָנגעשטרענגטע טעג, האָט זיך פאַרהאַלטן אין די קולוארן, איז דאָס ניט גלאַט אַזוי...

— באַקענט זיך, דאָס איז דער דאָקטער סאַבאַליעוו, — האָט גרוזענבערג פאָרגעשטעלט קאַראַלענקאָן אַ הויכן, לײַביקן מענטשן. — איר זאָלט אפילו ניט טראַכטן זיך קעגנשטעלן, װלאַדימיר גאַלאַקטיאָנאָוויטש. מיר האָבן געבעטן דעם דאָקטער סאַבאַליעוו, ער זאָל נעמען האָזש־גאָכע איבער אײַך. מיר האָבן עס געבעטן אין נאָמען פון אײַערע פאַרערער...

— אָסקאַר אָסיפּאָוויטש, איר װײסט גאַנץ גוט, אַז איך האָב פײַנט הויכע פּראַזעס. מײנט ניט, אַז איך בין עלנט, איך בין געקומען ניט אַליין. מײַן פרוי מיט דער טאָכטער האָבן מיך ניט געװאָלט אָפּלאָזן אַליין.

גרוזענבערג האָט איבערגענומען דעם שווערן פּאָרטפעל אין דער לינקער האַנט און מיט דער רעכטער פאַרהאַלטן פאַרן עלנבויגן קאָראָלענקאָן, וואָס האָט זיך געקליבן אַוועקגיין.

— איך וועל אײַך ניט אָפּלאָזן. קאָראַבטשעווסקי וועט מיך אופּעסן... דאָקטער סאָבאָליעוו, העלפט מיר מיט. — און שוין מיט אַן אַנדער טאָן צוגעגעבן: — איך זאָל ניט פאַרגעסן, איך האָב צו דערציילן אַ געשיכטע וועגן פראַנײַטיסן.

— וועגן פראַנײַטיסן? דערציילט, דערציילט.

— ס'איז אַ שאָד, וולאַדימיר גאַלאַקטיאָנאָוויטש, וואָס איר האָט ניט געזען דאָס בילד, ווי מיר, דער גאַנצער געריכט־באַשטאַנד, האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט אין דער הייל, וווּ מע האָט געהאַט געפונען יושטשינסקיס קערפּער. פּאַר אַ קינסטלער וואָלט אינטערעסאַנט געווען צו זען דעם הויכן שוואַרצן קסיאָנדז, וואָס ראַטשקעוועט זיך אין דער שרעקלעכער הייל מיט אַ לאַמטערן אין די הענט. אין דעם דאָזיקן בילד איז געווען עפּעס מיטלאַלטערלעכס. ס'האָט מאַמעש זיך געבעטן אַף אַ לײַוונט.

— איר ווייסט, וואָס איך וועל אײַך דערציילן, מײַנע ליבע הערן, — האָט קאָראָלענקאָ זיך געווענדט צו גרוזענבערגן און צו סאָבאָליעוון, — אונדזער געערטער עקספּערט איז דערצו נאָך אַ שאַנטאַזשיסט... — קאָראָלענקאָ טוט זיך אַ בייג אָן צו גרוזענבערגס אויער: — פּאַשעט אַ זשוליק, ערן־וואָרט, אַ פּאַשעטער זשוליק... אין 1894 יאָר האָט איינער אַ פאַרשוין אין פּעטער־בורג געגעבן אָפּגילדן אין אַ באַגעטן־וואַרשטאַט אַ ראַם, אין וועלכער עס איז געווען אײַנגעפּאַסט אַ געוויינלעך בילד. אָפּגילדן די ראַם האָט געקאָסט בלויז איין רובל. האָט געטראָפן אַ צופאַל און די ראַם צוזאַמען מיטן בילד זײַנען אינעם וואַרשטאַט פאַרברענט געוואָרן. דער אייגנטימער פונעם בילד האָט אופגעהויבן אַ גוואַלד, אַז דאָס בילד איז ניט מער און ניט ווייניקער ווי אַ שעדעווער פונעם XVII יאָרהונדערט. דער אווטאָר איז קלוימערשט דער באַרימטער שפּאַנישער מאָלער מורילאָ, און דאָס בילד איז פון דער קאָלעקציע, וואָס האָט געהערט צום פאַרשטאָרבע־נעם רוימיש־קאַטוילישן מיטראָפּאָליט גינטאָווט. ער האָט געפאָדערט קאָמפּענסאַציע אין דער סומע פון דרײַ טויזנט רובל. דער באַלעבאָס פון דעם באַגעטן־וואַרשטאַט האָט זיך אָפּגעזאָגט צו באַצאָלן אַזאַ גרויסע סומע, און מע איז זיך צונויפגעגאַנגען אַף טויזנט רובל. דעם פאַרשוין האָט ער באַצאָלט פינף הונדערט רובל מעזומאָנים און אַף די אַנדערע פינף הונדערט רובל אַרויסגע־געבן אַ וועקסל. שוין נאָכדעם האָט דער באַלעבאָס פון דעם באַגעטן־וואַרשטאַט זיך געכאַפּט, דורכגעקאָנטראָלירט דעם איניען. אויסגעלאָזט האָט זיך, אַז דאָס בילד האָט ניט געגעכטיקט און ניט געטאָגט אין גינטאָווטס קאָלעקציע און האָט קיין שום שײַכעס ניט מיט מורילאָס שאַפונג. דער אייגנטימער פון דעם בילדל האָט פּאַשעט און פּראָסט שאַנטאַזשירט דעם באַגעטן־מײַסטער און דער אייגנטימער פון דעם נישטיקן בילדל, וואָס האָט געגעבן אָפּגילדן די ראַם, איז געווען דער קאַטוילישער קסיאָנדז יוסטין פּראַנײַטיס. אָט וואָס פאַר אַ פויגל דער הער עקספּערט פּראַנײַטיס איז...

קאָראָלענקאָן איז, ווײַזט אויס, שווער געווען אַזוי לאַנג צו ריידן. ער האָט זיך דערפילט שוואַך. אַף אַ רעגע האָט ער פאַרמאַכט די אויגן.

גרוזענבערג האָט אים מער ניט געוואָלט דערקוטשען. ער און סאָבאָליעוו האָבן זיך אָפּגעזעגנט מיטן שרײַבער און אומגעקערט זיך אין געריכט־זאַל.

יענער אָקטיאַבער־טאָג האָט זיך אויסגעגעבן אַ צעפּאַליעט־וואַרעמער, ווי עס טרעפט האַרבסט־צײַט אין קיִעוו, — אַ וווּנדערלעך־העלער טאָג, מיט אַ לײַכט ווינטל, וואָס בלאָנקעט איבער די גאַסן און ברענגט אַ פאַרשפּעטיקטן גרוס פון אָפּגעשניטענע פעלדער און רײַפע פּרוכטן אין די סעדער.

אַף פונדוקלייעווער גאַס, לעם דער רעדאַקציע פון „קיִעווסקאַיאַ מיסל" האָבן אָפּט זיך אָפּ־געשטעלט פאַרבײַגייער — מע האָט געוואַרט אַף אַ ספּעציעלער מיטיילונג וועגן דעם פּראָצעס. ס'האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז מיטן אָנקומען פונעם שרײַבער קאָראָלענקאָ וועט דער פּראָצעס אָנעמען אַ נײַע ווענדונג. ס'איז אַ סוואָרע, אַז דער באַרימטער שרײַבער האָט מיט זיך געבראַכט מאַטעריאַלן, וואָס דאַרפן דעמאַסקירן די מאַכינאַציעס פון די אָרגאַניזאַטאָרס פונעם פּראָצעס.

אומגעריכט האָט לעבן דער רעדאַקציע „קיִעווסקאַיאַ מיסל" זיך באַוויזן קאָראָלענקאָ. אין עטלעכע רעגעס אַרום איז ער שוין געווען אַרומגערינגלט מיט מענטשן, וועלכע האָבן אים דער־קענט און פאַרשאָטן מיט פראַגעס:

— צי איז עמעס, אַז ווערע טשעבעריאַק איז נעכטן אַרעסטירט געוואָרן?
— צי האָט טשעבעריאַקס ברודער פּיאָטער סינגאַיעווסקי זיך מודיע געווען?
— צי איז טאַקע דער פּראָקוראָר וויפּער פאַר ביזאָיען אַנטלאָפן קיין אויסלאַנד?

קאַראַלענקאָ איז געשטאַנען אינמיטן אַ ברייטן קרײַז און שמייכלענדיק באַטראַכט דעם אוילעם: פאַרוואָס מיינט מען, אַז ער קאָן ענטפערן אויף די אַלע געשטעלטע פראַגעס.

— ווער דען, אויב ניט קאָראָלענקאָ? — האָט זיך אָנגערופן אַ ווערסיקער גימנאַזיסט מיט אַזעסדיקע אויגן.

לעבן די פּאַרזאַמלטע האָט זיך באַוויזן אַ גאַראָדאָוואָי:

— פראָכאָדיטיע, גאָספּאָדאַ, פּראָכאָדיטיע...[1]

דער אוילעם האָט זיך צעשאָטן איבער דער פונדוקלייעווער גאַס. קאָראָלענקאָ אין זײַן טונקל־ברוינער פעלערינע האָט אויך שטיל אַוועקגעשפּאַנט ווײַטער.

אין דעם דאָזיקן אויסגעשפּילטן טאָג האָט דעם שרײַבער זיך פאַרגלוסט אַ קוק טאָן אויפן דניעפּער. ס'איז נאָך געווען גענוג צײַט ביז דער נאָכמיטיקדיקער זיצונג. ער האָט צוגערופן אַן איזוואָשטשיק און זיך געהייסן פירן צום טײַך.

זיצנדיק באַם ברעג, האָט קאָראָלענקאָ באַקלערט דעם ערשטן פעליעטאָן, וואָס ער האָט געהאַט בעדייע אָנצושרײַבן וועגן דעם פּראָצעס.

באַם גרויסן טײַך האָט ער זיך דערפילט ניט איינזאַם, ניט עלנט, אים האָט זיך געדאַכט, אַז הינטער זײַנע פּלייצעס שטייען מענטשן מיט שטאַרקע הענט, מענטשן, וואָס טראָגן אין זייערע הערצער האָפענונג און שטאָלץ פאַר מענטשלעכער ווירדע און שיינקייט.

צו דער גערמכט־זיצונג האָט ער זיך אומגעקערט אָן אויפגעלייגטער. אים האָט נאָכגעשײַנט דאָס פּנים פון דעם וווקסיקן גימנאַזיסט מיט די אַזעסדיקע אויגן.

## דרײַצן מינוט

אין איינעם פון די טעג, ווען דער פּראָצעס איז געווען אין סאַמע ברען, איז פּונעם שטעטל מאַלין געקומען קיין קיִעוו דער פּריוואַטער אַדוואָקאַט איסאַק רודניצקי, וועלכער איז געווען באַפרײַנדעט מיט בייליסעס פאַרטיידיקער — מיט דעם געשוווירענעם אַדוואָקאַט גריגאָראָוויטש־באַרסקי. דמיטרי ניקאָלײַעוויטש האָט שטאַרק זיך דערפרייט מיט זײַן אַלטן פרײַנט פון מאַלין, וועלכער פלעגט אָפט אָנקומען צו אים מיט געוויסע איניאַנים, וואָס זײַנען געווען פאַרבונדן מיט דער קיִעווער גערמכט־פּאַלאַטע, און האָט וואַרעם באַגעגנט דעם גאַסט.

— ווי גייט דער פּראָצעס? — האָט געפרעגט רודניצקי. — דערציילט עפּעס אינטערע־סאַנטע מאָמענטן.

— נעכטן איז אויפן פּראָצעס פאָרגעקומען אַן עפּיזאָד, וואָס וועט פאַרבלײַבן אין דער גערמכט־פּראַקטיק אַלס אַ מוסטער פון אַ שיינעם אײַנפאַל, — האָט אַ צופרידענער דערציילט גריגאָראָ־וויטש־באַרסקי. — אויף אַזאַ אופן האָט געקאָנט זײַן פּייַק איין קאַראַבטשעווסקי, און בלויז אים, איין אַדוואָקאַט אין רוסלאַנד, קאָנען דערלויבט זײַן אַזעלכע גענג...

— אַזוי? פאַרוואָס אים איינעם? — האָט רודניצקי זיך געכידעשט.

— פאַרוואָס אים איינעם, ווילט איר וויסן? ווײַל ער איז קאַראַבטשעווסקי און ער האָט גרויסן אויטאָריטעט אין די העכסטע פּעטערבורגער קרײַזן. אייגנטלעך איז פאָרגעקומען אַ מערקווירדיקער ספּעקטאַקל, — האָט גענומען דערציילן גריגאָראָוויטש־באַרסקי, — אַ ספּעקטאַקל, אין וועלכן אַלס אַקטיאָרן זײַנען אַרויסגעטראָטן גערמכט־טוער. דער זאַל האָט אַפּלאָדירט, ווי אין אַ טעאַטער, כאָטש ס'איז שטרענג פאַרבאָטן צו אַפּלאָדירן. ס'איז דאָך פאָרט ניט קיין טעאַ־טער, נאָר אַ גערמכט. אָט הערט. ווי איר ווייסט, שמאַקאָוו און זאַמיסלאָווסקי האָבן אויסגעפרעגט בייליסן, געוואָלט זיך דערקונדיקן, וויאַזוי איז בײַ אים געווען פאַרטיילט די צײַט אין יענעם געוויסן טאָג — דעם 12 מאַרט, ווען מע האָט דערמאָרדעט אַנדריי יושטשינסקין.

נו, לאָמיר זאָגן, בייליס איז אויפגעשטאַנען אינדערפרי, זיך אײַנגעוואַשן, אָפּגעדאַוונט, איבער־געביסן, אַוועק צו זיך אין קאָנטאָרקע, אויסגעשריבן אָרדערס, דערנאָך זײַנען געקומען צו פאָרן פּויערים מיט פורלעך, האָט ער זיי אַרויסגעגעבן די אויסגעשריבענע ציגל; שפּעטער איז ער געגאַנגען עסן מיטיק, און אַזוי ווײַטער און ווײַטער ביז דעם אַנדערן פרימאָרגן. די צײַט פונעם מעסלעס איז געווען אויסגערעכנט פּינקטלעך אויף מינוטן און אפילו אויף סעקונדעס, ווו בייליס איז דאָן און דאָן געשטאַנען, געזעסן, געגאַנגען... איינער פון די ריכטער האָט אפילו צונויפגעשטעלט אַ דיאַגראַם, נאָר... אוי, ווײ, דרײַצן מינוט האָבן אויסגעפעלט. ס'איז פאָרן גערמכט ניט קלאָר געווען, ווו איז אין אָט די דרײַצן מינוט געווען בייליס, וואָס האָט ער געטאָן אין די דרײַצן מינוט, ווו איז ער פאַרפאַלן געוואָרן אויף דרײַצן מינוט...

---

[1] גייט זיך פאַנאַנדער, מײַנע הערן, גייט זיך פאַנאַנדער.

לאנג האָט מען זיך געדרייט די קעפּ, געכקירעט, נאָר בעשום־אופן ניט געקאָנט קומען צו אן אויספיר.

— ביילים, האַ, ביילים, ווו זײַט איר געווען, וווהין זײַט איר עס אוועק פון אײַער טיש אין קאָנטאָר אף דרײַצן מינוט צווישן איינס און צוויי אזייגער באטאָג?

אָט די פראגע האָט דער פּאָרזיצער באַלדיריעוו עטלעכע מאָל געשטעלט ביילים, דאָס זעלבע געפרעגט בא די פּראָקוראָרן און פּארטיידיקער, נאָר קיינער האָט ניט געקאָנט געבן קיין ענטפער.

איר האָט געדאַרפט זען, וויאַזוי מענדל ביילים האָט געקוקט אף זײַנע פּאַרטיידיקער, ווי ער וואָלט געבעטן, מע זאָל אים מיטהעלפן, עפּעס אים אונטערזאָגן. „ריבוינע־שעל־אוילעם, — האָבן ווי געשעפּטשעט זײַנע אויסגעבלייכטע ליפּן, — וואָס וויל מען פון מיר, אז איך געדענק פּאָרט ניט!"

אין דער אָנגעגליטער אטמאָספער האָט זיך דערהערט דוראַסאָוויטשעס פישטשענדיק קאָל:

— ס'איז קלאָר, אז אין די דרײַצן מינוט האָט מענדל ביילים...

דעם פּאָרזיצערס א בליק האָט אים ניט געלאָזט פאַרענדיקן זײַן שרעקלעכן געדאַנק.

נאָר פּאָרט? וואָס הייסט א מענטש קאָן זיך ניט דערמאָנען? ניט קיין יאָרהונדערטער, ניט קיין צענדליקער יאָרן זײַנען דאָך דורכגעגאַנגען זינט יענע וויסטע מינוטן.

איז אָט, ווען דער געריכט איז געשטאַנען אזוי באַם טהאָם פון די דרײַצן פאַרלוירענע מינוט, האָט זיך אופגעהויבן דער שטאַלטנער, מאַיעסטעטישער ניקאָלײַ פּלאַטאָנאָוויטש קאַראַב־טשעווסקי, אונדזער ניט־געקרוינטער קיניג פון די רוסישע אדוואָקאַטן.

— אײַער עקסעלענץ, הער פּאָרזיצער, — האָט זיך דערהערט זײַן סאַמעטענע שטימע, — איר האָט א קעשענע־זייגער?

באַלדיריעווס גרויסע ברעמען האָבן פון אזא אומדערוואַרטער פראגע זיך ארופגעצויגן צום שטערן.

— פאַראַן, הער פּאַרטיידיקער, וואָס איז דען? — און ער האָט ארויסגעצויגן זײַן זייגער פון דער זשיליעט־קעשענע.

— וועל איך אײַך בעטן אוועקלייגן דעם זייגער אפן טיש און איבערדעקן אים מיט א פּאַפּיר.

דעם פּאָרזיצערס הענט פּילן אויס קאַראַבטשעווסקיס ביטע. אין זאַל איז געווען אזוי שטיל, אז מע האָט געהערט, ווי עס שורשעט דאָס פּאַפּיר, און געזען, ווי באַלדיריעוו דעקט איבער דעם זייגער...

— איך שטרײַך אונטער, איסאַק מאַרקאָוויטש, — האָט איבערגעריסן די דערציילונג גריגאָ־ראָוויטש־באַרסקי, — אז אזא דרייסטקײַט האָט זיך געקאָנט דערלויבן בלויז קאַראַבטשעווסקי, און באַלדיריעוו האָט אים געפאָלגט.

— איך דאַנק אײַך, הער פּאָרזיצער, — האָט געזאָגט דער אדוואָקאַט, — איצט וועל איך אײַך באומרויקן מיט אזא פראגע: ווי לאַנג געפינט זיך בא אײַך דער זייגער?

— ווי לאַנג? דאָס איז א מאַטאָנע, וואָס די עלטערן פון מײַן פרוי האָבן מיר צוגעטראָגן אין טאָג פון אונדזער כאַסענע.

— אָן ערעך וויפל יאָר איז דערין?

באַלדיריעוו האָט פאַרהויבן אין פאַרלעגנהײַט די אויגן צו דער סטעליע, ווי ער זאָל זיך דערמאָנען אָדער אויסרעכענען.

— כ'וועל אײַך באַלד זאָגן גענוי, הער אדוואָקאַט... אכט און דרײַסיק יאָר.

— א דאַנק, הער פּאָרזיצער.

מיט זײַן גאַנצן קערפּער האָט קאַראַבטשעווסקי זיך אויסגעקערעוועט צו די געשווווירענע בײַזיצערס, וועלכע האָבן ניט אראָפּגענומען די אויגן סײַ פונעם אדוואָקאַט, סײַ פונעם פּאָרזיצער.

— איך בעט אײַך, הערן געשוווירענע ריכטער, פאַרגעדענקען, — האָט באַמערקט קאַראַב־טשעווסקי, — וואָס דער הער פּאָרזיצער האָט געזאָגט: אז דער זייגער איז בא אים שוין אכט און דרײַסיק יאָר. איצט זײַט אזוי גוט, — ווענדט ער זיך ווידער צו באַלדיריעוון, — און זאָגט אונדז, וויפל מאָל אין מעסלעס באַנוצט איר זיך מיטן זייגער?

— וויפל מאָל? נו, ניט ווייניקער ווי צען־פופצן מאָל אין טאָג.

— איך דאַנק אײַך, הער פּאָרזיצער.

דער פּאָרזיצער האָט פרײַ אָפּגעאָטעמט. מער קיין פראגעס מיצאַד דעם אדוואָקאַט האָט ער ניט דערוואַרט.

נאָר קאַראַבטשעווסקי האָט נאָך ניט געענדיקט.

— אנטשולדיקט, הער פּאָרזיצער, צי איז פאַראַן אין אײַער קעשענע־זייגער א סעקונדע־ווײַזער?

— א סעקונדע־ווײַזערל? — פרעגט איבער דער פּאָרזיצער. — א סעקונדע־ווײַזערל?.. באלד... באלד...

— מיר ווארטן, הער פּאָרזיצער, מיר אײַלן זיך ניט אין ערגעץ.

— ניין! — שיסט אויס באָלדיריעוו. — ניט פאראן קיין סעקונדע־ווײַזערל.

— ניין, זאָגט איר. איז זײַט אזוי גוט, אײַער עקסעלענץ, און ווײַזט אונדז אײַער זייגער.

מיט ציטערנדיקע פינגער גיט דער פּאָרזיצער איבער דעם זייגער.

קאראבטשעווסקי נעמט אים אין די הענט, טוט אָף אים א קוק, און זײַן פּאָנעם צעשטראַלט זיך. ער הייבט אויף די רעכטע האנט מיטן זייגער העכער פון דעם קאָפּ און ווענדט זיך צו די ריכטער מיט א יאָמטעוודיק־זיגערישער שטים.

— הערן געשווירענע ריכטער, איך בעט אײַך, איר זאָלט זײַן איידעס, אז אין דעם הער פּאָרזיצערס זייגער איז בעפּיירעש פאראן א סעקונדע־ווײַזערל. געערטער פּאָרזיצער פון געריכט, אכט און דרײַסיק יאָר געפינט זיך בא אײַך א קעשענע־זייגער און צענדליקער מאָל טאָגטעגלעך קאָנטראָלירט איר אָף אים די צײַט, און דאָך האָט איר ניט געקאָנט פארגעדענקען אָף זיכער, צי איז פאראן אפן ציפערבלאַט א סעקונדע־ווײַזערל. ווילט איר פון אָט דעם מענטשן, פון בײליסן, וועלכער מאַטערט זיך אין טורמע שוין צוויי מיט א האלב יאָר, ער זאָל געדענקען און אײַך זאָגן פּינקטלעך, וווהין זײַנען אהינגעקומען דרײַצן מינוט פון יענעם אומגליקלעכן טאָג, ווען דער גורל זײַנער...

מער האָט מען גאָרנישט ניט געהערט, דער זאַל איז פארשוועמט געוואָרן פון אפּלאָדיסמענטן, מאמעש א הוראגאן האָט זיך דורכגעטראָגן אין זאַל.

— איך בין איבערצײַגט, איסאַק מארקאָוויטש, — האָט פארענדיקט גריגאָראָוויטש־בארסקי, — אז אינעם סטענאָגראפישן באריכט פונעם פּראָצעס וועט דער דאָזיקער עפּיזאָד ניט פיגורירן. איר וועט דערמאָנען מײַנע ווערטער.

ער האָט פון פארגעניגן אזוי געלאכט, אז דער מאלינער אדוואָקאַט איז אויך מיטגעריסן געוואָרן.

## אָפּגעזונדערט פון אלץ און אלעמען

מיט עטלעכע טעג, איידער ס׳האָט זיך אָנגעהויבן דער פּראָצעס, איז טשאפּלינסקי ארײַנגעקומען צו באָלדיריעוון אין קרײַז־געריכט און אים דערציילט, אז לויט דער פּאָראָרדענונג פון פּאָליציי־דעפּארטאמענט זײַנען צוויי זשאנדארמישע אונטער־אָפיצערן אויסגעטיילט געוואָרן צו באדינען די געשווירענע בײַזיצערס:

— איז פארגעסט ניט, פיאָדאָר אלעקסייעוויטש, פּאָראָרדענען, מע זאָל צוגרייטן פאר זיי קליידער פון געריכט־קוריערן.

ארײַנשמייכלענדיק אין דער באָרד, האָט באָלדיריעוו געפרעגט:

— און וואָנצעס זײַנען בא זיי, ווי בא זשאנדארמען?

— דאָס ווייס איך ניט, — צעשמייכלט זיך אויך טשאפּלינסקי.

— וועט מען זיי מוזן אָפּשערן.

— פארוואָס?

— אָפּשערן, אָפּשערן, געאָרגי גאוורילאָוויטש.

— פארשטאנען, פיאָדאָר אלעקסייעוויטש. איך וועל עס באוואָרענען...

טאקע דעמלט האָט טשאפּלינסקי פּארטרויט דעם געריכט־פּאָרזיצער, אז צו די געשווירענע בײַזיצערס וועט אויך צוגעשטעלט ווערן א צענדליק פילערס.

— אזא שטאָט וועלן מיר ניט קאָנען אויסהאלטן, דער בודזשעט אונדזערער וועט פּלאַצן, — איז אופגערעגט געוואָרן באָלדיריעוו.

— באומרויִקט זיך ניט, פיאָדאָר אלעקסייעוויטש, צוליב דעם איז פאראן א פּאָליציי־דעפּאַרטאמענט, וואָס האָט אויך א בודזשעט...

דער געריכט־פּאָרזיצער האָט זיך טאקע באַרויִקט.

ביים די איבעררײַסן צווישן די זיצונגען איז איינער פון די געריכט־קוריערן, א בלאָנדער יונגערמאן מיט פריילעך־צעלאָכעסדיקע אויגן, אלעמאָל געלאָפן אין בופעט נאָך פארשיידענע מײַכאָלים פאר די בײַזיצערס.

— אָט האָסטו, טערטיטשני, דײַנע בעבעלעך, און דיר, פערעפּעליצע, דײַן באַליבט מײַכל, ארבעס מיט שמאַלץ. עסט, עסט, ברידערלעך, און זײַט ניט מעקאַנע איינער דעם צווייטן.

דער פּריסטאַוו רופט אַוועק דעם געריכט־קוריער און מאַכט אים אַ באַמערקונג:

— הער נאָר, דו, לעץ איינער, פאַרוואָס דוצסטו זיי?

— וואָסי? — סטאַרטשעט אויס דער קלוימערשטער קוריער זײַנע פרײלעכע אויגן.

— דאָס זײַנען דאָך באַיאָרטע מענטשן, צוויי מאָל עלטער פון דיר.

— טשאָרט איך ניע וואָזמיאָט[1], — ענטפערט דער פרײלעכער בלאָנדין און לויפט ווידער אין בופעט, צופײַפנדיק אַ ניגנדל.

עס עפנט זיך שטיל די טיר אין צימער פון די געשווירענע בײַזיצערס, און עס שטעלט זיך אַרײַן גאָלוביאָוו.

— וועמען דאַרפט איר? — איז טייקעף צו אים צוגעגאַנגען אַ פאַרשוין מיט אַ נידעריקן שטערן און טיף אײַנגעגראָבענע אייגעלעך, אויסגעפוצט אין אַ געריכט־אוניפאָרם ניט אַף זײַן מאָס גענייט.

גאָלוביאָוו האָט אים באַוויזן דעם צייכן אַפן לאַץ און עפּעס אײַנגערוימט אַפן אויער.

אָפגעקערעוועט זיך פונעם פילער, האָט גאָלוביאָוו זיך געלאָזט צו מעלניקאָוון — צום סטאַרשינאַ[2] פון די געשווירענע בײַזיצערס.

— מיכאַיל דמיטריִעוויטש, — שלעפט ער אַרויס פון קעשענע אַ פרישע צײַטונג „דוווגלאַווי אָריאָל“ און שטעקט זי אַרײַן מעלניקאָוון אין דער האַנט, — אָט דאָס אַרטיקל לייענט איבער, און ניט נאָר איר אַליין, זאָלן עס לייענען אַלע אײַעריקע...

— גוט, וולאַדימיר סטעפּאַנאָוויטש.

דערזען אַ קאַריקאַטור אין בלעטל, האָט מעלניקאָוו זיך צעשמייכלט.

— פײַן אָנגעמאָלט, ניט עמעס? — איז צופרידן דער רעדאַקטאָר.

— פײַן! די מאַלאָכימלעך שלעפן בײַליסן צו זיך אַפן הימל אַרויף און שרײַען צו אים: „דו ביסט שוין לאַנג אונדזערער, מענדל, וואָס טוסטו נאָך אַף דער ערד? מיר וואַרטן שוין לאַנג אַף דיר“.

אַרום מעלניקאָוון האָבן זיך צונויפגעזאַמלט אַלע בײַזיצערס, איטלעכער האָט געוואָלט אַ קוק טאָן אינעם בלעטל. גאָלוביאָוו האָט פאַנאַנדערגעטיילט נאָך עטלעכע עקזעמפּליאַרן.

דער געריכט־פּריסטאַוו האָט שטראָפנדיק געדרייט מיטן קאָפּ צו גאָלוביאָוון: „מע קאָן נאָך אײַך דאָ באַמערקן, פאָרזיכטיק“. לויטן געזעץ איז אַרײַנקומען אַהער צו די בײַזיצערס געווען שטרענג פאַרבאָטן. זיי האָבן געדאַרפט זײַן אָפגעזונדערט פון דער גאַנצער וועלט, פון אַלץ און פון אַלעמען. נאָר גאָלוביאָוו טוט זיך זײַנס. דערזען צווישן די געשווירענע בײַזיצערס זײַנעם אַ באַקאַנטן איזוואָשטשיק סאַווואַ פּיאַדאָראָוויטש מאָסציצקין, האָט ער זיך אַ לאָז געטאָן צו אים:

— זייער גוט, וואָס דו ביסט אויך צווישן די געשווירענע, גאָט אַליין האָט דיך אויסדערוויילט אַף דעם הייליקן פּאָסטן. דו, סאַוווּשקאַ, וועסט שוין אַלץ טאָן ווי עס געהער צו זײַן, אין דעם צווייפלען מיר ניט.

— ווי אַנדערש... מיר ווייסן, וואָס מיר האָבן צו טאָן... — האָט מאָסציצקי גנייוויש געוווּנקען צו גאָלוביאָוון.

גאָלוביאָוו האָט זיך אַרויסגעגליטשט פונעם צימער. נאָר באַלד נאָך אים האָבן זיך אַרײַנגעשטעלט די צוויי שליכים פונעם פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט, וועלכע זײַנען ספּעציעל געשיקט געוואָרן אַפן פּראָצעס, קעדיי אויסשמעקן, מיט וואָס עס עטעמען די בײַזיצערס.

איינער פון זיי, פּאַוועל ניקאַנדראָוויטש ליובימאָוו, איז געווען אַ פּראַנטעוואַטער יונגער טשינאָווניק מיט אַ בלאַס געלבלעך פּאָנעם און שטילע קאַלטע אויגן. דאָס מערקווירדיקסטע בײַ אים איז געווען די נאָז מיט די ברייט צענומענע פליגעלעך. געדאַכט האָט זיך, אַז אַזאַ נאָז איז באַשאַפן געוואָרן ניט אַף צו אָטעמען, נאָר אַף צו שמעקן; דאַקעגן דער צווייטער — ווענעדיקט אַנטאָנאָוויטש דיאַטשענקאָ — איז געווען אַן אָפּגעלאָזטער פאַרשוין מיט אַ גלײַכגילטיקן אויסזען, בלויז די אויגן זײַנען בײַ אים געווען אַזעלכע ברענענדיקע, אַז ס'האָט זיך געקאָנט אויסדוכטן, אַז אין די צוויי אויגן־לעכער שטעקן גרינבלעכע פײַערלעך.

גלײַך ווי ער איז אַרײַנגעקומען, האָט דיאַטשענקאָ אַ פרעג געטאָן בײַ איינעם פון די בײַזיצערס, צי פאַרשטייט ער, וואָס עס קומט פאָר אַף די געריכט־זיצונגען. און אַז דער בײַזיצער האָט אַ קנייטש געטאָן מיט די אַקסלען און מיט דער האַנט געוויזן אַפן שטערן, אַז ער באַנעמט ניט אַלץ, האָט דיאַטשענקאָ אויסגעשטשירעט זײַנע געלבלעכע ציין אין אַ שמייכל:

— ס'איז נייטיק, איר זאָלט דעריקער פאַרשטיין, אַז דער מענטש מיט דער שוואַרצער באָרד איז שולדיק...

פאַרהויבן דעם שווערן פאַרוואַקסענעם קאָפּ צו דער סטעליע, האָט דער בײַזיצער געזאָגט:

---

[1] דער רוער וועט זיי ניט נעמען; [2] עלטסטער.

— ווי גאָט וועט מיר הייסן... — און זיך אָפּגערוקט פונעם אומבאַקאַנטן.

די צוויי פּעטערבורגער טשינאָווניקעס האָבן פאַרפירט אַ שמועס מיט די בײַזיצערס. די געשווירענע זײַנען געווען אומצופרידן דערפון, וואָס מע האָט זיי אָפּגעזונדערט פון זייערע גע־זינדן אַף עטלעכע וואָכן, זיי האָבן בעשום־אופן ניט געוואָלט שאָלעם מאַכן מיט זייער לאַגע אָלס אויסגעשלאָסענע פונעם לעבן. מע עסט דאָ, מע שלאָפט דאָ, מע לאָזט זיי אַרויס אין דרויסן ווי אַרעסטאַנטן, נאָר אַ פּאָר מאָל אין טאָג זיך דורכלופטערן, און דערנאָך זיצן זיי ווידער אין גע־האַקטע ווענדן אַ גאַנצן טאָג און אַמאָל אויך אַ גאַנצן אָוונט צוגעשמידט צו דער באַנק און הערן אויס זאַכן און געשיכטעס, וואָס זיי פאַרשטייען אָפּט ניט.

די צוויי טשינאָווניקעס האָבן געמוזט אַלע טאָג אָנשרײַבן אין זייער דעפּאַרטאַמענט זייערע אײַנדרוקן וועגן דער שטימונג פון די געשווירענע בײַזיצערס, זײַנען זיי צוגעשטאַנען צו זיי, און ניט געלייגט קיין אַכט אַף דעם, וואָס אָפּט האָבן זיי באַקומען אַ מיִעסן אָפּשניט פון אָט די פאַרביטערטע פּראָסטע מענטשן.

באַזונדערס אײַנגעשפּאַרט איז געווען דיאַטשענקאָ. ווי אַן אײַנגעגעסענע פליג, האָט ער זיך צוגעקלעפּט צו זײַן קאָרבן און זיך אײַנגעביסן אין אים מיט זײַנע פראַגעס. ס׳איז דערגאַנגען דערצו, אַז איינער פון די בײַזיצערס האָט אַ צעקאָסטער זיך אָפּגעקערעוועט פונעם טשינאָווניק מיט אַ זידלוואָרט: „פּראָטש, זלידניא״[1]. אַ רויט געוואָרענער, האָט דיאַטשענקאָ קוים אײַנגע־האַלטן זיך ניט אַרופצווואַרפן זיך אַף אים. דער אופגערעגטער און אייגנצײַטיק דערשראָקענער פּויער האָט זיך אָפּגערוקט אין אַ זײַט און גענומען זיך ציילעמען, עפּעס שעפּטשען מיט די ציטערנדיקע ליפּן.

די צוגעשיקטע מיטאַרבעטער פון פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט האָבן ניט אופגעהערט צו ראַפּאָר־טירן, אַז די „מוזשיקעס אין די סערמיאַגעס״ באַנעמען ניט דעם טאָך פונעם פּראָצעס.

„דער מוזשיק אין דער סערמיאַגע״ איז אָבער ניט געווען אַזוי פּאָשעט, ווי דאָס האָבן געמיינט די פּעטערבורגער טשינאָווניקעס.

## הערן געשווירענע בײַזיצערס

די זשורנאַליסטן און צײַטונגס־טוער האָבן זיך געכידעשט, וואָס קאָראָלענקאָ האָט אין מע־שעך פון פיל שאָען ניט אַראָפּגענומען דאָס אויג פון די געשווירענע בײַזיצערס. ער האָט מאַמעש דערלערנט יעדן שטריך פון זייערע פּענעמער.

— איר זעט, קאָלעגע, אָט יענעם פּויער, — האָט קאָראָלענקאָ זיך געווענדט צו כאַדאַשעוון, — ער איז פון הינטער קיִעוו, פונעם דאָרף באָרשטשאַגאָווקע, טערטיטשני איז זײַן פאַמיליע.

— פונוואַנען ווייסט איר אַזוי גענוי? — כידעשט זיך כאַדאַשעוו.

— איך ווייס, זיך דערקונדיקט, — ענטפערט שטיל קאָראָלענקאָ. — און אָט יענער, לעם טערטיטשנין, איז פונעם דאָרף גאָסטאָמעל, אַליניק איז זײַן פאַמיליע. באַ אים ווערסטו אַזוי גיך קיין וואָרט ניט אַרויסציִען. אָבער גיט נאָר אַ קוק, ווי לעבן די געשווירענע דרייען זיך אַרום איבערגעטאָנענע זשאַנדאַרמען און נישטערן מיט די אייגעלעך, שמעקן מיט די געשליפענע נעזער. נאַט, טוט אַ קוק אין בינאָקל.

קאָראָלענקאָ גיט איבער כאַדאַשעוון דאָס בינאָקל און שעפּטשעט אים ווײַטער אַפן אויער:

— און אָט יענער, לעם אַליניקן, מיט די אונטערגעהאַקטע האָר, דאָס איז מאַסיציקי — אַן איזוואָשטשיק פון די „סאַיוזניקעס״, גריגאָרי אַפאַנאַסעוקאָס אַ נאָענטער פאַרשוין. איר ווייסט ווער ס׳איז אַפאַנאַסענקאָ?

— איך ווייס, — שאָקלט כאַדאַשעוו מיטן קאָפּ.

— נעכטן בין איך געווען באַ מאַסיציקין אין שטוב, גערעדט מיט זײַן ווײַב און מיט דער טאָכטער. אינטערעסאַנט, מאַסיציקיס פרוי איז ניט צופרידן דערמיט, וואָס דער מאַן איז אַ געשווירענער ריכטער. „מע האָט אים אונטערגעקויפט, ער איז ניט שולדיק, — האָט די פרוי זײַנע געוויינט, — מע האָט אים געהייסן. ער איז גרוי און רוי, ווי אַ שטיק האָלץ...“

— וויאַזוי האָט איר זיך דערקליבן צו אָט דעם איזוואָשטשיק אין שטוב, וולאַדימיר גאַלאַק־טיאָנאָוויטש?

קאָראָלענקאָ האָט אויסגעמיטן צו ענטפערן אַף דער פראַגע.

— קאָלעגע, — האָט ער זיך געווענדט צו כאַדאַשעוון, — איך האָב צו אײַך אַ ביטע. צי וועט איר ניט קאָנען מאָרגן מיך באַגלייטן אין דאָרף באָרשטשאַגאָווקע צו טערטיטשנין, איך מיין, צו זײַנע אייגענע.

[1] אוועק, זלידניע.

„וואָס וויל ער דאָרט מעסאקן זײַן אין דאָרף?“ — האָט דער זשורנאַליסט א טראַכט געטאָן. נאָר אפֿן פאָרשלאָג איז ער נאַטירלעך גלײַך אײַנגעגאנגען. א קלײניקײַט, מיטפאָרן מיט קאָראָ־לענקאָן!

— מיטן גרעסטן פארגעניגן, וולאַדימיר גאַלאַקטיאָנאָוויטש.

— וויבאַלד אזוי, קומט מאָרגן צו זיבן אזייגער אינדערפרי אין האָטעל „פּראַנסוא“ און טוט שטיל א קלאַפּ אין דער טיר פון מײַן נומער, איך וועל שוין וואַרטן אף אײַך.

— גוט, וולאַדימיר גאַלאַקטיאָנאָוויטש.

— ווי א זאַך מאַכט זיך, נעמט מיט זיך א רעגנמאַנטל... — זאָגט דער שרײַבער.

— אויב ס׳וועט זײַן א רעגן, וועלן מיר עפּשער אָפּלייגן די רײַזע? — פרעגט פאָרזיכטיק כאָדאָשעוו.

— בעשום־אויפן ניט! — האָט פעסט באַשלאָסן דער שרײַבער. — איבערמאָרגן וועל איך, מעגלעך, פאָרן אין אן אנדער דאָרף. ס׳איז ביכלאַל פאַראַן א סאַך אַרבעט דאָ, אין קיִעוו, בײַסן פּראָצעס...

אף דער סטאַנציע באָרשטשאַגאָווקע זײַנען זיי אָנגעקומען גאַנצפרי. קאָראָלענקאָ איז געווען אָנגעטאָן ווי א יעגער — אין לאַנגע שטיוול מיט ברייטע כאָליעוועס ביז איבער די קני און אין א טאַלמע אף די אַקסלען. די ביקס אַריבערגעוואָרפן אף א רימענדל איבערן לינקן אַקסל און אפֿן קאָפּ א היטל מיט א גלאַנצנדיקן דאַשעק. אַקסל צו אַקסל האָט לעבן אים געשפּאַנט כאָדאָשעוו אין א ספּאָרט־גאַרניטער, מיט א כלִיסט אין דער האַנט, ווי ער זאָל האָבן אָקאָרשט אַראָפּגעקראָכן פון א רײַך־אָנגעזאָטלט פערד.

שוין בא דער ערשטער באַגעגעניש מיט א פּויערטע איז כאָדאָשעוו איבעראַשט געוואָרן פון קאָראָלענקאָס אוקראַיִניש.

— זאָל עס אײַך, קאָלעגע, ניט וווּנדערן, — האָט מיט א כיטרע פײַערל אין די אויגן א זאָג געטאָן קאָראָלענקאָ, — איך בין אופגעוואַקסן אין וואָלין און געדענק גוט די שפּראַך פון מײַן געגנט.

אינגיכן זײַנען זיי ביידע געזעסן בא טערטיטשנין אין שטוב, וווהין ס׳האָט זיי אָוועקגעפירט די זעלבע פּויערטע, וואָס זיי האָבן זי די ערשטע באַגעגנט.

— סידאַיטע, דאָבראָדיִי[1], — האָט פרײַנטלעך פאָרגעלייגט טערטיטשניס ווײַב, א פרוי מיט א זאַט אויסגעכאָליעט פּאָנעם. ס׳איז שווער געווען צו כאַפּן, וואָס איז אין זיי מער פאַרבאָרגן, אין אירע גרויסע אויגן, שרעק, צי האַכנאָע. — עפּשער וועט איר טרינקען מילך, איך האָב נאָר־וואָס אויסגעמאָלקן די קו.

— שטשיראָ דיאַקויעמאָ[2], מירן גערן טרינקען, — האָט געענטפערט קאָראָלענקאָ. אַראָפּ־גענומען דאָס היטל און אָוועקגעלייגט עס צו זיך אף די קני. — איר וועט אויך טרינקען, קאָלעגע?

— איך וועל זיך ניט אָפּזאָגן, — האָט כאָדאָשעוו צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

דערלאַנגט א פרישׁ אויסגעבאַקן קאָרן־ברויט און א קריגל מילך, האָט די פּויערטע זיך אָוועקגעזעצט אַנטקעגן די געסט. פון דרויסן איז אַרײַנגעלאָפן א ווּקסיק ייִנגעלע. ער איז גלײַך צוגעלאָפן צו כאָדאָשעוון און גענומען מיט די הענטלעך טאָרען דעם פעדער פון כאָדאָשעווס יעגער־היטל.

— טשעפּע ניט, וואַניושקאַ, — האָט אָנגעשריִען אף אים די פּויערטע.

— עס מאַכט ניט אויס, — האָט כאָדאָשעוו גוטמוטיק געזאָגט, — אָט נעם, וואַניושקאַ. — און געגעבן דעם ייִנגל דאָס היטל, דערבײַ האָט ער געקוקט אף קאָראָלענקאָן, ווי ער זאָל וועלן אים זאָגן, אז דערמיט וויל ער געווינען צוטרוי בא דער פּויערטע.

— דאָס איז מײַן אייניקל, — דערקלערט זי, — די טאָכטער איז בא אונדז געשטאָרבן. אז דער איידעם האָט כאַסענע געהאַט מיט א צווייטער, האָבן מיר ניט געוואָלט איבערלאָזן דאָס איינציקע אייניקל בא דער שטיפמוטער און גענומען אים צו זיך.

— און דער אַלטער? — שטעלט אַרײַן קאָראָלענקאָ א פראַגע. — ווּ איז דער אַלטער אײַערער? מיסטאַמע אף זאַראַבאָטקעס[3] אין שטאָט?

— נייך, פּאַני, מיר זײַנען גאָר ניט אזוי אָרעם, ער זאָל דאַרפן זיך לאָזן אף זאַראַבאָטקעס. באָראָן באָזשע[4], מיר לעבן גאַנץ גוט, נאָר... — איר זאַט פּאָנעם האָט זיך פאַרקרימט, — נאָר מע האָט אים אַרעסטירט...

— פאַרוואָס? ער איז באַגאַנגען א פאַרברעכן? — פרעגט קאָראָלענקאָ.

— נייך, פּאַני, איר פאַרשטייט ניט, וואָס איך זאָג... — די פּויערטע הייבט זיך אוף, גייט

---

[1] זעצט זיך, הערן; [2] מיר דאַנקען אײַך אופריכטיק; [3] פאַרדינסטן; [4] באַהיט גאָט.

צו צו דער טיר, פאַרמאַכט זי שטילנער און נעמט ריידן מיט א שעפּטשענדיק קאָל. — אנומלטן איז געקומען צו אונדז דער אָקאָלאָטאָטשני, מיט זשאַנדאַרמען, מיטן פּריסטאַוו און מע האָט זיך אָנגעלייגט אף מײַן מיכײַלען: „דו מוזט, — האָט מען אים געזאָגט, — פאָרן אין שטאָט אַרײַן, קיין קיִעוו, און דאָרטן זײַן א סודיאַ[1]. מע וועט סודיען[2] איינעם אן איזוווער[3], — זי קוקט זיך ווידער אום צו דער טיר, — א מענטשן, וואָס קוילעט אונדזערע קינדער. גיי, וואַניושקע, אַרויס אין דרויסן, איך וועל דיך שפּעטער אַרײַנרופן. — די פּויערטע נעמט אָן דאָס ייִנגעלע פאַר אן אַקסל, עפנט פאַמעלעך אוף די טיר, לאָזט אים פּאַרזיכטיק אַרויס און קערט זיך אום צו די געסט. — מיכײַלאָ מײַנער האָט ניט געוואָלט פאָרן אין שטאָט אַרײַן, ער איז אַלט און קראַנק. „וועסטו ניט גיין, טערטיטשני, — האָט מען אים געזאָגט, — וועלן מיר דיך אָוועקזעצן לעם יענעם מיט דער שוואַרצער באָרד. ער קאָן דיך אויך קוילען, ווי יושטשינסקין...“ מיכײַלאָ מײַנער האָט זיך אײַנגעשפּאַרט, ער וויל ניט, ער דאַרף עס ניט. נאָר דאָ איז צו אים געקומען א גאַלעך, ניט פון אונדזער דאָרף, פון דער קיִעווער לאַווורע, — האָבן מיר געשטעלט סאַמאָהאָן און גוטע קוליטשן, ווי אף פּאַסכע, מע האָט אויסגעטרונקען און געהוליעט א גאַנצע נאַכט, און אף מאָרגן האָט מען אוועקגעפירט מיכײַלען...

— וואָס זשע זײַט איר אַזוי דערשלאָגן? — האָט געפרעגט קאָראָלענקאָ. — ער וועט אינגיכן זיך אומקערן, אײַער מאַן.

— מענטשן, וואָס קומען פון שטאָט, דערציילן, אַז מיכײַלאָ זיצט אין סוד[4] הינטער הילצערנע שטאַכעטן. מע זאָגט, אַז ער וועט נאָך לאַנג דאָרט זיצן. וואָס ער טוט דאָרטן, ווייסט נאָר איין גאָט...

צוגעביסן און אויסגעטרונקען די מילך, האָבן די געסט זיך אופגעהויבן, אַרײַנגערופן דאָס ייִנגעלע, וואָס איז געשטאַנען פון יענער זײַט טיר. קאָראָלענקאָ האָט אים געשענקט א קליין האַרנדל. נאָר פריִער האָט ער אַליין אויסגעשפּילט אף דעם א דאָרפיש לידעלע.

די פּויערטע האָט זיך איבערגעציילעמט, באַדאַנקט די פּריצים, וואָס האָבן ניט אויסגעמיטן איר כאַטע, און אָנגעוויזן זיי, וויאַזוי מע קאָן מיטן נאָענטסטן וועג טרעפן צו דער אײַזנבאַן.

— אויב איר וועט זײַן אין קיִעוו, וואָלט איך אײַך געבעטן אַרײַנגיין אין סוד און זאָגן מײַן מיכײַלען, ער זאָל זיך שטאַרקן, אַז איך בעט אַלע טאָג גאָט פאַר אים. איר זאָלט אים אויך זאָגן, אַז וואַניושע איז געזונט און וואַרט, דער זיידע זאָל בעשאָלעם זיך אומקערן אהיים... — די פּויערטע האָט זיך צעוויינט אף א קאָל.

— פאַרוואָס זשע וויינט איר? — פרעגט קאָראָלענקאָ.

— די פּאָליציע פּײַניקט דאָרטן מײַן מיכײַלען... איך ווייס, זיי טוען עס שטענדיק מיט אָרנטלעכע מענטשן...

אין דרויסן האָט קאָראָלענקאָ זיך געווענדט צו כאַדאָשעוון:

— די פּויערטע זאָגט, אַז איר מיכײַלאָ איז אן אָרנטלעכער מענטש. מעגלעך, ווען דער אָנפירער מיט די קיִעווער „סאַיוזניקעס“ — דער גאַלעך סינקעוויטש וואָלט ניט אַרײַנגעצויגן דעם דאָזיקן פאַרמעגלעכן מוזשיק אין זײַן נעץ אַרײַן, וואָלט ער... אָבער ניט דאָס האָב איך אײַך געוואָלט דערציילן. צי פאַרשטייט איר, קאָלעגע, אַז דער קרימינאַל־אַפּטייל פונעם קיִעווער געגנטלעכן געריכט, וואָס מישפּעט ביילִיסן, האָט בעקיוון אונטערגעקליבן אזעלכע געשווירענע ריכטער — די סאַמע אָפּגעשטאַנענע, פינצטערע פּויערים. בא אַנדערע קרימינעלע איניאַנים, ווען מע מישפּעט גאַנאַווים, מערדער, זשוליקעס, זיצן אַלס געשווירענע ריכטער אינטעליגענטן — פּראָפעסאָרן, לערער, און ביילִיסן מישפּעטן פּראָסטע מוזשיקעס. מעגלעך, אַז דאָס זײַנען אָרנטלעכע מענטשן, אָבער אָנגעשראָקענע, אַז ס'עקזיסטירט בא יידן א בלוטיקער ריטואַל. זיצן זיי מיט אָפענע אויגן און אָנגעשטעלטע אויערן און כאַפּן אוף אַלע בייזע ווערטער, וואָס עס שיטן אויס אפן קאָפּ פונעם אומגליקלעכן מענטשן מיט דער שוואַרצער באָרד וויפער, שמאַקאָוו און אַנדערע מאָנסטערס.

קאָראָלענקאָ און כאַדאָשעוו האָבן געשפּאַנט איבער א שמאָלער סטעזשקע, וואָס האָט זיך געשלענגלט צווישן גראָז און זאַמדיקע שיפּוים. דער שרײַבער האָט דערציילט זײַן מיטגייער וועגן דער געהיימער אַרבעט, וואָס עס האָבן געפירט ערעוו דעם פּראָצעס די „סאַיוזניקעס“ און דער פּאָליציי־אַפּאַראַט. אָפן סמאַך פון די פאַקטן, ווי עס זײַנען אונטערגעקליבן געוואָרן אָט די טערטיטשניס און אַנדערע געשווירענע ריכטער, וועט ער אָנשרײַבן און פאַרעפנטלעכן אין דער פּרעסע אן אַרטיקל. ער ווייסט זייער גוט, וואָס פאַר א געוואַלי די רעכטע וועלן אופהייבן אין זייערע נידערטרעכטיקע אָרגאַנען, נאָר ער איז שוין געוויינט דערצו. זאָלן זיי בילן. ער וועט זיך טאָן זײַנס. מע טאָר אזוינס ניט פאַרשווײַגן.

---

[1] א ריכטער; [2] מישפּעטן; [3] א מערדער; [4] געריכט.

דעם זעלבן טאָג, אין אָנהייב פון דער באַטאַגיקער זיצונג איז אין גערימכט געקומען א קאָ־רעספּאָנדענט פון דער ערשט ניט לאַנג געשאַפענער רוסישער קינאָ־געזעלשאַפט. דער קאָרעס־פּאָנדענט איז מיט דעם שווערן אפּאַראַט און מיטן דרײַפוס געשטאַנען בא דער אַרײַנגאַנג־טיר פון געריכט־זאַל און זיך געבעטן בא דער וואך, מע זאָל אים אַרײַנלאָזן אין זאַל. דער שטרענגער היטער פון דער אָרדענונג — א לאַנגער פּארשוין מיט היפּשע אופגעבלאָזענע וואָנצעס — האָט מיט זײַנע גרויסע הענט אָנגעכאַפּט דעם דרײַפוס און גענומען שטויסן דעם קאָרעספּאָנדענט.

— ווּהין קריכסטו? ס'איז פאַרבאָטן.

סאַפּקאַלסאָף האָט דער קאָרעספּאָנדענט געפּויעלט באַם וואַכמאַן, מע זאָל אַרויסרופן דעם פּריסטאַוו.

— ס'איז פאַרבאָטן! — האָט דער פּריסטאַוו קאַטעגאָריש געמאָלדן און באַפוילן דער וואך אַרויסשטעלן דעם קאָרעספּאָנדענט.

נאָר דער קאָרעספּאָנדענט איז געווען ניט פון יענע, וואָס זאָלן אזוי גיך אָפּטרעטן. ער ווײסט, — האָט ער געזאָגט, — פריִער אָפּטאָן, וואָס מע האָט אים געהייסן, און דערנאָך וועט ער אוועקגיין.

— איך וועל אײַך אַרעסטירן, יונגערמאַן, — האָט זיך געקאָכט דער פּריסטאַוו.

צופעליק איז אין דער מינוט צוגעקומען קאַראָלענקאָ. פאַרשטאַנען, אז דער קאָרעספּאָנדענט וועט גאָרנישט ניט פּויעלן, האָט ער פאַרגעשלאָגן דעם פּריסטאַוו:

— פירט מיך צו באַלדיריעוון, איך וויל זיך זען מיט אים, ביז די זיצונג וועט זיך אָנ־הייבן, — דערבײַ האָט ער צום קאָרעספּאָנדענט א ווונק געטאָן, יענער זאָל צוווארטן.

דער פּריסטאַוו האָט גוט געדענקט, אז דער געריכט־פּאָרזיצער האָט פריִער מיט עטלעכע טעג טאַקע דורך אים איבערגעגעבן, אז ער וויל זיך זען מיט קאַראָלענקאָן, און ער האָט צוגע־פירט דעם שרײַבער צו באַלדיריעווס קאַבינעט.

— וואַרט צו, איך וועל באַלד... — דער פּריסטאַוו איז אַליין אַרײַן אין קאַבינעט.

— אײַער עקסעלענץ, — האָט דער פּריסטאַוו גענומען שטאַמלען, — דער קודלאַטער וויל זיך זען מיט אײַך...

— וועלכער קודלאַטער?

— נו, דער שרײַבער פון פּאָלטאַווע.

— אַך, קאַראָלענקאָ! ווו איז ער?

— הינטער דער טיר.

— באַלוואַן! — האָט אויסגעשריִען באַלדיריעוו, אפּגיך אויסגעקעמט מיט צוויי פינגער די באָרד, צוגעגאַנגען צו דער טיר און ראַשיק זי אופגעעפנט.

— ביטע, וולאַדימיר גאַלאַקטיאָנאָוויטש...

קאַראָלענקאָ האָט אַריבערגעשפּאַנט די שוועל.

— זעצט זיך, ביטע, — ווײַזט אָן באַלדיריעוו אף א שטול.

— איך אײַל זיך זייער. הער באַלדיריעוו, פאַרוואָס לאָזט מען ניט אַרײַן אין זאַל א פּאָר־שטייער פון קינאָ?

— צוליב וואָס, וולאַדימיר גאַלאַקטיאָנאָוויטש?

— וואָס הייסט צוליב וואָס? צוליב דער געשיכטע פון רוסלאַנד.

מיט דער אויסגעכאַליעטער האַנט האָט דער פּאָרזיצער אינסטינקטיוו אָנגענומען די קייט אף דער ברוסט און מיט א כניפּע־שמייכל עטוואָס פאַרנייגט דעם קאָפּ.

— אויב איר בעט, וולאַדימיר גאַלאַקטיאָנאָוויטש...

— איך בעט ניט, איך זאָג, ס'איז נייטיק.

— פאַר וועמען איז נייטיק, וולאַדימיר גאַלאַקטיאָנאָוויטש?

— איך האָב שוין געזאָגט.

— המ־המ... — און דער פּאָרזיצער האָט באַפוילן דעם געריכט־פּריסטאַוו אַרײַנלאָזן דעם קינאָ־קאָרעספּאָנדענט אין געריכט־זאַל.

## נאָך דער רעדע

דער רעגן האָט זיך געשטאַרקט. אזעלכע וויסטע רעגנס טרעפן אינמיטן אָסיען, ווען די טוווּ־עס ליגן שוין באַהאַלטן אין די שײַערס, די פּרוכטן אין די קאַמערס און אין די קעלערס. ער האָט געשמיסן, דער רעגן, מיט מעשונעדיקער האַסטיקײַט. א מאַבל — ניט קיין רעגן! די רינוועס האָבן געקרעכצט, געציטערט, געקלונגען און זיך געוואָרגן מיט געברום און געוואָי. די וואַסער־

סטיכיי האָט פאַרפלייצט און אײַנגעדעקט די גרויסע שטאָט אין נאַסער און שוואַרצער פינצ־טערניש.

דער קאַשטאַן־בוים, וואָס איז געשטאַנען לעבן פענצטער פונעם האָטעל, ווו גרוזענבערג האָט געוווינט, האָט זקייניש זיך אײַנגעבויגן מיט אַלע זײַנע שווערע און האַלב־נאַקעטע צווײַגן. דער רעגן און דער ווינט האָבן אים קימאַט אײַנגעבראָכן. פון דעם אַנטקעגן שטייענדיקן עלעק־טרישן לאַמטערן איז אַפּן בוים געפאַלן אַ בלאַסע צעשוווּמענע שײַן און אַרויסגעריסן זײַן סילועט פון דעם אַרומיקן שאָפעלן פּייזאַזש.

ס׳איז געווען אַרום צוויי באַנאַכט. באַם פענצטער זײַנען געשטאַנען גרוזענבערג מיט זײַן פרוי — און אַפילע ניט געקלערט זיך לייגן שלאָפן. ראָזאַ גאַווריליאָוונאַ שלאָפט שוין ניט די דריטע נאַכט — זי איז ניט געשלאָפן ערעוו דעם טאָג, ווען אָסקאַר אָסיפּאָוויטש האָט געדאַרפט אַרויסטרעטן אַפּן פּראָצעס, זי איז ניט געשלאָפן די צווייטע נאַכט — נאָכן ערשטן טייל פון זײַן רעדע, און איצט נאָכן שווערן טאָג, ווען ער האָט געענדיקט זײַן רעדע. זי איז נאָך אַלץ געווען אַזוי אויפגערעגט און אויפגעשרויפט, אַז זי האָט מוירע געהאַט, איר קראַנק האַרץ זאָל ניט אויס־האַלטן די אָנשטרענגונג. די קיִעווער קרוויוּום אירע האָבן איר געראָטן ניט בײַזײַן אַפּן געריכט, ווען איר מאַן וועט האַלטן זײַן רעדע. און ראָזאַ גאַווריליאָוונאַ איז פאַרבליבן אין האָטעל און מיט אומגעדולד געוואַרט אַפּן מאַן. איצט שטייט גרוזענבערג לעבן איר, האַלט איר הייסע האַנט אין זײַנער און דערציילט איר וועגן דער רעדע, וועגן אַלע איבערלעבונגען ביז און בייס ער האָט געהאַלטן זײַן רעדע.

— פון די קינדער איז הײַנט אָנגעקומען אַ בריוו, — זאָגט ראָזאַ גאַווריליאָוונאַ.

— ווער שרײַבט — סאָניע צי פּעטיע? — פרעגט גרוזענבערג.

— ביידע שרײַבן זיי. סאָניע איז געווען צוגעקילט, איז פּעטיע ניט געגאַנגען אין גימנאַזיע.

— איז וואָס זשע? — פרעגט ער מעכאַניש.

— ניט געגאַנגען אין גימנאַזיע... פּעטיע.

— אַך, פּעטיע... — גרוזענבערג איז פאַרנומען מיט זײַנע געדאַנקען. — דו הערסט, ראָזע, וויפער האָט אין זײַן רעדע געזאָגט, אַז ער איז אומצופרידן מיטן רוסישן פאָלק, דעם רוסישן פאָלק פעלט מוט. איך האָב דערויף געענטפערט, אַז איך פאַרשטיי דאָס ניט. זאָגן אַ פאַרברעכער, אַז ער איז אַ פאַרברעכער, פאָדערט זיך ניט קיין מוט. נאָר אַז מע זאָגט אַן אומשולדיקן, אַז ער איז אַ פאַרברעכער, — גייט דאָ שוין ניט קיין רייד וועגן מוט, דאָס הייסט אויוועער זײַן אַף דער שוועל פון אַ ריכטער. באַהיט גאָט דעם רוסישן ריכטער פון אַזאַ מוט. הערסט, ראָזע, דאָס האָב איך געזאָגט קימאַט צום סאָף פון מײַן רעדע. ס׳איז געווען אומגעהייער שטיל, ווען איך האָב גערעדט.

— און וואָס נאָך האָסטו געזאָגט, אָסקאַר? — ראָזאַ גאַווריליאָוונאַ קוקט אַף איר מאַן מיט ליבע און מיטלייד.

— וואָס איך האָב נאָך געזאָגט?.. איך ווייס ניט, וואָס זאָל איך פריִער דיר דערציילן? הערן געשווירענע ריכטער, האָב איך געזאָגט, די יִידן וואָלטן זיך ניט געניטיקט אין מײַן פאַרטיי־דיקונג, נאָר איר האָט געהערט, ווי דער קסיאַנדז פּראַנײַטיס האָט באַשולדיקט דאָס פאָלק און וואָס פאַרא באַווײַזן און דערקלערונגען ער האָט געגעבן. הערנדיק דאָס אַלץ, האָב איך שרעק־לעך געליטן און דאָך אין דער מינוט צו זיך אַליין געזאָגט מיט שטאָלץ: סאַראַ גליק, וואָס צווישן די אָרטאָדאָקסאַלע גאַלאָכים, צווישן די געלערנטע איז ניט געווען קיין איינער, אַלנפאַלס דאָ אַפּן געריכט, וועלכער זאָל, אַלס גאַלעך, אָדער אַלס קריסט, אָדער אַלס רוסישער געלערנטער, אונ־טערהאַלטן אָט די שווידערלעכע באַבעמײַסעס — דעם בלוט־בילבל. און דאָס איז אַ גליק.

— און וועגן סיקאָרסקין האָסטו פאַרגעסן, אָסקאַר?

— וועגן סיקאָרסקין האָב איך געזאָגט אָט וואָס: אויב אַ דאָקטער אָנשטאָט פאַרנעמען זיך מיט מעדיצין טײַנעט וועגן ריטועלע מאָרדן, וועגן דעם, אַז ער גלייבט אין ריטועלע מאָרדן, איז דאָס ניט קיין געריכט־עקספּערטיזע, ניט קיין וויסנשאַפט.

גרוזענבערג איז שטיל געבליבן. ביידע — מאַן און פרוי — האָבן זיך אײַנגעהערט אין דעם געוואָי פונעם שלאַקסרעגן. אומגעריכט האָט אַ בליץ באַלויכטן אַ שטיק גאַס, אַרויסגעריסן פון דער פינצטערניש דעם אײַנגעבויגענעם קאַשטאַן־בוים. דער בוים האָט זיך ווי אויפגעהויבן אײַנ־דערלופטן.

— איך בין פאַרבלענדט, אָסקאַר! — האָט ראָזאַ גאַווריליאָוונאַ אויסגעשריִען און פאַרשטעלט מיט די הענט די אויגן.

— באַרויִק זיך, מײַן טײַערע, וועסט באַלד זעעוודיק ווערן, האַלעווײַ אַף מײַנע געשווירענע ריכטער געזאָגט געוואָרן. ווען וויפער האָט גערעדט אָדער אויסגעפרעגט איידעס, האָט ער באַ די

ריכטער און בא די געשווירענע בײַזיצערס פארנעפּלט די געדאנקען. די פּאשעטע מענטשן זײַנען פון וויפערס פארדרייטע רייד פארטומלט געוואָרן. איך האָב נאָכגעשפּירט נאָך אָט די פּראָסטע מענטשן און באמערקט, ווי די שײַן אין זייערע אויגן ווערט אויסגעלאָשן.

— וואָס האָסטו געזאָגט וועגן ביילִיסן? — האָט די פרוי אים איבערגעשלאָגן.

— ביילִיס, — האָב איך געזאָגט, — איז אַן אָרנטלעכער ארבעטס־מענטש, וועלכער האָט ניט געוווּסט ניט פון קיין טאָג און ניט פון קיין נאכט, געהאָרעוועט ניט ווייניקער פון א פּויער אָדער אַן איזוואָשטשיק. איר האָט דאָ געהערט, אז ער פלעגט אָפּט אופשטיין פיר פארטאָג, זעקס אזייגער האָט זיך שוין בא אים אָנגעהויבן דער ארבעטסטאָג אף דער ציגעלניע, און אזוי פון זעקס פארטאָג ביז זעקס פארנאכט, קיין איין מינוט רו. איר געדענקט, די אידעס האָבן אונדז דערציילט, אז אפילע מיטיק־צײַט, אז מע האָט צו אים אָנגעקלאפּט, האָט ער איבערגעלאָזט דעם ווארמעס און ארויס־געלאָפן, קעדיי ניט פארהאלטן די פורן. דאָ זײַנען דורכגעגאנגען אַלס אידעס קריסטן. ווער זײַנען זיי, די קריסטן? ארבעטער, איזוואָשטשיקעס. וואָס האָבן זיי דערציילט? איר האָט קיין איין שלעכט וואָרט ניט געהערט פון זיי. טוט א קוק, ווי ווארעם, מיטפילנדיק און מענטשלעך די ארבעטער האָבן זיך אָפּגערופן וועגן אָט דעם אומגליקלעכן, דערשלאָגענעם מענטשן. דערמאָנט זיך, וואָס האָבן געזאָגט די קינדער, וועלכע דער געריכט האָט אויסגעהערט. די קליינינקע יעווגעניִא וואָלאָשענקאָ, ווען מע האָט זי געפרעגט וועגן ביילִיסן, האָט זי א קוק געטאָן אף דער באַ־שולדיקונגס־באנק. מע האָט זי געפרעגט: „ער האָט אײַך געטריבן, באלײדיקט, באַוואָלט?" האָט זי זיך צעלאכט און געענטפערט: „ניין, קיינמאָל ניט באליידיקט". קיינער, ניט פון די עלטערע, ניט פון די קינדער, וועלכע מע האָט אהער ארויסגערופן, האָט מיט קיין האַלב וואָרט ניט גע־קלאָגט זיך אף ביילִיסן, און דאָך זיצט ער פאר אײַך אף דער באשולדיקונגס־באנק נאָך צוויי מיט א האלבן יאָר טורמע. פארוואָס, פרעג איך? מיט וואָס האָט זיך פארזינדיקט אָט דער מענטש?

— שאַ, אָסקאַר, שטילער, היץ זיך ניט אזוי, — ראָזא גאווריליאָווּנא האָט אָפּגעווישט דעם שווייס פונעם מאַנס שטערן.

— דו ווייסט, ראָזע, — האָט ער געזאָגט, — מײַנע קאָלעגן — די פארטיידיקער — האָבן געהאט צו מיר טײַנעס, וואָס כ'האָב צו פּאטעטיש געענדיקט מײַן רעדע.

באם ווײַב האָט גענומען שטארקער קלאַפּן דאָס הארץ. מיט א שטילער שטים האָט זי קוים געפרעגט:

— וואָס האָסטו אזוינס געזאָגט?

— באַלד, באַלד! — גרוזענבערג האָט צעבונדן דעם שניפּס, אויסגעטאָן דאָס אָנגעקראָכ־מאַלעטע העמד.

— איך בין זיכער און פעסט, איך האָף, — האָב איך געזאָגט, — אז ביילִיס וועט ניט אומ־קומען. ער קאָן ניט, ער דארף ניט אומקומען. און אויב איך האָב א טאָעס, אויב איר, הערן גע־שווירענע, וועט, טראָץ יעדער לאָגיק, נאָכגיין דער שוידערלעכער באשולדיקונג... איז וואָס קאָן מען טאָן? ערשט צוויי הונדערט יאָר זײַנען אדורך, זינט אונדזערע אָוועס זײַנען פונקט לויט אזעלכע באשולדיקונגען פארניכטעט געוואָרן אף די שײַטערהויפנס. דאָס איז שרעקלעך, אָבער נאָך שרעקלעכער איז דאָס, וואָס עס זײַנען פאראַן באדינגונגען, עס זאָלן געשאַפן ווערן אזעלכע באשולדיקונגען אין א צײַט, ווען עס דארף גיוועלער זײַן דער סייכל, געוויסן און געזעץ!..

ראָזא גאווריליאָווּנא האָט זיך א צי געטאָן צום מאַן און אים ארומגענומען מיט ביידע הענט.

גרוזענבערג האָט פּאמעלעכן זיך באפרײַט פון אירע אָרעמס און מיט א צוגעשטילטער שטים געזאָגט:

— זיי זײַנען גערעכט.

— וואָס גערעכט, ווער? — איז די פרוי דערשטוינט געוואָרן.

— די קאָלעגן... איך האָב ניט געטאָרט אזוי.

— וואָס ניט געטאָרט? איך פארשטיי ניט.

— כ'האָב ניט געטאָרט געבן די געשווירענע בײַזיצערס אזא קאָרט, אז מיר צוויפלען, צי וועלן זיי ארויסטראָגן א בארעכטיקונגס־ווערדיקט. כ'האָב ניט געטאָרט, ניט גע־דארפט... די קאָ־לעגן זײַנען גערעכט. פאר אזעלכע פּאשעטע אומיטלבארע מענטשן, ווי די געשווירענע, האָב איך ניט באדארפט אזוי פארענדיקן.

— בארויִק זיך, אָסקאַר, בארויִק זיך. איך זאָג דיר, אז דײַן רעדע איז געווען שטארק, שיין און ווירקעוודיק. — און נאָך א קליינינקער פּאוזע: — אלנפאלס, זי איז שוין געזאָגט געוואָרן, און ס'וועט זײַן גוט, גוט און גוט.

— האַלעווײַ, פון דײַן מויל אין גאָטס אויערן! — האָט ער א בארויִקטער שטיל געזאָגט און גענומען זיך צוהערן צום הילכיקן רעגן־רויש.

נאָך דעם, ווי דער פּאָרזיצער האָט אָפּגעהאַלטן זײַן רעזומע־רעדע, וועלכע אָרנטלעכע באַאָבאַכטער האָבן אויסגעטײַטשט אַלס א צו סוביעקטיווע און אַזאַ, וואָס קאָן אָראָפּשלאָגן פון סייכל־האיאָשער די געשווירענע בײַזיצערס און זיי פאַרפירן, איז אַף עטלעכע מינוט שטיל געוואָרן.

וולאַדימיר גאַלאַקטיאָנאָוויטש קאָראָלענקאָ האָט צו זיך אַליין א זאָג געטאָן:

— עס שמעקט מיט בלוט, מיט אומשולדיק בלוט...

— איר האָט עפּעס געזאָגט, וולאַדימיר גאַלאַקטיאָנאָוויטש? — האָט געפרעגט אַנ־סקי, וועלכער איז גראָד געשטאַנען לעם שרײַבער.

— הא? וואָס זאָגט איר?

— מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז איר זאָגט עפּעס.

— יאָ, איך האָב ניט געזאָגט, נאָר א קלער געטאָן, אין דער הייך א קלער געטאָן... אנטשולדיקט, קאָלעגע, מיר זײַנען דאָך באַקענט מיט אײַך, אָבער ס'איז מיר אַזוי פינצטער אין די אויגן, אַז עפּעס געדענק איך ניט אײַער פאַמיליע.

— איך בין אַנ־סקי.

— אַך, יאָ, סעמיאָן אַקימאָוויטש. אנטשולדיקט, ס'איז מיר פינצטער געוואָרן אין די אויגן, אין מויעך און אין האַרצן.

אַנ־סקי האָט דערזען, אַז קאָראָלענקאָ שטייט ניט פעסט אַף די פיס. ער האָט א ווונק געטאָן צו כאָדאָשעוון. ביידע האָבן זיי אונטערגעכאַפּט קאָראָלענקאָן אונטער די אָרעמס און פאָרזיכטיק אים אַראָפּגעפירט פון די טרעפּ אין א צימערל לעבן בופעט. קאָראָלענקאָ האָט מיט א נאָזטיכעלע אויסגעווישט דעם שווייס פונעם צעפלאַמטן פּאָנעם און פון דעם האַלדז.

— עפשער וואָלט איר, וולאַדימיר גאַלאַקטיאָנאָוויטש, אוועקגעפאָרן אין האָטעל?

— יאָ, — האָט געזאָגט דער שרײַבער, — איך וויל נאָר זען, ווי מע וועט איבערגעבן די געשווירענע די פראַגעס. ווען זיי וועלן אוועקגיין אין זייער צימער אַף צו באַראַטן זיך, דעמלט וועל איך אַהיים גיין.

בא זיך אין נומער האָט קאָראָלענקאָ ניט געטראָפן ניט דאָס ווײַב און ניט די טאָכטער. ער האָט פאַמעלעכן זיך אויסגעטאָן און אַרײַנגעלייגט זיך אין בעט. פאַר די אויגן זײַנען אים געשטאַנען בײַליסעס פאַרטיידיקער — קאַראַבטשעווסקי, זאַרודני, גריגאָראָוויטש־באַרסקי, מאַקלאַקאָוו. באַזונדערס האָט זיך אים פאַרגעדענקט גרוזענבערגס פאַרדײַגעט פּאָנעם, בייס באַלדיריעוו האָט געהאַלטן זײַן נידערטרעכטיקע רעזומע־רעדע. נאָך דעם וואָרט פונעם געריכט־פאָרזיצער האָט קאָראָלענקאָ פאַרפירט א שמועס מיט גרוזענבערגן.

— איך זע אין אײַער פּאָנעם, אָסקאַר אָסיפּאָוויטש, אַז איר מיינט, איר זײַט איינזאַם אין אײַער טרויער...

— איר האָט געטראָפן, וולאַדימיר גאַלאַקטיאָנאָוויטש. איך בין שטאַרק דערשלאָגן נאָך באָלדיריעווס צווייפּענעמדיקער רעדע. ווי קאָן זיך עס דערלויבן אַזוינס א פאָרזיצער! פונעם שטאַנדפּונקט פון גערעכטיקײַט איז דאָס אַן אַנטיגעזעצלעכע אַגיטאַציע... מיילע, וואָס אָנבאַלאַנגט יענע — וויפּער, זאַמיסלאָווסקי, שמאַקאָוו — פאַרשטיי איך, אַז זיי שטעלן פאָר די רעגירונגסמיינונג, זיי זײַנען פאָרשטייער פון די שוואַרצמייעדיקע דורכגעפוילטע קרײַזן. אָבער דער פאָרזיצער — ער מוז דאָך און דאַרף פאָרשטעלן די געזעצגעבונג, דעם געריכט, וואָס דאַרף זײַן מענטשלעך, אָביעקטיוו־פרײַנטלעך, הייליק, אָנפּניִעסדיק. ס'איז דאָך ניט קיין פאָרשטעלונג, קיין ווערטער־געפעכט פון באַשולדיקער און פאַרטיידיקער. דאָ האַנדלט זיך וועגן דער ווירדע און ערע פונעם געריכט.

— אין דעם, אָסקאַר אָסיפּאָוויטש, באַשטייט אײַער טאָעס, וואָס איר מיינט, אַז דאָ האָט זיך געהאַנדלט בלויז אין דער ווירדע און ערע פונעם געריכט. עס גייט דאָ אין דער ווירדע און ערע פונעם גאַנצן רוסישן פאָלק, און דאָ, גלייב איך, וועט אונדזער פאָלק זאָגן זײַן יוישערדיק וואָרט. איך וויים, אַז אונדזער רעגירונג און דער גאַנצער אַפּאַראַט אירער איז א דורכגעפוילטער, נאָר ניט דאָס אינטערעסירט מיך איצט. כאָטש איך בין ניט קיין סאָציִאַליסט, גלייב איך, אַז אַזאַ רעגירונג וועט לאַנג ניט אָנפירן מיטן לאַנד. דאָס פאָלק וועט זיך באַפרײַען פון זײַנע הערשער.

— וולאַדימיר גאַלאַקטיאָנאָוויטש...

— שלאָגט מיך ניט איבער, אָסקאַר אָסיפּאָוויטש. ניט אין געריכט גייט דאָ און ניט דעריין, וואָס באָלדיריעוו האָט אויוועך געוועזן אַף די הייליקע יעסוידעס פון דער געזעצגעבונג. איר מוזט פאַרשטיין, אַז באָלדיריעוו איז דער זעלבער פאָרשטייער פון דער רעגירונג, ווי וויפּער,

זאמיסלאָווסקי, — זיי זײַנען פֿיירעס פֿון איין גאָרטן. דעריבער האָט ער, — שוין אָפּגערעדט דערפֿון, וואָס ער זעלבסט איז אַ פֿרעכער און פֿאַלשער מענטש, — ניט געקאָנט ריידן אַנדערש, איידער ווײַפֿער און זאמיסלאָווסקי. ער האָט געמוזט ריידן אַזוי ווי זיי, קעדיי צופֿרידן שטעלן זײַנע באַלעבאַטים...

גרוזענבערג האָט עפּעס געוואָלט דערווידערן קאַראַלענקאָן, נאָר ער האָט עס ניט געטאָן, ווײַל ער האָט צופֿיל געאַכטעט וולאַדימיר גאַלאַקטיאָנאָוויטשן און האָט פֿאַרשטאַנען, אַז אין גרונט איז יענער גערעכט.

קאַראַלענקאָ האָט פֿאַרגעזעצט:

— איר דאַרפֿט פֿאַרשטיין, מײַן געערטער פֿרײַנט אָסקאַר אָסיפּאָוויטש, אַז דער בייליס־פּראָצעס האָט נאָכאַמאָל אויפֿגעדעקט די צעפֿוילטקײַט פֿון אונדזער מעלוכע־לעבן, און איר וועט זען, אַז דער פֿאַשעטער פֿאָלקסמענטש וועט זאָגן זײַן שטאַרק וואָרט.

לעבן דער געבײַדע פֿונעם געריכט זײַנען דעם לעצטן טאָג, ווען מע האָט געוואָרט אויף פּסאַק־דין, געשטאַנען טויזנטער מענטשן. דער פּלאַץ אַרום דער געריכט־געבײַדע איז געווען ענלעך צו אַ יאַם־ברעג, צו וועלכן עס שווימען צו און פֿון וועלכן עס שווימען אָפּ שטורעמדיקע כוואַליעס, ברויזנדיקע וואַסער־שטראָמען.

אין געריכט־זאַל איז דער אויל עם געזעסן ווי אויף קוילן, דאָס געדולד האָט געפּלאַצט.

דער גאַנצער באַשטאַנד פֿון געריכט בעראָש מיטן פֿאָרזיצער האָבן לויטן געזעץ געמוזט וואַרטן, ביז עס וועלן זיך באַווײַזן די געשווירענע בײַזיצערס און דורכלייענען, וואָס זיי האָבן באַשלאָסן אויף זייער געהיימער באַראַטונג.

אין איינער פֿון די מיטלסטע רייען אין זאַל זײַנען געזעסן נאַסטיע שישאָווא און פּעטראָ קאָסטענקאָ. קאָסטענקאָ האָט געטראָגן אַ נײַעם קאָסטיום, אַ ציכטיק אויסגעפּרעסט העמדל, אַ שוואַרצן זײַדענעם שניפּס מיט העלע אַרבעס־פּינטעלעך. גיי דערקען אין דעם אויסגעפּוצטן, ריין אָפּגעגאָלטן בלאָנדן יונגנמאַן אַ געוויינלעכן אַרבעטער. נאַסטיע איז אויך געווען אויסגעפּוצט אין אַ גרינבלעכער קאָפּטע מיט העלע שטרײַפּעלעך, אין אַ לאַנג קליידל לויט דער דעמאָלטיקער מאָדע. די גלאַטע האָר פֿאַרקעמט איבער די אויערן, פֿון וועלכע עס זײַנען אַראָפּגעהאַנגען בלישטשענדיקע אוירינגלעך. איצט האָט די קורסיסטקע געהאַט אַן אויסזען פֿון אַ יונגער אַלמאָנע, וועלכע איז נאָך די שווערע טרויער־טעג געקומען אהער ניט אַזוי צוליב אינטערעס צום פּראָצעס, ווי צוליב פֿאַרטרײַבן די צײַט מיט איר קאַוואַלער אינעם נײַעם גראַנאַטענעם גאַרניטער. אַזאַ אײַנדרוק האָט געקאָנט מאַכן דאָס פּאָרל, וואָס איז, קלוימערשט, געווען גלײַכגילטיק צו אַלץ, וואָס דאָ קומט פֿאָר, און אינדערעמעסן געהאַט אין זינען נאָר איינס: וואָס קומט איצט פֿאָר דאָרט, אין דעם קאָדשיי־קאָדשים פֿונעם קיִעווער קרײַז־געריכט, ווו עס באַראַטן זיך די געשווירענע בײַזיצערס, פֿון וועלכע מע דערוואַרט די שטים פֿון געוויסן.

און דאָרטן איז אַלץ צוגעגאַנגען אַזוי. איצט, ווען די געשווירענע האָבן געדאַרפֿט זאָגן זייער לעצט וואָרט לויט זייער פֿאַרשטאַנד, האָט דער סטאַרשינאַ, דער עלטסטער, דורכגעלייענט די ערשטע פֿראַגע, און זיי האָבן געדאַרפֿט ענטפֿערן, צי איז דערוויזן געוואָרן, אַז דעם 12 מאַרט 1911 האָט מען אין קיִעוו, אויף לוקיאַנאָווקע, אויף וווערכניע־יוראָקאָווסקי־גאַס, אין איינער פֿון די געבײַדעס אויפֿן ציגל־זאַוואָד דערהאַרגעט דאָס דרײַצניאָריקע יינגעלע אַנדריי יושטשינסקי.

— שוין, זיך באַטראַכט? — איז שווער געפֿאַלן די שטים פֿון סטאַרשינאַ.

— איך — נאָך ניט. איך ווייס נאָך ניט... — האָט געענטפֿערט אַ פּויער מיט אַ לאַנגער געלער באָרד און גרויסע איבערגעשראָקענע אויגן. ער האָט פֿאַרמאַכט די אויגן און געבליבן שטיין אויף עטלעכע מינוט מיט פֿאַרשלאָסענע ליפּן. איבערגעצייילעמט זיך, האָט ער זיך אוועקגעזעצט אין אַ זײַט, ווי ער זאָל וועלן, מע זאָל זיך באַגיין אָן זײַן ענטפֿער. ענטפֿערן האָט מען אָבער געמוזט, אָן דעם וועט מען קיינעם פֿונדאַנען ניט אַרויסלאָזן.

— יאָ אָדער ניין, ענטפֿערט! — גרילצט דעם סטאַרשינאַס שטים.

— יאָ!

— יאָ!

— יאָ!

ענטפֿערן די בײַזיצערס איינער נאָכן אַנדערן.

— נו, און דו, מיכײַלאָ?

— יאָ... — דערהערט זיך מיכײַלאָס ענטפֿער.

— פֿאַרשרײַבן מיר, הייסט עס, אַז ס׳איז דערוויזן געוואָרן.

אויפֿן פֿראַגע־בויגן לייגט זיך אויס מיט אַ צעבראָכענעם קסאַוו:

„יאָ, דערוויזן“.

ס'איז שטיל. שטיל ברענען די לאמפאדעס בא די איקאָנעס. די שטילקייט רוישט אין די אויערן פון די געשווירענע, וואָס זײַנען בארופן צו לייזן דעם גורל פון דעם מענטשן מיט דער שווארצער באָרד, וועלכער זיצט דאָרטן אין זאל אַף זײַן אַנגעגליט אָרט און ווארט אומגעדולדיק, ווייַנט אין זיך. עפּשער זאָגט ער איצט א פּאָסעק פון א קאפּיטל טילים, וואָס איז אים אין די דאָזיקע פּאַרכטיקע מינוטן אופגעקומען אין זײַן אַנגעווייטעקטן מויעך. ווער ווייסט?

און דאָ, אין באראטונגס־צימער, גרילצט ווידער די שטרענגע שטים פון דעם סטארשינאָ:

— איצטער הערט אויס אופמערקזאם די צווייטע און די לעצטע פראגע:

— אויב די געשעעניש, וואָס איז פארשריבן אין דער ערשטער פראגע, איז דערוויזן געוואָרן, דארפט איר איצט ענטפערן: צי איז דער באשולדיקטער, דער מעשטשאנין פון דער שטאָט וואסילקאָוו, קיִעווער גובערניע, מענאכעם־מענדל, דער זון פון טעוויע ביילים, נײַן און דרײַסיק יאָר אלט, שולדיק דערין, אז ער האָט פריִער בעקיוון פארטראכט און האָט צוזאמען מיט אנדערע, וועלכע די אויספאָרשונג האָט ניט געפונען...

— אלע האָבן געהערט די פראגע?

— איך בעט נאָכאמאָל דורכלייענען, — האָט געזאָגט דער געלער פויער.

זײַנע שכיינים כאפּן א בייזן קוק אַף אים: צו וואָס פארציט ער, ס'איז גאנץ קלאָר...

ניין, אים, דעם פויער אין דער אָפּגעריבענער מארינארקע, איז ניט קלאָר. צוליב אים מוז דער סטארשינא ווידעראמאָל דורכלייענען די צווייטע פראגע. דעם געלן פויער האָט זיך אויסגעוויזן, אז צוזאמען מיט די שרעקלעכע ווערטער רײַסט זיך ארויס פון דעם סטארשינאָס מויל מיט די צעפּוילטע ציין עפּעס א מיִעסער גערוך.

— פרעג איך: שולדיק צי ניט שולדיק? — גרילצט ווידער דער סטארשינא.

— יאָ, — ברומט א גראָבע שטים.

— יאָ, — זאָגט נאָך איינער.

— און דו, מיכײַלאָ?

דער געלער פויער אין דער אָפּגעריבענער מארינארקע האָט האסטיק זיך א לאָז געטאָן צו דער איקאָנע, געפאלן אַף די קני און קימאט מיט א היסטערישן קאָל אויסגעשריִען:

— איך קאָן ניט... איך קאָן ניט באשולדיקן אן אומשולדיקן...

איבערגעשראָקענע, פול מיט פּאכעד אין די אויגן, האָבן די אנדערע פויערים זיך אומגעקוקט און דערזען, ווי בא מיכײַלען טרייסלען זיך די אקסלען און דער גאנצער קערפּער זײַנער ציטערט. זיי האָבן דערהערט זײַן הייזעריקלעכע שטים:

— מע טאָר ניט... גאָט הייסט ניט...

די פריטשמעליעטע בײַזיצערס האָבן געקוקט אַף זייער סטארשינא, וועלכער איז פון אופרעגונג געוואָרן גרייט זיך ווארפן אַפן געלן אין דער מארינארקע:

— שטיי אוף, מאך זיך ניט נאריש, מיכײַלאָ...

נאָר מיכײַלאָ איז געלעגן אַפן דיל און ס'האָט אים געוואָרפן, ווי אין א קאדאָכעס.

— טשעפּע אים ניט... — איז צוגעגאנגען איינער פון די בײַזיצערס, א מאָגערער, מיט גלאנצנדיקע שווארצע האָר און מיט א יעזוס־בערדל. — זעסט דאָך, ער רעדט מיט גאָט... — האָט ער בארויגעז א קוק געטאָן אַפן סטארשינא.

אין דער צײַט האָט מיכײַלאָ ווילד זיך אָפּגעריסן פונעם דיל, שווער זיך אוועקגעשטעלט אַף די ציטערנדיקע פיס, א וואקל געטאָן זיך און אויסגעשריִען:

— ניין, ניט שולדיק!..

— קאָן איך אזוי פארשרײַבן? — האָט שוין ווייכער געזאָגט דער סטארשינא און געקוקט אַף די געשווירענע.

— פארשרײַב, פארשרײַב: ניט שולדיק... — האָבן אָפּגעהילכט שטימען.

דער שווארצער איז צוגעלאָפן צום פענצטער־ברעטל, געכאפּט פון דאָרטן א קײַלעכדיק ברויטל, אוועקגעלייגט עס באם ראנד פונעם קײַלעכדיקן טיש, פעסט פארמאכט די אויגן און גענומען ארומקרײַזן עטלעכע מאָל ארום דעם טיש. בא זיך האָט ער געפּויעלט: אויב נאָך זיבן מאָל ארומקרײַזן דעם טיש מיט פארמאכטע אויגן וועט ער מיט דער האנט טרעפן אַפן ברויטל, איז א סימען — ביילים איז שולדיק. נאָר אויב ער וועט ניט טרעפן מיט דער האנט אַפן ברויטל, איז א סימען, אז ביילים איז ניט שולדיק.

אלע בײַזיצערס און באזונדערס דער געלער פויער האָבן אָנגעשטרענגט נאָכגעקוקט, ווי דער מאָגערער שווארצער פארשוין מיטן יעזוס־בערדל האָט ווי א פארקישעפטער מיט פארמאכטע אויגן זיך געדרייט ארום דעם טיש, שעפּטשענדיק עפּעס מיט די בלייכע ליפּן. מ'האָט געזען, ווי זײַן בערדל ציטערט. ווי א בלינדער, האָט ער מיט אויסגעשטרעקטע הענט געטאפּט ארום זיך די לופט, מוירע געהאט אָנצורירן דעם ראנד פון טיש, ער שעפּטשעט און שפּאנט,

שפּאַנט און שעפּטשעט. אַלע האָבן אײַנגעהאַלטן דעם אָטעם, געקוקט, ווי זײַן אויסגעשטרעקטע אָדערדיקע אויסגעטריקנטע האַנט האָט מאַכטלאָז זיך אַראָפּגעלאָזט אויפן הילצן טיש. דער מאָגערער מענטש האָט אַרויסגעלאָזט אַ מעשונעדיק געשריי:

— ניט שולדיק! גאָט אַליין איז פאַר מענדלען! ניט שולדיק!

מיט דער שטאַרקייט פון אַ ליבע איז דאָס מאָגערע פּויערל צוגעגאַנגען צום סטאַרשינאַ און מיט אַלע קויכעס אויסגעשריגן:

— פאַרשרײַב: ניט שולדיק!

אין דער רעגע האָט דער איזוואָשטשיק מאַסיצקי פאַר אַן אַקסל אַ ריס געטאָן דעם שוואַרצן פאַרשוין:

— וואָס פּלאַפּלסטו און שרײַסט — ניט שולדיק. ער איז יאָ שולדיק!

דער מענטש מיטן יעזוס־בערדל האָט קימאַט מיט איבערגעקערטע אויגן ווילד זיך צעשריגן:

— נעמט אים צו פון מיר, דעם שוואַרצמייעניק!..

מאַסיצקי האָט זיך פאַרמאָסטן צו דערלאַנגען דעם שוואַרצן אַ קלאַפּ, אָבער דאָ האָט זיך אַרײַנגעמישט נאָך אַ בײַזיצער — אַ קאָנטראַליאָר פונעם קיִעווער טראַמוויי. אַ מענטש מיט גרויסע וואָנצעס און מיט שטאַרקע הענט. ער האָט אָפּגעוואָרפן אין אַ ווינקל דעם איזוואָשטשיק און מילד געזאָגט דעם שוואַרצן:

— צוליב וואָס איז דאָס טרעפעניש, אַנדריי גריגאָריעוויטש? אַן דײַן ברויט איז אויך קלאָר, אַז בייליס איז ניט שולדיק. דו ווייסט עס דען ניט, סטאַרשינאַ? פאַרשרײַב אויך מײַן ענטפער — ניט שולדיק!

זײַנע ווערטער האָבן געקלונגען אַזוי אַנטשלאָסן, אַז דער סטאַרשינאַ האָט ניט געוואַגט צו דערווידערן.

— גוט, איוואַן אַלעקסייעוויטש, פאַרשריבן, — האָט ער צוגעשטימט.

גלײַך נאָך איוואַן אַלעקסייעוויטשן האָבן זיך אָנגערופן נאָך בײַזיצערס:

— פאַרשרײַבט: ניט שולדיק!

— און מיך אויך: ניט שולדיק!..

די וואָגשאָל פון מענדל בייליסעס גורל האָט זיך אַ הוידע געטאָן אין דער זײַט פון לעבן...

די בײַזיצערס בעראָש מיטן סטאַרשינאַ זײַנען אַרויס אין זאַל, וואָס האָט מיט אומגעדולד געוואַרט אַפן ווערדיקט.

נאָך דעם, ווי דער סטאַרשינאַ פון די געשווירענע האָט געמאָלדן קאַלטבלוטיק: „ניט שולדיק", — האָט דער פאָרזיצער באָלדיריעוו זיך געווענדט צו בייליסן:

— איר זײַט פרײַ און קאָנט פאַרנעמען אַן אָרט צווישן פּובליקום.

אַ בלייכער, אַ דערשראָקן־אויפגערעגטער, אַ פאַרכאַלעשט־צעטומלטער, מיט ציטערנדיקע אייוורים און אונטערגעזשעגענע פּיס, איז מענדל בייליס מאַכטלאָז אַ פאַל געטאָן אַף דער באַנק. אַרום אים איז געווען טויהו־וואָוואָהו...

אַפן פּלאַץ לעם דער געריכט־געבײַדע זײַנען אַלעמענס בליקן געווען געווענדט צום גאַנעקל מיט די עטלעכע טרעפּלעך, וואָס פירן אין געריכט. אַלע מאָל האָט זיך פאַנאַנדערגעשפּרייט אַן אַנדער קלאַנג: שוין, די געשווירענע זײַנען שוין אַרויס פון זייער צימערל און דורכגעלייענט פאַרן געריכט דעם ווערדיקט, אַז בייליס איז ניט שולדיק. אָדער פאַרקערט: „עס געדויערט אַזוי לאַנג, מאַכמעס דער אורטייל איז אַ שווערער, בייליס איז פאַרמישפּעט געוואָרן אַף אייביקער קאַטאָרגע".

ווי אַ נאָדל אין אַ וואָגן היי, האָט זיך דאָ, אַפן פּלאַץ, אָנגעזוען ליפּע דער בלעכער, וועלכער האָט געזוכט צווישן אוילעם זײַן אייניקל. אין פּאָדעלקעס דימיען איז דער מענטש מיט דער שוואַרצער באָרד שוין געגאַנגען אין דער באַגלייטונג פון אַ שטרענגער וואַך ערגעץ ווײַט, אַף יענעם וולאַדימירער טראַקט, וווהין טויזנטער אומשולדיקע און פאַרמישפּעטע אַף קאַטאָרגע האָבן זיך געצויגן און געצויגן אין זייער פאַרשאָלטענעם וועג אַזש ביז סיביר, ביז דעם קאַלטן קאַנט, וווהין אָנצאָליקע קאָרבאָנעס זײַנען ניט דערגאַנגען. ליפּע דער בלעכער האָט שוין געזען בייליסן אַ פאַרקאָוועטן אין קייטן, אין דער אַרעסטאַנטסקער גרויער האַלבאַשע. מיט טרויעריק־פאַרומערטע אויגן פרעגט ער: „פאַרוואָס איז דער גורל געפאַלן אַף מיר, ניט אַף דיר, ליפּע? דו האָסט אויך געקאָנט זײַן אַף מײַן אָרט, אָדער מײַן שאָכן, סימכע דער שטריקלדרייער, אָדער זײַוול דער סטאָליער, כאַים דער שנײַדער — אַלע וואָלטן זיי אַף מײַן אָרט אַזוי האַכנאָעדיק־צעבראָכן און אומשולדיק־פאַרלאָזט געשפּאַנט, פּונקט ווי איך. אין די „מאַלכעסדיקע" קליידער פון דער צאַרישער גערעכטיקײַט וואָלטן זיי מיט געבויגענע קעפּ און פאַרווונדעטע הערצער געשפּאַנט אין דעם איימעדיק־פאַרגליווערטן סיביר אַף אַן אַ שיר ליידן און אומקום.

— שטאַרקט זיך, ביילים, — האָט געשעפּטשעט ליפּע פּאָדעלקאָ, — אויב איר ווילט, וועל איך אָנטאָן אײַערע מאַלבושים און איר שטעלט זיך אוועק אָט דאָ, אַף מײַן אָרט, און קוקט איר צו דעם בייזוווּנדער, זעט און הערט, פּונקט ווי איך, ווי די „סאָיוזניקעס", גאָלוביאָווס כעווּרע, לויפן אַרום פאַרשמײַעטע און שרײַען אַרײַן אין די אויערן: „ביילים האָט מען פאַרמישפּעט אַף אייביקער קאַטאָרגע"...

— פאַרמישפּעט אַף הענגען. אָט דאָ לעבן באַגדאַנס מאָנומענט וועט מען אופשטעלן א טליִע פאַר אים...

— דיך וועט מען הענגען, וואָרעם וואָס דו ביסט! — האָט אָפּגעקלונגען א שטים פון א הויכן, ברייטאַקסלדיקן מענטשן. ער האָט דרייסט אָנגענומען דעם „סאָיוזניק" פאַר דער האַנט, צוגעצויגן צו זיך און אים א טרייסל געטאָן מיט דער גאַנצער קראַפט. — פאַרמאַך דאָס מויל!

ס'איז צוגעפאַלן דער אוונט און געבראַכט מיט זיך א פולן הימל מיט פינקלענדיקע שטערן און א קיל ווינטל, וואָס האָט זיך דערטראָגן פונעם דניעפּער אַזש אַהער, אַפן הויכן ברעג, צו דער געריכט-געבײַדע, צו די גאַסן, וואָס לאָזן זיך אַראָפּ צום קרעשטשאַטיק, צו דער שטאָט-דומע. איבער דער שטאָט טראָגט זיך אַן איימע פאַר די פינצטערע קויכעס, וואָס קאָנען זיך צעשפּילן, ווי נאָר פון דער געריכט-געבײַדע וועט אַרויסקומען א פינצטערע ידיִע... אָבער די פינצטערע ידיִע איז ניט געקומען. די אַנטוישטע שוואַרצמייעדיקע סטודענטלעך האָבן טיפער פאַרוקט אין זייערע קעשענעס דאָס געווער...

אַפן גאַנעקל פון דער געריכט-געבײַדע, צו וועלכן עס זײַנען געווען געווענדט די אויגן פון טויזנטער מענטשן, האָט זיך באַוויזן ביילימעס פּאַרטיידיקער זאַרודני. ער האָט אופגעהויבן די האַנט און אויסגערופן:

— ביילים איז פרײַגעשפּראָכן!..

מיט דער שנעלקייט פון א ראַקעטע האָט די ידיִע זיך פאַרשפּרייט און איבערגעגעבן גע־וואָרן פון מויל צו מויל:

„פרײַגעשפּראָכן, באַפרײַט ביילימן!"

ליפּע דעם בלעכער האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז די אַפּדערנאַכטיקע בלאָווע לופט איז פּלוצעם באַטאַגיק-העל געוואָרן און דער טונקעלער הימל איז אָפּגעטראָטן דער פילקאָלירנדיקער טאָג־שײַן די מערכאָקים, וועלכע האָבן אופגעלויכטן צוזאַמען מיט די שטערן; אים האָט זיך געדאַכט, די זון האָט זיך באַוויזן און זיך צעפלאַקערט. ליכטיק איז געוואָרן אין אַלע ווינקעלעך, און אַלע די, וועלכע זײַנען דאָ געשטאַנען אין פאַרקילטער וואַרטעניש, האָבן דערהערט דאָס שאַלן פון א בסורעדיק-פרייליכן האָרן:

„ביילים איז פרײַגעשפּראָכן!"

און די בסורע האָט פאַרפלייצט די וועלט מיט רעגנבויגנדיקע פאַרבן. זי איז אוועק שאַלן קלינגעוודיק און זינגעוודיק איבער דער גאָרער וועלט.

קאָראָלענקאָ איז אַרויסגעגאַנגען אַפן באַלקאָן פונעם האָטעל-צימער. לויט דער אומגעווייג־לעכער באַוועגונג אַף דער גאַס האָט דער שרײַבער פאַרשטאַנען, אַז אינעם לעבן פון דער שטאָט איז פאָרגעקומען עפּעס אויסערגעוויינלעכס.

— אַללאָ, אַללאָ, — האָט אויסגערופן קאָראָלענקאָ. ער האָט דערזען כאַדאַשעוון אײַלן צום האָטעל. פאַרשטאַנען, אַז דאָס גייט דער זשורנאַליסט צו אים, איז קאָראָלענקאָ אַפּגיך, ניט לויט זײַן עלטער, אים אַרויס אַנטקעגן.

א פאַרסאָפּעטער האָט כאַדאַשעוו זיך אופגעהויבן אַף די טרעפּ. ער האָט אַרויסגעבראַכט בלויז איין וואָרט:

— פרײַגעשפּראָכן!

באַם אַלטן שרײַבער האָט דאָס פּאָנעם אופגעלויכטן, די אויגן זײַנען פײַכט געוואָרן. קאָראָלענקאָס פרוי און די טאָכטער זײַנען אויך אַרויס אַף די טרעפּ.

— פּאָזדראַווליאַיו![1] — האָבן זיי ביידע אײַנצײַטיק אויסגערופן, לאָזנדיק זיך צו קאָראָ־לענקאָן, און זיך צעקושט מיט אים.

אין צימער האָט קאָראָלענקאָ אַרויסגענומען א פלעשל ווײַן, אָנגעגאָסן איטלעכן צו א גלעזל.

— לאָמיר אויסטרינקען פאַרן לויטערן געוויסן פון פאָלק.

ער איז צוגעגאַנגען צו כאַדאַשעוון, אַרופגעלייגט ביידע הענט אַף זײַנע אַקסלען און, אַרײַנ־קוקנדיק אים אין די אויגן, געזאָגט:

— אַזעלכע טעג פאַרגעסט מען ניט...

---

[1] איך באַגריס דיך.

עסטער זיצט בא זיך אין שטוב און וויינט.

— וואָס זשע וויינסטו? דער טאַטע איז דאָך שוין אין דער היים, — זאָגט דאָס עלטערע יינגעלע.

ביילים איז פאַרנומען מיט די צענדליקער געסט, וועלכע זײַנען געקומען אים באַגריסן. דאָך כאַפּט ער זיך ארויס פונעם קרײַז, גייט צו מיט גיכע טריט צו דער פרוי:

— וואָס וויינסטו? איך בין דאָך שוין מיט אײַך אין דער היים.

זי הערט ניט אויף צו וויינען, עס ציטערן בא איר די אַקסלען, זי כליפּעט.

— הער אויף, עסטער. באַרויִק זיך. איצט איז שוין נישטאָ וואָס צו וויינען.

נאָר זי וויינט אַלץ. די וויִעס זײַנען רויט, אָנגעשוואָלן.

די געקומענע — שכיינים, קרובֿים, באַקענטע כידעשן זיך, קוקן אָף עסטערן מיט פֿרעגנדיקע אויגן: וואָס וויינט זי נאָך איצטער, קאַרג טרערן האָט זי פאַרגאָסן?

פון פרייד וויינט עסטער. איר פאַטופּעט זיך נאָך ניט אין מויעך, אז איר מענדל איז פּאָטער געוואָרן פון דער טפיסע.

אָן אופהער גייען אהער, אין דער ענגער שטוב, מענטשן, זיי ברענגען מיט זיך באַרויִקונג.

צווישן אוילעם שלאָגט זיך דורך ליפע פּאָדעלקאָ, אָנגעטאָן אין שאַבעסדיקן מאַלבעש. ער שטעלט זיך אוועק אַנטקעגן ביילִיסן, צעקעמט מיט דער האַנט די באָרד און וואָנצעס.

— איך האָב געוואָלט אָף אײַך א קוק טאָן, רעב מענדל, און אײַך זאָגן ברוך מתיר אסורים[1]...

— ווער זײַט איר? — פרעגט ביילִיס.

— אזא ייִד, ווי איר.

— ווי איך?

— יאָ, פונקט אזא. זײַט באַהיט פון אומרעכט און פון שרעק... — ליפע גייט אוועק מיט שטילע טריט.

און אָט זײַנען געקומען נאַסטיע שישאָווא, פּעטראָ קאָסטענקאָ און טימקע ווײַס. עסטער האָט גלײַך דערקענט די מאַנצבלען. אויסווישנדיק די פאַרוויינטע אויגן, האָט זי גענומען שעפּ־טשען דעם מאַן אפן אויער:

— מענדל, דאָס זײַנען יענע... איך האָב דיר נעכטן דערציילט וועגן זיי.

— איך פאַרשטיי, — ביילִיס קוקט זיך אײַן אין ביידע אַרבעטער, ווי ער זאָל זיי ערגעץ האָבן געזען.

— איר קענט אונדז, הער ביילִיס? — פרעגט קאָסטענקאָ.

— איך קען אײַך ניט, וועל איך אײַך איצט קענען...

דאָווידל דערמאָנט זיך, אז אָט די צוויי אַרבעטער האָבן יענעם ווינטער־טאָג באַזוכט זייער פאַריאָסעמטע שטוב. ער לאָזט זיך צו זיי מיט א פרײַנטלעכן שמייכל.

— געדענקסט אונדז? — פרעגט טימקע ווײַס.

— אוודע. אָט דער דיאַדיע, — ווײַזט ער אָף קאָסטענקאָן, — האָט דערציילט, אז ער איז געזעסן אין טורמע.

— איר זײַט אויך געזעסן? — וויל וויסן ביילִיס.

— געזעסן, נאָר ניט איבער קיין בילבל.

נאַסטיע שישאָווא גיט ביילִיסן א בוקעט בלומען.

— הער ביילִיס, מײַן טאַטע, וועלכן עס פּאַסט ניט קומען צו אײַך — ער איז א ריכטער, — האָט געבעטן אײַך גריסן און ווינטשן... — זי האָט ניט פאַרענדיקט די פראַזע, ווײַל אָף דער שוועל האָט זיך באַוויזן וולאַדימיר קאָראָלענקאָ.

— קאָראָלענקאָ! — האָט עמעצער אויסגערופן. — קאָראָלענקאָ איז געקומען.

די מענטשן אין שטוב זײַנען שטיל געבליבן. קאָראָלענקאָ גייט צו צו ביילִיסן, נעמט אים ארום, דריקט אים צו דער ברוסט:

— איר האָט בא אונדז צוגענומען א שטיק געזונט, ביילִיס. איצט דאַרפט איר לאַנג לעבן...

ווען קאָראָלענקאָ איז אוועקגעגאַנגען, האָט דאָווידל געפרעגט:

— ווער איז דער מענטש, טאַטע?

— וולאַדימיר קאָראָלענקאָ, א פאָלקס־שרײַבער, — ענטפערט איינער פונעם אוילעם.

— קאָראָלענקאָ, איינער פון די, וואָס האָט זיך אײַנגעשטעלט פאַרן קאָוועד פון רוסלאַנד, — גיט צו א צווייטער.

[1] באָרוך מאַטיר אסורים — געלויבט איז דער, וואָס באַפרײַט געפאַנגענע...

# פּײַמעד בינעצקי

(ייִסראַעל)



## ניט קיין גאַסט בין איך...

### איך ווייס שוין

אָ, כ׳ווייס שוין, וואָס ס׳האָט מיר פאַרפעלט
אין אָט דעם אויסגעטרוימטן ווינקל,
ווו אַלץ אין בלענדיקייַט צעהעלט,
מיט ליבשאַפטן פון האַרץ צעפינקלט.

איך ווייס שוין, וואָס אין ברוסט מיך נאָגט —
פאַרשטערט די רויִקייַט א ווייַלע
אין אָט דעם וווּנדערלעכן טאָג —
מייַן נויטן־היים פאַר טויזנט מייַלן —

דאָרט גייט אָן דער געראַנגל אַלץ —
פאַר רעגעס פרייד מע דאַרף זיך שלאָגן,
דער צאָרן גיט א וואָרג באַם האַלדז,
די בלוטן זיך צום האַרץ דערשלאָגן...

כאָטש ס׳איז מייַן אָפּרו שווער פאַרדינט —
די שלאָפּע גלידער היילונג מאָנען,
וואָלט איך אַף פליגלען פונעם ווינט
געפלויגן, ווען כ׳זאָל פליִען קאָנען, —

צו שטעלן גיכער זיך אין ריי —
אָן אַקסל צושטעלן די ברידער,
ווייַל אין געראַנגל איז מייַן פרייד
און מייַנע פריידן — אין די לידער.

## א שאָד איעדע רעגע...

ווי ווער...
נאָר איך, איך גיי שיר ניט אַראָפּ פון זינען!
אַזויפיל שיינע ערד,
אַזויפיל ליבשאַפטן געפינען

אַף אָט דעם שוימיק־רוישנדיקן ברעג,
ווו גאָלד איז אויסגעמישט מיט בלויען נעפל...
און ס׳פלאַטערן אַזוי אַדורך די טעג,
ווי ווייַסע בליטן פון א רויזן־קעפל.

איך וואָלט געדאַרפט דאָ זייַן כאָטש נאָך א יאָר,
אַף אָט דעם ברעג פון שטויביקייַט צעגליטער —
וואָלט איך דערפילן: עס איז מייַן וואָר
פון דאַכקעס און אַכזאָריעס אָפּגעשניטן...

ווי ס׳איז א שאָד מיר איצט איעדע שאָ,
איעדע רעגע איז מיר האַרציק־טייַער,
כאָטש כ׳בין געקומען ערשט און בין נאָך דאָ...
אין אָט דער וווּנדער־ברידערשאַפט געטרייַער,

כאָטש וועלכעלעך נאָך קושן אויס מייַן לייַב
דאָס אויסגעמאַטערטע אין ראַנגלעניש־
שווערע —
א שווערע זאָרג צום האַרצן זיך דערקלייַבט,
און אומעט טוט די פריידיקייַט פאַרצערן —

דער אומעט פון דער ערשט פאַרלאָזטער היים,
די ראַנגלענישן אַף א ווייַל פאַרשטילטע,
און דער פאַרדראָס, וואָס נאָגט אין מיר געהיים
פאַר די כאַלוימעס אַלץ נאָך ניט דערפילטע.

כאָטש ס׳איז דער קאָפּ באַדעקט מיט ווייַסן
פראָסט
און ס׳גייען גיך אַוועק די יאָרן —
מייַן היים, איך האָב דיך ערשט פאַרלאָזט,
נאָר כ׳האָב דייַן פאַרב קיין טראָפּן ניט
פאַרלאָרן...

# אין מאָסקווע

גאס אײַן, גאס אויס, דורך דײַנע ליכטיקע בולווארן,
איך שפאן ארום און ס׳ווערט מײַן טראָט ניט מיד.
זינגט דײַן גערויש ארײַן אין מיר א ליד.
דײַן יעדער נײַער קלאַנג טוט מיר צו זיך פארנארן...

דײַן יעדער ראָג — מיט היימישקײַט פארבעטן,
ביז אומגעריכט עס גיט אין בליק א בלענד
דער רויטער פלאַץ, די רויטע קרעמל־ווענט.
אָ, זײַ געגריסט, דו הויפּטשטאָט פון סאָוועטן!

געקומען איז א יידישער פּאָעט
מיט אופגעברויזטער פרייד אין זײַנע בליטן...
מיט ציטער אינעם הארצן ער באטרעט

די ערד דײַנע אין פרידן א בארוטע,
ווו יעדער שפאן דערציילט דעם רום פון מענטש,
וואָס איז מיט גליק פון פרײַער מי געבענטשט.

# ניט קיין גאסט

א גאסט אף א ווײַל און ער זעט אף א מײַל,
און איך בין א גאסט צווישן ברידער,
וואָס האָבן אין מארש צו דעם גליק צוגעײַלט
מיט ברויט און מיט ווײַן און מיט לידער.

אָ, ניין! ניט קיין גאסט, נאָר בא זיך אין דער היים —
די פרײַדן זיי זײַנען דאָך מײַנע.
אין טורמעס האָב איך זיי געצערטלט געהיים,
זיי זאָלן דאָס לעבן באשײַנען.

די בלויקײַט באַלגאריעס מיר זינגט אין געמיט —
איר יונגשאפט צעגליט מיר די בלוטן...

אהיים אין מײַן וועג כ׳נעם די ברידערשאפט מיט —
זי וועט אונדז נאָך דינען צום גוטן.

ניט ווײַט איז דער טאָג, און מײַן דארשטנדיק לאַנד
וועט טרינקען דער פרײַהײַט לעכאַים.
אָקטיאבער־סענטיאבער — די ברידערשאפט הײַנט.
זי וועט צום ניצאָכן אונדז סטײַען.

איצט בין איך געקומען אַן אייגענער דאָ,
און ס׳הארץ, ווי א הארץ, וויינט אָן טרערן —
פאר אָט דער צערוישטער צעזונגענער וואָר,
וואָס טוט צו די ברידער געהערן...

# אויב מײַן ליד

## א

אויב מײַן ליד איז די פרוכט אפן בוים,
וואָס מיט גאָלדענער שײַן אָנגעגאָסן,
איז א שײַער א פולער מײַן טרוים —
און מײַן שעפע — אריבער די מאָסן.

באם צופוסנס פון קארמעל באגין,
הייבט מײַן ליד דעמלט אָן דאָרט צו וואקסן.
יעדעס טראָפּעלע טוי־סעלעדין,
עס צעפלאַצט פון גינגאָלדענע שלאַקסן,

און א זילב נאָך א זילב, גליד נאָך גליד,
גלײַך די יאָדערס מיט פלייש זיך באלײַבן —
אָט אזוי צײַטיקט אויס זיך מײַן ליד,
וואָס באשערט מיר די שעפע צו קלײַבן.

## ב

אויב מײַן ליד — דאָס געזאנג פון מאשין —
איז דער קלאַפּ פון מײַן הארצן דער ריטם...
און די פרייד, אָ, די פרייד איך געפין,
אין דעם שטאָל ביזקל ווײַס א צעגליטן.

אין מיפּראָץ, וואָס אין כײַפע דער שטאָט,
שמעלצט מײַן ליד זיך אין בראנדיקן טיגל —
אין איעדן אַן ארבעטער־טראָט,
אין איעדערן לייג פון א ציגל —

שמידט א זילב אין א זילב זיך ארײַן —
אָט אזוי קומט דאָרט אוף שוין דער ניגן —
דורכגעוועבטער מיט פרייד און מיט פּײַן,
וואָס די מאמעס אים זינגען בא וויגן.

נאָר מײַן ליד איז די פּרוכט אויפן בוים
און מײַן ליד איז דער קינדערשער כּאַלעם.
און די ליכטיקסטע שײַן אין מײַן טרוים —
אַט די הייליקע זילבן צוויי: שאָלעם.

יעדער מינדסטער שפּראָץ אויפן בייט,
יעדע שווארץ־אופגעאקערטע סקיבע,
יעדעס הארץ איבערפולטע פון פרייד,
יעדע ווידעראנטפלעקונג פון ליבע —

אומעטום אין מײַן שטראליקן לאנד;
פון מאָטולע ביז איילאַטער ברעגן —
מיט די זילבן צוויי, שאָלעם, באנאנד —
גייען ברידער די מאָרגנס אנטקעגן.

## וואָס וויל איך דען?

וואָס וויל איך דען? —
די היימישקײַט
זאָל היימען
אין די היימען

פאר איר,
פאר דיר,
פאר אים,
פאר אלעמען איניינעם.

וואָס וויל איך דען?
די גליקן,
זיי זאָלן גליקן
צו באגליקן

דעם ברודערס אומעטיק־פארשטארטע בליקן —
זײַן הארץ עס זאָל
די זינגעונישן
זינגען
צו באזינגען
די ליבשאפטן, וואָס עלנטע באצווינגען!

■

# א צופאל אפן וועג

א הייב געטאן די האנט כ׳האב אין דער הויך, —
די לאסטמאשין איז טייקעף שטיין געבליבן.
איך האב אין דער קאבינע זיך פארקליבן.
ארויסגעשאסן האט א קנייַלכל רויך
און אין דער לופט געגעבן זיך א שטויס,
און ווייַטער די מאשין זיך לאזט פארויס.

איך דארף פארפרי נאך קומען אינעם דארף,
צו וועלכן ס׳איז א קילאמעטער צוואנציק.
איך וויג זיך אום צום טאקט פון יעדן ווארף.
דאס ארט פונעם שאפער איז טונקל-גלאנציק
פון דעם מאשינען-אייל און דעם טאוואט,
וואס פון וואקזאלעכל געבראכט ער האט.

זאל דער שאפער כאטש טאן אף מיר א בליק, —
צי ווייַל דער אלטער שליאך איז פול מיט
גריבער,
איז קוקט ער אנגעשטרענגט און שווייַגט
דעריבער,
צי ווייַל אריבערפארן דארף ער באלד א בריק,
וואס האלב פון אים מע האלט אין רעמאנטירן,
און שווער איז די מאשין אריבערפירן.

צי ווייַל ער איז שוין פון דער יאזדע מיד, —
גיי מאך א רייס אין אט אזעלכע היצן.
ס׳איז פון דער היץ ניטא זיך ווו באשיצן,
און צודערצו אים נאיעט יעדער גליד
פון אנלאדן און אויסלאדן אליין
די קאנען, וואס זיי זייַנען שווער, ווי שטיין.

צי ווייַל איך בין בא אים ניט נויסע-כיין,
צי ווייַל ביכלאל ער האט מיך ניט אין זינען,
אייַ דאס, וואס כ׳זיץ בא אים אין דער קאבינע
און ניט געלאזט האט ער, צופוס כ׳זאל גיין, —
איז נאר דערפאר, ווייַל יעדערן, וואס גייט,
אים אונטערפירן איז ער שטענדיק גרייט.

און עפשער איז ער אן א ברעקל נייַגער?
און עפשער איז ער סטאם א מענטש א שווייַגער?

און איך — א שווערע מאדנעקייַט איך פיל, —
עס ווילט זיך מיר פון אים א ווארט דערהערן.
איז פרעג איך עפעס — ענטפערט ער ניט גערן.
און ווידער איז אין דער קאבינע שטיל.
א קוק טאן זאל ער כאטשבי אין מייַן זייַט.
איך טראכט: ווו נעמען זיך אזוינע לייַט?

פון ביידע זייַטן — אויסגעשפרייט דער סטעפ,
א ראד געטאן א שפרונג האט אף א הרודע, —
די שווערע הענט פארקלעמען שטייַף דעם
רודער.
און מיטאמאל: עס האט זיך צוגעקלעפט
אנטקעגן זייַנע אויגן אפן גלאז
א פלאטערל — אינגאנצן סאמעט-ראז.

— וואס דארף עס האבן דא אף דער מאשין,
ס׳איז ווינציק אינעם סטעפ פאראנען בלומען? —
האט ער געטאן א זאג און האט גענומען
און אויסגעדרייט צו מיר זייַן פעסטע קין.
אין בליק אזא מין קינדערישע פרייד,
און ער האט זיך צו מיר צעשמייכלט ברייט.

ער האט צו מיר גענומען ריידן, ריידן...
ס׳איז מיר געווען א שאד מיט אים זיך שיידן.

# די זקיינע

מיט דריבנע טריטעלעך א זקיינע
זיך אייַלט אהיים פארבייַ דעם צווינטער.
זי אייַלט פון מערקל, וואס געפינט זיך
אף יענער זייַט פונעם וואקזאלכל.

די לאנגע האנט פון דעם שלאגבאום
האט אף צוריק דעם וועג פארשטעלט איר.
זי בייגט זיך אן און קריכט ארונטער
און גייך זי לויפט אדורך די ליניע.

עס גלאנצט פון טוי די שמאלע סטעזשקע,
וואס אינעם גראז איז אויסגעטראטן.
די ווייכע פוטערנע פאנטאפל
באדעקט זיך האבן מיט א פייַכטקייַט.

פון די באגינענדיקע נעסטן
זיך שיטן אויסעט מאכנעס פויגלען,
זיי ווילן, נעבעך, איבערשרייַען
דעם ראש פון די עלעקטרע-צוגן,
וואס טראגן דורך זיך אלע ווייַלע.

עס ציט מיט קילקייַט פון דעם טייַכל,
עס שמעקט מיט סמאלע פון די סאסנעס,
וואס פאכן מיט די שווערע צווייַגן
און שיטן ראסע אף די קווארים.

די אלטע טראגט אין האנט א קוישל,
וואס אויסגעשטריקט זי האט פון שטריקלעך,
פון דארטן שטעקן, ווי די שפיזן,
די פרישע ציבעלעס די גרינע.

און אַף די ציבעלעס פון אויבן,
ווי ס'קריכט אַ ווערעמל פּאַוואָליע,
ווי אַפן בייט באַ זיך אין גאָרטן,
די רעטעכלעך די רויטע פינקלען
פון אונטער די געדעמפטע בלעטלעך.

און אין אַ סלאָיִקל, וואָס לויכט זיך,
וויגט אום זיך סמעטענע אַ ביסל,
וואָס ס'האָט די אַלטע פונעם פינגער
אַ לעק געגעבן בייסן קויפן, —
ווײַל זויערע וואָלט זי ניט נעמען.

זי האָט דאָס סלאָיִקל וואָס בעסער
אַרײַנגעמאָסטיעט אין די בלעטער, —
אַז ס'זאָל די סמעטענע, כאָלילע,
זיך ניט צעפּליוסקען בייסן טראָגן, —
עס איז אַ שאָד איעדעס קאַפּל.

און אַפן סאַמע דעק — פון אונטן,
מיט די געבײַלטע טעמפּע שטערנס,
אין קוישל שטריקלענעם זיך שטויסן
די פאַראַיאָריקע קאַרטאָפל.

קיין נײַע האָט זי ניט געקויפט נאָך,
ווײַל קליינע זײַנען זיי, ווי ניסלעך,
און וואָסערדיק דער טאַם געוויס נאָך,
און טײַערלעך פאַר איר דער מעקעך.

מיט אָט דעם גוטס, וואָס איז אין קוישל,
אַהיים זי אײַלט פאַרבײַ דעם צווינטער.

עס לויפן איר ארויס אנטקעגן
די גרויע שטיינערנע מאַציִיוועס,
און אַלע נעמען איר דערמאָנען,
אַז ס'איז שוין ניט קעדײַ צו אײַלן,
אַז אָט — זי וועט צו זיי באַלד קומען.

און זי — זי זאָל כאָטש זיי באַמערקן,
זי זעט זיי גאָרניט פאַר די אויגן,
און אַז דער טויט, וואָס וואַרט זי אונטער,
זאָל האָבן גאָר אַף איר אַ שליטע.

זי האָט דערזען זיך שוין באַם אויוון,
ווו נעמען וועט זי די קאַרטאָפל
און אויסוואַשן אין קלאָרן וואַסער,
אַוועקשטעלן אין פעלצן קאָכן.

זי וועט מיט סמעטענע באַגיסן
די פרישע ציבעלעס די גרינע,
די רויטע רעטעכלעך צעבראָקן
און אַלץ צוזאַמען איבערמישן.

איר אייניקל, וואָס טוט נאָך שלאָפן
אַזוי געשמאַק אַף דער טעראַסקע,
וואָס איז צו איר אין געסט געקומען
נאָך נעכטן אַף אַ גאַנצן זונטיק, —
וועט עסן דאָס מיט גרויס האַנאָע.

# ווערטושינקע-טײַכעלע

וואָס דרייסטו זיך, וואָס פּלאָנטערסטו,
ווערטושינקע-טײַכעלע?
שוין זשע ניט געקאָנט האָסטו
אַן אנדער וועג, אַ גלײַכערן,
דאָ אָפּזוכן, געפינען זיך
אין קוסטעס, וואָס פאַרשפּינען דיך?

ווו אַ שטיין אַ מאָכיקער,
ווו אַ קאָרטש אַ קנאָכיקער,
אָן אַ זײַט פאַרקערעוועסט,
און דער וועג דיר שווערער ווערט.

אָט אין זאַמד פאַרגראָבסטו זיך,
אָט אַ בוים פאַרשטאָפּט האָט דיך,
אָט האָסטו אַ פאַל געטאָן
אַף צווײַגן אָנגעוואַלגערטע.

און ווידער נעמסטו פּלאָנטערן,
דײַן וועג ווערט אַלץ געבראָכענער,
עס זאָל דאָ ניט דערמאַנט ווערן,
ווו־הין דו ביסט פאַרקראָכן גאָר!

דײַן אויסזען ווערט אַלץ טונקעלער,
די ברעגן דײַנע — בלאָסערע,
דײַן פרייד איז אַ דערטרונקענע
אין דײַנע מוטנע וואַסערן...

אָט פונעם אויג פאַרלאָרן ווערסט,
און דערנאָך ערשט פאַר אַ ווערסט
אַפּדאָסנײַ געבאָרן ווערסט.

אָט לויפסטו דורך אַ לאָנקעלע
אַ פריילעכער, אַ קלאָרינקער,
ווי קיינמאָל וואָלסט ניט בלאָנקען דאָ
דורך בלעטער פאַראַיאָריקע,
דורך פוילע וואָרצלען האַריקע,
דורך שטרויכלונגען, דורך שטערונגען,
וואָס בײַקומען איז שווער געווען.

כ'האָב ניט געהערט דײַן קלאָגן זיך, —
אַליין האָסט דורכגעשלאָגן זיך.

מײַנע עלטערן, וואָס זײַנען אומגעקומען בײַם
דער דײַטשישער אָקופּאַציע

# בײַ דעם טאָפּאָל

צווישן אַלע שויבן איז אויך מײַן שויב פאַרלאָשן,
צווישן אַלע הײַזער איז אויך מײַן הויז פאַרברענט,
עס ליגט דאָס שטעטל מײַנס אויף דר׳ערד אין לאָשן,
מיט אויסגעזעצטע שויבן, פאַר דער וועלט.

צווישן אַלע סעדער איז אויך מײַן סאָד דאָ ליידיק,
צווישן אַלע ברונעמס איז אויך מײַן ברונעם פּוסט,
אויף פאַרברענטע צווײַגן הענגט אַ שווערער ווייטיק,
און אַ גרויסער טרויער ליגט אויף יעדן קוסט.

איז בײַ וועמען פרעגט מען, ווו קאָן זײַן מײַן שוועסטער
און ווו איז מײַן מאַמע מיט איר שטילן חיין?..
ס׳האָט איר קאָל פון צאָרן דאָ געבראָכן פענצטער,
ווען געבעטן ראַכמים האָט דאָ יעדער שטיין.

צווישן וועגט פאַרברענטע גיי איך אום איצט איינזאַם,
אַ פאַרבלאָנדזשעטע ווינטל וויגט אין אַלטן דראָט,
די פאַרברענטע היים איז פּוסט אַצינד און גרויזאַם,
ס׳האָט אַ גרויסע סרייפע אָפּגעווישט מײַן שטאָט.

פון דעם אַש דעם קאַלטן פון פאַרברענטע ווינקלען
כ׳זע, ווי ס׳גייט מײַן מאַמע אין אַ שוואַרצן קלייד,
און אַזאַ מין בענקשאַפט אין די אויגן פינקלט,
בײַדע הענט, ווי פליגלען, האָט זי ברייט צעשפּרייט.

„קום, מײַן זון מײַן טרײַער, קום צו יענער לאָנקע,
קום צו יענעם טײַכל, ווו די קלאָדקע ליגט,
אין טשערעטן גרינע פלעגסטו קינדווײַז בלאָנקען
און אין וואַסער שפּרינגען פון דער אַלטער בריק...

גליקלעך בין איך איצטער, וואָס מײַן זון מײַן שיינער,
ביסט אַוועק פונדאַנעט צו אַ פרײַער וועלט.
אונטער שלאַנקן טאָפּאָל ליגט אַ באַרג מיט ביינער,
צווישן זיי אויך מײַנע גליווערן אין קעלט.

קום, מײַן זון מײַן טרײַער, קום צו יענעם טאָפּאָל,
אונטער זײַנע וואָרצלען ליגט דײַן שוועסטער טויט,
דאָרטן ליגט דײַן זיידע בײַ דעם בוים צוקאָפּנס,
און אַרום די ערד איז ביז אַצינד נאָך רויט.

צווישן טאָפּאָלס צווײַגן אינעם פעלד דעם הוילן
האָט איין טרייסט אין האַרצן מיר געוועבט די נאַכט,
וואָס טאַליאָנים בייזע האָסט מיט דײַנע קוילן,
ווי דאָס גראָז, געקאָסעט אין גערעכטער שלאַכט“...

און מײַן מאַמע בענטשט מיך, און זי קושט מײַן שטערן,
אירע הענט די דאַרע זײַנען צאַרט און קאַלט,
ניט קיין טויען־פּערל, נאָר אַ יאַם פון טרערן
האָט פאַרפּלייצט די לאָנקע ביזן ראַנד פון וואַלד.

איר פאַרגליווערט פּאָנעם איז צעקנייטשט פון זאָרגן,
פון איר הויכן שטערן כ׳שאַר אַראָפּ די ערד,
אין מײַן מאַמעס האַרצן איז מײַן פאָלק פאַרבאָרגן,
פון די טויטע אויגן קוקט אַ גאַנצע וועלט.

העלף מיר, שלאַנקער טאָפּאָל, דו מײַן קרוין מײַן שענסטע,
העלף מיר, כ׳בעט דיך, טראָגן צאַרנדיקן ווײ,
אין דײַן יעדן וואָרצל רינט דער צער פון שוועסטער,
אינעם רויש פון בלעטער כ׳הער דאָס קאָל פון זיי.

אַ דערשטוינטער שטיי איך בא דעם בוים דעם גרינעם,
כ׳הער: די זאַפט די פרישע צו די בלעטער רינט.
מיטאַמאָל דערשפיר איך — די מאַמע ווערט אַנטרונען
אין די טונקלע פעלדער, אין דער נאַכט פאַרשווינדט...

מײַנע הענט כ׳שטרעק אויסעט צו די טונקלע ווײַטן,
און איך רוף פאַרצווייפלט: מאַמע, קער זיך אום!
נאָר אַ שוואַרצער טרויער קוקט פון אַלע זײַטן,
און די הויכע שטערן ווינקען צו מיר שטום.

אַזאַ שווערע מידקייט שליסט מיר צו די אויגן,
און מײַן קאָפּ פאַרנייג איך צו דעם טאָפּאָלס שטאַם,
און די ווייכע בלעטער צו מײַן קאָפּ זיך נויגן,
און איך ווער דערטרונקען אין אַ גרינעם יאַם.

און דער ווינט דערמאָנט מיר אין אַ נאַכט אַ פרײַער,
ווען פון האַרץ די זאָרגן שווימען שטיל אַוועק,
ווען אין הויך אַ שטערן האָט צעצונדן פײַער
און האָט העל באַלויכטן מיר דעם טונקלען וועג.

ווען דאָס גאַנצע שטעטל איז אַרויס צוזאַמען —
ס׳איז געגאַנגען שפּאַן בא דעם טאָפּאָל רו,
און מיט אַלע קינדער איז געגאַן מײַן מאַמע,
און זי פירט אונדז אַלע צו דעם טאָפּאָל צו.

אַזאַ יאַם מיט מענטשן אונטער זײַנע צווײַגן
פלעגן דאָ פאַרברענגען ביז דער שפּעטער נאַכט.
עפּשער קאָנסטו, קינדהײַט, ווידער נעמען קלײַבן
מײַנע יונגע טרוימען פון פאַרשטויבטן שליאַך?

אָט־אָ שטייט דער טאָפּאָל, פּונקט ווי דעמלט, קרעפטיק,
און זײַן קרוין זײַן ברייטע צו מײַן האַרץ זיך ווענדט:
„אַלע מײַנע בלעטער זײַנען שיין באַהעפטיקט,
און מײַן קרוין מײַן הויכע אונטער הימלען העלט.

און אַפּסנײַ די בלעטער וואַקסן איצט איינינעם,
כ׳וועל דײַן קאָפּ באַקרוינען מיט מײַן שטילן גליק.
ווען עס פאַלן בלעטער, דאַרף מען דאָך ניט וויינען,
ווײַל אין יעדן פרילינג בליט דער בוים צוריק.

ניין, דעם פײַנט — דעם טאַליען וועט דער טויט ניט מײַדן,
פאַר צעהאַקטע בלעטער, פאַר דעם ווײ און צאַר,
אַפּצולאָכעס וואַקסן מײַנע ברייטע צווײַגן,
פון דעם קלענסטן בלעטל ווערן וועט אַ גוואַר״...

אַ דערשטוינטער שטיי איך בא דעם שטאַם דעם גרינעם,
כ׳הער: די זאַפט די פרישע צו די בלעטער רינט.
צווישן טויזנט ביימער כ׳וועל מײַן בוים געפינען
און צו אים כ׳וועל קומען ווי אַן אייגן קינד.

# מארק גאלײַ

## העלד פון סאָוועטנפאַרבאַנד



ניט לאַנג צוריק איז אין פּאַריזש אויפן אַעראָדראָם בורזשע פאָרגעקומען דער XXVI אַלוועלטלעכער סאַלאָן פון אַעראָנאַווטיק און קאָסמאָס.

אויף די באַזוכער פון סאַלאָן האָט אַ באַזונדערס גרויסן רושעם געמאַכט דער נײַער סאָוועטישער רעאַקטיווער לופט־לײַנער „טו־144“ און דער גיגאַנט „אַן־22“. דאָס איז געווען אַ טריומף פון דער סאָוועטישער אַוויאַ־בויונג.

מיר דרוקן דאָ די נאָטיצן פונעם העלד פון סאָוועטנפאַרבאַנד, דעם פאַרדינסטפולן אויספּרווו־פליִער פון פּססר פּאָלקאָווניק מאַרק גאַלײַ, וועלכער דערציילט וועגן די ערשטע שריט פון דער סאָוועטישער רעאַקטיווער אַוויאַציע.

# נאָטיצן פון אַן אויספּרווו־פליִער

איינס נאָכן אַנדערן שטייען אויף אין זיכּרון אָפּגעריסענע בילדער פון דער מלחמה.

...דער ערשטער מלחמה־ווינטער, אַ שטרענגער, בייזער, פּערציקגראַדוסדיקער ווינטער.

אונדזער פּאָלק פּיקירנדיקע באָמבאַרדירער (שוין אַזאַ מזל בײַ די אויספּרווו־פליִער — אַפילו מלחמה־צײַט זעצן זיי זיך איבער פון איין טיפּ עראָפּלאַנען אויף אַ צווייטן) אָפּערירט אויפן קאַלינינער פראָנט. ווי פריִער, זײַנען אין הימל פאַראַן אַ סאַך ווייניקער אונדזערע עראָפּלאַנען, ווי פאַשיסטישע. זעלטן ווען מע טרעפט בײַס אַ שלאַכט־ערויספלי אַ רינג פּאַטרולירנדיקע „יאַקן“ אָדער סאַמע איבער דער ערד שטורמאָוויקעס „איל־2“. דערפאַר שוויבלט און גריבלט אינדערלופטן מיט דײַטשישע עראָפּלאַנען. פאַרלוסטן, גרויסע פאַרלוסטן!

זאַלבעדריט — קאַראַגאָדאָוו, יעפרעמאָוו און איך — דערנעענטערן מיר זיך צו די פּאָזיציעס פון דעם קעגנערס אַרטילעריע, אויף מײַרעוו פון רזשעוו. אונטער אונדז — אַ הויכער ברעג פון ניט קיין ברייטן טײַך, עס גלייבט זיך קוים, אַז דאָס איז די וואָלגע. אָבער עס ליגט אונדז ניט אין קאָפּ געאָגראַפיע: פון פאָרנט, ווי טינט־פלעקן אויף אַ ריינעם בויגן פּאַפּיר, וואַקסן אויס שוואַרצע אויפרײַסן — דאָס פאַרצאַמונגס־פײַער פון דער זעניט־אַרטילעריע. נאָך עטלעכע סעקונדעס, און קאַראַגאָדאָווס עראָפּלאַן, וואָס גייט לינקס פון מיר, רײַסט זיך אויף און ווערט פאַרוואַנדלט אין איין שטיק פלאַם, פון וועלכן עס שטעקן לעפּיש אַרויס נאָר די עקן פליגל. מיר דוכט זיך, אַז אַפילו דורך די שויבן פון דער קאַבינע פיל איך די היץ, וואָס זעצט פון דער ברענענדיקער מאַשין. דער קנויל פײַער, וואָס אינווייניק אין אים זײַנען פאַרשפּאַרט אונדזערע כאַווײרים, ווערט אייגיכן פאַרשוווּנדן. אין דעם דאָזיקן מאָמענט קערט זיך איבער מיט די רעדער אַרויף יעפרעמאָווס עראָפּלאַן: ווײַזט אויס, דער פּילאָט איז טויט. אָט הייבט אָן די מאַשין קרום און לאַם אַריבערפאַלן פון דעם רוקן אויף דער נאָז און טוט אַ פאַל אַראָפּ צו דער ערד. צווישן די אויפרײַסן פון זעניט־סנאַריאַדן בלײַבט בלויז אונדזער אײנזאַמער פּיקירער. בלויז מיר אַליין וואַרפן אַראָפּ די באָמבעס אויפן ציל. בלויז מיר אַליין קערן זיך אום אויפן אַעראָדראָם.

און ווײַטער פאַרלוסטן. אין עטלעכע טעג אַרום קערט זיך ניט אום סעליוואַנאָווס עקיפּאַזש. מע קלאַפּט אַראָפּ יאַקאָוולעוון. נאָר — אַ מאָדנע זאַך! — דער ווייטעק און דער צער טראָגן איצט גאָר אַן אַנדער כאַראַקטער, ווי מיט אַ האַלב יאָר צוריק. אויפן פּאָן פונעם אָנגריף ווערן אַפילו די שווערע פאַרלוסטן אויפגענומען גאָר אַנדערש, ווי פריִער, — עס דאַכט זיך מער ניט, אַז זיי זײַנען אומזיסטע.

און דער אָנגריף גייט — אַדרעאַנאָפּאָל, פּענאַ, טאַראָפּעץ, גופא צו וויטעבסק ציט זיך שוין

---

פון דעם בוך „אומזיכטיקע באַריערן“.

דער שאַרפּער קלין פונעם סאָוועטישן מיליטער. דער קעגנער איז, ניטאָ וואָס צו ריידן, שטאַרק, אָבער אויך אים, לאָזט זיך אויס, קאָן מען אויסלערנען אָפּטרעטן.

...יון 1943. א נאַכט־אָנפאַלן פון א גרופּע אונדזערע עראָפּלאַנען אויף בריאַנסקער עראָ־דראָם, ווו עס זײַנען קאָנצענטרירט א סאַך פאַשיסטישע באָמבאַרדירער, אָנגעצילטע אויף מאָסקווע. ווײַסע סטויפן שײַן פון די פּראָזשעקטאָרן, וואָס האַלטן זיך אין איין וויגן, אופריײַסן פון באָמבעס אויף דער ערד, אופריײַסן פון זעניט־סנאַריאַדן אין דער לופט — און צווישן דעם אַלעם א ברענענ־דיקער עראָפּלאַן, וואָס גיט זיך שווער א קערעווע אויף צאָפן.

דאָס ברענט אונדזער עראָפּלאַן.

דורך דעם רויש פון די מאָטאָרן הערט מען, ווי עס רעוועט דאָס פײַער אונטערן פּיוועליאַזש. פון דעם ליוק, וואָס געפינט זיך לעבן מײַן שטול און פאַרייניקט די קאַבינע מיטן אינערלעכן קאָלעל פונעם פליגל, זעצט א פלאַם. דער רייד־אַפּאַראַט אַרבעט, ווײַזט אויס, ניט. עפּעס האָט איבערגעבערענט אָדער עס האָט זיך באַקומען א קורצשלוס, און ניט איך קאָן הערן די כאַווירים פון עקיפּאַזש, ניט איך קאָן זיי עפּעס־וואָס זאָגן. וועגן דעם, אז מיר זאָלן דערציִען ביז דער פראָנט־ליניע, איז ניטאָ וואָס צו ריידן. דער ברענענדיקער עראָפּלאַן גייט אויף צאָפן, צו די בריאַנסקער וועלדער, און דערנעענטערט זיך צום פּאַרטיזאַנישן קאַנט. נאָר אָט צינדן זיך אָן בא מיר אויף די פיס די אונטעס. מער וואַרטן טאָר מען ניט. בײַקומענדיק דעם אַנטקעגנדיקן שטראָם לופט, וואַרף איך זיך אַרויס פון עראָפּלאַן און, נאָך א רעגע אויסוואַרטן, עפן איך דעם פּאַראַשוט.

...וואָגלעניש איבער דער טויטער, פאַרסאַרפּעטער ערד. צוזאַמענשטויסן מיט פאַשיסטישע פּאַטרולן. ענדלעך — די באַגעגעניש מיט די פּאַרטיזאַנער פון דער ראָגנעדינער בריגאַדע.

אין אונדזער טייל האָבן מיר, דער שטורמאַן נ. נ. גאַרדייעוו און איך, זיך אומגעקערט אויף אַן „אָר־2" פון קאַפּיטאַן קאָוואַליאָוס עסקאַדריליע, וואָס האַלט אַן דורך דער פראָנט־ליניע די פאַרבינדונג מיט די בריאַנסקער פּאַרטיזאַנער, — זיך אומגעקערט, ווען קיינער האָט שוין, דעם עמעס געזאָגט, ניט געוואַרט אויף אונדז.

...בילדער פון דעם געזעענעם און איבערגעלעבטן שטויסן אַרויס איינס דאָס צווייטע, כאָטש אַליין האָב איך מילכאָמע געהאַלטן שוין גאָרנישט אַזוי לאַנג — מע האָט מיך אָפּגערופן צוריק אויף אויספּרוּוו־אַרבעט, און שפּעטער פלעג איך שוין זײַן אויף פראָנט בלויז אין קאָמאַנדירונגען.

...די שווערע פיר יאָר האָבן אַרויסגעריסן פון אונדזער קאָלעקטיוו א סאַך כאַווירים. נאָר די אויספּרוּוון פון עראָפּלאַנען האָבן ניט געטאָרט אָפּשטעלן זיך. יעדער אומגעקומענער אויספּרוּוו־פליִער איז גלײַך פאַרביטן געוואָרן.

נײַע עקספּערימענטאַלע עראָפּלאַנען האָט מען בייס דער מילכאָמע געבויט ווייניק. אַלציינס, ווי גוט דער דאָזיקער עראָפּלאַן זאָל ניט זײַן, האָט ער פּראַקטיש ניט געהאַט קיין שאַנסן איבערגעגעבן צו ווערן אין דער מאַסן־פּראָדוקציע (און נאָר מיט אַזאַ פּערספּעקטיוו ווערט דאָך געשאַפן יעדע עקספּערימענטאַלע מאַשין). אויף רעקאָנסטרויִרן און אונטערנעמונג האָט זיך געפאָ־דערט עטלעכע כאַדאָשים, און מעשעך פון וועלכע עס וואָלט ניט אַרויסגעלאָזט געוואָרן ניט די נײַע, ניט די אַלטע מאָדעל. דערלויבן זיך אַזאַ לוקסוס מילכאָמע־צײַט האָט קיינער ניט געקענט.

דאָך האָבן אַלע פאַרשטאַנען, אז אייביק קאָן אַזוי ניט זײַן. די מעגלעכקײַטן, וועלכע עס האָט געגעבן די פאַרפולקומונג פון דער אויסערלעכער און אינערלעכער עראָדינאַמיק פונעם עראָ־פּלאַן, זײַנען צום סאָף מילכאָמע פּראַקטיש געווען אויסגעשעפּט.

א נײַע, א גרעסערע שנעלקײַט האָט מען געקאָנט באַקומען נאָר פאַר דער פרײַז פון א נײַער טעכנישער לייזונג.

עס האָט זיך געפאָדערט א נײַער מאָטאָר, א לײַכטער, א קאָמפּאַקטער און גלײַכצײַטיק א סאַך א מעכטיקערער, ווי דער עקזיסטירנדיקער. עס האָט זיך געפאָדערט אַן עראָפּלאַן מיט אַבסאָליוט נײַע עראָדינאַמישע פאָרמען, אַן עראָפּלאַן, וואָס זאָל מעסוגל זײַן רעאַליזירן אַזאַ קאָלאָסאַלע מעכטיקײַט.

די רעאַקטיווע אַוויִאַציע האָט געקלאַפּט אין אונדזערע טירן.

און גאָר אינגיכן האָבן די ערשטע סאָוועטישע עקספּערימענטאַלע רעאַקטיווע עראָפּלאַנען „מיג־9" און „יאַק־15" זיך באַוויזן אויף אונדזער עראָדראָם.

יעדע נײַע מאַשין רופט אַרויס בא כעוורע פליִער גאָר א באַזונדערן, פּראָפעסיאָנעלן אינ־טערעס. ס'איז איבעריק צו דערציילן, מיט וואָס פאַרא אויגן מיר האָבן געקוקט אויף די נײַע מאַשינעס, אויף זייער סילועט, וואָס האָט אונדז צוערשט אויסגעזען צו זײַן שטאַרק אומגעוויינט און אויסטערליש.

באַזונדערס האָט זיך אונטערשיידט פֿון אונדזערע אַלטע עראָפּלאַנען דער „מיג־9“. זײַן פּיוזעליאַזש, פֿון פֿאָרנט אַן אָנגעגווידערטער, איז צום עק־צו אַלץ שמעלער געוואָרן און איז געבליבן הענגען נידעריק איבער דער ערד אַף די ניט ברייטע צעשטעלטע „לאַפּעס“ פֿונעם שאַסי. דאָרט, ווו עס איז פֿון שטענדיק אָן געווען אַ פּראָפּעלער, איז קיין זאַך ניט געווען, אָדער, ריכטיקער געזאָגט, עס זײַנען געווען צוויי גרויסע לעכער — עפֿענונגען, דורך וועלכע די לופֿט איז צוגעקומען אין די מאָטאָרן. די מאָטאָרן האָבן קרום אַרויסגעשטעקט באַם עראָפּלאַן פֿון בויך אַזוי, אַז דער רעאַקטיווער שטראָם, וואָס האָט זיך אַרויסגעריסן פֿון זיי, האָט באַשווענקט דעם הינטערשטן טייל פּיוזעליאַזש פֿון אונטן.

די מיטאַרבעטער פֿון דער קאָנסטרוקטאָרן־ביוראָ האָבן געפֿרעגט, ווי געפֿעלט אונדז עפּעס זייער „פּיצל“.

איך האָב אַף דער פֿראַגע געענטפֿערט מיט אַ קאַשע:

— דאָס דאָזיקע לעכל... וועט טאַקע פֿליִען?

די פֿאָרשטייער פֿון דער „פֿירמע“ האָבן זיך צעלאַכט, נאָר ליאָשע גרינטשיק, וואָס איז געווען באַשטימט אַלס פֿירנדיקער אויספּרוּוו־פֿליִער פֿון דעם נײַעם עראָפּלאַן, האָט ניט געקאָנט רויִק אַריבערטראָגן אַזאַ כּילעל־האַשעם און האָט גלײַך אַפֿן אָרט געמאַכט אַ גענויעם אַנאַליז פֿון מײַן טעכנישן קאָנסערוואַטיזם.

גרינטשיק איז געווען אין סאַמע בלי. ער איז געפֿלויגן דרייסט און זיכער. אַן עראָפּלאַן האָט, פּונקט ווי יעדע קאָמפּליצירטע מאַשין, זײַן „כאַראַקטער“, זײַן „נעשאָמע“. ניט אומזיסט זינדיקן די פּילאָטן אָפֿט דערמיט, וואָס זיי ריידן ניט נאָר וועגן דער באַציִונג פֿונעם פֿליִער צום עראָפּלאַן, נאָר אויך וועגן זייערע צווישנבאַציִונגען. גרינטשיקס „צווישנבאַציִונגען“ מיטן עראָפּלאַן האָבן זיך באַזירט אַף באַלעבאַטישער פֿעסטקײַט, פֿון איין זײַט, און אָנפּניִעסדיקער פֿאָלגעוודיקײַט — פֿון דער אַנדערער. צומאָל, זאָל עס אים צו קיין גנײַ ניט זײַן, פֿלעגט זיך בײַ גרינטשיקן די דאָזיקע באַלעבאַטישע פֿעסטקײַט אַרײַנרײַסן אין געביט פֿון צווישנבאַציִונגען מיט מענטשן, נאָר דאָ פֿלעגט ער גלײַך דערפֿילן, אַז בײַ די כּוורע אויספּרוּוו־פֿליִער וועט עס קיין דערפֿאָלג ניט האָבן. מיט זיי כאָכמעט מען זיך ניט. זיי האָבן געענטפֿערט אַ וואָרט פֿאַר אַ וואָרט, און אַמאָל — און דאָס איז געווען פֿיל ערגער — פֿלעגן זיי אים מאַכן צו לײַטיש געלעכטער. לאַנג פֿלעגט מען זיך אַף אים ניט בייזערן: אַליין קרעפֿטיקע מענטשן, האָבן די אויספּרוּוו־פֿליִער פֿאַרשטאַנען צו שאַצן קויעך און קראַפֿט בײַ אַנדערע.

ס׳איז געקומען דער טאָג פֿונעם ערשטן אַרויספֿלי פֿון „מיג־9“.

דער ערשטער אַרויספֿלי איז שטענדיק אַ געשעעניש פֿאַר דעם גאַנצן אויספּרוּוו־עראָדראָם. עס ווערן אָפּגעשטעלט אַלע איבעריקע אַרויספֿליִען, קעדיי דער פֿליִער פֿון דער נײַער מאַשין זאָל קענען רויִק אַרופֿליִען, זיך זעצן און צונויפֿשטעלן דעם גאַנצן מאַרשרוט אַזוי, ווי עס וועלן פֿאָדערן די אומשטענדן, — אַז מע דאַרף, איז אין דער לענג, אַז מע דאַרף — איז אין דער ברייט. די דאָזיקע זייער ראַציאָנעלע מאָסמיטלען שאַפֿן אָבער אווטאָמאַטיש אַפֿן עראָדראָם אַ מעכטיקע גרופּע פּראָפֿעסיאָנעלע ליידיקגייער. און טאַקע אַזוי, ווען עס פֿליט אַרויס צום ערשטן מאָל אַ נײַער עקספּערימענטאַלער עראָפּלאַן, זײַנען די ראַנדן פֿונעם פֿלי־פֿעלד, די באַלקאָנען פֿון די דערבײַיִקע אַמטלעכע געבײַדעס, אַפֿילע די דעכער פֿון די אַנגאַרן (פֿון דאָרט זעט מען אַמבעסטן) געפּאַקט מיט מענטשן. ביז עס גייען די צוגרייטונגען, פֿאַרמאַכט זיך בײַ די „צושויער“ ניט דאָס מויל. מע רעדט דעריקער וועגן גאַנץ זײַטיקע טעמעס (דאָס פֿאָדערן די ניט געשריבענע קלאָלים פֿונעם היגן „גוטן טאָן“).

אין דעם טאָג, וועגן וועלכן עס גייט דאָ די רייד, האָט דאָס אומגעווײנלעכע זיך אָנגעהויבן שוין אַפֿן צוגרייטונגס־עטאַפּ: אָנשטאָט דעם, אַז עס זאָלן גלײַך אַף אַן אָרט, לעבן די אַנגאַרן, געלאָזט ווערן אין גאַנג די מאָטאָרן און דער עראָפּלאַן זאָל אַליין צורודערן צום סטאַרט־פּאַס, האָט מען דעם רעאַקטיוון ערשטלינג צוגעטשעפּעט צו אַ טראַקטאָר און יענער האָט אים אַוועקגעשלעפּט צום סטאַרט. די רעאַקטיווע מאָטאָרן זײַנען נאָך דעמאָלט געווען גרויסע פֿרעסער, און זיי וואָלטן פֿאַר דער צײַט פֿון דעם צורודערן אופֿגעגעסן אַ באַדײַטנדיקן טייל פֿון דעם אַזוי אויך באַגרענעצטן רעזערוו ברענשטאָף. נאָכן עראָפּלאַן האָט זיך אַוועקגעלאָזט אַן אווטאָבוס מיט טעכניקער און מאָטאָריסטן, אַן אַקומוליאַטאָר־וועגעלע און אַ פֿײַערלעשער־מאַשין. ווען די דאָזיקע גאַנצע פּראָצעסיע האָט זיך דערקליבן צום סטאַרט, האָט זיך נאָך איר אַ לאָז געטאָן אַ פּאַסאַזשיר־אווטאָמאָביל. ער האָט זיך ענערגיש געטראָגן פֿאָרויס פֿאַרבײַ די אומבאַוועגלעכע עראָפּלאַנען, דירעקט צום סטאַרט. אין אווטאָמאָביל זײַנען געזעסן דער שעף פֿונעם פֿליִער־אָפּטייל פֿון אינסטיטוט דער אינזשעניער־פּילאָט ד. זאָסים, זײַן אָרדנטלעכער פֿאַרטרעטער דער עלטערער אויספּרוּוו־פֿליִער נ. ס. ריבקאָ (איך זאָג אָרדנטלעכער, ווײַל די ביטערע פֿליכט צו זײַן

אַן אַדמיניסטראַטאָר האָט ניט געמיטן קיינעם פון אונדז) און אַליין דער באַלסימכע א. נ. גרינטשיק אין אַ קרעמאָוון קאָמבינעזאָן, אָפן קאָפּ — אַ ווײַסער העלם, אין די הענט — דער פּאַראַשוט.

אָט זײַנען זיי צוגעפאָרן צום עראָפּלאַן. דאָס לעצטע מאָל באַקוקט מען די מאַשין אינווייניק און אויסווייניק. גרינטשיק טוט אָן דעם פּאַראַשוט און הייבט זיך אויף אין דער קאַבינע. אָפן לייטעראַל שטעלט זיך אויך דער אינזשעניער וו. וו. פּימענאָוו, וואָס פּילט אויס אָפן „מיג-9" די פליכטן פון אַ מעכאַניקער. די דאָזיקע טראַדיציע — איינשליסן אין באַשטאַנד פון די אויספּרווער פון אַ נײַער ערנסטער מאַשין מענטשן פון אַ באַדײַטנדיק העכערער קוואַליפיקאַציע, ווי עס פאָדערן זייערע דירעקטע פליכטן, — איז גאָרניט קיין איבעריקער לוקסוס.

הינטערן עק פונעם עראָפּלאַן הייבט זיך אויף אַ וואָלקן שטויב, צו אונדז דערטראָגט זיך אַ צישענדיקער פּײַף (הײַנט איז אַלץ ניט געוויינלעך — אַפילו דער דאָזיקער קלאַנג) — די מאָטאָרן אַרבעטן. ווי לויט אַ סיגנאַל ווערן אַלע אַנשוויגן.

מיר פאַרשטייען דעם צושטאַנד פון דעם פליִער אין אָט דעם מאָמענט. אַלע זײַנע גײַסטיקע קרעפטן זײַנען מאָביליזירט. ער איז גרייט צו יעטווידן מעגלעכן „סורפּריז". וואָס דאָס וועט זײַן — ווייסט ער ניט (ווען ער וואָלט וויסן, וואָלט עס קיין סורפּריז ניט געווען). ווען עס וועט שוין קלאָר ווערן, וואָס עס שטעלט פאָר מיט זיך דער דאָזיקער סורפּריז, וועט זיך דער פליִער, ווי פּאַראַדאָקסאַל דאָס זאָל ניט קלינגען, גלײַך באַרויִקן. ריכטיקער געזאָגט, ער וועט זיך ניט באַרויִקן, ניין, פּאָשעט, דער שוין אויסגעאַרבעטער רעפלעקס וועט פאַרשפּאַרן דעם אומרו ערגעץ טיף אין די קעלערן פונעם באַוווסטזײַן. דער פּײַנט, אָט איז ער, — אַלע קויכעס צום קאַמף קעגן דעם פּײַנט. דערווײַל זײַנען זיי דאָך מאָביליזירט גענווערן נאָך אויף דער ערד.

נאָר אָט ווערט דער וואָלקן שטויב הינטערן עק פונעם עראָפּלאַן אַלץ גרעסער און געדיכטער. די מאָטאָרן פּײַפן שוין ניט, זיי רעווען מיט אַזאַ קאָל, ווי מע וואָלט געריסן גלײַכצײַטיק טויזנטער שטיקער סכוירע — און די מאַשין רירט זיך פון אָרט.

צוערשט האָט זיך אויסגעוויזן, אַז זי לויפט איבער דער ערד פּוילער, ווי עס טוען עס געוויינלעכע עראָפּלאַנען. דערנאָך איז זי אַוועק אַלץ שנעלער און שנעלער. אָט האָט זיך די פאָדערשטע ראָד אָפּגעריסן פונעם בעטאָנירטן וועג... די מאַשין טראָגט זיך איבערן עראָדראָם מיט אַן אויפגעהויבענער נאָז אויף די גרונט־רעדער. נאָך איין רגע — און גרינטשיק איז אין דער לופט!

אַ ביסל געהאַלטן דעם עראָפּלאַן סאַמע איבער דער ערד, גייט ער רויִק אַוועק אין דער הייך. דאַכט זיך, דערווײַל איז אַלץ אין אָרדענונג.

די מאַשין מאַכט צוויי ברייטע קרײַזן איבערן ראַיאָן פון עראָדראָם און, אָנגעצילט זיך פונדערווײַטן, הייבט זי אָן אַראָפּנידערן. אָט איז זי שוין פון אַ קימאַט אומבאַמערקט פּינטעלע פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ האָריזאָנטאַל שטרײַפעלע, אַ רגע שפּעטער זעט מען שוין די רעדער פון שאַסי און אַנדערע טיילן פונעם עראָפּלאַן, עס בלאַנקט שוין דער פּלעקסיגלאַס אין די פענצטער פון דער קאַבינע.

צום עראָדראָם גייט דער עראָפּלאַן צו אויף דער הייך פון צוויי־דרײַ מעטער. אויסגעצייכנט. גוט געמאַכט דעם כעזשבן! דער רויש פון די מאָטאָרן ווערט אַנשוויגן, ווי אָפּגעשניטן מיט אַ מעסער. דער עראָפּלאַן טראָגט זיך נאָך אַ שטיקל צײַט איבער דער ערד, באַרירט פּאָרזיכטיק מיט די רעדער דעם בעטאָן און לויפט אַוועק, פּײַפנדיק, איבערן סטאַרט־פּאַס.

דער ערשטער אַרויספלי פונעם עראָפּלאַן, וואָס האָט באַצייכנט מיט זיך דעם אָנהייב פון אַ נײַער עפּאָכע אין דער אוויִאַציע, — דער דאָזיקער ערשטער אַרויספלי האָט געבראַכט גוטע רעזולטאַטן!

„דאָס לעכל" איז געפלויגן, און, דוכט זיך, ניט שלעכט געפלויגן.

און גלײַך ווערט אויף די באַלקאָנען, אויף די דעכער פון די אַנגאַרן, אומעטום, וווּ עס איז מיט אַ פאַרטײַעטן אָטעם געשטאַנען קימאַט די גאַנצע „באַפעלקערונג" פונעם עראָדראָם, — אומעטום ווערט אַ טומל, אַ געשריי ביזן הימל. די אָנשטרענגונג פון די לעצטע 20 מינוט מוז אויסגעלאָדן ווערן. פאַרשטייט זיך, אַזעלכע ווערטער, ווי „היסטאָרישע געשעעניש" אָדער „באַדײַטנדיקע דערגרייכונג", וועט איר ניט הערן — זיי זײַנען דאָ ניט אין דער מאָדע. נאָר מיר קענען געענוג גוט איינער דעם אַנדערן, קעדיי מיר זאָלן אַבסאָליוט פּינקטלעך דערפילן די אַלגעמיינע שטימונג. הײַנט איז זי — קיין אַנדער וואָרט געפין איך ניט — אַ פּײַערלעכע.

דאָס איז אָבער געווען ניט די איינציקע געשעעניש אין דעם טאָג.

סאַכאַקל עטלעכע שאָ זײַנען פאַרבײַ — און אַלץ האָט זיך איבערגעכאַזערט פון אָנהייב אָן. אָפן סטאַרט האָט מען אַרויסגעפירט דעם רעאַקטיוון עראָפּלאַן „יאַק-15", וואָס געשאַפן האָט אים דער קאָלעקטיוו קאָנסטרוקטאָרן אונטער דער אָנפירונג פון א. ס. יאַקאָוולעוון. אין דער

דאָזיקער מאַשין איז אין גרונט פֿולשטענדיק אײַנגעהיט געוואָרן די קאָנסטרוקציע פֿונעם פֿאַרניכטלער „יאק־3", וואָס איז זיך אַזוי קוינע־שעם געווען בײַס דער מילכאָמע, נאָר אָנשטאָט דעם געוויינלעכן מאָטאָר מיט אַ פּראָפּעלער איז געשטאַנען אַ רעאַקטיווער מאָטאָר. מע האָט אפֿריִער געקאָנט וויסן, אַז קיין באַזונדערס גרויסע שנעלקײַט וועט דערבײַ ניט דערגרייכט ווערן, נאָר דאָס האָט געגעבן אַ מעגלעכקײַט צו באַקומען אַן אויסגעצייכנטן איבערגאַנגס־עראָפּלאַן, אויף וועלכן די טעכניקער, מעכאַניקער און טאַקע גופֿע די פּליִער אויך איז געווען לײַכטער צו באַהערשן די נײַע רעאַקטיווע טעכניק, ווײַל עס זײַנען געווען אַ סך באַקאַנטע, געוויינטע עלעמענטן.

איך ווייס ניט, צי איז דער אַרויספֿלי פֿון „יאק־15" דעם זעלבן טאָג געווען פֿאַרפּלאַנירט פֿון פֿריִער, אָדער דער אַרויספֿלי פֿונעם „מיג־9" האָט געשפּילט די ראָליע פֿון אַ מין קאַטאַליזאַטאָר פֿון די געשעענישן. אַזוי צי אַנדערש, נאָר אין עטלעכע שעה אַרום נאָך גרינטשיקס אַרויספֿלי האָט דער פּליִער וו. אי. איוואַנאָוו פּונקט אַזוי דערפֿאָלגרײַך אָפּגעריסן פֿון דער ערד נאָך איין עקספּערימענטאַלן עראָפּלאַן.

יאָ, דאָס איז געווען אַ גרויסער טאָג פֿאַר אונדזער אוויִאַציע.

און אין אָוונט איז געווען אַ באַנקעט. אונדזערע טראַדיציאָנעלע סימכעס — אַן ערשטער אַרויספֿלי אָדער אַן אַנדער באַדײַטנדיקע געשעעניש — פֿלעגן פֿאָרקומען אין דעם זעלבן ענגן צימערל, ווו מיר האָבן געגעסן מיטיק. די אָפֿיציאַנטקעס נאַסטיע און לענע פֿלעגן טאָן אַלץ, וואָס זיי האָבן נאָר געקאָנט, דער טיש זאָל זײַן אויסגעזעסאַרווערט אָפּן שענסטן אופֿן, נאָר דערצו האָט באַשײַמפּערלעך געפֿעלט „רעקוויזיט", און דער איקער — קיינער פֿון די אָנטיילנעמער האָט עס ניט געדאַרפֿט.

אין דער שפּיץ פֿון טיש זײַנען געזעסן די באַלסימכעס. גרינטשיק האָט באַוויזן זיך אַראָפּכאַפּן אַהיים און אָנטאָן זײַן יאָמטעוודיקן טונקל־גרויען אָנצוג. אויף דער לינקער לאַץ האָבן געבלאַנקט צוויי לענין־אָרדענס, אויף דער רעכטער — צוויי אָרדענס פֿון דער פֿאָטערלענדישער מילכאָמע. אויף זײַן פֿריידיק שמייכלענדיק פּאָנעם איז געווען אויסגעגאָסן אַזאַ שלאַל לעבנס־ענערגיע, אַז עס האָט זיך געדאַכט, דעם דאָזיקן מענטשן איז באַשערט צו לעבן די פֿולע הונדערט און צוואַנציק!

מיכאַיִל איוואַנאָוויטש איוואַנאָוו איז געווען אין זײַן געוויינלעכן אַרבעטס־אָנצוג: ער איז דאָך געפֿלויגן אין דער צווייטער העלפֿט טאָג. און ביז דעם באַנקעט האָט ער קוים באַוויזן זיך אָפּפּאַרטיקן מיט די אומפֿאַרמײַדלעכע פּראָצעדורן: מיטן אַנאַליז פֿונעם אַרויספֿלי, מיט די ענטפֿערס אויף די פֿראַגן פֿון די אינזשעניערן, מיט דער דאָקומענטאַציע (מע האָט געדאַרפֿט דאָס נייטיקע פֿאַרשרײַבן, ביז אַלץ איז נאָך פֿריש געווען אין זיקאָרן). אויך זײַן פּאָנעם האָט, פֿאַרשטייט זיך, געשײַנט, פּונקט ווי די פּענעמער פֿון אַלע איבעריקע צוואַנציק פּליִער, וואָס האָבן אָנגעפּראָפּט דאָס צימער, אין וועלכן עס האָבן געוויינלעך געגעסן מיטיק צען מענטשן.

אין עטלעכע טעג אַרום בין איך אַוועקגעפֿלויגן קיין לענינגראַד. ווער וועט זיך עס אָפּזאָגן אַן איבעריק מאָל זיך זען מיט אייגענע און נאָענטע, זיך דורכשמועסן מיט יוגנט־פֿרײַנט, נו, פּראָסט און פּאָשעט זיך דורכשפּאַצירן איבער דער היים־שטאָט!

שיין זעט לענינגראַד אויס, ווען דו קוקסט אים אָן פֿון דער ערד, שיין — פֿון יאַם, שיין — אויך פֿון דער לופֿט. זײַנע מאַגיסטראַלן מיט זייערע שטרענגע ליניעס, די נעוואַ, דער אײַנגוס מיטן יאַם־קאַנאַל, וואָס זעט אויס, ווי אַ לאַנגע גלײַכע לענינגראַדער גאַס, וועלכע איז זיך צעלאָפֿן מיט אַזאַ אימפּעט, אַז זי קאָן זיך שוין ניט אָפּשטעלן און לויפֿט איבערן וואַסער, — ווו נאָך וועט איר אַזוינס געפֿינען!

שנעל — דאָס גוטע האָט טאָמיד אַ טעווע גיך זיך ענדיקן — זײַנען דורכגעפֿלויגן די עטלעכע טעג אין לענינגראַד, און אָט זײַנען מיר ווידער אינדערלופֿטן!

צוויי שאָ — און דער אַעראָדראָם איז שוין אונטער אונדז. מיר האָבן אַראָפּגענידערט. צוגערודערט צום אָפּשטעל־פּלאַץ. אַלץ ווי געוויינלעך. ערשט ווען מיר האָבן זיך דערנעענטערט צו די אַנגאַרן, האָבן מיר באַמערקט די שוואַרץ־רויטע טרויער־פֿאָנען, וואָס זײַנען אויף זיי געהאַנגען.

— וואָס? וואָס איז געשען? — האָב איך געפֿרעגט בײַ די מעכאַניקער, איידער איך האָב נאָך באַוויזן אַרויסקריכן פֿונעם עראָפּלאַן.

— אַן אומגליק. גרינטשיק איז אומגעקומען...

...אַלץ איז פֿאָרגעקומען אומגעריכט און אומפֿאַרשטענדלעך. ער איז פֿאַרבײַגעפֿלויגן דעם אַעראָדראָם אויף דער הייך פֿון עטלעכע הונדערט מעטער מיט אַ שנעלקײַט, אַלנפֿאַלס אַ קלענערע,

ווי בייס די פּריִערדיקע אַרויספֿליִען. פּלוצעם, באַ אַלעמען פֿאַר די אויגן, האָט זיך די מאַשין איבערגעקערט, זיך אַ ריס געטאָן צו דער ערד און אַרײַנגעשניטן זיך אין איר טאַקע דאָ, אויפֿן ראַנד פֿון אַעראָדראָם. פֿון דעם, וואָס איז נאָרוואָס געווען אַ נײַער אויסגעצייכנטער אַעראָפּלאַן, איז געבליבן אַזוי ווינציק, אַז וועגן די סיבות פֿון דער קאַטאַסטראָפֿע האָט מען זיך נאָר געקאָנט אָנשטויסן.

...אין דעם טאָג, ווען איך האָב באַקומען דעם פֿאָרשלאָג נעמען זיך פֿאַר אויספּרוּוון דעם נײַעם „מיג־9", וואָס איז דרינגענדיק געמאַכט געוואָרן אָנשטאָט דעם אומגעקומענעם, בין איך, געדענק איך, פֿון גאַנצפֿרי געווען שטאַרק פֿאַרנומען. צוויי מאָל בין איך געפֿלויגן, און אין די איבערײַסן צווישן די אַרויספֿליִען האָב איך אין אײַלעניש געשריבן מײַן טייל פֿון עפּעס אַ פֿאַר־שפּעטיקטן באַריכט.

— מיר האָבן צו דיר אַן איניען, מאַרק, — האָט געזאָגט צו מיר זאַסים, — פּרוּוו אויס דעם נײַעם „מיג־9".

ער האָט גערעדט מיט אַ טאָן פֿון אַ מענטשן, וועלכן ס'איז פּלוצעם געקומען אין קאָפּ אַ גוטע אידיי, נאָר איך האָב פֿאַרשטאַנען, אַז דאָס איז ניט קיין עקספּראָמט.

צו יענער צײַט בין איך שוין געווען ניט יענץ נאַיִוו באָכערל, וואָס האָט, דערהערנדיק דעם פֿאָרשלאָג — אויספּרוּוון אַן אַעראָפּלאַן פֿון שטאַנדפּונקט פֿון „פֿלאַטער", גלײַך געגעבן די האַסקאָמע, עמעצער זאָל, כאָלילע, ניט אויסכאַפּן באַ אים די אינטערעסאַנטע אויפֿגאַבע. איך בין געוואָרן, אויב, צום באַדויערן, ניט קליגער, איז אַלנפֿאַלס עלטער, דערפֿאַרענער, און כ'האָב זיך אויסגעלערנט ניכטער אָפּשאַצן מײַנע קויכעס און מעגלעכקײַטן. נאָר דאָ איז געווען גאָר אַן אַנדער זאַך!

פֿאַרן „מיג־9" האָב איך זיך גענומען אָן וואַקלונגען. סיבעס זײַנען געווען איבערגענוג: סײַ עכטער פּראָפֿעסיאָנעלער אינטערעס, וועלכן עס האָט אַרויסגערופֿן באַ אונדז אַלעמען די דאָזיקע אוניקאַלע מאַשין, סײַ דער נאַטירלעכער באַ יעדן אויספּרוּוו־פֿליִער פֿאַרלאַנג אַ קוק צו טאָן, וואָס איז דאָס אַזוינס — די נײַע אומגעהערטע שנעלקײַט, סײַ, לעסאָף, אַ קאָמפּליצירט געפֿיל, וועלכן מע קאָן אין אַ געוויסער מאָס פֿאַרגלײַכן מיט דעם געפֿיל פֿון אַ יעגער, וועלכער וויל אום יעדער פּרײַז פֿאַנגען גראָד די חײַע, וואָס אין גערעַנגל מיט איר איז אומגעקומען זײַן כאַווער...

מײַן ערשטער אַרויספֿלי אויפֿן „מיג־9" איז געווען באַשטימט אויף אינדערפֿרי, נאָר דער שטאַרקער ווינט, וואָס האָט, ווי אָפּצולאַכעס, געבלאָזן אין דער קווער צום סטאַרט־פּאַס, האָט געצוווּנגען אָפּלייגן דעם אַרויספֿלי פֿון שאָ צו שאָ, און אַזוי ביז אָוונט. דאָס נערוווירט שטענדיק דעם פֿליִער.

ענדלעך האָט זיך דער ווינט באַרויִקט.

איך זיץ אין דער קאַבינע פֿונעם „מיג" און באַקוק זי פּעדאַנטיש — פֿון לינקס אויף רעכטס, אַזאַ איז די אָרדענונג. פֿאַר מיר שפּרייט זיך דער פֿוסטער סטאַרט־פּאַס. אַרויספֿליִען זײַנען פֿאַר־וואַרט. דער אַעראָדראָם און די לופֿט אַרום אים זײַנען פֿרײַ פֿון אַעראָפּלאַנען. איך גיב די קאָמאַנדע:

— לאָזן די מאָטאָרן!

עטלעכע מענטשן — דער שעף פֿונעם פֿליִער־אָפּטייל זאַסים, מײַנע פֿרײַנט די אויספּרוּוו־פֿליִער ריבקאָ און אייניס, אַ פּאָר אינזשעניערן פֿון דער קאָנסטרוקטאָרן־ביוראָ — שטייען אַ ביסל אָן אַ זײַט באַ די אווטאָמאַשינעס. לעבן דעם אַעראָפּלאַן געפֿינען זיך בלויז די מעכאַני־קער און דער פֿירנדיקער אינזשעניער קאַרעוו. אים איז באַזונדערס שווער אויפֿן האַרצן — דאָס לעצטע מאָל האָט ער פּונקט אַזוי־אָ, פּונקט אויף אַזאַ מאַשין אַרויסבאַגלייט גרינטשיקן. איך פּרוּוו פֿרײַלעך אַ ווונק טאָן צו אים. ער ענטפֿערט מיט אַן אויסגעמוטשעטן שמייכל.

די מאָטאָרן האָט מען שוין אָנוועקגעלאָזט און אויסגעפּרוּווט. איך פֿאַרמאַך דעם דורכזיכ־טיקן קאַלפּעק איבער מײַן קאָפּ, גיב אַ צייכן, מע זאָל צונעמען די קלעצלעך פֿון אונטער די רעדער, און לאָז אויף די גאַשעטקע פֿון די טאָרמאָזן.

די וואַרטעניש האָט זיך געענדיקט. עס הייבט זיך אָן די אַרבעט.

קוים האָט זיך די מאַשין גערירט פֿון אָרט, ווי איך ווער רויִק, שטאַרק רויִק.

די שנעלקײַט וואַקסט. איך הייב אויף די ראָד אויף דער נאָז פֿון דער מאַשין, פֿון דער זײַט כאַפּ איך אַ קוק און דערזע — דער שנעלקײַט־ווײַזער האַלט שוין באַ „200". און קימאַט גלײַך נאָך דעם רײַסט זיך די מאַשין אָפּ פֿון דער ערד.

און טייקעף הייבן זיך אָן קאָמפּליקאַציעס.

דער אַעראָפּלאַן וויל אומבאַדינגט פֿאַרײַסן די נאָז. דערלאָזן דאָס טאָר מען ניט. אַנדערש וועט ער פֿאַרלירן די שנעלקײַט און וועט זיך אַ וואַלגער טאָן אויף דער ערד. דעריבער טו איך אַ

קוועטש דאָס הענטל אַף פאָרנט, פון־זיך. ווי א לעבעדיקע, לאָזט זיך ניט די מאשין, נאָר קיין גרונט אַף צו באַומרויִקן זיך איז דערווײַל ניטאָ — ווי באַוווּסט, קאָן מען די אָנשטרענגונג ליקווידירן מיט דער הילף פונעם טרימער. און איך קוועטש אַפן טומבלער פון די טרימערן, נאָר — ניסים! — די אָנשטרענגונג, ניט נאָר זי ווערט ניט קלענער, זי ווערט נאָך גרעסער. איך פרווו עס דערקלערן דערמיט, וואָס די שנעלקייַט וואַקסט קעסיידער און איך באַווייַז, ווייַזט אויס, ניט צו רעאגירן אַף דעם. דעריבער טו איך נאָכאמאָל, דאָס מאָל לענגער, א קוועטש אַפן טומבלער, און... דאָס הענטל קריכט אַף מיר מיט אזא אימפעט, אז איך מוז זיך אייַנקלאַמערן אין דעם און נאָר אַף אזא אויפן צווינגען דעם עראָפלאַן פאָלגן מיך.

דאָס קומט מיר אָן שווער, דערפאַר איז מיר איצט, אַלנפאַלס, קלאָר, אז עס איז אָנגעפלאָנטערט אין די טרימערן! פאַרשטייט זיך, דערנאָך, אַף דער ערד, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אז אזוי טאַקע איז עס געווען.

איך האָב ווי ביגנייווע דערלאַנגט א נעם אַראָפ די לינקע האַנט פון דעם הענטל און א דריי געטאָן דעם טרימער־טומבלער אין דער פאַרקערטער ריכטונג. די אָנשטרענגונג איז גלייַך געוואָרן קלענער. איצט איז אַלץ נאָרמאַל.

פון דער ערד האָט מען בלויז באַמערקט, אז דער עראָפלאַן, ווען ער האָט זיך אָפגעריסן פונעם סטאַרט־פאַס, איז אַוועק אין דער הייך שטיילער, ווי מע וואָלט זיך געקאָנט ריכטן. וועגן די פיקאַנטע דעטאַלן האָב איך דערציילט, נאַטירלעך, שוין נאָך דעם, ווי איך האָב אַראָפגענידערט.

און דערווייַל — א ברייטער קרייַז איבערן אַעראָדראָם. די שמאַדשטיק פונעם טרימער האָבן ניט קאַליע געמאַכט דעם אַלגעמיינעם אייַנדרוק. ס'איז א זיכערע, פּאָשעטע מאשין, אָן קונצן. דאָס איז ניט קיין אַריסטאָקראַט, וואָס פאָדערט א באַזונדערע באַציִונג צו זיך (עס זייַנען פאַראַן אויך אַזעלכע עראָפלאַנען), דאָס איז א סאָלדאַט.

בייסן צווייטן קרייַז דערלויב איך זיך צו מאַכן עטוואָס שאַרפערע ווענדונגען, און פונדערווייַטן, פון א מעהאַלעך פון צען—צוועלף קילאָמעטער, הייב איך אָן אַראָפנידערן.

כאָטש די מאָטאָרן אַרבעטן מיט דער מינימאַל מעגלעכער צאָל אומדרייען, איז אָבער די שלעפּקראַפט זייער שטאַרק — דער עראָפלאַן לאָזט זיך אַראָפ ניט גענוג שטיל, און די שנעלקייַט איז עפּעס צו גרויס. איבערצייַגט זיך, אז דאָס זעצן זיך אַפן אַעראָדראָם איז גאַראַנטירט, שליס איך אויס איין מאָטאָר, — נידעריקער, נידעריקער, אָט איז שוין די גרענעץ פונעם אַעראָדראָם. איך שליס אויס דעם צווייטן מאָטאָר. עטלעכע סעקונדעס הענגט די מאשין איבער דער סאַמע ערד, דערנאָך זעצט זי זיך לייַכט אַוועק און נעמט זיכער לויפן איבערן סטאַרט־פאַס.

דאַכט זיך, אַלץ!

ניין, נעכטיקע טעג. נאָך ניט אַלע סורפּריזן. סאַמע צום סאָף גיט בא מיר אונטער די פיס עפּעס א קנאַק. דער עראָפלאַן לאָזט אַראָפ די נאָז און שלעפּט זי איבערן בעטאָן אזוי, אז אין אַלע זייַטן פליִען פונקען, דערנאָך שטעלט ער זיך אָפ מיט א פאַריסענעם עק. איך קריך אַרויס און איבערצייַג זיך — פון דער נאָז איז אַראָפגעפלויגן די ראָד. דער לאַבאָראַטאָרישער אַנאַליז האָט באַוויזן, אז די סיבע איז א דעפעקט אין דער שווייסונג. יאָ! ווייַזט אויס, ניט איך אַליין האָב זיך צוגעאייַלט מיטן אַרויספלי.

אזוי צי אַנדערש, נאָר דער אַרויספלי האָט זיך אייַנגעגעבן.

א ביסל פאַריכט די „אַראָפגעטעסעטע“ נאָז, פאַרביטן דעם פוס פון דער ראָד, איבערגעלייגט די דראָטן פונעם טרימער, נאָכאמאָל דורכגעקאָנטראָלירט דעם גאַנצן עראָפלאַן, ביז דעם קלענסטן שרייַפל — און מיר זייַנען גרייט צו ווייַטערדיקער אַרבעט.

אין צוועלף יאָר אַרום נאָך די געשעענישן, וואָס זייַנען דאָ באַשריבן, בין איך געפלויגן אַף דעם רעאַקטיוון לייַנער „טו־104“ אין אורלויב.

אין עראָפלאַן איז געווען וואַרעם און שטיל. די סטיואַרדעסעס — שטאַלטנע, עלעגאַנטע, אַבסאָליוט ערדישע מיידלעך — האָבן דערלאַנגט א פאַרבייַסעכץ און ווייַנטרויבן־זאַפט. די פּאַסאַזשירן האָבן געקוקט אין די קייַלעכדיקע פענצטער אַפן הימל, אזא טיף בלויען, ווי אַף רעריכס הימאַלייַער פּייזאַזשן. אייניקע פּאַסאַזשירן האָבן געדרעמלט. צוויי יונגעלייַט האָבן געשפּילט אין שאָך. א קליין מיידעלע אין א געשטריקט קליידעלע איז אַרומגעגאַנגען הין און צוריק איבער דער קאַבינע. עס איז געווען רויִק, אָנגענעם, איך וואָלט געזאָגט, היימיש.

נאָכן מאָדנע קורצן ביינהאַשמאָשעס — מיר זייַנען געפלויגן דער נאַכט אַנטקעגן — איז פינצטער געוואָרן. דער הימל איז געוואָרן סאַמעט־שוואַרץ, און די שטערן אַף אים זייַנען געווען אַזעלכע העלע און נאָענטע, כאָטש מיט דער האַנט צו דערלאַנגען. אין דער קאַבינע האָט מען אָנגעצונדן שייַן. כמעט אַלע פּאַסאַזשירן זייַנען אייַנגעשלאָפן.

און דער אעראָפלאַן איז געפלויגן אַף אַזאַ הייך און מיט אַזאַ שנעלקײַט, וועלכע זײַנען מיט צוועלף יאָר צוריק געווען צוטריטלעך בלויז פאַר יעכידים — פאַר עטלעכע אויספרוּוו־פליִער. זיי האָבן פאַר דעם גענוג טײַער באַצאָלט.

איך האָב זיך דערמאָנט אין באַכטשיוואַנדזשי, גרינטשישקן, איוואַנאָוון, ראַסטאָרגויעוון, דער־מאָנט זיך אין פיל אינזשעניערן און געלערנטע, וועמעס קלוגע קעפ עס זײַנען פאַר אַט די יאָרן גראָוו געוואָרן. געפרוּווט זיך פאַרשטעלן דעם שלאָל שעפערישע מענטשלעכע מי, אָן וועלכער ס'איז ניט מעגלעך ניט קיין רעאַקטיווע אוויאַציע, ניט ביכלאַל קיין שום נײַס אַף דער וועלט.

פאַרטראַכטערהייט בין איך געזעסן באַם פענצטער. אונדזער „טו־104", אַ ווײַטער, נאָר דירעקטער קאָרעוו פון די ערשטע רעאַקטיווע אעראָפלאַנען, איז געפלויגן אין דער סטראַטאָספער.

יידיש — ב. קאַטיק.

•

# דער העלדישער און באַשיידענער מענטש

עס פירט זיך שוין אַזוי: באַקענט מען זיך מיט עמעצן אַף אַ קוראָרט, פאַרשרײַבט מען יענעמס אַדרעס, נאָר קערט מען זיך אום אַהיים, פאַרגעסט מען אַרײַנקוקן אין דעם נאָטיץ־ביכל, ווו עס זײַנען פאַרשריבן די אַדרעסן פון די נײַע באַקאַנטע. איך בין אין דער הינזיכט, פאַר־שטייט זיך, קיין אויסנאַם ניט.

איינמאָל — געווען איז דאָס אין פעוורואַל 1959 — עפן איך אוף די „פראַוודע" און לייען איבער אַן אוקאַז פונעם אויבער־סאָוועט וועגן אײַנשטעלן אַ נײַעם בעקאָ־וועדיקן טיטל: „פאַרדינסטפולער אויספרוּוו־פליִער פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד" און אין דער זעלבער צײַטונג — אַן אוקאַז וועגן געבן דעם דאָזיקן טיטל צען אויספרוּוו־פליִער, צווישן זיי — אויך דעם העלד פון סאָוועטנפאַר־באַנד מאַרק לאַזאַרעוויטש גאַלײַען, מיט וועמען איך האָב זיך מיט יאָרן צוריק באַקענט אין איינעם פון די קיסלאָ־וואָדסקער סאַנאַטאָריעס און וועגן וועמען איך האָב בלויז געוווּסט, אַז ער איז אַ ליבער, האַרציקער מענטש און שוין.

קלאָר, אַז איך האָב אים גלײַך אָנגעקלונגען. נאָר קוים האָט זיך אין מײַן באַגריסונג אַרײַנגעכאַפט אַ באַגײַסטערט וואָרט, האָט ער מיך באַלד העפלעך אָפגעשטעלט:

— גלייבט מיר, איר טרײַבט איבער.

אין אַ יאָר אַרום האָב איך איבערגעלייענט אַ ליב־אַרטיקל וועגן דעם שרײַבער מאַרק גאַלײַ, וועגן זײַן ווערק „דורך אומזעבאַרע באַריערן", וואָס איז געווען פאַרעפנטלעכט אין דעם זשורנאַל „נאָווי מיר" אין 1960.

דאָס מאָל, ווען איך האָב אָנגעקלונגען גאַלײַען צו באַ־גריסן אים מיט זײַן ערשטן „אַרויספלי" אין דער ליטע־ראַטור, בין איך שוין געווען מער געהיט.

ניט אַזוי די באַגײַסטערטע קריטישע אַרטיקלען, וואָס האָבן זיך באַוויזן אין די צײַטונגען און זשורנאַלן, ווי די פילצאָליקע בריוו פון די לייענער האָבן געצוווּנגען דעם ביז גאָר פאַרנומענעם פאָלקאָווניק מאַרק גאַלײַ זיך ווידער נעמען פאַר דער פען, און אין דעם זעלבן זשור־נאַל זײַנען אין די יאָרן 1963 און 1965 געווען פאַר־עפנטלעכט זײַנע: „באַם אויספרוּוון אין הימל" און „בייסן פליִען און נאָכן פליִען".

פון די דאָזיקע ווערק, אין וועלכע דער אוטאָר באַמיט זיך אויסמײַדן ריידן וועגן זיך, ווערט דאָך קלאָר, אַז מאַרק גאַלײַ איז איינער פון די באַדײַטנדיקסטע אוטאָרי־טעטן אין דער אוויאַציע. צו זײַנע באַמערקונגען און אָנ־ווײַזונגען הערן זיך צו די אָנגעזעענסטע אוויאַ־קאָנסטרוק־טאָרן פון לאַנד און באַוווּסטע פליִער, וואָס די מערהײַט פון זיי זײַנען גאַלײַס נאָענטע כאַווײרים. דאָס זײַנען באַמערקונגען און אָנווײַזונגען ניט בלויז פון אַ פליִער, נאָר אויך פון אַ קאַנדידאַט פון טעכנישע וויסנשאַפטן, פון אַן אוטאָר פון אַ ריי וויסנשאַפטלעכע ווערק וועגן אוויאַציע.

נאָר ניט וועגן דעם איז געווען דער געשפרעך, וואָס מיר האָבן געפירט צווישן זיך אַפן פופצעטן שטאָק פו־נעם מאָסקווער וואָלקן־קראַצער אַפן אופשטאַנד־פלאַץ, אין וועלכן עס וווינט מאַרק גאַלײַ. דער געשפרעך איז געווען קימאַט אַ ריין־ליטעראַרישער, און כ'וויס אַליין ניט, וויאַזוי דאָס איז געשען, וואָס מיר האָט זיך אײַנגעגעבן אַרויסבאַקומען באַ אַט דעם באַשיידענעם מענטשן אייניקע ביאָגראַפישע יעדיִעס.

אָנגעהויבן האָט ער פון דעם, אַז באַ אים איז אַ גע־וויינלעכע ביאָגראַפיע, ווי באַ אַלע „כעוורע" פון זײַן דאָר: צו זעכצן יאָר האָט גאַלײַ פאַרענדיקט די שול און אַוועק אַרבעטן אין לענינגראַדער זאַוואָד „רויטער אָקטיאַ־בער". אין דער פרײַער צײַט האָט ער זיך פאַרנומען מיט ספאָרט: געשפרונגען מיט אַ פאַראַשוט, באַהערשט די קונסט פון פילאָטירן. דאָס האָט באַשטימט זײַן ווײַטער־דיקן וועג. מײַן בליק פאַלט אַף די פאָרטרעטן פון זײַן פאַרשטאָרבענעם פאָטער לייזער גאַלײַ און פון זײַן זיבע־ציקיאָריקער מוטער זינאַידאַ אײַזיקאָווונאַ. וויפל אומרויִקע טעג און שלאָפלאָזע נעכט האָט זיי פאַרשאַפן זייער בענ־יאָכיד מאַרק...

נאָכן פאַרענדיקן אין לענינגראַד די הויכשול איז מאַרק גאַלײַ אַוועק אַרבעטן אין אַ וויסנשאַפטלעך־פאָרשערישן אוויאַציע־אינסטיטוט.

שוין פאַר דער מילכאָמע איז ער געווען איינער פון די ערשטע אינזשעניערן אויספרוּוו־פליִער. דערנאָך מיל־כאָמע געהאַלטן. נאָך דער מילכאָמע האָט ער זיך אינ־גאַנצן אָפגעגעבן מיט אויספרוּוון אין הימל פאַרשיידענע קאָנסטרוקציעס פון רעאַקטיווע אעראָפלאַנען.

די דרײַ לענין־אָרדענס, די פיר אָרדענס פון דער „רויטער שלאַכט־פאָן", די אָרדענס „רויטער שטערן", „פאָטער־לענדישע מילכאָמע" און די אַכט מעדאַלן, מיט וועלכע עס איז באַלוינט דער פאָלקאָווניק, דער העלד פון סאָ־

ווערטנפאַרבאַנד, דער פאַרדינסטפולער אויספּרוּוו־פליִער פון לאַנד, דער שרײַבער מאַרק גאַלײַ דערציילן וועגן דעם, וועגן וואָס גאַלײַ דערציילט ניט אין זײַנע ווערק און מײַדט אויס צו דערמאָנען אויך אין זײַנע געשפּרעכן.

— איצט קומט מיר שוין אויס א סאך זעלטענער צו פאַרלאָזן די ערד. ס׳איז אונטערגעוואַקסן א נײַער דאָר פליִער, און מיר, די אַלטע, טיילן זיך מיט אונדזער דער־פאַרונג, פירן מיט זיי אָן, און, פאַרשטייט זיך, ניט בלויז אף דער ערד...

— וויפל דאַרף מען אויספּרוּוון עראָפּלאַנען, קעדיי באַקומען דעם טיטל פאַרדינסטפולער אויספּרוּוו־פליִער פון לאַנד?

— ס׳איז פונקט, ווי איר זאָלט פרעגן, וויפל ראָלן דאַרף אָפּשפּילן אַן אַקטיאָר, קעדיי קריגן דעם טיטל פאָלקס־אַרטיסט פון סאָוועטנפאַרבאַנד... דאָס האָט אָבער לאַכלוטן ניט קיין שײַכעס צו אַריפמעטיק. דאָס האָט גיכער א שײַכעס צו שעפערישקײַט. יאָ. אויספּרוּוון עראָפּלאַנען איז א שעפערישע פּראָפעסיע.

— אָבער אַן אַקטיאָר, ווען ער גייט אַרויס אף דער בינע, שטעלט ער דאָך ניט אין קאָן דאָס לעבן... אויספּרוּוון 124 עראָפּלאַנען, אף וועלכע קיינער איז ביז אײַך נאָך ניט געפלויגן, הייסט 124 מאָל שטעלן דאָס לעבן אין קאָן!

— און א דאָקטער, ווען ער באַזוכט אַן אָנשטעקנדיקן קראַנקן, שטעלט דען ווייניקער אײַן דאָס לעבן? מע דאַרף ניט איבערטרײַבן.

איך הער זײַנע ווערטער און וויל אים זאָגן, אַז כ׳האָב געלייענט די ווערק פון איינעם א מאַרק גאַלײַ, ווו עס ווערט דערציילט, וואָס עס פּאַסירט אַמאָל בא אויספּרוּוון אַן עראָפּלאַן... עס שטייט אויף פאַר מיר דאָס בילד, וויאַזוי דער שווער־פאַרוווּנדעטער גאַלײַ און זײַן שטור־מאַן האָבן פאַרלאָזט דעם אונטערגעשאָסענעם ברענענדיקן עראָפּלאַן און דרײַ וואָכן נאָכאַנאַנד געבלאָנדזשעט איבער די בריאַנסקער וועלדער, ביז זיי האָבן זיך דערקליבן צו די פּאַרטיזאַנער.

— ניט עראָפּלאָזן די הענט און ניט אויפהייבן די הענט — דאָס איז געווען אונדזער דעוויז. אף דעם באַ־פעל „הענדע האָך“, וועלכן מיר האָבן ניט איין מאָל געהערט, האָבן מיר שטענדיק געענטפערט מיט פײַער.

— מע קאָן בא אײַך קריגן א צעטל פּאַפּיר מיט א הענטל־פען?

— ביטע, — און זיך באַלד געכאַפּט: — צוליב וואָס?

איך האָב זיך מודה געווען: ווען גאַלײַ זאָל ניט זײַן קיין שרײַבער, וואָלט איך זיך געזעצט שרײַבן וועגן אים א ווערק. נאָר א קורצע פאַרצייכענונג, א מין פאָרוואָרט צו די קאַפּיטלען, וואָס וועלן זײַן אָפּגעדרוקט אין „סאָ־וועטיש היימלאַנד“, וויל איך דאָך אָנשרײַבן, און פאַרלאָזן זיך אינגאַנצן אפן זיקאָרן קאָן איך ניט.

— ערן־וואָרט, ס׳איז ניט נייטיק, — ער האָט זיך מיטאַמאָל קינדעריש פאַרשעמט.

סאָפּקאָלסאָף האָבן מיר זיך דערעדט, אַז אויב איך וועל פונדעסטוועגן שרײַבן א פאָרוואָרט, זאָל איך עס אים אומבאַדינגט פריִער באַווײַזן. איך האָב אים צוגעזאָגט און... ניט געהאַלטן וואָרט, ווײַל ווען איך באַווײַז אים אפריִער דאָס אָנגעשריבענע, וואָלט פון דעם פאָרוואָרט פאַרשוווּנדן אַלץ, וואָס האָט וועלכע־ניט־איז שײַכעס צו אים.

מעגלעך, אַז גאַלײַ וועט עס מיר ניט מויכל זײַן. דער־פאַר אָבער וועט פון דעם אויסשפּילן דער לייענער, ווײַל ער וועט כאָטש האָבן אַוועלכע־ניט־איז פאָרשטעלונג וועגן דעם אַווטאָר פון די פאַרעפנטלעכטע קאַפּיטלען, דעם העלדישן און באַשיידענעם מאַרק לאַזאַרעוויטש גאַלײַען.

שמועל גאָרדאָן

## מיכאיל שאָלאָכאָוו — לאַורעאַט פון דער נאָבעל־פּרעמיע

די שטאָקהאָלמער קיניגלעכע אַקאַדעמיע האָט צוגעפּאַסקנט די נאָבעל־פּרעמיע פאַרן 1965 יאָר איינעם פון די גרעסטע שרײַבער פון אונדזער צײַט — דעם סאָוועטישן שרײַבער מיכאיל שאָלאָכאָוון.

דער צענטראַל־קאָמיטעט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד און דער מיניסטאָרן־ראַט פון פּססר האָבן האַרציק באַגריסט דעם שרײַבער. די פּרעסע פון דער גאָרער וועלט ווידמעט דער דאָזיקער געשעעניש פיל אָרט. דער שוועדישער שרײַבער און ליטעראַטור־קריטיקער אַרטור לונדקוויסט לויבט די אַקאַדעמיע פאַר איר באַשלוס, האַגאַם ער וואַרפט איר פאָר א פאַרשפּעטיקונג מינדסטנס אף צען יאָר.

מיכאיל שאָלאָכאָוו האָט אויך באַקומען א גרויסע צאָל באַגריסונגען פון שרײַבער־אָרגאַניזאַ־ציעס, קולטור־טוער, לייענער פון פאַרשיידענע לענדער.

די רעדאַקציע „סאָוועטיש היימלאַנד“ באַגריסט הייס מיכאיל אַלעקסאַנדראָוויטש שאָלאָכאָוון מיט דער הויכער באַלוינונג.

# אײַזיק פּלאַטנער



## לידער

(פון דעם דיכטערס יערושע)

● ● ●

כ׳האָב אַלץ ניט געקויפט זיך קיין שליאַפּע,
איך טראָג נאָך די שטיוול פון וועג:
די נעכט זײַנען ווינציק און קנאַפּ מיר,
עס סטײַען מיר אַלץ ניט קיין טעג.

איך גיי אום קעסיידער פאַרוווּנדערט,
איך האָב דאָ אַזויפיל צו זען,
פונקט ווי איך וואָלט אַ יאָרהונדערט
אַף אייגענער גאַס ניט געווען.

וווּהין כ׳זאָל די אויגן ניט ווענדן,
איז אַלץ אַזוי פריש און באַנײַט;
די צײַט האָט דאָ אַלצדינג געענדערט,
נאָר יינגער געוואָרן ז׳די צײַט.

ס׳איז, דאַכט זיך, אַ קלייניקע ווײַלע,
זינט איך האָב פאַרלאָזן מײַן ברעג,
און כ׳קאָן ניט דעריאָגן די מײַלן,
וואָס זײַנען מיט אימפּעט אַוועק.

אין פרײַלעכן לויף פון מאַשינען
אַ פרײַנטלעכע האַנט מיך באַגריסט:
מײַן אָרט וועל איך ווידער געפינען
אין שטראָם פונעם לעבן, וואָס פליסט.

אין מײַנע צעעפנטע אויגן
געגומען האָט שפּילן די פרייד,
די פאַרבן פון רעגנבויגן
איז איבער די ברעמען פאַרשפּרייט.

ווי פײַערלעך שיין איז דער זומער,
דיביימער מיט קרוינען באַקריינט.
דער שטילער פאַרנאַכטיקער אומעט
פון צערטלעכער ליבשאַפט באַצייכנט.

איך גיי אום אין זוניקן וווּנדער,
איך האָב דאָ אַזויפיל צו זען,
פונקט ווי איך וואָלט אַ יאָרהונדערט
אַף אייגענער גאַס ניט געווען.

יוני 1956

● ● ●

כ׳האָב ליב די ברעגעס שטאָט
אין האַרבסטיקע פאַרנאַכטן,
ווען עס קומט פון זיך אַליין
דאָס בענקעניש, דאָס טראַכטן.

די שטאָט, זי שפּרייט זיך אויס
און נעמט אַלץ אײַן די ווײַטן;
און וואָס ס׳איז שוין באַקענט,
עס האַלט זיך אַלץ אין בײַטן.

די וואָלקנס שווימען אָפּ,
ווי טעג שוין לאַנג פאַרגאַנגען,
און וואָס אַ נײַער טאָג,
אַלץ פרישערע פאַרלאַנגען.

אין קילער אָוונט־שאָ
דו האָסט אַליין דערקענט זיך;
אין שפּיגל פון דײַן אויג
דער זון־פאַרגאַנג דערברענט זיך.

עס וויקלט זיך די נאַכט
אַרום דײַן קאָפּ דעם שווערן,
דערמאָנסט זיך ווײַטע נעכט
און ווײַסע, גרויסע שטערן.

דערמאָנסט זיך עלנט אויך,
און וואַנדערניש, און וואָגל;
און ס׳האָט דיך דאָך די צײַט
צו דעם פאַרנאַכט דערטראָגן.

דו זעסט דעם בלעטערפאַל,
די שפּיל פון האַרבסט אין פאַרבן,
דער בוים, ער בלײַבט אַ בוים,
די בלעטער מוזן שטאַרבן.

דער ווינט כאַפּט אויף אַ בלאַט,
אַ טראָג — און קערט אים איבער;
דאָס לעבן, וואָס איז ליב,
עס ווערט דיר פיל מאָל ליבער.

אָקטיאַבער 1957

## די לעצטע שטיבעלעך

צווישן די בויונגען
גרויסע פאַרדרענגט,
שטייען נאָך שטיבעלעך
אַלטע, פאַרבענקט.

די קליינינקע פענצטער,
ווי אויגן פאַרטרערט,
די סטרעכעס געבויגן
אַראָפּ צו דער ערד.

ס'האָט, דאַכט זיך, געפּאַקט זיי
אַ פויגל, אַ ריז,
זיי קניִען געשטעלט
באַ די מעכטיקע פיס.

ר'וועט באַלד זיי אַ נעם טאָן
אין שנאָבל אַרײַן,
די פליגלען צעשפּרייטן
אין בלענדיקער שײַן.

באַגינען, עס ליגט נאָך
דער ריז, און ער רוט,
די שטיבעלעך וואַרטן
די לעצטע מינוט...

מאַרט 1958

## עס וויל די כוואַליע מיטן יאַם זיך ניט צעשיידן...

עס וויל די כוואַליע מיטן יאַם זיך ניט צעשיידן,
קלאַפּט זיך אָן אין ברעג און לויפט צוריק
צעטראָגן;
ווײַסע פערד צעשוימטע אָדער וואַסער־מיידן
איינע נאָך דער צווייטער יאָגן זיך און יאָגן.

עס וויל די כוואַליע מיטן יאַם זיך ניט צעשיידן,
די צעשיידונג איז אַ ווייטעק אומגעהויער:
ווײַל די וועגן, זיי צעגייען זיך פאַרשיידן,
ווײַל צעשיידונג איז שוין אייביק טרויער.

ס'וויל די כוואַליע מיטן וואַסער זײַן פאַרייניקט,
ס'איז ניט גוט פון יאַם צו ווערן אויסגעשפּיגן,
אָט ווי יענע פישעלעך די טרוקענע, די קליינע,
וואָס זײַנען אָפּן זאַמד, באַם ברעג געבליבן ליגן.

די פאַרליבטע כוואַליעס פלוידערן און ריידן,
אַז די פרייד פון זײַן צוזאַמען איז דאָך
אומגעהויער.
עס וויל די כוואַליע מיטן יאַם זיך ניט צעשיידן,
ווײַל צעשיידונג מיינט שוין אייביק טרויער...

יול 1959

## די מיידלעך פון מינסק

די מיידלעך פון מינסק זײַנען שענער געוואָרן,
זיי האָבן באַקומען דעם זיבעטן כיין;
און טויזנט מאָל שענער, ווי פאַראַיאָרן,
זעט נאָר די גראַציע און זאָגט שוין אַליין!

דער אָוונט זיך שפּיגלט אין אויגן אין בלויע
(אַנטשולדיקט! די „בלויע" איך דאַרף בלויז צום גראַם),
די בלוזקעס די ווײַטע — אַ ליכטיקער טויער,
און אויגן? אויך שוואַרצע פאַראַן מינאַסטאַם!

און איך? איך געדענק זיי נאָך מיידעלעך ווילע,
אין שויס באַ דער מאַמען — אַ ברעקעלע קינד,
מיט קורצינקע קליידלעך, מיט קניִען מיט הוילע,
מיט צעפּלעך, מיט סטענגעס צעפּלאַטערט אין ווינט.

און נאָכדעם געדענק איך — אין שווערע שינעלן,
אינמיטן אַ פלאַמיקער, כאַרעווער וועלט.
אויף בענק אויף וואָקזאַלן, אויף טרעפּ און אויף שוועלן,
און אונטער די סווישטשענדע קוילן אין פעלד.

מיט וואָס זיי פאַרגלייַכן? א וואַלד וועט ניט טויגן,
כ׳זאָל זאָגן א יאַם, איז ער אויכעט ניט גוט!
ווי האָבן דען וועלדער אזעלכענע אויגן?
צי שלאָגט דען אין יאַם אזא לעבעדיק בלוט?

די מיידלעך פון מינסק זייַנען שענער געוואָרן,
זיי האָבן באַקומען דעם זיבעטן כיין;
און טויזנט מאָל שענער, ווי פאַראיאָרן,
זעט נאָר די גראַציע און זאָגט שוין אליין!

יול 1960



אָט די אלטע ערד,
זי וויל אלץ אייביק יונג זייַן,
זי וויל עמעצן געהערן.
זי האָט מייַן האַרץ געריִרט.
וויפל מאָל זי האָט זיך שוין אין גרינס געציִרט
און געוויזן זיך אין פּראַכט
פאַר ווייַטע שטערן.
אָ, די אלטע ערד,
זי וויל אליין ניט בלייַבן.
אין קרייַז מיט די גאלגאלים
דרייט זי זיך אַרום דער זון,
עפּשער וועט איר עמעצער פאַר א געליבטע קלייַבן.
ווי שווער עס איז איר אין דער אייביקייַט
די בענקשאַפט שטילן.
ווי בענקענדיק אין די פאַרנעפּלטע פאַרטאָגן
די בערג די שטיינערנע אַף זיך צו טראָגן,
די אופגעוואַכטע, נאָגנדע געפילן,
די יאָמען די שוימיקע,
די ווייַסע שנייען,
און דעם גרויסן צער
פון מיליאָנען מאָל
פון זון־פאַרגיי׳ן?
טאָ וואָס זאָל איך שוין זאָגן —
איינער, א בען־אָדעם,
וואָס קאָן נישט צו קיין קרוין אפילע
פון בוים דערגרייכן,
וואָס אין גרינעם גראָז פאַרזינקען מייַנע פיס
אזש ביז די קנעכל?!

יול 1961



הירש רעלעס

# מיט אײַזיק פּלאַטנערן

(דערינערונגען)

אײַזיק פּלאַטנער האָט געהערט צו די מענטשן, וואָס האָט שטענדיק געהאַט אַרום זיך אַ סאַך פֿרײַנט און נאָענטע. זײַנע נאָענטסטע כאַווערים זײַנען געווען מוישע קולבאַק, זעליק אַקסעלראָד, עליע קאַהאַן. מע פֿלעגט זיי רופֿן „די פֿריילעכע כאַליאַסטרע". פֿון יעטווידן פֿון זיי האָט געשפּרודלט מיט הומאָר, מיט גוטמוטיקער שטיפֿונג. ווען אַט די קאָמפּאַניע פֿלעגט זיך צונויפֿקלײַבן אין רעדאַקציע פֿון דעם ליטעראַרישן זשורנאַל „שטערן" אָדער אין קלוב פֿון מינסקער שרײַבער־פֿאַריין, פֿלעגט דאָרט גלײַך ווערן פֿריילעך. ווען עס פֿלעגן זיך אָנהייבן צווישן זיי די „געפֿעכטן" פֿון שאַרפֿזין, האָבן מיר, די ייִנגערע, זיך באַמיט האַלטן עטוואָס פֿונדערווײַטן, ווײַל פֿאַקן זיך אָף דער וועדנטקע פֿון אײַזיק פּלאַטנערס אַ וויץ איז געווען אַ קנאַפּער פֿאַרגעניגן. איזי כאַריק, יאַשע בראָנשטיין און הערשל קאַמענעצקי האָבן אויך ליב געהאַט זיך צו באַטייליקן אין די קלוימערשט זאַרגלאָזע שמועסן — „גײַסטיק אָפּרוען", ווי בראָנשטיין האָט ליב געהאַט צו זאָגן.

אין זײַנע ווערק אָבער האָט פּלאַטנער זעלטן ווען באַנוצט וויצן. זײַנע לידער זײַנען דורכגעדרונגען מיט לײַדנשאַפֿט. איך דערמאָן זיך, ווי גלײַך נאָך דער מילכאָמע האָב איך זיך געטראָפֿן אין מינסק מיט פּלאַטנערן, געגאַנגען מיט אים איבער די כאָרעווע גאַסן און סקווערן. אין מײַן זיקאָרן האָבן זיך פֿאַרקריצט די שורעס, וועלכע ער האָט מיר געלייענט:

> קלעזמער, שפּיל אויף מיר אַ ניגן אָן נאָטן,
> און ניט אָף קיין פֿלייט, אָף קיין באַס,
> דו גיב מיר אַ שפּיל אָף צעריסענע דראָטן,
> וואָס הענגען אָף כאָרעווער גאַס.

אויך אין פּלאַטנערס פּראָזע־ווערק זײַנען די העלדן ערנסטע מענטשן, וואָס לײַדן, דענקען און וויניקער פֿון אַלץ וויצלען זיי זיך. ווו עס פֿילט זיך יאָ, לויט מײַן מיינונג, פּלאַטנערס גוטהאַרציקער הומאָר, — דאָס איז אין זײַנע דערינערונגען וועגן די ייִדישע שרײַבער פֿון ווײַסרוסלאַנד: איזי כאַריק, מוישע קולבאַק, עליע קאַהאַן, זעליק אַקסעלראָד, הערשל קאַמענעצקי און אַנדערע. די דאָזיקע פּאָרטרעטן האָט אײַזיק פּלאַטנער געשריבן נאָך זײַן צוריקקערן זיך קיין מינסק אין 1956. אין דעם ליטעראַרישן אַרכיוו פֿון ווײַסרוסלאַנד האָב איך זיך באַקאַנט מיט פּלאַטנערס קורצע, ניט־פֿאַרענדיקטע פֿאַרצײַכענונגען וועגן ש. מיכאָעלס, ד. בערגעלסאָן, ש. האַלקין, ע. פֿינינבערג, ש. ראָסין. עס איז אַ גרויסער ווײטעק, וואָס א. פּלאַטנער האָט ניט געקאָנט פֿאַרענדיקן זײַן אַרבעט. נאָר אויך דאָס פֿאַרבליבענע מאַכט אַ שטאַרקן רוישעם.

מיט אַ סאַך יאָרן צוריק, נאָך פֿאַר דער גרויסער פּאַטעראָלענדישער מילכאָמע, געדענק איך, האָט פּלאַטנער ליב געהאַט צו כאַווערן זיך מיט יונגע שרײַבער. מע האָט אים אָפֿט געקאָנט זען צוזאַמען מיט שוועדיקן, האַרצמאַנען, גרוביאַנען, מאַלטינסקין, ר. רייזינען און אַנדערע. זיי אַלע זײַנען געווען אַ סאַך ייִנגער פֿון פּלאַטנערן, ווען קוטשמע האָר איז שוין געווען זילבערגראָ, נאָר דאָס האָט אים ניט געשטערט צו שפּאַצירן מיט די יונגע פּאָעטן איבער די מינסקער גאַסן, שפּילן אין וואָלייבאָל אָדער אַרויספֿאָרן אָף אַ שפּאַציר אויסער דער שטאָט. ער איז שטענדיק געווען פֿול מיט ענערגיע, גרייט צו טאָן אַלץ, וואָס עס טוט די יוגנט.

מיר, דעם אָנפֿאַנגער, וואָס איז דאַן ערשט געקומען פֿון שטעטל, איז אויסגעקומען טשיקאַווע, וואָס דער כאָשעווער ייִדישער פּאָעט איז אַזוי אויסגעבונדן מיט די יונגע שרײַבער. איינמאָל, אין אָוונט, פֿירט מיך צו שוועדיק צו פּלאַטנערן און זאָגט: „באַקאַנט זיך מיט אַ גריִנעם, נאַרוואָס פֿון שטעטל". איך האָב אָנגערופֿן מײַן פֿאַמיליע.

— אַזוי, — זאָגט אײַזיק, באַטראַכטנדיק מיך מיט אינטערעס, — זײַט איר, הייסט עס, דעם אַלטן רעלעסעס אַן אייניקל?

— פֿונוואַנען האָט איר געקענט מײַן זיידן? — האָט זיך בײַ מיר אַרויסגעכאַפּט. נאָר ווען אַלע אַרום האָבן זיך צעלאַכט, האָב איך גלײַך פֿאַרשטאַנען, אַז איך האָב זיך געפּאַקט...

נאָך דער מילכאָמע האָב איך אָפֿט געטראָפֿן אײַזיק פּלאַטנערן אָף ראָזע לוקסעמבורג־גאַס, אין מאַלטינסקיס קליינעם צימערל. אײַזיקס קאָפּ האָר איז שוין אינגאַנצן געווען זילבער־ווײַס, ער האָט אויסגעזען פֿאַרעלטערט, מיד, נאָר די אויגן האָבן ניט פֿאַרלאָרן דעם לעבעדיקן גלאַנץ, די האַרציקע האָפֿערדיקײַט, און אָף די ליפּן האָט, ווי שטענדיק, געשוועבט זײַן גוטער שמייכל.

באַזונדערס האָב איך זיך דערנענטערט מיט פּלאַטנערן אין די לעצטע יאָרן פֿון זײַן לעבן. ער איז געווען שטאַרק קראַנק, די דאָקטוירים האָבן געזאָגט, אַז ער האַלט זיך פּאַשעט אָף „ניסים"; פֿון אים האָט מען עס באַהאַלטן, ער האָט דאָס אַליין גוט פֿאַרשטאַנען, נאָר געמאַכט זיך ניט פֿאַרשטייענדיק...

— כאָטש נאָך אַ פּאָר יאָר, — פֿלעגט ער טײַנען, — עס ווילט זיך נאָך עפּעס אָנשרײַבן.

און גראָד אין דער צײַט איז ער געווען זייער שעפֿעריש. אין די לעצטע יאָרן פֿון זײַן לעבן זײַנען אין מינסק דערשינען אָף ווײַסרוסיש אַ בוך פּלאַטנערס לידער „די קווינט־עסענץ פֿון לעבן", זײַנע קינדער־ביכלעך „מײַן גאָרטן" און „דאָס פֿריילעכע נאָדעלע". מערקווירדיק, מיט וויפֿל ענערגיע און ליבע ער האָט געשריבן די קינדער־לידער. ער איז געווען אַ ליבער גאַסט אין די רעדאַקציעס פֿון די ווײַסרוסישע קינדער־זשורנאַלן „בעריאָזקאַ", „וועסיאָלקאַ", אין דער צײַטונג „פּיאָנער בעלאַרוסי", מיט

פאַרגעניגן האָבן זײַנע קינדער־לידער איבערגעזעצט די דיכטער וואָלסקי, מאַקאַל, גיל, גילעוויטש, עדזי אָגנעצוועט, כוואַדראַוויטש און פיל אַנדערע. פיל פון זײַנע לידער זײַנען געדרוקט געווען אין די ווײַסרוסישע זשורנאַלן „פּאָלימיאַ", „בעלאַרוס" און אין דער וועכנטלעכער ליטעראַרישער צײַטונג „לים". ער איז געווען באַפרײַנדעט מיט יאַנקאַ בריל, וואָלסקי, כוואַדראַוויטש, מ. לושאַנין.

ניט לאַנג פאַר זײַן טויט האָב איך אים באַגעגנט א קראַנקן און א שוואַכן קוים שפּאַנענדיק אף די טרעפּ פון דעם ווײַסרוסישן פאַרלאַג.

איך בין אָפט אַרײַנגעקומען צו פּלאַטנערן, און ער פלעגט מיר לייענען זײַנע נײַע לידער. דאָס לעצטע מאָל איז מיר אויסגעקומען צו זײַן בא אים אין יול 1961, א פּאָר וואָכן פאַר זײַן טויט. ניט געקוקט אף זײַן שווערער קראַנק, איז ער געווען פול מיט ענערגיע און שאַפונגס־פּלענער.

— עס ווילט זיך מיר זייער אָנשרײַבן וועגן די יונגע שרײַבער — שלאַכטלײַט לייב טאַלאַלײַ, רוווע רייזען, שימען לעלטשוק און וועגן די אומגעקומענע אין געטאָ מינסקער שרײַבער סאָרע קאַהאַן, ראָכל בראַכעס, איטשע רעזניק, וועגן מײַן נאָענטן פרײַנט דעם קינסטלער בראַזער.

נאָר פאַרווירקלעכן די פּלענער האָט זיך אײַזיק פּלאַטנערן ניט אײַנגעגעבן. דער טויט איז שוין געשטאַנען בא אים צוקאָפּנס. דעם 26 יול 1961 איז ער געשטאָרבן.

# כראָניק

## באגעגענישן מיט לייענער

דעם 21 אָקטיאַבער איז אין טשערנאָוויץ פאָרגעקומען א באגעגעניש מיט די לייענער פון „סאָוועטיש היימלאַנד", וועלכע עס האָט אײַנגעאָרדנט די פאַרוואַלטונג פון דער געגנטלעכער אָפּטיילונג פונעם שרײַבער־פאַרבאַנד פון אוקראַיִנע און די רעדאַקציע פונעם זשורנאַל. אינעם זאַל פון דער פילהאַרמאָניע, ווו דער אָוונט איז פאָרגעקומען, האָבן זיך פאַרזאַמלט בא 800 מאַן.

צוגאַסט צו די טשערנאָוויצער לייענער זײַנען געקומען פון מאָסקווע דער הויפּט־רעדאַקטאָר פונעם זשורנאַל אַרן ווערגעליס, די דיכטער שיקע דריז, מוישע טייף, דער פּראָזאַיִקער מישע לעוו.

דעם אָוונט האָט געעפנט דער פּאַרזיצער פון דער היגער שרײַבער־אָרגאַניזאַציע, דער באַקאַנטער אוקראַיִנישער שרײַבער מיקאָלאַ בורבאַק. מיט אַן אַרײַנפיר־וואָרט איז אַרויסגעטראָטן א. ווערגעליס, וועלכער האָט דערציילט וועגן דער טעטיקײַט פונעם זשורנאַל און זײַנע שעפערישע פּלענער אפן 1966 יאָר.

דער דאָזיקער אָוונט איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן עכטן יאָמטעוו פון ברידערלעכע ליטעראַטורן. באַנאַנד מיט די מאָסקווער געסט זײַנען אַרויסגעטראָטן די בוקאָווינער שרײַבער, וואָס שאַפן אף ייִדיש, אוקראַיִניש, רוסיש, מאָלדאַוויש: מוישע אַלטמאַן, הירש בלאָשטיין, יוסף בורג, וויטאַלי דעמטשענקאָ, אַנאַטאָלי דאָבריאַנסקי, מיכײַלאָ איוואַסיוק, וואַסיל לעוויצקי, יאַסל לערנער, כאַיִם מעלאַמוד, באָגדאַן מעלניטשוק, מייער כאַראַץ, עפראַיִם רויטמאַן.

אפן אָוונט איז אויך אַרויסגעטראָטן די פאַרדינסטפולע אַרטיסטן פון דער אוקראַיִנישער רעפּובליק סידי טאַל, וועלכע האָט פאָרגעלייענט עליזער שטיינבאַרגס מעשאָלים.



דעם 26 אָקטיאַבער איז אין דער הויפּטשטאָט פון דער מאָלדאַווישער סס״ר קעשענעוו פאָרגעקומען א גרויסער ליטעראַרישער אָוונט פון „סאָוועטיש היימלאַנד", אף וועלכן עס זײַנען בײַגעווען בא טויזנט לייענער.

דער באַוווסטער מאָלדאַווישער שרײַבער יעמעליאַן בוקאָוו האָט אין נאָמען פון דעם רעפּובליקאַנישן שרײַבער־פאַרבאַנד באַגריסט די מאָסקווער געסט אַרן ווערגעליס, יאַנקעוו שטערנבערג, שיקע דריז, מוישע טייף, מישע לעוו.

אינעם אָוונט האָבן זיך באַטייליקט די קעשענעווער ייִדישע, מאָלדאַווישע און רוסישע שרײַבער יאַנקל יאַקיר, מאָטל סאַקציִער, יעכיִעל שרײַבמאַן, פּעטרו זאַדניפּרו, גריגאָרי וויערו, וואַרא מאַלעוואַ, איוואַן טשאָבאַנו, ס. שליאַכו אאַ.

דעם 28 אָקטיאַבער האָט די מאָסקווער ייִדישע שרײַבער־גרופּע געהאַט א באגעגעניש מיט די לייענער פון „סאָוועטיש היימלאַנד" אין בעלצי.

דעם 29 אָקטיאַבער זײַנען די מאָסקווער און די היגע ייִדישע שרײַבער אַרויסגעטראָטן אין א פּראָגראַם פון דער קעשענעווער טעלעוויזיע.

## אין דעם ווילנער פאָלקס־טעאַטער

אין ווילנע איז פאָרגעקומען א געמיינזאַמער פײַערלעכער אָוונט פון די ליטווישע, ייִדישע און רוסישע קאָלעקטיוון פון קינסטלערישער זעלבסטטעטיקײַט, וועלכע האָבן באַקומען דעם טיטל פאָלקס־טעאַטער. אין נאָמען פון „סאָוועטיש היימלאַנד" האָט דעם פאָלקס־טעאַטער הייס באַגריסט דער מיטגליד פון דער רעדאַקלעגיע פונעם זשורנאַל יוסף ראַבין.

דער ייִדישער דראַמאַטישער קאָלעקטיוו האָט מיט גרויס דערפאָלג באַוויזן אפן אָוונט פראַגמענטן פון די שטעלונגען „200 000", „הערשעלע אָסטראָפּאָליער", „כעלעמער כאַכאָמים".



דער קאָלעקטיוו פונעם פאָלקס־טעאַטער האָט פײַערלעך אָפּגעמערקט דעם 60־טן געבורטסטאָג פונעם קאָמפּאָזיטאָר שלוימע מייעראָוויטש, וועלכער פירט אָן מיטן אָרקעסטער פונעם טעאַטער.

שוין 40 יאָר, ווי ש. מייעראָוויטש איז טעטיק אין דער קונסט. ער איז דער אַווטאָר פון א ריי אָריגינעלע מוזיקאַלע ווערק. ער האָט אויך מוזיקאַליש באַאַרבעט פיל פאָלקסלידער. איינע פון די בעסטע שאַפונגען פונעם קאָמפּאָזיטאָר איז די מוזיק צו שאָלעם־אַלייכעמס קאָמעדיע „דער אויצער". איצט אַרבעט שלוימע מייעראָוויטש איבער דער מוזיק צום באַלעט „200 000", וועלכן דער פאָלקס־טעאַטער גרייט זיך אופירן.

# דאַוויד בראַמבערג

די לייענער פון „סאָוועטיש היימלאַנד“ קענען דעם דיכטער דאַוויד בראַמ־בערג, וועמעס לידער־ציקלען זיי טרעפן אָפט אף די זײַטן פון אונדזער זשורנאַל. זײַנע שאַפונגען גייען אויך אַרײַן אין דער אַנטאָלאָגיע „האָריזאָנטן“.

ד. בראַמבערג האָט זיך אָנגעהויבן דרוקן אין די דרײַסיקער יאָרן. אף אייניקע לידער זײַנע („מײַן מאַמע האָט געוואָלט זײַן אף מײַן כאַסענע“, „אַ פריילעכס“ אאַ.) איז אָנגעשריבן מוזיק, זיי ווערן אויסגעפילט אף קאָנצערטן פון דער ייִדישער עסטראַדע.

די רעדאַקציע „סאָוועטיש היימלאַנד“ באַגריסט האַרציק דאַוויד בראַמבערגן אין צוזאַמענהאַנג מיט זײַן פופציקסטן געבורטסטאָג.

# זײַן אַף דער ערד

## צו מײַנע ערשטע לערער

גוטמאָרגן, מײַנע לערער,
א גוטמאָרגן!
איך אײַל צו אײַך צוגאַסט.
כ׳זאָל נאָר באַווײַזן...
ס׳איז האַרבסט בא אונדז, ווי דאָרט בא אײַך, אין הײַסין,
די ביימער — שוין אף האַלב אין גאָלד פאַרבערנטע...
דאָס פינפטע צענדליק יאָר
עס בלעטערן זיך אָפּ די ביימער בא מײַן פענצטער.
און יעדעס בלעטל פאַלט אי שווער, אי גרינג.
אין אויער אַלץ דאָס אַלטע שול־גלעקל — עס קלינגט און קלינגט...

פון בלעטער כ׳וועל צונויפשאַרן א הויפן,
דורך גאַסלעך שמאָלע וועל איך לויפן, לויפן,
און אויסזײַן ווו א הויף —
און וויסן, דאַכט זיך, שוין אויך סוידעס אַלע,
און אָנהייבן צוריק
פון אַלעף.

דאָס קרײַד, וואָס אויסגעשריבן האָט איר אף די טאָוולען,
האָט וויפל יאָר געקרישלט זיך און ווײַס געמאַכט בא אײַך די קעפּ.
און איצט איז שפּעטער האַרבסט:
פון ווײַסן קרײַד געוואָרן איז שוין אַש.
און, דאַכט זיך, ערשט ניט לאַנג איר האָט געטוקט זיך אינעם קינדער־ראָש.
און הײַנט זײַט איר אין שטילקײַט שוין פאַרוואַקסן.
איך ווייס:
דער גאַנצער קויעך איז אַרײַן אין אײַך אין די אַקסל...

אָ, ערשטע לערער מײַנע,
גייט נאָך ניט אַוועק.
לאָזט דעם זעקסטן צענדליק יאָר זיך אָנפרעגן בא אײַך דעם וועג.
לאָזט א ביסעלע אײַך שווערער מאַכן
סײַ מיט פריידן, סײַ מיט זאָרגן.
א גוטמאָרגן, מײַנע לערער,
א גוטמאָרגן!

## צו דער פּאַן

אינמיטן שלאַכט — מע דאַרף עס דאָך
פאַרשטיין! —
האָט אַ סאָלדאַט דיך העכער נאָך פון זיך
פאַרהויבן,
און ס'איז די פּאַן שוין איצט ניט דו,
די פּאַן ווערט ער אַליין,
עס מעג דער טויט אים קוקן צען מאָל אין די
אויגן, —

אין גאַנצער גרויס
ער גייט, ער גייט פאָרויס!
דעם סוינעס קויל — זי זוכט, זי נישטערט, ס'איז
א גרויל.
דער טויט אין פויקן פויקט.
דאָס לעבן צײַלט די רעגעס.
זי מיינט דען דיך, די קויל? —
זי מיינט דאָך אים,
דעם פּאַנענטרעגער!

## א יאם־עלעגיע

אנטלײַען איך האָב אָף א כוידעש, ניט מער,
מײַנע אויגן אנטלײַען דעם יאם דעם שווארצן,
און אן אינדזולע ערד, וואָס ליגט נאָענט באם
הארצן,
איז אויסגערונען פון אויג ווי א טרער.

פון טיף פון נעשאָמע דערטראָגט זיך, איך הער,
א געריש, ווי פון מויערקעפּלעך דאָס וויינען,
אלע בריוו דײַנע ליגן לעם מיר, ווי שטיינער,
וואָס דער יאם האָט ארויסגעוואָרפן שווער.

דערטרונקען און ניט דערטרונקען איך ווער,
די כוואַליעס — זיי שלאָגן זיך אָן אין הארצן.
אנטלײַען איך האָב אָף א כוידעש, ניט מער,
מײַנע אויגן אנטלײַען דעם יאם דעם שווארצן.



כירורגן, וואָס לייגן צו מענטשנס געזונט צו א פּלייצע,
זײַט מויכל, וואָס ס'וויל א ניט־ווייסער אײַך געבן אן אייצע:

באנוצט פון ניילאָן ניט קיין פעדעם,
וואָס געגנגלעך אזוי איז אין אונדזער יאָרהונדערט,
באנוצט ניט ניילאָן באם פארנייען א הארץ א פארווונדעטס.
א הארץ א צעריסנס —
מיט פעדעם מיט אנדערע דארף מען פארנייען, —
מיט פריידן פארנייען,
אמאָל אויך פארנייען מיט וויינען...

## א וויגליד דער ערד

שלאָף, מײַן טײַערע, שלאָף,
פארמאַטערט דו ביסט. אָן א סאָף
דו הארעוועסט טאָג און נאַכט,
טאָג און נאַכט ביסטו וואך,
גייסט אָפּ מיטן זיבעטן שוויס,
דו ווילסט זײַן שענער, איך ווייס,
דו וועסט זײַן שענער, איך האָף, —
שלאָף, מײַן טײַערע, שלאָף.

ווארט, איך וועל ברענגען באלד
די לעוואָנע צו דיר, געזאלבט
פון מײַן מענטשלעכן הארץ און פארשטאנד,
און דו וועסט איר געבן דײַן האנט...

שלאָפן דו וועסט, צי ניין?
איך וויל, אז פון דיר זאָל פארגיין
דער וואלקן, וואָס רופט זיך „שרעק“,
און ס'זאָל שוין דער אומרו אוועק...

— „שלאָפן? אָ מענטש, דארפסט פארשטיין:
איך טאָר נאָך ניט שלאָפן, ניין, ניין!
אן אכזער, וואָס רויב איז זײַן ציל,
דערשטיקן מײַן לעבן ער וויל,
פארברענען, צעמאָלן ווי מעל,
מאכן פון מיר א טעל.
כ'שלאָף ניט, מײַן מענטש, דו הערסט? —
דו שלאָפסט דאָך ניט אויך דורך די נעכט...“



צו דער וועלט ביסט צעעפנט, מײַן פענצטער,
ווען לעם דיר עס איז ווארעם די וועלט,
נאָר די קעלט פאר א מײַל דערקענסטו,
און פארשלאָסן דו ווערסט פאר דער קעלט.

ס'איז מײַן הארץ אויך א פענצטער.
געטראָפן האָט א שטיין אין מײַן הארץ, וואָס איז
צארט,
נאָר אפילע אין קעלט איז עס אָפן:
עס וואָלט קאלט זײַן,
ווען ס'הארץ איז פארמאכט...



דער ווייטעק סײַ בא איר און סײַ בא דיר —
ער האָט ניט קיין גערוך און קיין קאָליר.

דעם ווייטעק סײַ בא דיר און סײַ בא איר
בלויז איר אליין, בלויז דו און זי, דערשפירט.

און איך — איך שעפטשע: יענער איז
געבענטשט,
ווער ס'פילט דעם ווייטעק בא א צווייטן מענטש.

## צום פּאַטשט-קעסטל

איך טראכט אמאָל, דו ווייסט, איך טראכט,
אז ענלעך ביסטו צו א מענטשלעך הארץ:

אזויפיל גוטע בסורעס טראָגסט אין זיך,
אזויפיל לייד — כ'האָב זיך גערעכט און ניט גערעכט.

די וועלט איז ניט געמאכט בלויז פון איין פרייד,
די וועלט — זי איז ניט פרײַ פון ווי און לייד.

אין היץ און קעלט, אין רעגן און אין זון
ווי אײַזן קאלט און פונקט ווי שטיין ביסט שטום.

צי עפשער ביסטו גאָר ניט ענלעך אף א מענטשלעך הארץ, —
א הארץ וואָלט פון אזויפיל פרייד און ווי געפּלאצט.

## דאָס לעבן וועט זיך ניט ענדיקן

גליקלעכע מיר זײַנען געקומען,
גליקלעכע מיר וועלן אוועקגיין.
נאָך אונדז וועלן בליִען בלומען,
דאָס לעבן וועט זיך ניט ענדיקן.
מאכט ניט פון אונדז קיין מומיעס,
גיסט ניט פון אונדז מאָנומענטן.
מיר זײַנען געווען מענטשן,
מיר וועלן זײַן צווישן מענטשן.

לאָמיר זײַן שטויבן, רויכן,
זײַן אף דער ערד, אין די הייכן,
פליִען און, שטענדיק באוועגנדיק,
זײַן צווישן לעבנדע לעבעדיק.
שנעל, ווי די פעדעם לײַכטע,
זיך זעצן לעם אויגן באפײַכטע.
אײַנרוימען דיר אפן אויער
פון פרייד נאָר און ניט פון טרויער.
זאָלסט פילן: דו לעבסט, ביסט דערנעבן, —
און ווײַטער און ווײַטער שוועבן
גרינג, ווי די שטויבן, רויכן,
סײַ אף דער ערד, סײַ אין הייכן.

טריבונע פון לעבן

ארן ווערגעליס

# רייזעס

## 2. פוילן

*1*



וילן הייבט זיך אָן אָף דער מיט פון אן אײַזנבאַן־בריק גלײַך נאָך דעם, ווי דער צוג פּאַרלירט פון אויג דעם סעמאַפאָר פון דער סטאַנציע ברעסט, און איידער ער דערזעט טעראַספּאָל. דאָרט צעגיסט זיך דער בוג אין אַ ברייטן לימאַן, אָן אָנגעשפּיקעוועטן מיט אינדזעלעך, אָף וועלכע עס האַלטן זיך אוף ווילדע גענדז. קיינער שיסט זיי דאָ ניט אַראָפּ, די גענדז.

פוילן הייבט זיך אָן אַזוי:

עס רוקט זיך אָפּ די טיר אין קופּע, און אַ יונגער מיליטער־מאַן, אָנגעטאָן אין אַ רעקל מיט אָנגענייטע קעשענעס און אין גאָלף־הויזן, באַווײַזט זיך אָף אַ רעגע און טוט אַ זאָג מיט אַזאַ קאָל, פּונקט ווי ער וואָלט בײַ זיך אין שטוב געעפנט די טיר אָף אַרײַנצולאָזן אַ לאַנג־דערוואַרטן גאַסט:

— דזיען דאָברי, פּאַן גענעראַל.

ער לייגט צו צוויי פינגער צו דער קאָנפעדעראַטקע און גיט אַ קלאַפּ אָן אָפּצאַס אין אָן אָפּצאַס. מיט „פּאַן גענעראַל" האָט ער געמיינט מײַן שאָכן, דעם גענעראַל אַפאַנאַסי דמיטריעוויטש גאַנטשאַראָוו, איינעם מיט וועלכן איך פאָר קיין פּוילן אָף די פײַערונגען פון פאַרלייגן אַ דענקמאָל אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם 20־יאָריקן יובילײַ פון דער באַפרײַונג פון אָשווענטשים. גאָנטשאַראָוו איז געווען דער שעף פונעם שטאַב פון דער נײַנטער אַרמיי, וועלכע האָט זיך אַרײַנגעריסן אין טויט־לאַגער און געראַטעוועט די לעבן־געבליבענע אסירים. טאַקע פון זיי, פון די געראַטעוועטע, גייען אַרײַן אין אונדזער דעלעגאַציע אַלעקסאַנדער לעבעדיעוו, הײַנט דער פאַרטרעטער פונעם הויפּט־רעדאַקטאָר פון דער „מעדיצינסקאַיאַ גאַזעטאַ", און יעקאַטערינאַ בעלאָסטאָצקאַיאַ (אָף דער מילכאָמע און אין טויט־לאַגער האָט זי געטראָגן דעם קאָנספּיראַטיוון נאָמען „נאַטאַשע").

פוילן הייבט זיך אָן מיט נידעריקע לאָקאָמאָטיוון, אַ סאַך קלענערע, ווי בײַ אונדז אָף די סאָוועטישע אײַזנבאַנען, מיט וואַגאָנען פון אָן אַנדער פאָרם, איידער בײַ אונדז. אין די דערבײַיִקע דערפלעך זײַנען די כאַטעס, ווי אָף דער אוקראַיִנע, געדעקט מיט שטרוי, די זעלבע „מאַזאַנקעס", ווי בײַם דניעפּער, נאָר דער טראַדיציאָנעלער קאָסטיאָל אין מיטן דאָרף — דאָס איז שוין פּוילישער קאָלאָריט. ביסלעכווײַז בײַטן זייער אויסזען אויך די שטיבער. אָף זייערע רויט־טשערעפּענע דעכער באַווײַזן זיך טורעמלעך, און פון פּאָרנט, בײַם אַרײַנגאַנג, ווי מיידעלעך בײַ דער מאַמעס פאַרטעך, שטייען מיטן פּאָנעם צו דער גאַס באָזשע מאַטקעס.

בײַ די וואַגאָן־פענצטער קומט פאָר אונדזער ערשטע באַקאַנטשאַפט מיט פּוילן. בעלאָסטאָצקאַיאַ, אַ פרוי אין די פריִע פערציקער, מיט אײַנגעהיטער, ניט געקוקט אָף די שווידערלעכע ניסיוינעס, שיינקײַט, שטייט לעבן מיר אין אַ קאָפּטל אָן אַרבל. אָף איר האַנט — דער אויסגעברענטער לאַגער־נומער 69835. ווען עס הייבט אָן קלאַפּן אָן אַנטקעגנדיקער צוג, קערעווע איך זיך אָפּ פונעם פענצטער און דערזע אָף בעלאָסטאָצקאַיאַס האַלדז אַ רונדן אײַנגעזאָטענעם קאַרב, ענלעך אָף אַ שנירעלע.

— וואָס איז עס פאַר אַ בײַטשל קרעלן, נאַטאַשע? — שרײַ איך איבער דאָס קלאַפּן פונעם צווייטן צוג.

אין אַ רעגע אַרום לויפט ווידער אָן אָף די פענצטער די ליכטיקײַט, עס שטילן זיך אײַן די רעדער, און בעלאָסטאָצקאַיאַ ענטפערט מיט אַ רויִק קאָל:

— מע האָט מיך אין מינסקער געסטאַפּאָ אופגעהאַנגען, איז אָפּן האַלדז געבליבן דער סימען...

און איך דערוויס זיך:

אָנהייב מילכאָמע האָט בעלאָסטאָצקאַיאַ, צוזאַמען מיט אַנדערע קאָמסאָמאָלקעס, געלערנט אין אַ שול פון אויסשפּירער־דעסאַנטלער. זי איז געווען סטאַראָסטע פון דעם קלאַס, אין וועלכן ס'איז אָף איינער פון די פּאַרטעס געזעסן זאָיאַ קאָסמאָדעמיאַנסקאַיאַ.

קאַטיושען — „נאַטאַשען" האָט מען אין אַ פינצטערער נאַכט אַרויסגעוואָרפן אָף אַ פּאַראַשוט ניט ווײַט פון מינסק, און דערנאָך האָט זי אָף דער אָקופּירטער ערד געטאָן די אַרבעט, וואָס דאָס היימלאַנד האָט איר געהייסן טאָן. אויסגעגעבן האָט זי אַ באָכערל, וועמען זי אַליין, נאַטאַשע, האָט געראַטעוועט לויט דער באַקאָשע פון די באַלעבאַטים פון דער קוואַרטיר, ווו זי איז אײַנגעשטאַנען. דאָס באָכערל איז געווען אָן אַגענט פון געסטאַפּאָ.

ווען נאַטאַשע דערציילט, וויאַזוי מע האָט זי געפּײַניקט, איז שווער צו זאָגן, וואָס עס ווילט זיך אין אָט דער מינוט טאָן. ניין, ניט טרייסטן זי און ניט שרײַען אַליין פון ווייטיק. קאָן זײַן, אַז עס כאַפּט אָן אַ פאַרלאַנג זיך צושפּאַרן צו דער וואַנט און איבערכאַפּן דעם אָטעם. די הענקער האָבן פאַרשטאַנען, אַז עס איז געבליבן אויסצופּרוּוון דאָס לעצטע מיטל. זיי האָבן זי צוגעפירט צו דער טליִע, וואָס איז געשטאַנען אין דער פּײַניקונגס־קאַמער, און געפרעגט:

— לייקנסט נאָך אַלץ, אַז דו ביסט די סאָוועטישע אויסשפּירערן נאַטאַשע?

— איך בין ניט נאַטאַשע, — האָט געענטפערט נאַטאַשע.

מע האָט איר באַפוילן זיך אויפהייבן צום שטריק. מע האָט זי אויפגעהאַנגען.

שפּעטער האָט זי זיך דערזען ליגן אויף אַ טאַפּטשאַנדל אין דער זעלבער פּײַניקונגס־קאַמער. מע האָט זי אַראָפּגענומען פון דער טליִע און ווידער געבראַכט צום באַוווּסטזײַן.

— איצט לייקנסטו נאָך אַלץ, אַז דו ביסט די סאָוועטישע אויסשפּירערן נאַטאַשע?

— איך בין ניט נאַטאַשע.

— מיר וועלן דיך נאָכאַמאָל אויפהענגען.

— איר קאָנט מיך אויפהענגען צען מאָל נאָכאַנאַנד, נאָר איך בין ניט נאַטאַשע, — האָט געענטפערט נאַטאַשע.

די געסטאַפּאָווצעס זײַנען אָפּגעטראָטן! אויף זייער אופן, פאַרשטייט זיך. מע האָט דאָס מיידל ניט אויפגעהאַנגען, נאָר דעפּאָרטירט קיין אָשווענטשים, אין פרויען־לאַגער בירקענאַו (בזשעזינקי)...

אין וואַרשע, אויפן גדאַנסקער וואָקזאַל האָבן די דעלעגאַציע סאָוועטישע מילכאָמע־וועטעראַנען באַגעגנט אַ פּאָר צענדליק טוער פונעם פּוילישן „סבאָוויד" (פאַרבאַנד פון קעמפער פאַר פרײַהײַט און דעמאָקראַטיע) בעראָש מיטן אָנפירער פון דער וואַרשעווער אָפּטיילונג, בריגאַדע־גענעראַל יוזעף פּעטשאַק.

עס האָט זיך אָנגעהויבן אונדזער ערשטער טאָג אין וואַרשע, דער פרילינגדיקער 10 אַפּריל 1965.

פּאַן זביגניעוו קוניצקי, דער באַגלייטער פון אונדזער דעלעגאַציע, אַנטשפּרעכט אויף אַזויפיל מײַן פאָרשטעלונג וועגן אַן אינטעליגענטן פּאָליאַק פון אַמאָליקן שניט, אַז ער האַלט אין איין וועקן בא מיר נײַגער, און ווען איך קוק אויף עפּעס, שטייענדיק לעבן אים, שטערט ער מיר, ווײַל איך קוק מערער אויף אים, איידער אַהין, וווּהין איך דאַרף קוקן.

פּאַן קוניצקי איז שוין אַלט, אָבער ער איז לעבנסלוסטיק ווי אַ יונגערמאַן. אַ קליינטשקער, אַ דאַרער, אַן עלעגאַנטער, שטעלט ער זיך מיטאַמאָל אָפּ אינמיטן גאַס און נעמט דערציילן וועגן זיך: „איך האָב מיטן גאַנצן האַרצן געדינט דער לאָנדאָנער רעגירונג, געווען דאָרט דער געהילף פונעם קולטור־מיניסטער. אָבער גלײַך, ווי כ'האָב דערפילט, אַז יענע רעגירונג האָט מער אין זינען לאָנדאָן, איידער וואַרשע, בין איך אָן וואַקלענישן אריבערגעגאַנגען קיין וואַרשע..."

פּאַן קוניצקי ווייסט גוט, אַז אַ גענעראַל איז גרעסער אין ראַנג, איידער אַ פּאָעט, און אַז אַ פרוי איז נאָך וויכטיקער ווי אַ גענעראַל. מיר מעגן צוגיין צו אונדזער מאַשין אַפילו אַזוי, אַז איינער איז אָפּגעטיילט פונעם צווייטן אויף עטלעכע מעטער, כאַפּט ער פריִער אַרויס פון צווישן אונדז און לאָזט דורך אין דער מאַשין נאַטאַשען, דערנאָך זאָגט ער מיט צערעמאָניע „טאָוואַרישטש גענעראַל"... און ערשט דעמלט טוט ער פרייִלעך אַ קנאַק מיט די פינגער צו לעבעדיעוו און צו מיר.

פּאַן קוניצקי פירט אונדז אַרום איבער וואַרשע. שווער אַריבערטראָגן זיך אין די געדאַנקען אויף די כורוועס פונעם 1945, ווײַל אַרום אונדז שפּיגלט זיך אין דער זון און קלינגט מיט בעטאָן, שטאָל, גלאָז און שטיין די וואַרשע־שטאָט פון 1965.

אונדזער באַגלייטער — ניט ער ווײַזט אונדז אָט די אויסטערלישע שטאָט, נאָר ער זינגט זי אויס. מיר שפּאַצירן איבער דער אויאַזדאָווער אַליי, און פּאַן קוניצקי שרײַט אויף אַ קאָל: „איר זעט? — אויך די ביימער, פאַרשניטענע פון דער אַרטילעריע, האָבן מיר ר ע ס ט א ו ו ר י ר ט!" „רעסטאַווריִרט"... אין וואַרשע קאָן מען דאָס דאָזיקע וואָרט הערן קימאַט אַזוי אָפט, ווי דאָס וואָרט „וואַרשע" אַליין. מע האָט רעסטאַווריִרט מיט אַלע פּישטשעווקעס הונדערטער הײַזער. אַפילו די לייבן און די פייגל אויף די פראָנטאָנען. אַפילו די שטאַכעטן פון אַ ווײַטן יאָרהונדערט. אַפילו די לאָדן, די אײַזערנע האַשעקעס איבער די טירן בא די הײַזער אין סטאַרע מיאַסטאָ. די פאַשיסטן האָבן אויפגעריסן און אַרויסגעפירט דעם דענקמאָל קאָפּערניקן. אָבער אָט, טוט נאָר אַ קוק! — באַם סטאַשיץ־פּאַלאַץ שטייט ווידער אויף זײַן אָרט דער בראָנזענער ניקאָלײַ קאָפּערניק און קוקט פונדאַנען אויף דער פולשטענדיק אויפגעשטעלטער (רעסטאַווריִרטער!) אַלטער היסטאָרישער גאַס קראַקאָווסקע פּשעדמעסטשיע.

און ניט נאָר מיט דעם רעסטאַווריִרטן אָוואַר גרויסט זיך וואַרשע, ניט נאָר מיט דער קאָלאָנע פונעם קיניג זיגמונד אויפן זאַמקאָווער פּלאַץ, ניט נאָר מיטן פּאַלאַץ פון די מאַלאַכאָווסקיס, וואָס איז אַ מוסטער פונעם ראָקאָקאָ־סטיל. וואַרשע פאַרגעסט ניט צו באַווײַזן אויך איר נײַע אַרכיטעקטור. דאָס הויז פון דער פּאַרטיי, אָדער, ווי מע רופט עס, דאָס „אַלגעמיינע הויז" — אַ פונדאַמענטאַל און איינצײַטיק עלעגאַנט געבײַ, פול מיט זון און מיט לופט — איז אויפגעבויט אויף די זלאָטעס, וואָס עס האָבן צונויפגעזאַמלט די מיטגלידער פון דער פּוילישער אַרבעטער־פּאַרטיי. וואַרשע גרויסט זיך מיטן גראַנדיִעזן קולטור־פּאַלאַץ — אַ מאַטאָנע פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד, מיט דעם געבײַען־קאָמפּלעקס אויף דעם דאָמבראָווסקי־פּלאַץ, מיט דער פײַערלעכער און גרויס־קראַכישער, צוגעפּוצטער און שטרענגער, פרייִלעכער און צוריקגעהאַלטענער מאַרשאַלקאָווסקי־גאַס.

פון דעם פּאַן קוניצקי שרײַט מאַמעש אַרויס דער קונדעס. שטייענדיק בא איינער אַ קלייט, ווײַזט ער אונדז אָן אויף אַ נעאָנאָוון אויפשריפט „1001 drobiazgów".

— דאָס באַטײַט, — זאָגט ער, — טויזנט און איין קלײניקײַט... בא אײַך אין מאָסקווע איז אויך פאַראַן אַזא מאַגאַזין, ער הייסט „1000 קלײניקײַטן“. די טויזנט ערשטע קלײניקײַט בא אונדז אין וואַרשע איז יענע קלײניקײַט, וואָס ליידער פעלט זי בא אײַך אין מאָסקווע...

נו, מײלע, אַזוי ווײַזט זיך דער מילדער וואַרשעווער פּאַטריאָטיזם...

— זביגניעוו קאַזימיראָוויטש, — רופט זיך אָן צו קוניצקין דער גענעראַל גאָנטשאַראָוו, — מיר האָבן נאָך ניט געזען די ייִדישע וואַרשע...

— פאָרן מיר טאַקע אין מוראַנאָווער ראַיאָן, דאָרט איז געווען די געטאָ.

אַפאַנאַסי דמיטריעוויטש דערציילט, אַז וועגן אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ זײַנען צווישן די אָנגרײַפנדיקע סאָוועטישע סאָלדאַטן אַרומגעגאַנגען לעגענדעס. אַלעקסאַנדער לעבעדיעוו גיט צו:

— בא אונדז אין אָשווענטשים פלעגט מען פון בלאָק צו בלאָק איבערגעבן די נײַעס פון מוראַנאָוו. שפּעטער האָט מען אָנגעהויבן ברענגען פון דאָרט די געפאַנגענע. יאָ, מיר האָבן זיי גערופן אַזוי, ווי מע רופט סאָלדאַטן, גענומענע אין שלאַכט־פעלד קריגסגעפאַנגענע האָבן מיר זיי גערופן...

— די ייִדישע וואַרשע, פרעגט איר? — זעצט פאָר פּאַן קוניצקי. — פאַר אונדז איז עס אַ בלעטל געשיכטע פון דער הויפּטשטאָט. אָט נעמט, לעמאָשל, די דאָזיקע גאַס, — מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט אויף דער אַנילעוויטש־גאַס, — ניט צופעליק איז די אַלטע גענשע אָנגערופן געוואָרן מיטן נאָמען פונעם קאָמענדאַנט פון דער ייִדישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע אין געטאָ... גענשע־גאַס, נאַלעווקעס, נאָוואָליפּקי — נאָך פון נאַפּאָלעאָנס צײַטן איז דאָ געווען דער ייִדישער קוואַרטאַל.

פאַן קוניצקיס קאָל איז וואַרעם און היימיש:

— קומט צו די נאַלעווקעס. די גאַס, אויף וועלכער עס הייבן זיך אָן די ייִדישע וואָרצלען אין פּוילן, האָט גענומען איר נאָמען פונעם אוקראַיִנישן אַטאַמאַן סעמען נאַליוויַיקאָ. יאָ, יאָ! מע האָט אים געבראַכט קיין וואַרשע נאָכן אונטערדריקן זײַן קאָזאַקישן אויפשטאַנד. דאָ, לעבן אַ קלויסטער, צווישן גערטנער און הײַזקעס, האָט מען אים באַערדיקט, דעם אומגעבראַכטן בונטאַרישן אַטאַמאַן...

די מאַשין מאַכט אַ קרײַז אַרום אַנילעוויטשעס בונקער, אַרום דעם דענקמאָל די העלדן פון וואַרשעווער געטאָ. ס'איז שוין פאַרנאַכט. מיר שפּאַנען איבער די אַלטע גאַסן, אויף וועלכע צענדליקער הויכע נײַע געבײַען האָבן צעגאָסן זייער שײַן. מיטאַמאָל — אַ שטיק סטאַרטשענדיקע פון דער סאַמע ערד, צעשטשערבעטע, פאַרצויגענע מיט גרויקײַט אין דער אָוונטיקער טונקלקײַט, וואַנט, וועלכע די בויער פון וואַרשע, אײַנגעליבטע אין רעסטאַווראַציע, היטן אָפּ, ווי אַ טײַערן סימען.

איך גיי צו צו דער וואַנט און אויפן סאָלדאַטישן אויפן דריק איך צו צו איר דעם שטערן.

*2*

באַנאַכט זײַנען מיר אָפּגעפאָרן קיין אָשווענטשים.

צווישן די פּאַסאַזשירן פון אונדזער צוג זײַנען בלויז צוויי — גאָנטשאַראָוו און איך — ניט געווען מיט צוואַנציק יאָר צוריק פאַרשפּאַרט אין טויט־לאַגער. די עטלעכע הונדערט מאַנצבילן און פרויען, פאַרזאַמלטע פון פּוילן, פראַנקרײַך, האָלאַנד, סאָוועטנפאַרבאַנד, ייִסראָעל, גריכנלאַנד, טשעכאָסלאָוואַקיע, אונגאַרן און אַנדערע לענדער, זײַנען דאָ פאַרבונדן צווישן זיך מיט יענער טראַגישער היימישקײַט, וואָס טרעפט, ווײַזט אויס, בלויז צווישן געוועזענע קאַצעטלער.

אַ גאַנצע נאַכט שלאָפט מען ניט.

— לאָמיר זיך צוזעצן אויף דער נאַרע... — זאָגט איינער צום אַנדערן, אָנווײַזנדיק אויפן געלעגער אין וואַגאָן־קופּע.

מע זעצט זיך צו, מע רעדט, מע רעדט, מע רעדט...

— היי, דו, מוזעלמאַן[1], אויב דו דערוויסט זיך, ווען מיר קומען אויפן אָרט, האָסטו אַ טעלער בונאַזופּע[2], — רופט זיך אָן מיט אַ שמייכל אַלעקסאַנדער לעבעדיעוו צום איצטיקן מיניסטער פון שיף־פאַרקער פון דער פּוילישער פאָלקס־רעפּובליק יאַנוש בוראַקעוויטש.

— אַ טעלער בונאַזופּע? — פרעגט איבער בוראַקעוויטש, — אײַ, אײַ, מײַן הער, גיכער פון אַלץ באַקום איך אַ Genickschuss[3].

מע צעלאַכט זיך. הײַנט קאָן מען מיט אַזעלכע ווערטער זיך מאַכן פריילעך...

דער געוועזענער קאַצעטלער יאַנוש בוראַקעוויטש לאָזט אָבער ניט לעבעדיעווס פראַגע אָן אַן ענטפער. אָט וויִאַזוי ער באַצייכנט די צײַט, ווען מיר קומען אָן קיין אָשווענטשים:

— אונדזער צוג וועט גיין ניט אין אויוון אַרײַן, נאָר אויף אַרבעט...

דאָס הייסט, אַז מיר קומען אָן קיין אָשווענטשים פאַרטאָג. אין טויט־לאַגער איז געווען אַזאַ סיידער: די באַנאַכטיקע עשעלאָנען פלעגן גלײַך אָפּגעשיקט ווערן אין קרעמאַטאָריע, די אינדערפרײַקע — אויף אַרבעט.

---

[1] Muselmann – אויף דעם לאַגער־זשאַרגאָן אַ קאַצעטלער אין דער לעצטער סטאַדיע פון הונגער־אויסגעשעפּטקײַט.

[2] Bunassuppe – אַ מין באַלאַנדע, געקאָכט אויף קאַרטאָפל־אָפּפאַלן.

[3] אַ קויל אין נאַקן.

א גרײַז־גראָווע ייִדישע פרוי פון האָלאַנד זעצט זיך אויך צו אף דער „נארע“ און הייבט אָן שטיל זינגען, קוקנדיק מיט דורכדרינגלעכע „נו, דערמאָן זיך“־אויגן אף נאטאשע בעלאָסטאָצקאיא:

O du, mein Bubikopf,
Im Lager Auschwitz war ich zwar
So manchen Monat, so manches Jahr[1]...

— יאָ, ריווקע, יאָ... — זאָגט שטיל נאטאשע, — די עסעסאָווצעס פלעגן שטארק שלאָגן, אויב עמעצער אין קאראנטין האָט ניט פארגעדענקט די ווערטער פון אָט דעם באנאלן דײַטשישן לידל... און אײַך, די ייִדן, פלעגט מען לערנען זינגען א צווייטע... א כויזעק־ליד...

— O du, mein Jerusalem[2]... — דערמאָנט זיך גלײַך ריווקע די האָלענדערן.

און איך, וואָס איך זיץ דאָ דערבײַ, דערזע מיטאמאָל א וואלד אין א גרויסער־גרויסער ווײַטעניש, א וואלד, פארשנייט און פארשאָטן, פארוויינט און פארהוקעט, און איך זיץ מיט מײַנע אַדנאָפּאָלטשאַנעס[3] ארום א פארטאָפּטשעטן שײַטער. מיר זײַנען אָנגעטאָן אין ווײַסע פעלצלעך, מיר זײַנען הונגעריק און ניט געגאָלט. מיר וועלן באלד אטאקירן דאָס שטעטל, פיר—פינף וויאָרסט פונעם וואלד. דאָרט איז א פאשיסטישער צוואנגס־לאגער. מיר זיצן באַם פארלאָשענעם שײַטער און, קעדיי דערוואַרעמען מיט האס די הערצער, מורמלען מיר אין דער שטיל:

Вставай, страна огромная,
Вставай на смертный бой...[4]

די נאכט לויפט דורך ווי א כאָלעם. איך גיי ארויס אין קאָרידאָר פון וואגאָן זיך אָפּצופרישן באַם אָפענעם פענצטער. דאָ איז פול מיט מענטשן. „כאַווער גענעראל, — רעדט עמעצער צו גאָנטשאראָוון, — כאַווער גענע־ראל... ווען איר וואָלט געקומען מיט צען טעג פריִער... מיט צען טעג! כאַווער גענעראל, פון דעם 18־טן ביזן 25־טן יאנואר האָבן די דײַטשן ארויסגעפירט פון אָשווענטשים אכט און פופציק טויזנט קאצעטלער... די גע־זונטע... מע האָט זיי אפן וועג אומגעבראכט... איבערגעלאָזט האָט מען זעקס טויזנט קראנקע... כאַווער גענעראל, איר האָט געעפנט די טויערן דעם 27־טן יאנואר... עך, ווען איר קומט מיט צען טעג פריִער...“

גאָנטשאראָוו שטייט באַם אָפענעם פענצטער. די מילך־שײַן פונעם פארטאָג פאלט אף זײַנע פעלד־פאָגאָנעס, אפן גרינעם פראָנט־מונדיר, וואָס ער האָט, ווײַזט אויס, בעקיוון אָנגעטאָן איצט, אפן וועג צום טויט־לאגער אָשווענטשים. ער איז אָן א היטל, דער גענעראל, און דאָס גיט צו זײַן פארזאָרגט פּאָנעם אזא אויסדרוק, פונקט ווי ערשט איצטער שטייט פאַר צו באשליסן: זיך דורכרײַסן צו אָשווענטשים מיט צען טעג פריִער, אָדער מיט צען טעג שפּעטער...

— הארציקער מײַנער, — רעדט ארויס פארקלעמט גאָנטשאראָוו, — מיר האָבן ניט געהאט אין דער נײַנטער ארמיי קיין פאראשוטיסטן, פארשטייסט עס? ס'איז שוין געווען סאָף מילכאָמע, די ווונדן באַם סאָוועטישן פאָלק האָבן זיך געלאָזט פילן... דו פארשטייסט עס? מיר זײַנען געגאנגען מיט טאנקען איבער אָט די זומפּיקע ערטער, און פריִער זיך דורכרײַסן האָבן מיר... פארשטייסט עס, הארציקער מײַנער? מיר האָבן ניט געקאָנט...

אפאנאסי דמיטריִעוויטש נעמט ארויס פון פלאנשעט א פעלד־מאפּע.

— זע, — זאָגט ער מיט אָן אײַנגעהאלטענעם טרויער אין קאָל, — מיר זײַנען געגאנגען פונעם סאנדאָמי־רער פּלאצדארם... מיר האָבן ניט באוויזן איבערכאפּן דעם אָטעם נאָך די בלוטיקע שלאכטן. די דײַטשן האָבן זיך געקלאמערט פאר יעדן בערגעלע, פאר יעדן בלאָטקעלע... פון קראָקע ביז אָשווענטשים זײַנען מיר געגאנגען ניט מער, ווי צו צען־צוועלף קילאָמעטער א טאָג...

דער מענטש, וואָס רעדט מיט גאָנטשאראָוון, שטייט אָנגעשפּארט אף קוליעס. ער הוסט, כאַפּט אלע מאָל ארויס א טיכעלע און לייגט עס צו צום מויל. נאָך דער באפרײַונג פון אָשווענטשים זײַנען בא אים פאראליזירט געוואָרן ביידע פיס. ער איז קראנק אף שווינדזוכט. א סאָוועטישע מעדיצין־שוועסטער פון דעם גענעראל גאָנטשא־ראָווס ארמיי האָט אים געפונען שוין צווישן די טויטע. א קליינינקע, א דארינקע, מיט קויכעס פון א קינד, האָט זי אים, דעם דרײַסיקיאָריקן מאנצבל, וואָס האָט געוויגן ווייניקער פון איר, גענומען אף די הענט און דרײַ קילאָ־מעטער געטראָגן קיין בזשעזינקי, וווּ ס'איז אין יענעם טאָג געשטאנען דער לאזארעט...

אין דרויסן איז שוין אינגאנצן ליכטיק. מיר פאָרן צו צו דער באן־סטאנציע אָשווענטשים. דאָס ערשטע, וואָס איך דערזע: א הויכער קוימען שטארצט אײַנזאם אין הימל. „וואָס איז עס, א קרעמאטאָריִ?“, — טו איך בא עמעצן א פרעג. „ניין, ס'איז דער אָשווענטשימער כימישער זאַוואָד, די גרעסטע אונטערנעמונג אין שטאָט...“

א שטאָט? א זאַוואָד? אין אָשווענטשים ווױנען מענטשן?

איך הייב אוף די אויגן און דערזע:

---

[1] אָ, דו, מײַן פארשײַט מיידל,
אין לאגער אָשווענטשים בין איך געווען
א געוויסן מאָנאט, א געוויסן יאָר.

[2] אָ, דו, מײַן יערושאָלאיִם...

[3] סאָלדאטן, וואָס דינען אין איין פאָלק.

[4] שטיי אוף, מעדינע מעכטיקע,
שטיי אוף צום טויט־געפעכט... (שורעס פון א רוסישער ליד, וואָס איז געווען שטארק פּאָפּולער אין די יאָרן פון דער גרויסער פאָטערלענדישער מילכאָמע).

א שטאָט, ווי אַלע שטעט. אַ מאָדערנער וואָקזאַל — בעטאָן און גלאָז. אויף די טרעפּ, וואָס פירן צום צווייטן שטאָק, — מיידלעך אין רויטע און בלויע זאָקן. עטלעכע מאַנצבלען און פרויען וואַרטן אויף דער פּלאַטפאָרמע.

די געוועזענע קאַצעטלער גייען אַרויס פון די וואַגאָנעס. אין שפּאַס טרייַבט מען זיך אַליין אונטער מיטן ביטערן וואָרט: — ראוס! ראוס!

אָשווענטשים איז אויסגעפּוצט מיט פאָנען און טראַנספּאַראַנטן. די שטאָט שלאָפט שוין ניט. דער פּלאַץ באַם וואָקזאַל איז פול מיט מענטשן. מע באַגעגנט די געוועזענע אָשווענטשימער אַרעסטאַנטן.

נאָכן פרישטיק לאָזן מיר זיך אַוועק אין לאַגער, אין דער פאָרשטאָט זאַסאָלע.

אָשווענטשים איז בייס דער מילכאָמע ניט רויִנירט געוואָרן. עס לעבן דאָ אַרום צוועלף טויזנט אייַנוווינער. מיר גייען פאַרבייַ אַ קינדערגאָרטן. באַם סאַמע טויט־לאַגער שטייען זאַמד־קאַסטנס, אַרום וועלכע קינדער שפּילן זיך. און אויך עטלעכע הוידלקעס זייַנען דאָ פאַראַן, און דאָס קליינוואַרג ווייסט נאָך מיסטאָמע ניט, אַז אויף יענער זייַט הויכער וואַנט, סאַכאַקל אַ צוויי—דרייַ הונדערט מעטער פון די הוידלקעס, שטייט נאָך ביז איצט אַ טליִע, אויף וועלכער די געהאַנגענע ייִדעס און באָבעס האָבן, ניט דערגרייכנדיק מיט די פיס צו דער ערד, פריִער זיך אַ פּאָר מאָל אַהער־אַהין אַ הוידע געטאָן און שפּעטער שוין געבליבן הענגען מיט אויסגעצויגענע הענט און פיס, ווי אָט די ליאַלקעס אין קינדערגאָרטן, וואָס באָמבלען זיך אויף ווייַסינקע שטריקעלעך.

מיר זאָל זייַן פאַר אייַך, קינדערלעך, גרינגע פּלאַטערלעך... ווען מע זאָל מיך לאָזן, וואָלט איך אייַך אַוועקגעפירט זיך שפּילן אויפן צווייטן ברעג ווייַסל, אין פעלד אַרייַן, אין וואַלד אַרייַן, ווייַטער פון אָט דעם אָרט, ווייַטער פון אָט דעם גרויל. נאָר אויב דאָ איז אייַער היים און אויב איר האָט דאָ זאַמד־קאַסטנס און הוידלקעס, איז שפּילט זיך געזונטינקערהייט. און מיך לאָזט דערווייַל דורך אַהין, אויף יענער זייַט וואַנט, וועל איך שפּעטער, ווען איר וועט אונטערוואַקסן, אייַך דערציילן, וואָס איך האָב דאָרט געזען...

צום טויער פון טויט־לאַגער זייַנען מיט דייַטשישער אַקוראַטקייַט צוגעפּעסטיקט דרייַ ווערטער, אויסגעשמידטע פון מאַסיוון אייַזן: „Arbeit macht frei"[1].

דאָס איז געווען נאָך איין עסעסישער שווינדל, פּונקט ווי דאָס שפּילן פונעם אָרקעסטער באַם טרייַבן די אומגליקלעכע אויף צוואַנגס־אַרבעט...

— כאַווערים, מיר געפינען זיך אויפן קייווער פון פיר מיליאָן מאַרטירער. — מיט אָט די ווערטער האָט אונדז באַגעגנט אין דער „אָפיצערישער צוזאַמענוווינונג", וואָס שטייט באַם סאַמע טויער פונעם טויט־לאַגער, דער פּרעמיער־מיניסטער פון פּוילן יוזעף ציראַנקעוויטש, אַ געוועזענער אָשווענטשימער געפאַנגענער.

אין דרויסן איז געווען אַזוי שטיל, אַז ווען מיר, אַ מענטשן צוואַנציק פאַרזאַמלטע אין דער „אָפיצערישער צוזאַמענוווינונג", זייַנען געגאַנגען צום אַרויסגאַנג, האָב איך אַ טראַכט געטאָן: געשיקט זיך, אַז מע וועט לייגן דעם שטיין פאַרן דענקמאָל די קאָרבאָנעס פון אָשווענטשים באַ אַזאַ קליינעם אוילעם? אַזוי שטיל איז געווען אין דרויסן! און ווען איך בין אַרויס דורך דער אָפענער טיר, האָב איך אַ ציטער געטאָן. פופציק טויזנט מענטשן זייַנען געשטאַנען מיטן פּנים צו די גרויסע לאַגער־בלאָקן — די אויגן אָפן, די ליפּן צוגעשלאָסן...

ווען די פייַערלעך־טרויעריקע מאַניפעסטאַציע האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף דעם געוועזענעם אָשווענטשימער אַפּעל־פּלאַץ, לעבן דעם זעקס־און־צוואַנציקסטן בלאָק, און אויף דער טריבונע איז צום מיקראָפאָן צוגעגאַנגען ציראַנקעוויטש, האָט זיך דערהערט אַן אַליאַרעם־רוף פון פאַבריק־סירענעס, באַגלייט מיט דעם פייַפן, וואָס האָט בעשייַטע געהאַט גערופן די אַרעסטאַנטן אויפן אַפּעל...

איצט, ווען איך דערמאָן זיך אין אָט די צוויי רופנדיקע, יאָמערנדיקע, ווי דינע שאַרפע ריטלעך איבערגעפלאָכטענע קלאַנגען, טראַכט איך: דאָס איז געווען אַ גענִיאַלער געדאַנק, וואָס האָט מעגלעך געמאַכט, אַז עס זאָלן אין איין אויגנבליק זיך אויסשפּרייטן צוויי פאַנטאַסטיש־מעכטיקע פליגל: אויף איינעם ווערט די אָשווענטשים־טראַגעדיע פונעם 1940—1945 אַראָפּגעבראַכט צו אונדז אין 1965, ווי אַ פייַנלעכע דערמאָנונג, און אויפן צווייטן פליגל קומט דאָס יאָר 1965 און אין קרעפטיק פאַרבייַלטע הענט נעמט עס איבער פון די פאַרשטאַרט־אויסגעשטרעקטע הענט פון אָשווענטשים די צוואָע: קיינמאָל זאָל אַזוינס מער ניט געשען! קיינמאָל מער!

נאָך ציראַנקעוויטשעס און גאָנטשאַראָווס רעדעס קומט די ריי פון דעם אַפּעל לעקאָוועד די קדושים, וועלכן עס לייענען אונטערן שרויט פון מיליטערישע פייַקלעך דער רעקטאָר פונעם וואַרשעווער אוניווערסיטעט געוועזענער לאַגער־געפאַנגענער פּראָפ. סטאַניסלאַוו טורסקי און דער גענעראַל עוגעניוש קושקאָ. דער אַפּעל איז שעקספּיריש לויט זייַן דראַמאַטישקייַט: די צוזאַמענשטויסן פון טויט און לעבן, פון דערהאַרגעטע און זייערע מערדער, פון גוטס און שלעכטס. „אייַך רוף איך, דערמאָרדעטע... איך רוף אייַך, אומגעבראַכטע אין די טפיסע־קאַזעמאַטן און אויף די גאַסן פון שטעט... אייַך, דערשאָסענע באַ דער טויטן־וואַנט אין אָשווענטשים און אין באַבי־יאַר הינטער קיִעוו... איך רוף אייַך, פאַרפּייַניקטע מיט שטעקנס אין וועג, באַ דער אַרבעט און אויף די אַפּעל־פּלעצער... איך רוף אייַך, געשטאָרבענע פון אויסשעפּונג, פאַרפרוירענע אויף די וועגן, דערשאָסענע אין די ריוון. אייַך רוף איך, מאַרטירער פון לענינגראַד און פאַרמישפּעטע אויף הונגער־טויט אין די געטאָס, אייַך, אויסגעהונגערטע אין די קאַרצערס, אייַך, געפאַלענע בייס דער עוואַקואַציע פון די לאַגערן... איך רוף אייַך, קאָרבאָנעס פונעם שרעקלעכסטן פאַרברעכן. אייַך, וואָס זייַנען „אַוועק דורכן קוימען", אייַך רוף איך, פאַרסאַמטע מיט דיזעל־גאַז פון אַוטאָס און מיטן גאַז ציקלאָן... איך רוף אייַך, דערמאָרדעטע, אייַך אַלעמען — צוואַנציק מיליאָן קאָרבאָנעס פונעם שרעקלעכסטן פאַרברעכן, צוואַנציק מיליאָן קאָרבאָנעס פון פאַשיזם. איך רוף אייַך אַלעמען: קאָמוניסטן און גאַלאָכים, פּאָליאַקן און פראַנצויזן, רוסן און ייִדן, יוגאָסלאַוון און מאַדיאַרן, זקיינים און קינדער — קאָרבאָנעס פון דעם זעלבן פאַרברעכן, פאַרייניקטע דורכן טויט... איך רוף אייַך, געשטאָרבענע, קעדיי עס זאָלן הערן די לעבעדיקע..."

און גלייַך ווי באַם פּראָפעסאָר טורסקי וואָלטן שוין אויסגעגאַנגען די קויכעס און ער קאָן מער ניט פאַר־

---

[1] אַרבעט מאַכט פרייַ.

זעצן ווײַטער די קלאָג־ליד פון דער מענטשהײַט, שטעלט ער זיך אָפּ, א בלאַסער, א דערשיטערטער, און דעם אפּעל זעצט פאַר דער גענעראַל קושקאָ:

„איך אַלעמען, קאַמפּס־כאַווערים — ארעסטאַנטן, וואָס האָבן געקעמפּט, ווי סאָלדאַטן, סאָלדאַטן, וואָס זײַנען געשטאָרבן אלס ארעסטאַנטן. איך רוף אײַך, די, וואָס האָבן קיינמאָל ניט שאָלעם געמאַכט מיטן פאַר־ברעכן. איך רוף אײַך, סאָלדאַטן פון דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג אין אָשווענטשים און בוכענוואַלד, אײַך, אופּ־שטענדלער פון טרעבלינקע, פון ווארשעווער און ביאַליסטאָקער געטאָ... איך רוף אײַך, געפאַלענע העלדן פון דעם 1־טן אוקראַיִנישן פראָנט, סאָלדאַטן פון דער סאָוועטישער דיוויזיע, וואָס האָבן אופגעבראָכן דעם אָשווענטשי־מער טויער און פארלאָשן די קרעמאַטאָריעס... אײַך רוף איך — שטייט אוף און זאָגט אײדעס: וואָס פאַר א גורל מענטשן זאָלן ניט פארגרייטן פאַר מענטשן, איז אויך אין דעם מענטשנס קויעך דעם דאָזיקן גורל צו ענדערן”...

און פראָפעסאָר טורסקי, שוין א באַרויִקטער, א גרויזאַמער, ענדיקט דעם אַפּעל: „הערט אויס איר אַלע, וואָס איר זײַט געווען באַדראָעט צו פארטיליקט ווערן! הערט אויס, איר, טעכטער און זין פון די געפאַלענע און אויסגעמאָרדעטע! הערט אויס איר אַלע, וואָס איר האָט האָנאָע פון דער זון, פונעם לעבן, איר, וואָס איר ליבט און לעבט און באַגערט! הערט אויס איר אַלע, וואָס איר ווילט דאָס אַלץ ניט פארלירן! אין נאָמען פון אײַערע נאָענטע, אָף וועלכע איר וואַרט אָן האָפענונגען, אין נאָמען פון די, וועמעס קערפּערס עס זײַנען פארוואַנדלט געוואָרן אין אַש, אין נאָמען פון די, נאָך וועלכע עס איז אפילע קיין נאָמען ניט פארבליבן — אין נאָמען פון זיי אַלעמען באַשווער איך אײַך: געדענקט און לאָזט קיינמאָל ניט פארגעסן! אין נאָמען פונעם גליק, דעם ברוטאַל צעשטערטן דורכן פאשיזם, אין נאָמען פון די ניט פארענדיקטע ארבעטן, ניט דערגרייכטע האָפענונגען, איבער־געריסענער צאַרטער ליבע, אין נאָמען פון דעם פּאַכעד אין די אויגן פון די געשטאָרבענע — באַשווער איך אײַך, לעבעדיקע: מער קיינמאָל ניט!.. ווײַל דאָס, וואָס איז געשען איין מאָל, קאָן געשען נאָכאַמאָל. אָבער אויב די גרענעצלאָזע אָנשטרענגונג האָט צו דעם איין מאָל א סאָף געמאַכט, איז אויך מעגלעך ניט צו דערלאָזן, עס זאָל זיך איבערכאַזערן אין דער צוקונפט. מער קיינמאָל ניט! מיר וועלן עס ניט דערלאָזן! רום זייער אָנדענק!”

אפן פּלאַץ עטעמען שווער פופציק טויזנט מענטשן. ווען מיר לאָזן זיך אראָפּ פון דער טריבונע, טוט מיר מיטאַמאָל באַם סאַמע ערשטן טראָט מײַנעם איבערן ברוקירטן פּלאַץ א שטאַרקן קלאַפּ איבערן האַרצן א נאָענטע כוואַליע פון אָט דעם איבערגעכאַפּטן מענטשישן אָטעם. איך הייב אוף דעם קאָפּ און דערזע לעבן דער טריבונע א דרײַ—פיר צענדליק ייִנגלעך און מיידלעך, וואָס זעען אויס פון דער זײַט, ווי איין גרויס לעבעדיק וועזן, א שטאַרק אומגליקלעכס אין אָט דער רעגע, א וועזן, וואָס וועט, מעגלעך, זײַן שרעקלעך אין זײַן צאַרן אין א רעגע ארום.

שווער צו זאָגן פארוואָס, נאָר איך שטעל זיך אָפּ, ניט זײַענדיק בעקויעך אָפּצורײַסן דאָס אויג פון אָט די יונגעלײַט. צוויי מיידלעך ארעמען ארום א דריטע, וואָס וויינט, האַלטנדיק נידעריק אראָפּגעבויגן דעם קאָפּ, ווי זי וואָלט געטרונקען פון א פולן עמער. אַלע איבעריקע שווײַגן. די ייִנגלעך קערעווען עטוואָס אָפּ די קעפּ — זיי האָבן, ווײַזט אויס, מוירע זיך אויך צו צעיאָמערן.

אַלעקסאַנדער לעבעדיעוו שעפּטשעט מיר אפן אויער:

— דאָס זײַנען געבוירענע אין די טויט־בלאָקן פון אָשווענטשים... אונדזערע קינדער...

איך גיי צו צו איינעם א שטאַרק קענטלעכן — שוואַרצע געקרײַזלטע האָר, עטוואָס פּײַכטע, ווייטעדיק אופגעריסענע אויגן:

— ביסט א ייִד?

דאָס ייִנגל טוט זיך ניט קיין ריר, ער רעדט ארויס, קוקנדיק, ווי ביז אהער, אין א זײַט:

— איך ווייס ניט.

— קיינער פון אונדז ווייסט ניט, ווער מיר זײַנען, — זאָגט א צווייט ייִנגל, — די מאַמעס האָבן אונדז געבוירן באַהאַלטענערהייט, שפּעטער האָט אונדז פארהיט דאָס לעבן די אונטערערדישע ווידערשטאַנד־אָרגאַני־זאַציע. די מאַמעס און די טאַטעס זײַנען אוועק אין דער גאַז־קאַמער...

איינע פון די צוויי מיידלעך, וואָס האָבן ארומגעאַרעמט די דריטע, האָט אַליין זיך אויך צעיאָמערט, און זי, די דריטע, די שטאַרק פארוויינטע, בעט זיך בא איר, ווישנדיק מיטן שאַלעכל דאָס נאַסע פּאָנעם און דעם האַלדז:

— הער אוף, רויזע, וואָס האָסטו זיך צעוויינט?

— און זי איז א ייִדישקע? — ווײַז איך אָף רויזען.

— זי ווייסט אויך ניט... פּאַשעט, זי האָט זיך א נאָמען געגעבן נאָך א ייִדישער פרוי.

— רויזע, נאָך וועמען האָסטו זיך געגעבן א נאָמען?

— די מומע רויזע איז מיר געווען א פרעמדע... איך בין אַלט געווען דרײַ כאָדאָשים און פון הונגער בין איך שוין געווען א האַלבער מעס... האָט זי עפּעס געטאָן מיט זיך, און ס'האָט זיך בא איר באַוויזן מילך אין די בריסט... די מומע רויזע האָט מיך אויסגעהאָדעוועט...

— וווּהין איז זי דערנאָך אהינגעקומען?

— אין פיר און פערציקסטן האָט זי געטראָגן פאַר די אופשטענדלער פון דער „זאָנדערקאָמאַנדע” דעם דינאַמיט, וועלכן ס'האָבן געגאַנוועט אין „אוניאָן־ווערקע” דרײַ אַנדערע מיידלעך. מיט אָט דעם דינאַמיט האָט מען אין אָקטיאַבער־כוידעש אופגעריסן דעם קרעמאַטאָרי IV. דער אופשטאַנד איז אָבער דורכגעפאַלן, און אין יאַנוואַר פינף און פערציק האָט מען די מומע רויזע און אירע כאַווערטעס אופגעהאַנגען... מע זאָגט, אַז זי איז דאַן אַלט געווען ווייניקער, ווי איך איצט.

די שווײַגנדיקע מענטשן־מאַסע גייט מיט בלומען אין די הענט צו דער „שוואַרצער וואַנט”, בא וועלכער עס פלעגן פאָרקומען די צעשיסונגען. דער וועג ליגט פארבײַ דעם זיבן־און־צוואַנציקסטן בלאָק. אף זײַן טיר — אַן

אופשריפט אַף ייִדיש: „דאָ וועט געעפנט ווערן די אויסשטעלונג פון ייִדישן ווידערשטאַנד און אומקום“. איך פרעג באַ לעבעדיעוון, וויפל ייִדן עס זיינען אומגעקומען אין אָשווענטשים. „פון יעדע פיר אומגעבראַכטע זיינען דרײַ געווען ייִדן“, — ענטפערט ער.

מע קאָן אָנשרײַבן אַ גאַנץ בוך וועגן דעם, וויאַזוי אַ מענטש גייט אַרום איבערן געוועזענעם אָשווענטשימער טויט־לאַגער. נאָר איך שרײַב אַ קורצן רעפּאָרטאַזש, און דאָס, וואָס איך בין בעקויעך דורך מײַן דערשיטערונג איצט אַרויסברענגען, איז געווען, קעדיי בלויז אָנצייכענען דעם וועג פון דעם אַפּעל־פּלאַץ ביז צום אַרויסגאַנג.

ער ליגט, אָט דער וועג, דורך דעם שרעקלעכן עלפטן בלאָק, פון וואַנען קיינער פון די אַסירים איז צוריק ניט געקומען. דאָרט האָט מען די אומגליקלעכע פאַרמוטשעט אין די קאַרצערס און אין די בונקערס. אויב אָבער דער מענטש איז געווען, ווי מע זאָגט, פון אײַזן, האָט מען אים דערשאָסן באַ דער „שוואַרצער וואַנט“.

בישכיינעס מיטן עלפטן בלאָק — דער צענטער. מענגעלעס קיניגרײַך. דאָ פלעגט מען סטעריליזירן די פרויען און קאַסטרירן די מאַנצבלען. דאָ האָט דער „פּראָפעסאָר“ הירט אָפּגעקליבן „לעבעדיקן מאַטעריאַל“ אַף צו שאַפן אין סטראַסבורג אַ קאָלעקציע פון 150 סקעלעטן צוליב אַנטראָפּאָלאָגישע אויספאָרשונגען אין דעם עסעס־אינסטיטוט פאַר דערלערנען די ראַסע.

— אַזוי — פון בלאָק צו בלאָק, פון מאָרד צו מאָרד. אַזוי — פון שטעכיק דראָט צו שטעכיק דראָט, פון דעם אַרײַנגאַנג אין לאַגער צום „אַרויסגאַנג“ דורכן קוימען...

ווען מיר גייען אַוועק פונעם הויפּט־לאַגער און קומען אָן אין בזשעזינקי, הייבט אָן מאַראַקען אַ רעגן. אונטער אַ גרוי־פאַרכמאַרעטן הימל קומט פאָר דער מיטינג אַפן אָרט, וווּ ס׳וועט אויפגעשטעלט ווערן דער דענקמאָל.

בזשעזינקי... אַמאָל־אַמאָל, פאַר דעם צווייטן וועלט־קריג, זיינען דאָ געשטאַנען די שטאַלן פון אַ פּוילישער קאַוואַלעריע־טייל. שפּעטער האָט מען אין די אומריינע שטאַלן פאַרטריבן טויזנטער אומשולדיק־ריינע מענטשן־שוועסטער.

אין בזשעזינקי האָבן זיך געפונען די אָשווענטשימער גאַז־קאַמערן און קרעמאַטאָריעס. ווי באַוווּסט, האָט דער געוועזענער קאָמענדאַנט פון דעם „קאָמבינאַט פון טויט“ רודאָלף פראַנץ פערדינאַנד העס אָנגעשריבן אין דער פּוילישער טורמע, איידער מע האָט אים אויפגעהאַנגען, זײַן אויטאָביאָגראַפיע. דאָס „ווערק“ פון דעם מעטורעף איז ניט געווען ברייט פּובליקירט. ווען איך בין אַרײַנגעקומען אין דעם אָשווענטשימער מוזיי, האָב איך געבעטן עס מיר באַווײַזן. אָט איז איינע אַ שטעל פון דעם קאָמענדאַנטס אויטאָביאָגראַפיע:

„קליינע קינדער (...) זיינען אַרײַנגעגאַנגען אין די קאַמערעס מיט שפּילעכלעך אין די הענט, פאַרווײַלנדיק זיך און איבערקרימענדיק איינס דאָס צווייטע. איך האָב באַמערקט, אַז די פרויען, וועלכע האָבן זיך אָנגעשטויסן אָדער האָבן געוווּסט, וואָס עס הערוואַרט זיי, האָבן, צונויפנעמענדיק אַלע קויכעס, ניט זײַענדיק בעקויעך צו באַהאַלטן דעם טויט־אומרו אין די אויגן, דאָך געשפּאַסט מיט די קינדער אָדער צערטלעך זיי באַרויִקט (...) עס פלעגט טרעפן, אַז אייניקע פרויען, אויסטוענדיק זיך, האָבן אומגעריכט אַרויסגעלאָזט אַ שאַרפן יאָמער־געשריי, גענומען זיך רײַסן די האָר פון קאָפּ, מיט איין וואָרט — זיך אָנגעהויבן אויפירן אַזוי, ווי זיי וואָלטן אַראָפּ פון זינען. אין אַזעלכע פאַלן פלעגט מען זיי אַפּגיך אַוועקפירן הינטער הער געבײַדע און דערהאַרגענען, אויסשיסנדיק פון אַ קליינקאַליבער־ביקס אין נאַקן...“

אין בזשעזינקי, עטלעכע טריט פון אַן אויפגעריסענער גאַז־קאַמער, אַף וועלכער די מענטשן האָבן, ווי אַף אַ פייגער, זיך געסטאַרעט ניט קוקן, איז געגאַנגען אַ שטורמישער, אַ שטרענגער און אַ טרויעריקער מיטינג באַם לייגן דעם ווינקלשטיין פאַרן אָשווענטשימער דענקמאָל. נאָך דעם פּוילישן מיניסטער יאַנוש וויעטשאָרעק און דעם פאָרזיצער פונעם אינטערנאַציאָנאַלן אָשווענטשימער קאָמיטעט פּראָפ. ראָבערט ווײַץ, איז צוגעגאַנגען צום מיקראָ־פאָן דער פאָרזיצער פון דער הויפּט־פאַרוואַלטונג פון קולטור־געזעלשאַפטלעכן פאַרבאַנד פון די ייִדן אין פּוילן לייב דאָמב.

— ייִדן פון דער גאַנצער וועלט! — האָט ער אויסגערופן, — געדענקט די הייליקע שוווּע: קיינמאָל ניט פאַרגעסן, קיינמאָל ניט מויכל זײַן!

*3*

אַ גרויסן דאַנק דיר, אַלטע פּוילישע מאַמע־שטאָט קראָקע, וואָס דו האָסט מיר געגעבן אַ געלעגער נאָך דעם, ווי כ׳האָב אַ טאָג צײַט אַרומגעוואָגלט אין אָשווענטשים. אַ דאַנק דיר פאַרן געלעגער. האַלעווײַ וואָלסטו געקאָנט מיר שענקען אויך שלאָף...

איך וועל זיך ניט צושפּאָרן, ניין. כ׳וועל זיצן שטילערהייט, אַ נאַכט אָפּזיצן אין ליכטיקן צימער פון האָטעל.

טאַקע דאָ, אין האָטעל, האָט הײַנט דער מיניסטאָרן־ראַט פון פּוילן גלײַך נאָך אונדזער אָנקומען פון בזשע־זינקי אײַנגעאָרדנט אַן אָוונטברויט פאַר די אויסלענדישע געסט. זיץ איך איצט און וויל זיך דערמאָנען, וואָס עס איז מיט אַ האַלבער שאָ צוריק פאָרגעקומען אין גרויסן זאַל אַפן ערשטן שטאָק. אַך יאָ, דער פאָרזיצער פון מיניסטאָרן־ראַט איז צוגעגאַנגען צו דער סאָוועטישער אויסשפּירערן „נאַטאַשע“ און געזאָגט מיט אַ פאַרקלעמטער שטים: „פרויען און מאַנצבלען, וואָס האָבן איבערגעלעבט דעם לאַגער, לאָמיר אויפשטיין און אויסטרינקען ביזן דעק פאַרן אָנדענק פון די צוויי סאָוועטישע סאָלדאַטן, וועלכע זײַנען דעם 27 יאַנוואַר 1945 דערהאַרגעט געוואָרן באַם עפענען די טויערן פון אָשווענטשים“... ציראַנקעוויטש האָט אָנגעגאָסן נאָכאַמאָל: „לאָמיר זיך ניט אָפּשטעלן און אופהייבן אַ טאָסט פאַרן געזונט פון אונדזער אָשווענטשימער נאַטאַשע“...

איך וויל זיך דערמאָנען עפּעס נאָך. עפּשער א וואָרט עמעצנס באם עסן, עפּשער, כאָטש וויאַזוי עס האָט אויסגעזען דער זאַל, נאָר איך האָב איצט א געפיל, פונקט ווי דער זיכּרון וואָלט זיך איבערגעריסן אין בזשעזינקי.

איך וויל זיך דערמאָנען, צי בין איך ווען עס איז אין מײַן לעבן געווען אזוי מיד, ווי איצט.

יאָ, איך בין מיד. נאָר איך וועל זיך ניט צושפּאַרן. אפן טישל לעבן מײַן עלנבויגן ליגט א הײַנטיקע צײַטונג, און אַרײַנקוקנדיק אין איר מיט א ווינקל פונעם אויג, כאַזער איך איבער פאַר זיך א שורע אף דער ערשטער זײַט: „אין מײַרעוו־דײַטשלאַנד לעבן איצט בא 40.000 ניט באשטראָפטע מילכאָמע־פאַרברעכער"...

פּלוצעם דערטראַגט זיך פון הינטערן פענצטער א דינע זילבערנע מעלאָדיע, וועלכע עס שפּילט אויס אפן קאַטעדראַל־טורעם פון שטאָט א מעטאַלענער האַרניסט. אין סאַמע מיטן רײַסט זיך די מעלאָדיע איבער. עפּעס איז פּאַרלאָפן מיטן האַרניסט! דאָס קומט פאַר אזוי אומגעריכט, אז עס הייבט אזש אָן צו קלעמען באם הארצן. איך טו א קוק אפן זייגער: האַלבע נאַכט. ערגעץ האָב איך געלייענט וועגן דער טראַגעדיע, וואָס שפּילט זיך אָפּ יעדע נאַכט אין אָט דער שאָ אין קראָקע אפן קאַטעדראַל־טורעם, נאָר עס זײַנען שוין דורכגעגאַנגען אזויפיל יאָרן, זינט איך האָב עס געלייענט...

ווען איך באשליס אָנקלינגען צום פאַן קוניצקי און אים פרעגן וועגן דער איבערגעריסענער מעלאָדיע, דער־הערט זיך א קלאַפּ אין טיר און עס קומט אַרײַן אַפאַנאַסי דמיטריִעוויטש גאַנטשאַראָוו.

— איך האָב טאַקע פאַרשטאַנען, אז איר שלאָפט ניט... נו, זאָג איך אײַך, איז עס א טרומייטערל! איר האָט געהערט?..

ער זעצט זיך צו אפן דיוואַן:

— די לעגענדע דערציילט, אז בייס א באַלאַגערונג פון דער שטאָט, האָט דעם סוינעס א פײַל געטראָפן אין האַרניסט... ער איז אַראָפּגעפאַלן פונעם טורעם... פון דעמלט אָן קלינגט יעדער האַלבנאַכט איבער דער גרויסער דרעמלענדיקער שטאָט די זעלבע מעלאָדיע און רײַסט זיך איבער אף איין און דער זעלבער נאָטע.

גאַנטשאַראָוו גייט צו צום טיש און לייגט אַרויף אף אים א שווערע האַנט:

— דאָס איז א יי ן האַרניסט. ער איז געפאַלן אין שלאַכט... ווען אין גאַס טוט א כוליגאַן א קלאַפּ א פרוי אָדער א זאַקן, לויפן זיך צונויף אַלע מענטשן און מע פאַרדרייט אים אף הינטן די הענט... און דאָ האָט מען אין סאַמע מיטן פון דער וועלט פאַרסאַמט מיט גאַזן, דערשאָסן, פאַרמוטשעט פיר מיליאָן מענטשן. פיר מיליאָן! פאַרוואָס איז מען זיך ניט צונויפגעלאָפן?

— אַפאַנאַסי דמיטריִעוויטש, די וועלט־מילכאָמע קעגן פאַשיזם באַטײַט, אז מע איז זיך יאָ צונויפגעלאָפן...

— איך וויל דאָ ניט פירן קיין דיפּלאָמאַטישע פּאָלעמיקעס, איך זאָג, ווי א סאָלדאַט: געקומען צו הילף אף אָן עמעס, געקומען פון דער וואָלגע און אָנגעקלאַפּט אין אַשווענטשים איז דער סאָוועטישער סאָלדאַט... אף יענער זײַט לאַמאַנש און אַריבער דעם אָקעאַן איז דען ניט דערגאַנגען דער ווײ־געשריי פון די געטאָס? מע האָט דען ניט געהערט, ווי שוידערלעך עס שורעווען מיליאָנען פיס פון א גאַנץ פאָלק אף די וועגן, וואָס האָבן געפירט צו די גריבער? דער פּויפּסט, אַלע הייליקע פאָטערס האָבן אָנגענומען א פול מויל מיט וואַסער... די מעלוכע־מענער האָבן יאָרנלאַנג פּלאַנירט, וויאַזוי מישט מען זיך אַרײַן מיט וואָס ווייניקער ריזיקע...

דער טעלעפאָן הייבט אָן צו קלינגען מיט באַנאַכטיקן אומרו.

— שלאָפסט אויך ניט? — פרעגט אין טרײַבל נאַטאַשע, — ווו איז סאַשע? איך קלינג אים און ער ענטפערט ניט...

— לעבעדיעוו איז ניט פאַרפאַלן געוואָרן. שלאָף, שלאָף, נאַטאַשע.

— גרינג צו זאָגן — שלאָף...

גאַנטשאַראָוו זוכט אין די שאַפּקעלעך:

— פאַראַן דאָ עפּעס אויסצוטרינקען?

— ניין.

— עפּשער זאָלן מיר אַרויסגיין אין גאַס, זיך אָפּפרישן א ביסל?.. ס'וועט שוין באַלד נעמען שאַריִען אף טאָג...

אין קאָרידאָר, בא לעבעדיעווס טיר, שטעלן מיר זיך אָפּ און קלאַפּן אָן. איין מאָל, א צווייט מאָל, שטאַרקער און שטאַרקער. נאָר קיינער ענטפערט ניט. ווען מיר גייען אַרויס אין גאַס, דערזעען מיר לעבעדיעוון אפן קעגנאיבער־דיקן טראָטואַר. די הענט פאַרוקט טיף אין די קעשענעס פונעם מאַנטל, דער קאַלנער אופגעשטעלט, זעט ער אויס, ווי א מענטש, וואָס גייט צופוס אהיים אין א שלעכטן וועטער.

— אהא, — שרײַט ער צו אונדז פונדערווײַטן, — עס שלאָפט זיך ניט? עך, וואַיאַקעס... בעסער וואָלט איר א קוק געטאָן, וואָס עס טוט דאָרט נאַטאַשע. איר האָט שוין, ווײַזט אויס, פאַרגעסן, אז הײַנט האָט זי דורכגעמאַכט א רײַזע צוריק אין בירקענאַו?

צען אזייגער אינדערפרי האָט זיך אָנגעהויבן די סעסיע פונעם אינטערנאַציאָנאַלן אַשווענטשימער קאָמיטעט. גאַנטשאַראָוו און איך זײַנען בײַגעווען אַלס געסט בלויז אף דער ערשטער זיצונג. איצט פאָרן מיר צוזאַמען מיטן פאַן קוניצקי אף א טאָג קיין זאַקאָפּאַנע, צו די קאַרפּאַטן.

אַרום אונדז, אין די דערווײַל נאָך נידעריקע קאַרפּאַטן־בערג און אף די ברייטע פעלדער, האָט זיך צעשפּילט און צעלויכטן א פאַרשפּעטיקטער, א זאַפטיק־איבערגעזעטיקטער פרילינג. פאַר די אויגן שווינדלען פריילעכע דערפער. איין דאָרף פאַר דעם צווייטן שפּרייט אויס אַזעלכע טעפּיכער פון גראָז און פון קווייטן, אז דאָס אויג ווערט פאַרבלענדט, קוקנדיק אף זיי. העכער אין די בערג זעען זיך נאָך פאַסן שניי, אָבער אויך דאָרט שפּריצט פון אַלע זײַטן מיט זון, און פון זיי טאַקע, פון די הויכע ערטער, קײַקלען זיך אַראָפּ מיט א גאַרגל־גערויש בלינדע ערדענע ריטשקעלעך, וואָס קריכן מאַמעש די פעלדער אין די בייגער אַרײַן און שאַנעווען באַזונדערס ניט

די טאָלן: וואַרפן זיך אַרויף אַף זייערע עטוואָס אײַנגעבויגענע באַוואַקסענע פלייצעס און טוען מײַסים מיט די קוסטעס, מיט די ליים־גריבער.

בא א װעלדל קריכן מיר אַרויס פון דער מאַשין, עס זאָלן אָפּגיין א ביסל די גלידער. אַפאַנאַסי דמיטריע־וויטש ווערט מיטאַמאָל יאַמטעוודיק אופגעלויכטן, זײַנע אויגן שמייכלען זיך איבער מיט דער וועלט. „זעט, ווי דאָס לעבן באַנײַט זיך, זעט!״ — באַווײַזט ער אַף אַן אומגעוואָלגערטער ליפּע, וועלכע איז דאָך נאָך ניט אַרויס־געריסן פון דער ערד. די אַלטע ליפּע וועט זיך שוין מער ניט אופהייבן, נאָר פונקט דאָרט, ווו זי איז אײַנגע־בראָכן, אין סאַמע ריס, האָט זיך באַוויזן א נײַע שפּראָצונג, וואָס כאָטש זי איז נאָך זייער יונג, האָט זי שוין איבערגענומען בא דער מאַמען די וואָרצלען. שווער איצט צו זאָגן, וועמעס וואָרצלען דאָס זײַנען.

באַטאָג פאָרן מיר דורך פּאַראַנינאַ, דאָס גאַליציאַנישע דאָרף, ווו עס האָט א צײַט געלעבט און געאַרבעט לענין. מיר גייען אַרײַן אין דעם צווייִשטאָקיקן הויז, ווו לענין און זײַנע כאַוויירים פלעגן זיך טרעפן. אין איינעם פון די צימערן אפן ערשטן שטאָק — א טיש פּאַר א מענטשן צען און בא די זײַטן — נאָך צוויי קליינע טישלעך. עס וואַרפן זיך אין די אויגן די לײַנענע טישטעכער און דער גרויסער הענג־לאָמפּ מיטן אַרויסגעדרייטן האַלב פּאַרקוילטן קנויט. סײַ דאָ, סײַ אפן אייבערשטן שטאָק זײַנען די דילן געמאַכט פון געהובלעוועטע ברעטער, די ווענט, וואָס טיילן אָפּ איין צימער פונעם צווייטן, זײַנען צונויפגעלייגט פון ברייטע, אָפּגעטעסעטע פון ביידע זײַטן, יאָדלע־שטאַמען. אין הויף ריזלט פריילעך א ריטשקע, איבער וועלכער עס איז אַריבערגעוואָרפן א הילצערן בריקל. אַלץ איז דאָ פּאַשעט, ראַיעל. דאָס, וואָס געהערט צו דער נאַטור, האָבן די מענטשן ניט צוגעפּוצט און אײַנצײַטיק היטן זיי עס זאָרגזאַם אָפּ. זי ליגט, די נאַטור, אינמיטן דאָרף, ווי א הויפן צײַטיק־אויסגעלוישטשעטע קערנער אַף דער זיכערער דלאָניע פון א פּויער. און דאָס, וואָס דער פּויער האָט געשעאַפן פאַר זײַן לעבן — די הײַזער און די שטאַלן, די קלייט און דער קלוב, — אַלץ איז אַזוי פעסט צוגעשפּאַרט צו דער נאַטור און פּאַר־קנאַטן אַף איר „ראַשטשינע״, אַז מע קאָן זאָגן אויך פאַרקערט: דאָס דאָרף פּאַראַנינאַ איז א טייל פון די קאַר־פּאַטן באַם סאַמע אָנהייב זייערן, און דאָס, וואָס די בערג זײַנען אַף דעם אָרט ניט קיין הויכע, איז בלויז דערפאַר, ווײַל זיי טראָגן אַף זיך דאָס דאָרף פּאַראַנינאַ און היטן זיך עס אופצוהייבן צו הויך, קעדיי ניט צו צעשיטן עס...

זאַקאָפּאַנע ליגט אין די טאַטרען, וואָס הייבן זיך אָן אין פּוילן און ווערן ברייט און הויך אין טשעכאָסלאָ־וואַקיע. דאָס איז א פריילעך און געמיטלעך שטעטל. ס'איז איצט ניט דער „סעזאָן״, אָבער אומעטום, ווו מיר האָבן דאָ באַוויזן צו זײַן, האָט מען געקוקט אַף אונדז ווי אַף טוריסטן, און דאָס האָט געלינדערט די אָנגע־שטרענגטקײַט פון די לעצטע פּאָר טעג.

מיר האָבן איבערגענעכטיקט אין זאַקאָפּאַנע, און איצט פּאָרן מיר שוין צוריק קיין וואַרשע — דורך קאַטאָ־וויץ, טשענסטאָכאָוו, טאָמאַשאָוו־מאַזאָוועצקי. אָקאָרשט זײַנען מיר נאָך געוועזן דאָרט, אין דעם מילדן באַרג־ייִשעוו, נאָר מיר ריידן שוין וועגן אים, ווי וועגן א דערמאָנונג.

מיר שטעלן אויף אין זיקאָרן דעם וועג צו דער באַרג־אָזערע „מאָרסקע אָקאָ״. אין די טאָלן ליגט נאָך דער שנײ, ווי בא אונדז הינטער מאָסקווע אין סאַמע ברען פון ווינטער. אַף די שיפּוים פון די בערג פּאָרן אַרום אַף שנײ־שיך פרילינגדיק אָנגעטאָנענע יונגעלײַט. און דאָ, גלײַך בא די גרויסע הורבעס, שלאָגט זיך דורך א וועג, ברויזט און רוישט, קאַשערט די שטיינער אפן דנאָ פונעם טאָל און האַלט אין איין באַשפּריצן דעם דערבײַיִקן וואַלד — א וואַסערפאַל. מע רופט אים מיטן נאָמען פון אַדאַם מיצקעוויטש, וואָס האָט געהאַט, דאַכט זיך, א ניט ווייניקער שטורמישן כאַראַקטער, ווי ער.

אינמיטנדערינען גייען אַריבער דעם וועג מיט א באַלעבאַטיש אײַנגעהאַלטענעם טראָט עטלעכע הירשן, ווײַזט אויס, זיי קומען פון דער דערבײַיִקער וואַלד־ווירטשאַפט — און פאַר מיר, דעם געוועזענעם יעגער אין דער טײַגע, וועלכער איז צוגעוווינט צו דער שרעקעוודיקײַט פון אָט דעם באַלעכײַ, זעט עס אויס, ווי זאַקאָפּאַנע וואָלט אונדז פּאַרווײַלט מיט א וואַלדיקער פורימשפּיל.

בא דער סאַמע אָזערע, אַרײַנגעשטעקט די טעלעוויזיע־אַנטענע אין אשיק־גרויען (שוין פּאַרנאַכטיקן) הימל, שטייט א געראַם הילצערן הויז, א מין קאַפע־קלוב, וואָס טראָגט דעם נאָמען פון דער אָזערע: „דאָס יאַם־אויג״ („מאָרסקע אָקאָ״). בא צוויי לאַנגע, אויסגעשקראַבעטע מיט א מעסער ביז ווײַסקײַט, טישן זיצן ייִנגלעך און מיידלעך און שפּילן אין בלאַנדזש, אין קאָרטן, אין שאָך. אַלע טרינקען ביר פון מאַסיווע קוואָרטן. מע רעדט ניט צווישן זיך — די פּאַר ווערטער, וואָס האָבן א שײַכעס צו דער שפּיל, זאָגט מען אַרויס שטיל און געמאָסטן, מע קאָן מיינען, אַז עס זיצן דאָ ווילד־פרעמדע מענטשן, און פרעגט בא דער פּאַרוואַלטערן פונעם זאַל, בא דער אַלטער גוטמוטיקער פּאַני סטעפאַ, וועט זי אײַך דערציילן, אַז, לויט דער היימישער סטאַטיסטיק, גייט פונדאַנען יעדע וואָך אַוועק א פּאָרל אײַנקויפן קעדושן־פינגערלעך.

ווען מיר זײַנען אַרײַנגעקומען אין זאַל, האָט די פּאַרוואַלטערן אונדז געוואָרנט, אַז אויב מיר, גאַנטשאַראָוו און איך, וועלן זיך אוועקזעצן טרינקען ביר אָפּגעזונדערט פון אַלעמען, וועלן מיר „קיינמאָל ניט כאַסענע האָבן״. מיר האָבן גלײַך געכאַפּט די פּאַני סטעפּאַ באַם וואָרט, און זי האָט געמוזט זיך צוזעצן צו אונדזער טיש אינאיינעם מיט איר באַהעלפערן, דער שטיפערקע באַסיע, וואָס אין א פּאָר רעגעס אַרום האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זי איז פּאַני סטעפּאַס טאָכטער. מע האָט אפילע אַרײַנגעכאַפּט א פּאַרטיע בלאַנדזש און ס'איז שווער צו זאָגן, מיט וואָס די מײַסע וואָלט זיך געענדיקט, ווען ניט דער שטענדיק וואַכזאַמער פּאַן קוניצקי, וואָס האָט אפן סאַמע עלעגאַנטן אויפן געלאָזט וויסן, אַז ער דערוווידערט ניט, מע זאָל אופשטיין און גיין...

ווײַטער דערמאָנען מיר זיך מיט אַלע אײנצלהײַטן, וויאַזוי אין זאַקאָפּאַנע האָבן מיר זיך מיטן פוניקוליאָר אופגעהויבן צום שפּיץ באַרג און מיטאַמאָל דערהערט, א צענדליק מענטשן ריידן אַף רוסיש! דאָס איז געווען א גרופּע סטודענטן פון נאָוואָסיבירסק. זיי האָבן לעבן זאַקאָפּאַנע פּלאַנירט אַריבערגיין די גרענעץ פון טשעכאָסלאָ־וואַקיע, קעדיי פּאַרזעצן זייער טוריסטישן מאַרשרוט.

דער וועג קיין ווארשע פירט אונדז אינגיכן ארוף אף אן אָפן פלאכלאנד. אין קאטאָוויצע עסן מיר אָפ מיטיק און פאָרן אף צאָפן, צו דער הויפטשטאָט פון דער פוילישער פאָלקס־רעפובליק.

ווען נאָך טשענסטאָכאָוו גייט די מאשין ארוף אף א בריקל איבערן טײַך ווארטא, הייבט אָן פאן קוניצקי זינגען דעם פוילישן מעלוכע־הימן: „פזשעיִדיעם וויסלע, פזשעיִדיעם ווארטע, — בענדזשעמי פאָליאקאמי...״[1]

— זביגניעוו קאזימיראָוויטש, האָט אף מיר ראכמאָנעס, — בעט זיך באם פאן קוניצקי גאָנטשאראָוו, — אויב איר וועט זינגען דעם הימן, וועל איך זיך מוזן אין דער מאשין אופשטעלן...

זביגניעוו קאזימיראָוויטש רײַסט איבער דאָס זינגען און זאָגט פײַערלעך:

— כאווער גענעראל, אין אָט דער מינוט פאָרן מיר דורך די ווארטע און מע קאָן אונדז שוין רעכענען פאר האלבע פאָליאקן. לאָמיר דערציִען ביז ווארשע, ביז דער ווײַסל, און דאן זײַנען מיר פאָליאקן אף אלע הונדערט פראָצענט...

איך דערוויס זיך באם פאן קוניצקי, אז די ערשטע האָבן אָט די ווערטער פונעם הימן געזונגען דעם גענע־ראל דאָמבראָווסקיס סאָלדאטן, וועלכע זײַנען געקומען פון איטאליע צו באפרײַען די פוילישע ערד.

אזוי פאָרן מיר פון טײַך צו טײַך ביז אין דער שפּעטער נאכט ארײַן. „הונדערטפּראָצענטיקע פאָליאקן״ ווערן מיר בא דער שײַן פון גרויסע עלעקטרישע לאמטערנס אפן בריק איבער דער ווײַסל, פון לאמטערנס, וועגן וועלכע גענעראל דאָמבראָווסקי האָט אפילע ניט געטרוימט.

אינדערפרי דערציילט מיר לעבעדיעוו וועגן דער סעסיע פונעם יצווישנפעלקערלעכן אָשוועַנטשים־קאָמיטעט. דאָרט איז געווען א טשיקאווער וויקועך ארום דעם ייִדישן בלאָק אף דער טעריטאָריע פונעם געוועזענעם טויט־לאגער. ווען עס איז געגאנגען א רייד וועגן דעם געלט, וואָס די נאציאָנאלע אָרגאניזאציעס טראָגן ארײַן אף אופּ־צובויען דעם אָשוועַנטשימער דענקמאָל, האָט דער פאָרזיצער פונעם פארבאנד פון די געטאָ־קעמפער אין ייִסראָעל שאָלעם גראיעק („סטעפאן״) געמאָלדן, אז דער דאָזיקער פארבאנד וועט זיך באשטײַערן, אויב דער ייִדישער בלאָק אין אָשוועַנטשים וועט הייסן ניט ייִדישער, נאָר ייִסראָעל־בלאָק.

דאָס האָט ארויסגערופן מאמעש א שטוינונג בא די דעלעגאטן. ערשטנס, צי איז עס דער פאסיקער פאל אף צו דינגען זיך? צווייטנס, אין די יאָרן פון דער אָשוועַנטשימער טראגעדיע איז ייִסראָעל נאָך אפילע אף דער וועלט ניט געווען און די דרײַ מיליאָן ייִדן זײַנען אין אָשוועַנטשים אומגעקומען ניט אלס ייִסראָעל־בירגער, נאָר אלס ייִדן. די פרעטענזיעס צו רעפּרעזענטירן דאָס גאנצע ייִדישע פאָלק האָבן אזוי ווײַט פארפירט אייניקע פאָליטיקער פון ייִסראָעל, אז זיי האָבן אפילע דעם אָנדענק פון די קדוישים א וואָרף געטאָן אף זייערע קאָניונקטור־קאָרטן.

שוין אף דער ערשטער זיצונג פון דער סעסיע איז קלאָר געוואָרן, אז קיינער פון די דעלעגאטן וועט ניט אונטערהאלטן אזעלכע פרעטענזיעס, און גראיעק איז געווען געצוווּנגען צו מעלדן, אז ייִסראָעל וועט זיך בא־שטײַערן פארן דענקמאָל און אויך צושיקן עקספּאָנאטן פאר דעם ייִדישן מוזיי־בלאָק...

די סאָוועטישע דעלעגאציע פליט ארויס קיין מאָסקווע. איך בלײַב נאָך איבער אין פוילן. באם געזעגענען זיך פרעגן מיר איינער דעם אנדערן, צי ס׳איז טאקע אן עמעס, אז מיר האָבן זיך באגעגנט צום ערשטן מאָל אין טאָג פון אונדזער אָפּפאָרן קיין ווארשע, דאָס הייסט, אז באקאנט זײַנען מיר צווישן זיך בלויז פינף טעג...

(סאָף קומט)

[1] ווען מיר וועלן אריבערפאָרן די ווײַסל, ווען מיר וועלן אריבערפאָרן ווארטא, דעמלט וועלן מיר זײַן פאָליאקן.

הערש רעמעניק

# פּערעץ מאַרקיש

צעוואָרף איך מײַנע הענט,
דערלאַנגען זיי די וועלט פון איין עק
ביזן צווייטן.

פּערעץ מאַרקיש.

## 1



ין מאַרקישעס שאַפן איז אַלץ באַדײַטנדיק. ער קאָן אַפילו ריידן וועגן קליינינקייטן, — ווערן זיי בײַ אים, אין זײַנע ווערק, גרויס און וויכטיק. ער האָט אָבער מערסטנטייל געהאַט צו טאָן ניט מיט קיין קליינינקייטן, נאָר מיט גרויסן און אַפילו — מיט גראַנדיעזן: אין דער וועלט פון אינערלעכע מענטשלעכע איבערלעבונגען, אין דער וועלט פון סאָציאַלן זײַן, סאָציאַלן קאַמף און אין דער נאַטור, וואָס אין זײַן דיכטונג איז זי ניט ווייניקער ווי די אַלוועלט. זײַן ליד, ווי זײַנע ראָמאַנען און דראַמעס, איז שטענדיק פון גרויסן מאַסשטאַב סײַ לויטן אינהאַלט, סײַ לויט דער פאָרם. דער פּאַטאָס פון זײַן שאַפן איז געווען אומענדלעך און האָט ניט געוווסט פון קיין גרענעצן און צוימונגען. זײַנע שעפערישע מעגלעכקייטן האָבן זיך קיינמאָל ניט אויסגעשעפּט, און אַמאָל קאָן זיך דאַכטן, אַז ער אַליין איז ניט בעקויעך געווען אײַנצוהאַלטן די שטורעמדיקע שטראָמען ווערטער, געשטאַלטן, אידייען, בילדער, סוזשעטן, דעטאַלן, וואָס האָבן אין אים געבורשעוועט און פון אים זיך געריסן. זײַנע זשעדנע אַלצזעענדיקע אויגן האָבן אַלץ באַמערקט אינעם אַרום; זײַן פילבאַר געהער האָט ניט דורכגעלאָזט קיין קלאַנג. זײַן הייס האַרץ האָט „אויף יעדער קלאַנג — אַן אָפּקלאַנג" געבוירן, און ער איז געווען דאָס ווידערקאָל און דער שפּיגל פון דער ווירקלעכקייט.

מאַרקישעס דיכטונג און זײַן שאַפונג אינגאַנצן גענומען איז פאַרשיידנאַרטיק, ווי פאַרשיידנאַרטיק ס'איז דאָס אַרומיקע לעבן. און דאָס, וואָס קאָן אַמאָל אויפגענומען ווערן אין מאַרקישעס שאַפן ווי כאַאָס און סטיכיי, ווי וואָרט- און שפּראַך-„אינפלאַציע", ווי שעפערישע זעלבסטפאַרפלייצונג, — איז אינדערעמעסן אַן אויסדרוק פון קינסטלערישער רײַכקייט. אָבער ער איז געווען ניט בלויז רײַך, נאָר אויך שעפעדיק-וואַסטראָניש. זײַן פײַערדיקער קוק איז געווען געווענדט צו די שטערן, דער קאָפּ — פאַרוואָרפן צום הימל, און ער איז געווען דורכגעדרונגען מיט פרייד און גליק פון ערדישן לעבן. ער איז געווען פול מיט ליבע צו זײַן פאָלק, און ער האָט באַזונגען די גרויסקייט און די דערגרייכונגען פון אַלע פעלקער. זײַן שטים איז געווען די שטים פון אַ בירגער פון זײַן לאַנד, אַ מעכטיקע שטים פון אַ מעכטיקן היימלאַנד. ער האָט געלויבט מאָסקווע און לענינגראַד, קיעוו און אָדעס, פּאָדאָליע און וואָלין, סיביר און קאַווקאַז, אונדזערע טײַכן און יאַמען, בערג און וועלדער, זאַוואָדן און פעלדער, אונדזערע רומפולע מענטשן, די קריגסלײַט און די שעפער, די האָרעפּאַשניקעס און די קינסטלער, אונדזערע פרויען און אונדזערע קינדער. אָבער ער האָט אויך געזען „וועלטן אַנדערע", און אין זײַנע לידער האָבן אַן אָרט אויך פּאַריזש און וואַרשע, ירושלים און קאַיר, מאַדריד און רוים. אין צענטער פון זײַן שאַפונג איז די סאָוועטישע ערד, דער העלד פון זײַן דיכטונג איז דער סאָוועטישער מענטש. ער איז געווען אַן אינטערנאַציאָנאַליסט און אַ פּאַטריאָט. די אוניווערסאַלקײַט פון זײַן שאַפן האָט פאַרמאָגט אַ קאָנקרעט-היסטאָרישע און אידייִש-קינסטלערישע אײנהײַטלעכקײַט. די כאַאָטישקײַט, צעוואָרפנקײַט און סטיכייִשקײַט פון זײַן שאַפונג איז בלויז אַן אויסערלעכער צודעק, אונטער וועלכן עס אַנטפּלעקט זיך אַ גרויסע ברייטע וועלט.

## 2

באַם באַגינען פון זײַן שאַפן האָט דער דיכטער דערזען דעם באַגינען פון אַ נײַ לעבן:

ס'האָט אַ מידן מיך באַגעגנט
פון פרימאָרגן האָנען-קרייען,
פרישע אויגן פון באַגינען,
קאַלטע טראָפּן מאָרגן-טויען.

נאַכט האָט מיך אַראָפּגערעגנט,
און די ה ע ל האָט מיך געפונען!
גייען לופטיק מיר אַנטקעגן
ה ע ל ע וועגן, ווײַטע וועגן.
. . . . . . . . . .
כ׳בין געפאַלן און אַנשלאָפן
דעם פ ר י מ אָ ר ג ן אַפן האַרצן.

מאַרקיש אַלס דיכטער איז געבוירן געוואָרן אין 1917, אין דעם יאָר, ווען אין ליידן, אין שטורעם, אין געוויטער איז געגאַנגען דאָס געבורט פון דער נײַער וועלט. דאָס גרויסאַרטיקע בילד פון די גראַנדיעזע געשעענישן, וואָס האָבן זיך פאַנאַנדערגעוויקלט פאַר די אויגן פונעם יונגן דיכטער, האָבן אַרויסגערופן אַ הילכיק פריידיק געזאַנג, אַ לויבגעזאַנג דעם נײַעם פרײַען לעבן. ווי אַ נײַ־געבוירענער באַגריסט מיט זײַן ערשטן געשריי דאָס לעבן, וואָס אַנטפּלעקט זיך פאַר אים, אַזוי האָט דער דיכטער מיט זײַן זאָרגלאָזער ליד באַגריסט און אינגאַנצן זיך אָפּגעגעבן דעם שײַנענדיקן טאָג:

כ׳פאַל אַף אַלץ, וואָס איך באַגעגן,
כ׳פאַל אַף העל, איך פאַל אַף וועגן...
אין אַ גוטער שאָ — באַגינען!

שוין אין אָט דעם פריִען אָנהייב פון זײַן ליטעראַרישער טעטיקייט שאַפט מאַרקיש זײַן צענטראַל געשטאַלט, וואָס פאַרנעמט דעם אויבנאָן אין אַלע זײַנע ווערק אין פאַרלויף פון העכער דרײַסיק יאָר. דאָס איז דאָס געשטאַלט פונעם פאָלקסמענטש, פון די פאָלקסמאַסן, וועלכע האָבן אין דער רעוואָלוציע דערזען דעם נײַעם טאָג און צוזאַמען דערמיט — דעם סאָף פון דער לאַנגער נאַכט, וואָס האָט יאָרהונדערטער געדריקט איבער די פאָלקסמאַסן מיט איר געדיכטן כוישעך.

די פּאָעטישע שפּראַך פונעם יונגן מאַרקישן איז אָנגעזעטיקט מיט זון, מיט ליכט, מיט קלאָרע לויטערע באַגינענס, מיט העלן טאָג, מיט פריידיקע ווינטן, וואָס טראָגן זיך פון אַלע עקן וועלט צו דעם בליִענדיקן טאָג. אינגאַנצן פאַרשיקערט פון די דופטן און ווינטן פון די רעוואָלוציאָנערע טעג, אָפּגעברענט פון דעם הייסן אָטעם פון דער רעוואָלוציע, גיט דער לירישער העלד פון מאַרקישעס דיכטונג אינגאַנצן זיך אָפּ דער מעכטיקער סטיכיי, באַגריסנדיק דעם „זוניקן טאָג“, דאָס שעפּטשען פון גראָז, „די גאַס, און די שטוב און דעם נידעריקן פּלויט“, די בלויקייט פון הימל, די פייגל, דאָס וועלדל און די רוישנדיקע ביימער. דאָס גאַנצע לעבן אַף דער ערד, די גאַנצע נאַטור און די אַלוועלט זײַנען אַ ליכטיקע האַרמאָנישע גאַנצקייט, וועלכער דער דיכטער און זײַן העלד איז גרייט אָפּגעבן דאָס האַרץ.

## 3

די האָפערדיק־פריידיקע שטימונג אין די ערשטע יאָרן פון מאַרקישעס שאַפונג, זײַן מונטער־זאָרגלאָזע באַציִונג צו דער ווירקלעכקייט אין צוזאַמענהאַנג מיט די וועלט־היסטאָרישע געשעענישן פון אונדזער רעוואָלוציע האָבן געטראָגן מער אָדער ווייניקער אַן אומבאַשטימטן כאַראַקטער. אַף דעם סמך מאַכן אייניקע קריטיקער אויספירן, אַז דאָ, אין דער געוויסער אומבאַשטימטקייט, זאָלן זיך קלוימערשט לאָזן פילן אין דער דיכטונג פון דעם יונגן מאַרקישן „פּראָלעטקולטישע טענדענצן“.

אין דער ערשטער ריי האָב איך דאָ אין זינען דאָס אינטערעסאַנטע פאָרוואָרט פונעם באַוווּסטן רוסישן סאָוועטישן שרײַבער ב. לאַוורעניאָוו צו דער רוסישער אויסגאַבע פון מאַרקישעס לידער און פּאָעמעס אין 1957. דאָס פאָרוואָרט איז אָנגעשריבן מיט ליבע צום ייִדישן דיכטער. עס זײַנען דאָרט פאַראַן אַ ריי וויכטיקע און ריכטיקע באַהויפּטונגען. איינצײַטיק דערמיט שרײַבט אָבער דער אווטאָר:

„אין די ערשטע יאָרן פון זײַן דיכטערישן שאַפן האָט מאַרקיש, צוליב זײַן יונגקייט, געצאָלט צינזן דעם „פּראָלעטקולט“ מיט הילכיקע לאָזונג־טיראַדעס, וואָס האָבן מיט זייער פויקן און אָנגעבלאָזענער רעטאָריק פאַרשריגן דאָס לעבעדיקע און קאָנקרעטע. אָבער צוביסלעך, בעהאַדראַגע, שריט נאָך שריט, האָט מאַרקיש זיך באַפרײַט פון יענצײַטיקע פּראָלעטקולטישע פּוסטע קלאַנגען“.

איך מיין, אַז דאָס אַנטשפּרעכט ניט אין קיין פאַל מאַרקישעס פריִער דיכטונג. אין מאַרקישעס ערשטע שאַפונגען איז אומעגלעך צו געפינען דונערדיקע לאָזונגען, קאָסמישע בילדערישקייט צונויפגעפּאָרט מיט דידאַקטיש־פּובליציסטישע טיראַדעס. פאַרקערט, מאַרקישעס ערשטע לידער־זאַמלונגען צייכענען זיך אויס מיט טיפער לירישער עמאָציאָנעלקייט און מיט קאָנקרעטע ערדישע פּסיכאָלאָגישע לעבנס־עמפינדונגען. אַז מיר רעדן וועגן אומבאַשטימטקייט בײַ מאַרקישן, האָבן מיר אין זינען ניט קיין פּראָלעטקולטישע „אַלוועלטלעכקייט“ און ניט קיין לאָזונגען און טיראַדעס, וועלכע פלעגן פאַרטויבן מיט זייער טראַסק, מיטן באַראַבאַנען־הילך און מיט דער שרײַענדיקער רעטאָריק אַלדאָס לעבעדיקע און קאָנקרעטע. בײַ מאַרקישן ווערט די אומבאַשטימטקייט אַנטפּלעקט אין דער פאַרגרעסערטער בילדערישקייט, אין היפּערבאָליסטישער מעטאַפאָריסטיק און סימבאָליק פון דער פּאָעטישער שפּראַך. אָבער דאָס האָט אַ שײַכעס ניט בלויז צום יונגן מאַרקישן, נאָר אויך צום רײַפן גרויסן מאַרקישן אין פאַרלויף פון זײַן גאַנצער שאַפונג. דערמיט איז מאַרקיש נאָענט צו מאַיאַקאָווסקין. מאַרקיש איז אַ דיכטער פון דער רעוואָלוציע ניט בלויז לויטן אידייִשן אינהאַלט פון זײַן דיכטונג, נאָר אויך לויט איר פאָרם. בײַ מאַרקישן, ווי בײַ מאַיאַקאָווסקין, האָט די היפּערבאָלישקייט פון דער פּאָעטישער שפּראַך באַטײַט, אַז דער דיכטער שטרעבט אַדעקוואַט אויסדריקן די גרויסקייט און די קאָלאָסאַלע מאַסשטאַבן פון דער רעוואָלוציע. דעריבער איז די גוזמעדיקייט און די היפּערבאָלע בײַ מאַרקישן און מאַיאַקאָווסקין ניט קיין „יוגנט־זינד“, פון וועלכע מע דאַרף זיך באַפרײַען, נאָר אַ באַזונדערקייט און אַן אָרגאַנישע נאָוואַטאָרישע אייגנשאַפט פונעם קינסטלערישן סטיל; אָט די אייגנשאַפט איז וואָס ווײַטער — אַלץ מער פאַרפולקומט געוואָרן, האָט אָנגענומען אַ קלאַסישן כאַראַקטער, אָבער ניט פאַרפאַלן געגאַנגען.

מאַרקיש איז אַ פּאָעט פון דער רעוואָלוציאָנערער עפּאָכע. אָן דעם איז אומעגלעך צו פאַרשטיין זײַן דיכטונג און איר סטיל. דאָס באַטײַט ניט, אַז שטענדיק און אומעטום האָט דער דיכטער ריכטיק אידייִש, פּאָליטיש און קינסטלעריש געלייזט רעוואָלוציאָנערע פּראָבלעמען, אַז ער האָט ניט געהאַט קיין עוואָלוציע און אַז אים זײַנען פרעמד געווען ווידערשפּרוכן צי אַפילו פעלערן. אַזוינס איז ניט מעגלעך אין קינסטלערישער שאַפונג און אין שאַפונג ביכלאַל. אָבער אַפילו מיט די ווידערשפּרוכן, מיט די בלאָנדזשענישן און גליטשן איז מאַרקיש שטענדיק געווען און ביזן סאָף פאַרבליבן אַ רעוואָלוציאָנערער

דיכטער לויט דעם היסטאָרישן אינהאַלט פון זײַן שאַפן און לויט זײַן נאָוואַטאָרישער פאָרם, וועלכע אַנטשפּרעכט דעם רעוואָליוציאָנערן אינהאַלט.

די רעוואָליוציע האָט געגעבן מאַרקישן און זײַן שאַפונג די מאַסשטאַבאַרטיקייט, דעם אומגעהײַערן פאַרנעם, דעם קאָלאָסאַלן דראַמאַטיזם, אָן וועלכן מע קאָן זיך ניט פאָרשטעלן זײַן קונסט. די אופרײַסערישע קראַפט פון די קאַטאַסטראָפישע קאָנפליקטן אין מאַרקישעס ווערק, דער „בייזער געוויטער", ווי ס'וואָלט געזאָגט זײַן פאַרגייער יוסעף באָוושאָווער, פון זײַנע שאַפונגען — דאָס אַלץ איז אַן אַנטפּלעקונג פונעם רעוואָליוציאָנערן שקוואַל, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט די וועלט אין יענע יאָרן, ווען מאַרקיש איז ראַשיק אַרײַנגעטראָטן אין דער ליטעראַטור.

אָבער זאָגן בלויז דאָס וואָלט נאָך ניט באַטײַט זאָגן דעם גאַנצן עמעס וועגן מאַרקישן. די רעוואָליוציע איז טאַקע די הויפּט־טעמע פון זײַן שאַפן. דאָס איז ריכטיק. ס'איז אָבער אויך ניט ווייניקער ריכטיק, אַז אויסער דער טעמע רעוואָליוציע האָט מאַרקיש אַלס קינסטלער געהאַט אַ צווייטע טעמע — די נאַציאָנאַלע. מאַרקיש איז אין טאָך דער סאַמע נאַציאָנאַלער שרײַבער אין דער יידישער סאָוועטישער ליטעראַטור. אָן דער נאַציאָנאַלער טעמע, פונקט ווי אָן דער רעוואָליוציאָנערער אידיי, איז אויך ניט מעגלעך זיך פאָרשטעלן מאַרקישעס שאַפונג און זיך פאַנאַנדערקלײַבן אין איר גאַנצער באַדײַטונג.

אויב די רעוואָליוציע האָט פאַרורזאַכט דעם אוניווערסאַלן און דראַמאַטישן כאַראַקטער פון מאַרקישעס קונסט, האָט די נאַציאָנאַלע טעמע פאַרורזאַכט דעם טראַגישן און קאָנקרעטן כאַראַקטער אירן. די נאַציאָנאַלע און רעוואָליוציאָנערע טעמעס זײַנען בא מאַרקישן ניט קיין אַנטיפּאָדיש, זיי שטויסן זיך ניט צונויף ווי אַן אַנטינאָמיע פון ווידערשפּרוכן; צווישן דער רעוואָליוציע און דער נאַציאָנאַלער פּראָבלעם, ווי זיי אַנטפּלעקן זיך און באַקומען זייער קינסטלערישע לייזונג אין מאַרקישעס ווערק, זײַנען ניטאָ און עס קאָנען ניט זײַן קיין אַנטאַגאָניסטישע קאָנפליקטן און צוזאַמענשטויסן. אין מאַרקישעס דיכטונג איז די נאַציאָנאַלע פּראָבלעם ניט קעגנגעשטעלט דער רעוואָליוציע. די נאַציאָנאַלע פּראָבלעם ווערט אין מאַרקישעס שאַפן קינסטלעריש אינטערפּרעטירט ווי אַ טייל פון דער סאָציאַלער פּראָבלעם, ווי אַ טייל פון דער רעוואָליוציע. די נאַציאָנאַלע פּראָבלעם און די רעוואָליוציע ווערן בא מאַרקישן געלייזט אין אַן אַלגעמיינעם סינטעז. די נאַציאָנאַלע אַסאָציאַציעס, די נאַציאָנאַלע פּסיכאָלאָגישע עמאָציעס און איבערלעבונגען, די נאַציאָנאַלע ראַיוינעס און באַטראַכטונגען וועגן דעם אייגענעם פאָלק באַקומען זייער ענדגילטיקע לייזונג אין דער רעוואָליוציאָנערער איבערגעשטאַלטונג פון דער וועלט, אין דער איבערגעשטאַלטונג פונעם לעבן פון אַלע פעלקער, און אויך פונעם יידישן פאָלק, אַף נײַע סאָציאַלע יעסוידעס פון פרײַהײַט און גערעכטיקייט. דעריבער איז מאַרקישעס קונסט, זײַענדיק טיף נאַציאָנאַל לויט דער פאָרם און לויט דער בילדערישער אופפאַסונג פון דער ווירקלעכקײַט, אין דער זעלבער צײַט ניט נאַציאָנאַליסטיש לויטן אידייישן אינהאַלט. די נאַציאָנאַלע אידייען און די נאַציאָנאַלע עמאָציעס פון מאַרקישעס דיכטונג פירן ניט צו רעאַקציאָנערער נאַציאָנאַליסטישער באַגרענעצטקייט, נאָר, פאַרקערט, זיי ברענגען צו דער אידיי און פּסיכאָלאָגיע פון אינטערנאַציאָנאַלער ברידערלעכער פעלקער־פרײַנטשאַפט אין אַלגעמיינעם קאַמף פאַר רעוואָליוציאָנערער איבערבויונג פון לעבן. לעניך האָט געזאָגט, אַז פאַרשיידענע שיכטן פון פאָלק קומען צו דער רעוואָליוציע מיט זייערע וועגן, אָפּהענגיק דערפון, וואָס פאַר אַן אָרט זיי פאַרנעמען אין סאָציאַלן לעבן. דאָס האָט אַ שײַכעס ניט בלויז צו סאָציאַלע שיכטן, נאָר אויך צו פאָרשטייער פון פאַרשיידענע נאַציעס און פעלקער. אַזאַ דיכטער, ווי מאַרקיש, וואָס זײַן שאַפונג איז דורכויס פאַרבונדן מיט דער געשיכטע און מיט דער הײַנטצײַטיקייט פונעם יידישן פאָלק, האָט נאָך גיכער געקאָנט קומען און איז געקומען צו דער רעוואָליוציע, ווײַל ער האָט מיט אַלע כושים דערשפּירט, אַז די רעוואָליוציע דערלייזט אַפּן בעסטן אויפן די נאַציאָנאַלע פּראָבלעם פון אַלע פעלקער, און, נאַטירלעך, אויך פונעם יידישן פאָלק.

מאַרקישעס באַגײַסטערונג מיט דער רעוואָליוציע האָט זיך געפּאָרט מיט נאַציאָנאַלע עמאָציעס. נאַציאָנאַלע אַסאָציאַציעס און רעמיניסצענצן האָבן אָנגעלאָדן מאַרקישעס בילדער־וועלט און זײַן קינסטלערישע שפּראַך שוין פון זײַנע ערשטע ליטעראַרישע טריט. און פרייענדיק זיך מיט די אויפשווונגען פון דער רעוואָליוציע, פאַרגעסט ער אויך ניט אין זײַן פאָלק, און אין דער רעוואָליוציע זעט ער אַ סאָף צו דער אייביקער נאַציאָנאַלער פּײַן:

איך כאַפּ זיך אויף פון דווירעסלאַנג
און פריש זיך אָפּ מיט מאָרגן־שײַן...

אַרום מיר העלט
..און שטאַרבן נעכט...

## 4

מאַרקיש האָט אָנגעהויבן זײַן שעפערישן וועג אַלס אַ דיכטער אַ ליריקער. אַזאַ איז ער פאַרבליבן ביזן סאָף, האַגאַם ער איז אין דער זעלבער צײַט אַן עפּיקער, אַ פּראָזאַיקער, אַ דראַמאַטורג און אַ פּובליציסט. מאַרקישעס ליריק איז פאַרשיידנאַרטיק לויט די מאָטיוון, לויט די זשאַנרישע פאָרמעס און כאַפּט אַרום אַלערליי דערשײַנונגען פון מענטשלעכן לעבן. ליבע־מאָטיוון גייען באַנאַנד מיט פּאָליטישער דיכטונג, מיט רעוואָליוציאָנער־פּאַטריאָטישן אָראַטאָרישן פּאַטאָס פון אַ פּובליציסט און טריבון. אינטימע, אײדעלע שטימונגען זײַנען דורכגעדרונגען מיט טיפע פילאָסאָפישע ראַיוינעס און באַטראַכטונגען. אין פאַרלויף פון צענדליקער יאָרן איז מאַרקישעס ליריק געוואָרן אידייִיש רײַף און האָט דערגרייכט שטרענגע קלאַסישע פאָרמעס, קלאָרקײַט און פּראָסטקײַט פון בילד און פון פּאָעטישער שפּראַך. אַלס ליריקער האָט מאַרקיש קיינמאָל זיך ניט אָפּגעשטעלט אין זײַן אַנטוויקלונג. ער האָט וואָס ווײַטער, אַלץ מער דערגרייכט קינסטלערישע הייכן. און האַגאַם זײַן שעפערישער וועג איז געווען ניט קיין גראַדער, אַ ווידערשפּרוכיקער, אַמאָל אַפילע אַ פּעלערהאַפטער, האָט ער אָבער שטענדיק געהאַט גענוג קראַפט אַף בײַצוקומען שוועריקײַטן אַפּן וועג פון זײַן קינסטלערישער אַנטוויקלונג. ער האָט פּאַרהעלטניסמעסיק גרינג און גיך פאַרענדיקט די כּעזשבוינעס מיט די מאָדערניסטישע טענדענצן און אַנאַרכיסטישע פּאָרורטיילן אין די ערשטע יאָרן פון זײַן שאַפונג. אין דער צווייטער העלפט פון די צוואַנציקער און באַזונדערס אין די דרײַסיקער יאָרן באַקומט זײַן ליריק אַ קאָלאָסאַלע קראַפט פון אויסדריקן די טיפסטע

געפֿילן און איבערלעבונגען פֿון מענטשן. דאָס איז באַזונדערס צו זען אין זײַן לירישן ציקל „צײַטיקע נעכט“:

אז דו זאָלסט מײַן אָרעמע שטוב ניט פֿארפֿעלן,
טראָג איך דאָס הארץ דיר ארויס אף דער שוועל!

אָט וועסטו קומען א קוק טאָן מײַן שוועל,
און אויסשמייכלען וועסטו צו מיר א באַפֿעל:

— וויקל עס אײַן און טראָג עס מיר אָפּ!
וועל איך עס נעמען און גיין נאָך דײַן טראָט...

נאָר, זעלבסטפֿארשטענדלעך, שטארקער זײַנען אין מארקישעס ליריק די פּאָליטישע און סאָציאַל־היסטאָרישע מאָטיוון, וואָס האָבן באזונדערס זיך געלאָזט הערן אין זײַן דיכטונג אין דעם מער רײַפֿן און פֿרוכטבארן פּעריאָד פֿון זײַן שאפֿן פֿון די דרײַסיקער און פֿערציקער יאָרן. דעם דיכטערס הילכיקע שטים רופֿט זיך אָפּ אף אלע וויכטיקסטע געזעלשאפֿטלעכע געשעענישן אין נאציאָנאלן און אינטערנאציאָנאלן מאסשטאב. מארקיש ווערט א גרויסער דיכטער פֿון דער עפּאָכע. די וועלט־היסטאָרישע רעוואָליוציאָנערע פּראָצעסן פֿון אויסבויען א נײַע וועלט, דער קאמף פֿון די פּראָגרעסיווע קויכעס קעגן פֿאשיסטישן קאניבאליזם און אימפּעריאליסטישער אונטערדריקונג אין די קאפּיטאליסטישע לענדער, די רעוואָליוציאָנערע געשעענישן אין שפּאניע, דער מעכטיקער פּאטריאָטישער אופֿשטײַג אין סאָוועטנפֿארבאנד — דאָס אלץ באקומט א בולטע אָפּשפּיגלונג אין מארקישעס ליריק.

א באזונדער אָרט פֿארנעמט אין מארקישעס ליריק די גרויסע פּאַטערלענדישע מילכאָמע פֿונעם ראטנפֿארבאנד קעגן היטלערישן דײַטשלאנד. דער רעוואָליוציאָנער־פּאטריאָטישער פּאטאָס פֿון צאָרנדיקן דעמאסקירן דעם פֿאשיזם, ראסיזם און די בלוטיקע רעציכעס דערגרייכט אין מארקישעס דיכטונג די סאמע העכסטע שטופּע. עס איז זיכער, אז אין דער ייִדישער דיכטונג איז שווער צו געפֿינען נאָך אזויפֿיל צאר און צאָרן, ווי אין מארקישעס לידער. דער ציקל סטאנסן „צו א ייִדישער טענצערן“ איז א פֿארענדיקטער אידייִש־קינסטלערישער און פֿילאָסאָפֿישער אויסדרוק פֿון דער גרויסער טראגעדיע פֿון אייראָפּע אין צוזאמענהאנג מיט דער געפֿאר פֿון דער „ברוינער פּעסט“ פֿון היטלעריזם, וואָס האָט זיך דאן אָנגערוקט אף די פֿעלקער. דער פֿאשיזם ווערט כאראקטעריזירט פֿונעם דיכטער ווי א שרעקלעכע ווילדע קראפֿט, וואָס שלעפּט די מענטשהײַט צוריק צו די פֿינצטערע צײַטן פֿון אוראלטער בארבארישקײַט, צו דעם זיג פֿון כײַיִשע אינסטינקטן, צו פֿארניכטן די בעסטע סאָציאַלע, מאָראלישע און קולטורעלע דערגרייכונגען פֿון די פֿעלקער אין פֿארלויף פֿון יאָרטויזנטער.

ער גייט, ער גייט, דער גולעם מיט דער האק...

מיט אָט דער שווערוואָגיקער און שווערקלאנגעוודיקער שורע זאָגט אָן דער דיכטער וועגן די פֿאָרשטייענדיקע גרוילן.

אָבער, זעלבסטפֿארשטענדלעך, פֿארורטיילנדיק מיטן טיפֿסטן צאָרן די פֿאשיסטישע אונטערדריקונג פֿון די אייראָפּעיִשע פֿעלקער, גייט מארקיש ניט פֿארבײַ די אומגעהערטע ליידן פֿון זײַן אייגן פֿאָלק, וועלכן די אַרישע מאלפֿעס האָבן מיט מעטאָדישן סאדיזם אָנגעהויבן פֿיזיש צו פֿארניכטן.

„צו א ייִדישער טענצערן“ צייכנט א גרויסן אידייִשן אנטוויקלונגס־וועג פֿונעם דיכטער. אמאָל, קימאט מיט צוויי צענדליק יאָר ביז דעם, האָט מארקיש אָנגעשריבן א פּאָעמע „די קופּע“. דאָס איז געווען א ווייטעקדיקער אויסגעשריי, א מאכטלאָזער פּראָטעסט קעגן ייִדישע פּאָגראָמען, וואָס די קאָנטררעוואָליוציאָנערע באנדעס האָבן געמאכט אף אוקראַיִנע בײַסן בירגערקריג. דער פּאָעט האָט דעמאָלט ניט געזען קיין פּערספּעקטיוו און קיין אויסוועג. פֿולשטענדיקע אנטוישונג, מאכטלאָזע טיראדעס קעגן גאָט, אבסטראקטע פּראָטעסטן קעגן נאציאָנאלן אומגליק און אומקלאָרע פֿאָרשטעלונגען וועגן די ווירקלעכע סיבעס, וואָס פֿארורזאכן אָט דעם אומגליק, — אָט מיט וואָס עס כאראקטעריזירט זיך „די קופּע“. נאָר פֿון דעמאָלט זײַנען אדורך א סאך יאָרן. די סטאנסן „צו א ייִדישער טענצערן“, וועלכע זײַנען געשאפֿן געוואָרן אין רײַפֿן פּעריאָד פֿון גרויסן סאָוועטישן דיכטער פּערעץ מארקיש, בײַ זייער גאנצן טראגיזם, זײַנען אָבער ווײַט פֿון ייִעש. פֿארקערט, אין דעם ווערק פֿילט זיך אָן אַנדער פֿילאָסאָפֿיש־היסטאָרישע קאָנצעפּציע, וועלכע איז דורכגעדרונגען מיט פֿולן גלויבן אין זיג פֿון גערעכטיקײַט איבער גוואלדטאט און בייז:

א זיגער איז ניט דער, וואָס טוט דעם אנדערן
א צוים אָן,
נאָר דער, וואָס אין דער צוים — די צוים
צעברעכט.

דעם דיכטערס זיכערקײַט אינעם זיג פֿון גוטס איבער בייז, פֿון ליכט — איבער פֿינצטערקײַט, פֿון סייכל — איבער ווילדקײַט באזירט זיך ניט אף איליוזיעס, נאָר אף רעאלע פֿאקטן פֿון דער ווירקלעכקײַט און פֿון דער היסטאָרישער דערפֿארונג, אף דער עקזיסטענץ פֿון דער נײַער וועלט, וואָס שטייט ווי א פֿעלדז, ווי א גראניטן צוים קעגן אלע פֿינצטערע קויכעס און פֿײַנטלעכע בייזע ווינטן, פֿונוואנען זיי זאָלן ניט יאָגן:

דער יאם איז שטיל, און העל זײַנען די טעג,
כ'זע, ווי א זעגלשיף, דיך בלאָנדזשען איבער וועלן;
עס וועט דיך צופֿירן דער גוטער ווינט צום ברעג
און זיך געזעגענען מיט דיר בא גינגאָלדענע שוועלן.

דאָ איז די ערד איעדערן געטרײַ,
דאָ בליִען אוף די אויסגעדארטסטע שטאמען, —
דאָ וועט דיר יעדעס ביימל זײַן א פֿרײַנט,
דאָ וועט דיר יעדעס זעמדל זײַן א מאמע...

„צו א ייִדישער טענצערן“ איז א נײַער טיפּ פּאָעמע, געבויט אף דעם לירישן מאָנאָלאָג פֿונעם דיכטער, געווענדט צו דער טענצערן פֿון געטאָ, אין וועלכער עס איז פֿארקערפּערט דאָס געשטאלט און דער גורל פֿונעם ייִדישן פֿאָלק. דאָס ווערק איז דורכגעדרונגען מיט היסטאָריש־פֿילאָסאָפֿישע אסאָציאַציעס, רעמיניסצענצן און באטראכטונגען וועגן דעם גורל פֿון דער מענטשהײַט, וועגן נאציאָנאלן און סאָציאַלן זײַן. דער אײַנגעהאלטענער צאר ווערט אויסגעדריקט ניט אין היסטערישע אויסגעשרייען, נאָר אין באוווּסטזיניקן אופֿאסן די קאטאסטראָפֿישע פּראָצעסן פֿון דער וועלט־געשיכטע, אין שארפֿע ראַיוּנעס וועגן דעם ביטערן שיקזאל פֿונעם אייגענעם פֿאָלק אפֿן פֿאָן פֿון די דאָזיקע געשעענישן.

## 5

אין די לעצטע יאָרן, נאָך דער צווייטער וועלט־מילכאָמע, האָט מאַרקישעס ליריק דערגרייכט די העכסטע פאַרפולקומונג אי אין דער דורכזיכטיקייַט פון פאָרם, אי אין דער טיפקייַט פון אידייישן אינהאַלט. עס לאָזט זיך בוילעט פילן די רייַפקייַט און קלוגשאַפט אינעם אופאַסן און פאַרקערפּערן די דערשייַנונגען פון לעבן. מאַרקישעס שטורעמדיקע ליד ווערט רויִקער, באַדאַכטער. זייַן ליריק אין די לעצטע יאָרן נאָך דער מילכאָמע איז פילאָסאָפיש פאַרטיפט, פול מיט שטרעבן אַרייַנצודרינגען אינעם אינערלעכן טאָך פונעם לעבן און פונעם מענטשלעכן זייַן. א ריי לידער פון דער צווייטער העלפט פערציקער יאָרן („גוטמאָרגן“, „די פלעדערמויז“, „סאָלאָ“, „באַהעפטונג“, „די רויז“, „די קאַפּעלע“, „דער יאַם פאַרטאָג“, „דאָס דריטע מאָל“, „דייַן טרער“, „זעלבסטפאַרגעסונג“, „האַרבסט“, „דער רעגנבויגן“, „די מוזע“, „א פרוי מיט א קינד“, „דער ווינטער גייט“, „דייַן בליק“ און אנד.) זייַנען, דאַכט זיך, א פאַרקערפּערונג פון צייַטווייַליקע מינוטן־איבערלעבונגען, וועלכע זייַנען פאַרבונדן בלויז מיט אן אומבאַדייַטנדיקער דעטאַל; נאָר אינדערעמעסן איז אין יעדער ליד באַזונדער און אין אַלע לידער צוזאַמען גענומען, אויסער גלענצנדיקע בילדער, שאַרפע עמפינדונגען, פּאָעטישער שיינקייַט — אויסער דעם אַלעמען, איז אין זיי פאַראַן גרויסע פאַראַלגעמיינערונגען און קלוגע באַזיניקונג פון דער מענטשלעכער עקזיסטענץ.

פון די אַלע לידער טיילט זיך אויס באַזונדער „קאַווקאַז“, וואָס דערשיטערט מיט דעם טראַגיזם, מיט דער בילדערישער שפּראַך, מיט דער ברייטקייַט פון דיכטערישער שילדערונג:

די קעפ פאַריסן אַף אַרוף,
פאַר כמאַרעס אויסגעשטרעקט די אַקסל, —
וואַרטן די פעלדזן אַף א רוף —
איינס אין דעם צווייטן אייַנגעוואַקסן.

זיי כאַפּן איבער דרייסט א בליץ,
זיי לאָזן זיך ניט קיין צערייַס טאָן;
מיר דוכט: אין דר'הייך, אַף זייער שפּיץ
זיך פּאַשען דעמאָנעס און גייַסטער.

אָדער:

דאָ דראָט א ריז — פאַרמאָסטן גלייַך,
דאָ פון א באַרג זיך רייַסט א האָרן.
דאָ טראָגט זיך שמייַסנדיק א טייַך
צווישן געוואַלגערשטיין פאַרלאָרן.

דאָ דריקט א פעלדז א צווייטן פעלדז,
דאָ אַפן קאַרק זיי נעמט א דריטער;
— ס'איז גאַסטפרייַנטלעך, קאַווקאַז, דייַן שוועל
פאַר שטילקייַט, גלייַך ווי פאַר געוויטער.

אַזאַ גרויסאַרטיק בילד וועגן קאַווקאַז האָט נאָך די יידישע דיכטונג ביז מאַרקישן ניט געשאַפן. אָבער ניט אין דער פּרעכטיקייַט פון פּייזאַזשן באַשטייט דער סאָך פון דער ליד „קאַווקאַז“. דער „דורכגייער“, וואָס ווייַלט „צוגאַסט אין א מאַנסאַרדע“, איז טאַקע פאַרכאַפּט פון דער גרויזאַמער קאַווקאַזער שיינקייַט, ער זעט טאַקע די „געוועלבן שטיינערנע, ווי אַרקעס“, ער הערט טאַקע „דעם כראָפּ פון שלאָפנדיקער באַרג־קייט“. אָבער די בילדער פון פרידן און רו פאַרשטעלן ניט די זיכרוינעס וועגן די ערשט ניט לאַנג אָפּגעשטורעמטע יאָרן פון דער מילכאָמע. „א דייַטשע זשאַווערדיקע קאַסקע“ רופט אַרויס א צווייענדיק געפיל פון שטאָלץ מיטן זיג פונעם היימלאַנד איבער דעם סוינע און מיט דעם באַוווסטזייַן, אַז דער סוינע האָט געקראָגן די שטראָף.

און באַנאַנד דערמיט — דערמאָנונגען וועגן דעם גרויסן קורבן פונעם יידישן פאָלק. דאָ זעען מיר ווידער מאַרקישן דעם דיכטער פון סאָציִאַלן פּראָגרעס, דעם דיכטער פון הומאַניזם און איינצייַטיק דערמיט — דעם גרויסן נאַציִאָנאַלן דיכטער. מיט גרויס צאַר רעדט ער וועגן „אויסגעקוילעטן וואָלין“, וועגן „אויסגעשאָכטענער פּאָדאָליע“, וועגן „געקעפּטע טויזנט יאָר פון בעסאַראַביע און פוילן“. דערשיטערנדיק קלינגען די לעצטע סטראָפעס פון דעם ווערק „קאַווקאַז“:

צופוסנס, דאָ, בא דייַנע בערג,
אין זייער שטיינערדיקן גליווער, —
פאַרטראָגן דורך דעם בראָך אַהער,
וועל איך אַף דר'ערד זיך זעצן שיווע.

נאָך טויזנט ווייטעקדיקע יאָר —
פאַרשניטענע און אָפּגעמעקטע,
ביז אופוואַכן וועט דער קאַיאָר,
ביז דער באַגין וועט מיך א וועק טאָן...

אָבער אויך דאַן וועט דער גערויש
פון דייַנע שטראָמיקע געדרויבן
דעם וויי און צאָרנדיקן ברויז
בא מיר אין האַרצן ניט פאַרטויבן.

און ניט דייַן פּראַכט, ניט דייַן קאַיאָר
וועט ניט פאַרשלעפּערן מיט רו מיך,
ווען רופן כ'וועל די טויזנט יאָר,
צו כאָלעם זאָלן זיי מיר קומען.

אַזוי איז מאַרקיש געקומען צו דעם הויכפּונקט פון זייַן לירישער דיכטונג, צו דעם, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר דעם סאַכאַקל פונעם שעפערישן וועג.

אין 1948, אין לעצטן יאָר פון זייַן שאַפן, האָט פּערעץ מאַרקיש געשריבן:

העכער פונעם פויגלס פליִגל
האָבן מיר אַף בערג געשטיגן
און דערשטיגן, און דערלאַנגט, —
גיס זשע אָן מיט ברייטער האַנט,
אַז מעקויִעם זאָלן ווערן
אַלע אונדזערע באַגערן;

טיפער פון די יאַמען־גרונטן
זיך געלאָזט מיר האָבן מונטער
און פאַרטרונקען מיט געזאַנג, —
גיס זשע אָן מיט פולער האַנט,
ס'זאָל באַם פאָלק זייַן פול די קוואַלן,
און ס'זאָל גאָרניט גייַן פאַרפאַלן.

אַזוי האָט געזונגען מאַרקיש, צום לעצטן מאָל, זייַן לעצטע, זייַן שוואַנען־ליד. געזונגען אַף זייַן, נאָר אים אַליין אייגנטימלעכער דיכטערישער שפּראַך. און געווען איז אין דעם דאָזיקן געזאַנג דאָס באַוווסטזייַן פון א גוט אָפּגעלעבט לעבן, פון א גוט אָפּגעזונגענער ליד, א הילכיקער ליד, א דרייסטער און שטורמישער, אן עמעסדיקער און אָפענער. עס איז געווען אין אָט דעם געזאַנג א פריידיק און טרויעריק באַוווסטזייַן פון א דורכ־

געמאַכטן וועג. פריידיק — ווײַל דער וועג איז געווען א גרויסער, א שווערער, איבער בערג און פעלדזן, אָבער צוזאמען מיטן פאָלק. טרויעריק — ווײַל דער דאָזיקער רומפולער וועג קומט צום סאָף:

אָפּגעבליט האָט גיך דער זומער
און דער הארבסט איז פרי געקומען.
ערגעץ שוין דער ווינטער שפּאנט, —
גיס זשע אָן מיט פולער האנט
פאר די נאָענטע, פאר די ווײַטע, —
די, וואָס וועלן אונדז פארבײַטן.

און מיט דעם געזאנג אף די ליפּן גייט דער דיכטער אוועק פונעם לעבן, זײַענדיק זיכער, אז די באַגײַסטערטע קלאנגען וועלן דערגיין צו די הערצער פון מענטשן...

## 6

בלויז מארקישעס לירישע דיכטונג וואָלט שוין געווען גענוג, אז זײַן נאָמען און זײַן שאפן זאָלן פארבלײַבן אין זיקאָרן פונעם פאָלק און אין דער געשיכטע פון דער ליטעראטור. נאָר דער שעפערישער גײַסט און דער אופּטו פונעם דיכטער האָבן זיך נאָך בוילעטער אנטפּלעקט אין דער עפּישער דיכטונג. און אויב אלס ליריקער פארנעמט מארקיש אן אָנגעזעען אָרט, האָט ער אלס עפּיקער קיין גלײַכן ניט צו זיך אין דער גאנצער געשיכטע פון דער ייִדישער דיכטונג.

מארקישעס ליריק פארקערפּערט א קאָלאָסאלע רעוואָליוציאָנערע ענערגיע פון די פאָלקסמאסן. איר איז אלס קלאל פרעמד די יעכידיש־אינדיווידואליסטישע טעמעס. מארקישעס ליריק דריקט אויס מערסנטייל סאָציאל־היסטאָרישע און געזעלשאפטלעכע געפילן און שטימונגען. נאָר דער אוניווערסאלער כאראקטער פון מארקישעס טאלאנט האָט אים געשטויסן צו פארברייטערן דעם דיאַפּאַזאָן פון זײַן שאפונג. דער לירישער זשאנער איז געווען צו ענג פאר זײַן טעמפּעראמענט און פאר זײַן אידייִשן פארמעסט. פאר מארקישן דעם קינסטלער איז ניט געווען גענוג זיך אָפּצורופן בלויז ליריש אף די אקטועלע לעבנס־פּראָבלעמען און פּראָצעסן. לירישע אָפּקלאנגען אף די דערשײַנונגען פון דער ווירקלעכקײַט האָבן ניט געקאָנט באפרידיקן מארקישן אין דער פולער מאָס, ווײַל די לירישע דיכטונג איז מער אָדער ווייניקער באגרענעצט מיט א קרײַז פון סוביעקטיווע, פּסיכאָלאָגיש־עמאָציאָנעלע עמפּינדונגען פון צעדרויבלטן און אָפּט אפילע כאאָטישן כאראקטער. ליריק אלס דיכטערישער זשאנער קאָן ניט און דארף ניט שאפן קיין ברייטע לעבנס־בילדער, אלזײַטיק באשרײַבן דעם גורל פון מענטשן און פון פעלקער, אָפּשפּיגלען וועלט־היסטאָרישע געשענישן פון דער עפּאָכע, אירע שארפע ווענדונגען און זיגזאגן.

מארקישעס עפּישע דיכטונג האָט זיך אנטוויקלט ווי אן אָרגאנישער באשטאנדטייל פון זײַן שאפונג אינגאנצן גענומען, פאראלעל און אײנצײַטיק מיט דער ליריק; און צײַטנווײַז האָט דער עפּאָס פּרעוואלירט איבער דער ליריק און אפילע זי ארויסגעשטויסן. נאָך מער: מארקישעס ליריק גופא שליסט אין זיך אײַן עפּישע עלעמענטן און איז דורכגעדרונגען מיט עפּישע טענדענצן. שוין אין „וואָלין“ (1918) האָט מארקיש געשאפן א ברייטע ליריש־עפּישע פּאנאָראמע פונעם ייִדישן שטעטל אף אוקראיִנע. דאן קומען „די קופּע“ (1921) און „ראדיאָ“ (1922) — צוויי שטארקע ווערק לויט דער קינסטלערישער לײַדנשאפט, אין וועלכע עס לאָזט זיך פילן דער רעוואָליוציאָנערער פּאטאָס („ראדיאָ“) און דער נאציאָנאלער („די קופּע“). סאָף צוואנציקער און אָנהייב דרײַסיקער יאָרן שאפט מארקיש אזעלכע ווערק, ווי „כארקאָוו“, „די כאָכמע פון מײַן לאנד“, „מײַן דאָר“ אא., אין וועלכע ער באזינגט די פּראָצעסן פון דער סאָציאַליסטישער איבערגעשטאלטונג פונעם לאנד. און, ענדלעך, אין אָנהייב פון דער צווייטער וועלט־מילכאָמע שרײַבט מארקיש אָן זײַן גלענצנדיקן ציקל סטאנסן „צו א ייִדישער טענצערן“.

אין די דרײַסיקער און פערציקער יאָרן שאפט מארקיש א ריי גלענצנדיקע באלאדעס, וואָס זײַנען אין טאָך פּאָעמעס. אין זיי דריקט דער דיכטער אויס פארשיידענע פּראָבלעמען פון דער ווירקלעכקײַט. אין דער ערשטער ריי איז דאָס די פּראָבלעם פון פארטיידיקן דאָס פאָטערלאנד („באלאדע וועגן ברידער“, „באלאדע וועגן כאווער אגייעוו“, „דעם פארטיזאנס מוטער“ אא.) און די שטרעבונג צו שאפן דאָס געשטאלט פון דעם נײַעם סאָוועטישן מענטשן („די מעלקערן מארפע“ אא.). פאר מארקישעס באלאדעס זײַנען כאראקטעריסטיש צוויי אייגנשאפטן: דעמאָקראטיזם און פאָלקסטימלעכקײַט, אף וויפל אין זיי ווערט הויפּטזאכלעך באזונגען דער פּאָשעטער מענטש, זײַן ארבעט, זײַן פּסיכאָלאָגיע, זײַנע אידעאלן און שטרעבונגען. דערמיט איז פארבונדן נאָך א שטריך פון די באלאדעס — דאָס שילדערן די העלדישקײַט פונעם סאָוועטישן מענטשן. די קאָמפּאָזיציע פון מארקישעס באלאדעס איז געבויט אף א העלדישן אופּטו פון דעם הויפּט־געשטאלט, וואָס ווערט ארויסגעפירט אינעם ווערק. דעריבער זײַנען די באלאדעס לויט זייער סטיל רעאליסטישע, אָבער אין דער זעלבער צײַט — דורכגעדרונגען מיט רעוואָליוציאָנער־ראמאנטישן גײַסט און אָנגעזעטיקט מיט דערהויבענע רעוואָליוציאָנערע ראָמאנטישע איבערלעבונגען פון מענטשן, וועלכע זײַנען גרייט צו די העכסטע מעסירעסנעפעשדיקע טאטן פארן פאָלק און פארן לאנד. זעלבסטפארשטענדלעך, אז דאָ גייט א רייד ניט וועגן ראָמאנטיזם אלס עסטעטישע שול אָדער אלס שעפערישער מעטאָד. מארקיש איז אין טאָך שטענדיק געווען א רעאליסט.

אין אָט די באלאדעס און אין די ליריש־עפּישע ווערק איז מארקיש ארויסגעטראָטן ניט בלויז ווי א שטארקער ליריקער, נאָר אויך ווי א מעכטיקער שעפער פון עפּישע ווערק. אָבער ער האָט זיך ניט אָפּגעשטעלט אף דעם. ער איז געגאנגען ווײַטער און האָט געשאפן א ריי פּאָעמעס, דיכטערישע עפּאָפּייעס, אין וועלכע עס ווערן געשטעלט די סאמע וויכטיקע היסטאָרישע פּראָבלעמען פון דער עפּאָכע.

## 7

מארקיש האָט אָנגעשריבן זעקס פּאָעמעס־עפּאָפּייען, ברייטע עפּישע לײַוונטן, וואָס האָבן ניט קיין גלײַכן צו זיך אין דער ייִדישער דיכטונג: וועגן דער ערשטער רוסישער רעוואָליוציע („יערושע“), וועגן דער ערשטער וועלט־מילכאָמע, דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע און בירגערקריג („ברידער“), וועגן דער ערד־אײַנאָרדענונג פון די ייִדישע דעקלאסירטע מאסן, וועגן קאָלעקטיוויזאציע און ליקווידאציע פון באלעגוף („ניט געדײַגעט“, „דעם באלעגופס טויט“), וועגן דער איבערדערציִונג פון די ייִדישע מאסן אין דער אינדוסטריע („אופגאנג אפן דניעפּער“),

װעגן דער גרויסער פאָטערלענדישער מילכאָמע („מילכאָמע“).

אין זײַנע פאָעמעס־עפאָפייען טרעט מארקיש ארויס ווי א דיכטער א היסטאָריקער, וועלכער שילדערט די היסטאָרישע עטאפן, פראָצעסן און פראָבלעמען פון דער סאָציאלער און נאציאָנאלער געשיכטע פון די ייִדישע פאָלקסמאסן אין רוסלאנד ערעוו און נאָך דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע און ביז אונדזער צײַט.

זעלבסטפארשטענדלעך, ניט אלע פאָעמעס זײַנען קינסטלעריש גלײַכווערטיק. „ברידער“ און „דעם באלעגופס טויט“, אשטייגער, זײַנען קלאסישע עפישע ווערק, כאָטש אפילע פון פארשיידענע סטרוקטורישע געבײַען, בייס „אופגאנג אפן דניעפער“, „ניט געדײַגעט“ און „מילכאָמע“ זײַנען לויט זייער אינערלעכן געבוי, לויט דער צעשטעלונג פון די קאָמפאָנענטן און לויט דער אינערלעכער פונקציאָנעלער איינהײַט ניט אזוי פעסט באהעפט און צוזאמענגעשלאָסן.

אין זײַנע דיכטערישע עפאָפייען איז מארקיש דער גרויסער שעפער פון לעבעדיקע קינסטלערישע געשטאלטן, פון ברייטע פילפלאניקע קאָמפאָזיציעס, דער מײַסטערהאפטער מאָלער פון שטייגער־בילדער, מאסן־פסיכאָלאָגיע, פאָלקס־מינהאָגים, פון גלענצנדיקע פייזאזשן.

נאטירלעך, מארקישעס גרויסער אופטו אין דער ליטעראטור איז פריִער פאר אלץ זײַן דיכטערישע שאפונג. מארקיש איז הויפטזאכלעך א דיכטער. און ווען אפילע ער שרײַבט א דערציילונג, א ראָמאן, א פיעסע צי אפילע אן עסיי, פילט זיך סײַ אין דער שפראך, סײַ אינעם לײַדנשאפטלעכן אויפן פון אויסדריקן א געדאנק דער שטורמישער טעמפעראמענט פון א דיכטער. אָבער אין דער דיכטונג האָט זײַן שעפערישע ענערגיע זיך ניט אויסגעשעפט און ער האָט געשאפן באדײַטנדיקע ווערק אין אלע ליטערארישע זשאנרען — אין פראָזע, דראמאטורגיע, פובליציסטיק און ליטעראטור־קריטיק.

מארקישעס גרויסער ראָמאן „דאָר־אויס, דאָר־אײַן“ (1929) איז לויטן אינהאלט נאָענט צו דער דיכטערישער עפאָפיי „ברידער“. ווי אין דער פאָעמע, ווערט אויך אין ראָמאן ארומגעכאפט א גרויסער היסטאָרישער צײַט־אָפשניט און א גרויסע צאָל סאָציאלע געשעענישן פון דער עפאָכע. די האנדלונג פונעם ראָמאן שפרייט זיך אויס איבער פיל געאָגראפישע און טעריטאָריעלע פלאצדארמען (שטעטלעך, שטעט: קיִעוו, טאמבאָוו, אָריאָל); עס ווערט געשילדערט די פסיכאָלאָגיע פון פארשיידענע נאציאָנאלע שיכטן (ייִדישע, רוסישע, אוקראיִנישע) און סאָציאלע גרופעס (בורזשואזיע, אינטעליגענץ, ארבעטער, פויערים, טשינאָווניקעס, דעקלאסירטע, לומפ־עלעמענטן) אף א ברייטן היסטאָרישן פאָן פון דער ערשטער רוסישער רעוואָליוציע, פון דער ערשטער וועלט־מילכאָמע, פון דער פעווראלער און אָקטיאבער־רעוואָליוציע און פון דעם בירגערקריג.

די צענטראלע היסטאָרישע, אידעאָלאָגישע און פאָליטישע פראָבלעם איז שוין געשטעלט אינעם קעפל פונעם ראָמאן: דער אומבײַט פון דוירעס, וואָס באטײַט אומבײַט פון וועלטן, אומקום פון דער אלטער וועלט און ניצאָכן פון דער נײַער וועלט, טריומף פון דער רעוואָליוציע און פונעם פאָלק. און באנאנד מיט אָט דער צענטראלער פראָבלעם פילט זיך אין ראָמאן די שארפע זאָרג און דער שארפער אומרו פונעם קינסטלער אין פארבינדונג מיטן גוירל פונעם ייִדישן פאָלק אינעם פראָצעס פון דער רעוואָליוציע. פונקט ווי אין דער דיכטונג, פלעכטן זיך איבער אין מארקישעס ראָמאן נאציאָנאלע מאָטיוון מיט פראָבלעמען פון רעוואָליוציע. ניט אומעטום גיט זיך אײַן דעם אוטאָר צו געפינען די ריכטיקע פארהעלטעניש צווישן דער רעוואָליוציע און דער נאציאָנאלער פראגע. אין דער שילדערונג פון פאָגראָמען, אינעם מאָלן אייניקע פארשוינען (מענדל, גאָדל) הערן זיך טענער פון פײַן און פון נאציאָנאלן טרויער. אָבער אין טאָך דאָמינירט איבער אלץ די רעוואָליוציע, איר עמעס און איר גערעכטיקײַט. דאָס הערלעכע געשטאלט פונעם רעוואָליוציאָנער עזראָ, זײַן טעטיקײַט און זײַנע אידעאלן דאָמינירן איבערן גאנצן ראָמאן, אין די דראמאטישע געשעענישן, אין די קאָמפליצירטע פסיכאָלאָגישע קאָליזיעס און אין דער גאנצער טראגישער אטמאָספער פונעם ווערק. ניט געקוקט אפן שטארקן שטראָם פון ראָמאנטיזם און אפילע סימבאָליזם, איז דער ראָמאן אינגאנצן גענומען אן אויסגעשפראָכן רעאליסטיש ווערק. די גלענצנדיקע געשטאלטן־גאלעריי, דער טיפער פסיכאָלאָגישער אנאליז פון די פארשוינען, די ברייטע שילדערונג פון די היסטאָרישע געשעענישן, פון שטייגער־בילדער, דעטאלן און די מײַסטערהאפט געבויטע קאָמפאָזיציע האָבן ארויסגערוקט דעם ראָמאן „דאָר־אויס, דאָר־אײַן“ אפן פאָדערגרונט פון דער ייִדישער סאָוועטישער פראָזע, אלס איינס פון אירע באדײַטנדיקסטע ווערק און האָט אנטפלעקט מארקישן אלס איינעם פון די שטארקסטע ייִדישע פראָזאִיקער.

מארקישעס העכסטע דערגרייכונג אין געביט פון קינסטלערישער פראָזע איז זײַן ראָמאן „טראָט פון דוירעס“. ווען דער ראָמאן וועט דערשײַנען, וועט די ייִדישע ליטעראטור בארײַכערט ווערן מיט א גרויס ווערק וועגן אונדזער עפאָכע.

דער דראמאטיזם און טראגיזם פון דער עפאָכע, ווי אויך די לײַדנשאפטלעך־טעמפעראמענטפולע שטרעבונג פונעם קינסטלער צו פארקערפערן און באזיניקן די אקטועלסטע, ברענענדיקע פראָבלעמען פון דער הײַנטצײַטיקײַט — דאָס האָט פארורזאכט מארקישעס ווענדונג צו דראמאטורגיע.

מארקישעס מער געלונגענע פיעסן „ניט געדײַגעט“ און „די מישפאָכע אָוואדיס“ זײַנען רעאליסטישע פאָלקס־דראמעס. און ניט צופעליק האָבן גראָד אָט די דראמעס געהאט דעם גרעסטן דערפאָלג אין די ייִדישע סאָוועטישע טעאטערן. אין מארקישעס דראמאטורגישע ווערק פארנעמען דעם אויבנאָן די מאסן־סצענעס פון ארבעט און שטייגער, און אין דער מערהײַט פאלן איז דאָס דער שטארקסטער עלעמענט, אף וועלכן עס האלט זיך די דראמע. די מאסן־סצענעס גיבן צו דער פיעסע ענערגיע און דינאמישקײַט, לעבעדיקײַט און געשפאנטקײַט. דער רעאליסטישער פאָלקס־סטיל פון מארקישעס דראמאטורגיע איז איינצײַטיק דער סטיל פון פאָלקס־ראָמאנטיק, פון פאָלקס־שפיל, פון ליריש־העראָאישער דערהויבנקײַט. אין דער דראמע, פונקט ווי אין ראָמאן, איז מארקיש געבליבן א דיכטער: דער דראמאטורגישער מאטעריאל, פונקט ווי דער מאטעריאל פון דער קינסטלערישער פראָזע, איז בא מארקישן דערהויבן פאָעטיזירט.

מארקישעס שאפונג, זײַן דיכטונג, פראָזע און דראמאטורגיע, איז דורכגעדרונגען מיט דער לײַדנשאפט פון א קינסטלער א פובליציסט און קעמפער, וואָס וויל ניט נאָר ווײַזן, נאָר אויך דערווײַזן. מארקיש איז ווי דער הימל פון דער ערד ווײַט פון אָביעקטיוויזם, און אין זײַנע קינסטלערישע ווערק רײַסט ער זיך ארײַן אינעם

געוועב פונעם סוזשעט מיט פילאָסאָפישע, פּאָליטישע באַטראַכטונגען, מיט ליריש־געזעלשאַפטלעכע אָפּוועגדונגען, מיט פּאָלעמישע דיאַלאָגן און דיסקוסיעס איבער די אַקטועלסטע פראַגן פון סאָציאַלן קאַמף און פון דער הײַנטצײַטיקער ווירקלעכקײַט. דעריבער איז פאַרשטענדלעך, וואָס אין זײַן ליטעראַרישער ירושה פאַרנעמט אַן אָנגעזעען אָרט פּובליציסטיק און ליטעראַטור־קריטיק. די פילצאָליקע אַרטיקלען, פּאַמפלעטן, פעליעטאָנען, עסייען, ליטעראַריש־קריטישע אַרויסטרעטונגען זײַנען ביז איצט נאָך ניט צונויפגעזאַמלט, ניט אויסגעפאָרשט, ניט אַרויסגעגעבן; זיי האָבן אַ באַדײַטנדיקן אינטערעס סײַ פאַר דערקענען מאַרקישעס שאַפונג, סײַ פאַר דער געשיכטע פון דער ליטעראַטור. באַזונדערס וויכטיק זײַנען מאַרקישעס מאָנאָגראַפישע אַרבעטן וועגן שאָלעם־עליכעמען און מיכאָעלסן. אין אָט די אַרבעטן האָט מאַרקיש גלענצנדיק אויפגעדעקט די גרונט־שטריכן, דעם שעפערישן מעטאָד, דעם פאָלקס־כאַראַקטער, די מײַסטערשאַפט און דעם אינערלעכן אידייִשן טאָך פונעם גרויסן פאָלקס־שרײַבער און פונעם גרויסן פאָלקס־אַקטיאָר. מאַרקיש האָט געקענט אויסמעסטן די הייך פון אָט די ריזן, ווײַל ער איז אַליין געשטאַנען אויף זייער הייך.

* * *

פערעץ מאַרקישעס פילאַרטיקע שאַפונג איז געווען אַן איבעראַשונג אין דער ליטעראַטור. ער איז געווען דער רעוואָלוציאָנערער שטורעם און דראַנג פון דער ייִדישער ליטעראַטור, און ער האָט טיפער און שטאַרקער און פולער ווי ווער עס איז אַנדערש אויסגעדריקט די היסטאָרישע דראַמע און די נאַציאָנאַלע טראַגעדיע פונעם ייִדישן פאָלק אין דער שטורעמדיקער עפּאָכע „פונעם צוואַנציקסטן פײַער געשמידטן יאָרהונדערט" (האָפשטיין). מיט זײַן גאַנצער שאַפונג איז ער פולשטענדיק פאַרבונדן מיט די סאַמע פאַרשיידנסטע קוואַלן און טראַדיציעס פון ייִדישער קולטור אין העברעיִש און אין ייִדיש, אין אַלטערטום, אין מיטלאַלטער און אין דער נײַער צײַט. און ער איז ניט ווייניקער פאַרבונדן מיט דער מערבֿאייראָפּעיִשער און רוסישער קולטור און ליטעראַטור. ער איז טראַדיציאָנעל און נאָוואַטאָריש. אין דער גרויסער גאַלעריי ייִדישע דיכטער פונעם צוואַנציקסטן יאָרהונדערט סײַ אין ראַטנפאַרבאַנד, סײַ אין אויסלאַנד פאַרנעמט מאַרקיש דעם אויבנאָן באַנאַנד מיט אַזעלכע ריזן, ווי ביאַליק, לייוויק, האַלפּערן, האָפשטיין. און פונקט ווי זיי, איז ער געוואָרן אַן אָנהייב פון נײַע שעפערישע טראַדיציעס פאַר די ווײַטערדיקע דורות ייִדישע דיכטער.

# כראָניק

## נײַע אַרבעטן פון סאָוועטישע סעמיטאָלאָגן

אין לענינגראַד איז דערשינען אַ זאַמלבוך „קורצע מיטיילונגען פונעם אינסטיטוט פון די אַזיע־פעלקער". אין די אַרטיקלען פון די סעמיטאָלאָגן י. ווינניקאָוו, ג. גלוסקינאַ, לייב ווילסקער, מ. העלטצער, י. אַמוסין, ק. סטאַרקאָוואַ, אַ. גאַזאָוו־גינזבערג, ע. שיפמאַן אאַ. ווערן באַהאַנדלט פראַגן פון ייִדישער געשיכטע און העברעיִשער לינגוויסטיק.

באַזונדערע אויפמערקזאַמקײַט ציט צו דאָס אַרטיקל פון הילעל אַלעקסאַנדראָוו, וועלכער באַלײַכט אין אַ נײַער שײַן די ראָליע פון ראַבי אַקיווע אינעם אויפשטאַנד פון די ייִדן קעגן דער רוימישער הערשאַפט, מיט וועלכן ס'האָט אָנגעפירט באַר־קאָכבאַ.

## פושקין און די העברעיִשע דיכטונג

אינעם אויגוסט־נומער פונעם זשורנאַל „די פעלקער פון אַזיע און אַפריקע", וואָס דערשײַנט אין רוסיש, זײַנען פאַרעפנטלעכט צוויי אַרטיקלען אויף דער טעמע „פושקין און די מיזרעך־קולטור". די אויטאָרן — דער מיטגליד־קאָרעספּאָנדענט פון דער טאַדזשיקישער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע יוסעף בראַגינסקי און דער ליטעראַטור־פאָרשער דאָוויד בעלקין טיילן מיט וועגן דעם אינטערעס, וואָס דער גרויסער רוסישער דיכטער האָט אַרויסגעוויזן צו דער קולטור פון די מיזרעך־פעלקער, באַזונדערס צו דער העברעיִשער דיכטונג.

• • •

אין דעם זעלבן זשורנאַל־נומער ווערט מיטגעטיילט וועגן אַ זיצונג פון דער אָפּטיילונג וועגן אוראַלטן מיזרעך באַם אינסטיטוט פון די אַזיע־פעלקער, אויף וועלכער י. בראַגינסקי האָט געלייענט אַ פאָרטראָג וועגן זײַנע פאָרשונגען איבער „שיר־השירים".

## בינאָמין כאַיאַטאַוסקאַס — פאַרדינסטפולער אַרטיסט

דער פּרעזידיום פונעם אויבער־ראַט פון דער ליטווישער ססר האָט באַלוינט דעם באַקאַנטן ייִדישן זינגער בינאָמין כאַיאַטאַוסקאַס מיט דעם טיטל „פאַרדינסטפולער אַרטיסט פון דער רעפּובליק".

די רעדאַקציע „סאָוועטיש היימלאַנד" שיקט איר גרוס דעם באַגאַבטן זינגער אין צוזאַמענהאַנג מיט דער הויכער באַלוינונג.



דער מאָסקווער זשורנאַל „סאָוועטישע עסטראַדע און צירק" נום. 9 האָט פאַרעפנטלעכט אַ גרעסער אַרטיקל, אין וועלכן עס ווערט געגעבן אַ פּאָזיטיווע אָפּשאַצונג פונעם ספּעקטאַקל „בלאָנדזשנדע שטערן", מיט וועלכן עס טרעט איצט אַרויס דער טעאַטער־אַנסאַמבל אונטער דער אָנפירונג פון אַנע גוזיק.

דאָס אַרטיקל ווערט באַגלייט מיט פאָטאָ־בילדער פון דער שטעלונג.

יעשוע ליובאָמירסקי

# י.־ל. פּרץ און דער ייִדישער טעאַטער

די רעוואָליוציע פון 1905 האָט געבראַכט דערצו, אַז די רעאַליסטישע דראַמע האָט אין ייִדישן טעאַטער אָנגעהויבן פאַרנעמען אַ בעקוועדיק אָרט. באַזונדערס אַקטיוו זײַנען אַרויסגעטראָטן פאַר אַ נײַעם טעאַטער שאָלעם־עליכעם און י.־ל. פּרץ.

פּרץ האָט געשטרעבט צו פאַרטיפן דעם סאָציאַלן טאָך פון דער ייִדישער דראַמאַטורגיע. ער האָט געפאָדערט פונעם דראַמאַטורג ניט בלויז טיפער צו פאַרשטיין די מענטשלעכע ליידן און לײַדנשאַפטן, נאָר אויך געפינען פאַר זיי דעם פּאַסיקן אויסדרוק, דעם אַדעקוואַטן קינסטלערישן סטיל. אין זײַן אַרטיקל וועגן דאָוויד פּינסקיס פּיעסע „די מוטער" שרײַבט פּרץ:

„אומגעווײנלעכע מענטשן פירן אַן אומגעווײנלעך געשפּרעך, אומגעווײנלעכע געפילן טראָגן אומגעווײנלעכע קליידער, דריקן זיך גאָר אַנדערש אויס. און דאָ רעדט די גאַנצע פאַמיליע וואָכעדיק און וויל, מיר זאָלן גלייבן, אַז זיי האָבן טישעבאָוו און יאָמקיפּער אין האַרצן".

מע קאָן זאָגן, אַז פּרץ האָט קימאַט דער ערשטער פון די ייִדישע דראַמאַטורגן געפונען דעם עכטן קינסטלערישן אויסדרוק פאַר די טראַגישע איבערלעבונגען פונעם סאָציאַל־באַאוולטן מענטשן. גענוג אָנצוווײַזן אויף אַזאַ געשטאַלט, ווי לייע אין „שוועסטער". דאָס איז איינס פון די סאַמע דראַמאַטישע געשטאַלטן אין דער ייִדישער ביז־אָקטיאַברישער דראַמאַטורגיע. צי לאָמיר נעמען דעם פּראָטעסט פון די באַלמעלאָכעס קעגן דעם שטאָטישן עקספּלואַטאַטאָר בראַכע אין דער פּיעסע „אין פּאָליש אויף דער קייט":

אין פאַרשיקערט וועלן מיר שיקן
דעם רויטן האָן, דעם רויטן האָן!
זאָל ער זײַנע רויטע פליגל
שטרעקן אויס און צעשפּרייטן
איבער בראַכעס פולע שפּײַכלערס,
איבער קלייטן, איבער שענקען...
זאָל אים לײַכטן! רויט זאָל ברענען,
ווי אַמאָל צום נײַעם כוידעש.

אין פּרצעס דראַמע איז דער דיאַלאָג ביז גאָר קורץ. אָפּט — ווי אָפּגעהאַקט, טיילמאָל — רעמאָזימדיק, האַגאַם ער איז שטענדיק אָנגעזעטיקט מיט אָריגינעלן געדאַנק, אָנגעגליט פון טיפער לײַדנשאַפט. אָפּטמאָל האָט מען דאָ באַדאַרפט אַ סאַך לייענען צווישן די שורעס. ניט יעדער צושויער איז דערצו מעסוגל געווען. אַפילע הויכקוואַליפיצירטע לייענער און צושויער, ווי אויך קריטיקער, האָבן ניט אַלע מאָל פאַרשטאַנען, וואָס איז פּרץ אויסן מיט זײַן דראַמע.

אַנ־סקי דערציילט:

„איינמאָל, אַז איך בין בײַ אים געווען, זאָגט ער מיר: „איר ווילט הערן אַ געניאַלע זאַך?"

און ער האָט גענומען לייענען זײַן „בײַנאַכט אויפן אַלטן מאַרק" — אַן אולטראַ־סימבאָליש ווערק, וואָס איך האָב קימאַט ניט פאַרשטאַנען, ניט געקוקט אויף דעם, וואָס פּרץ האָט געמאַכט צו אים אַ גרויסע האַקדאָמע".

דעריבער האָט בײַ אייניקע קריטיקער און רעזשיסערן פּרצעס דראַמאַטורגיע אַרויסגערופן געוויסע ספּייקעס.

דאָקטאָר ל. זשיטניצקי שרײַבט:

„פּרצעס פּיעסן זײַנען ניט אַ שפּיל, וואָס וויקלט זיך אויס אין אַ דראַמאַטישער פאָלגלעכקײַט (בעהאַדראָגעדיקײַט. — י. ל.), אין אָנוווּקס און אויפבינדונג (אויפלייזונג. — י. ל.). אין גרעסטן טייל זײַנען עס דיכטערישע וויזיעס פון געשפּענסטפולע פּערסאָנאַזשן, וואָס פירן זייערע רייד אין ניט־פאַרענדיקטע, אָפּגעהאַקטע דיאַלאָגן, ווייניק געבונדן מיטן אינהאַלט, מיטן סוזשעט. יעדער פּערסאָנאַזש וויקלט זיך אויס אין אייגענע טעמע, און יעדער דיאַלאָג איז אַ האַנדלונג פאַר זיך" (זע ז. זילבערצווײַג — „טעאַטער־לעקסיקאָן", באַנד, 3, זײַט 2037).

אַפילע די רעזשי־מײַסטערס, וואָס האָבן אַרויסגעוויזן אַ גרויסן אינטערעס צו פּרצעס דראַמאַטורגיע, האָבן זיך געקלאָגט אויף די שוועריקײַטן, וועלכע זיי האָבן געדאַרפט בײַקומען.

דער רעזשי־מײַסטער דאָוויד ליכט, וועלכער האָט אויפגעפירט אייניקע פּרצעס דראַמעס, שרײַבט:

„די פּרץ־דראַמעס האָבן אָן אַ שיר כעסרוינעס פאַר דער בינע. קוידעמקאָל פאַרשאַפט פּרץ דער סימבאָליקער גרויסע שוועריקײַטן באַם פורעמען זײַנע אָפּטמאָל צעשוווּמענע פּערסאָנאַזשן. די טעכנישע זײַט פון זײַנע דראַמעס, זייער קאָמפּאָזיציע, די פראַגמענטאַרישקײַט דערלויבט ניט אַזוי לײַכט און פּאָשעט אויפצובויען שטאַפּל נאָך שטאַפּל די סצענישע מאָנטירונג. די לאַקאָנישקײַט פון די רעפּליקעס פאַרשאַפט שוועריקײַטן דעם שוישפּילער־אינטערפּרעטאַטאָר צו געפינען דעם געוווּנטשענעם איינהײַטלעכן טאָן. כוץ דעם דערגייען די רעפּליקעס זייער שווער צום צוהערער, וועלכער קאָן ניט אַזוי שנעל אויפכאַפּן און צעקײַען דעם בליץ־געדאַנק. פאַר דעם רעזשיסער איז די פּרץ־דראַמע אַ באַזונדערס שווערער ביסן. די גרעסטע מעניִע פון דער פּרץ־דראַמע פאַר דער רעזשי איז די, וואָס עס פעלט אין זיי דער רוקנביין, אויף וועלכן דער רעזשיסער בויט אויף סײַ וויזועל, סײַ פאָנעטיש — און דעריקער אידייִש — זײַן קאָנצעפּציע פון ספּעקטאַקל" (דאָרט, זז. 2040—2041).

פּרץ האָט, ווײַזט אויס, זיך אָפּגעגעבן אַ דין־וועכעזשבן, אַז געפינען דעם סצענישן שליסל צו זײַנע דראַמען איז ניט אַזוי פּאָשעט. גיט ער טאַקע אין איינער

פון זײַנע טעאטער־רעצענזיעס און אָנדײַטונג, אַז דער אַקטיאָר דאַרף זײַן ניט בלויז אַ רופּאָר פונעם אַוטאָרס טעקסט, ניט בלויז אַן איליוסטראַטאָר, נאָר אַ מיטשעפער, אַז דעם דיִאַלאָג באַדאַרף דער שוישפּילער דערגאַנצן מיט באַוועגונג — מיט זשעסט און מיט מימיק.

דער דיִאַלאָג בײַ פּערעצן איז טיילמאָל בלויז אַ טראַמפּלין פאַרן אַקטיאָר. דאָס האָט טיף באַנומען שלוימע מיכאָעלס. „איך שפּיל מער, ווען איך שווײַג אויף דער בינע, ווי ווען איך רייד“, — פלעגט מיכאָעלס אַלע מאָל באַהויפּטן. די בינע־רעפּליקע פלעגט אָט דער שוישפּילער באַטראַכטן ווי אַ פּאַרטיטור, וווּ איין שורע איז טעקסט פונעם דראַמאַטישן ווערק, די צווייטע שורע — דעם אַקטיאָרס שפּיל, ווען דעם טעקסט קומט צוהילף די מימיק, דער זשעסט, די באַוועגונג.

לעכאַטכילע האָט פּערעץ געגלייבט, אַז אַ טאַלאַנטפולער שוישפּילער וועט געוויס זיך דורכדרינגען מיט די אידייען און שטימונגען פון זײַנע דראַמעס און די קראַפט פון דער אַקטיאָרישער באַגײַסטערונג וועט פאַרכאַפּן אויך דעם צושויער. צום באַדויערן אָבער, איז דעמלט אפילו דער בעסטער יִדישער אַקטיאָר דערצו נאָך ניט מסוגל געווען. אַקטיאָרישע אינטויִציע אין און פאַר זיך איז, פאַרשטייט זיך, איינער פון די וויכטיקסטע קאָמפּאָנענטן אין אַ בינע־פאָרשטעלונג — דאָס איז איר פּולסירנדיק האַרץ. פאַר פּערעצעס פּיעסן איז אָבער דאָס אַליין געווען קנאַפּ. ביפּראַט, אַז אין רוסלאַנד האָט מען צווישן די אָנגעזעענסטע יִדישע אַקטיאָרן פון יענער צײַט טיילמאָל געקאָנט באַגעגענען אַמעראַצים. אַזאַ באַגאַבטער אַקטיאָר, ווי מישע פישזאָן (אַן עמעסער ליבלינג פון די צושויער), האָט יִדיש ניט געקענט לייענען. אַז ער האָט געשפּילט אין פּערעצעס „די גאָלדענע קייט“, האָט מען זײַן ראָל געמוזט אים פאַרשרײַבן מיט רוסישע אויסיעס. איז וויִאַזוי האָט ער געקאָנט ביזן גרונט באַגרײַפן פּערעצעס אידייען און געשטאַלטן?

פּערעצעס פּיעסן האָבן געפאָדערט אַזאַ רעזשי, וואָס זאָל זײַן אויף דער הייך פון דער נײַסטער טעאַטער־קולטור אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט. עס האָט זיך געפאָדערט אַ צושויער מיט אַן איידעלן און פאַרשפּיצטן מוזיקאַלישן געהער, ווײַל איידל און מוזיקאַליש האָבן וויברירט די דיכטערישע מאָטיוון אין פּערעצעס דראַמען. ס׳ראָוו פון די דעמלטיקע צושויער האָט נאָך געלעקט די פינגער פון אומגעלומפּערטע „היסטאָרישע“ און היסטערישע אָפּערעטעס.

„און אַ סוברעטקע מיט אַ לאַכנדיקן קערפּער פון שפּיץ קאָפּ ביז צו די נעגל פון די פינגער, מיט פיס, וואָס קאָנען ניט אײַנשטיין און מוזן אונטערטאַנצן, מיט אויגן, וואָס שפּריצן זינדיק־געפאַרבטע פונקען, ווי אַ שמידערײַ, מוז זיך פּלוצלינג אַ שטעל אַנידער טאָן און האַלטן אַן ערנסט־פײַערדיקע רעדע וועגן מענטשהײַט, קעגן בלוט־פאַרגיסן, קעגן יאָגן און פּלאָגן די קנעסעס־יִסראָעל... „אַלע מענטשן, — זאָגט זי, — זײַנען מענטשן, — אַוועק מיט דער אינקוויזיציע!“ (פון פּערעצעס אַ רעצענזיע: „אוי, דאַלעס, דאַלעס“. זע דעם באַנד פון י.־ל. פּערעץ „ליטעראַטור און לעבן“, ווילנער פאַרלאַג, 1926, ז. 140).

מיינט איר, אַז פּערעץ האָט גרויסע טײַנעס צו אָט דער סוברעטקע, וואָס איזדעקעוועט זיך אַזוי איבער זײַן פײַנעם געשמאַק?! ניין!

פּערעץ האָט ביז גאָר ליב געהאַט דעם יִדישן אַקטיאָר, אין ווען עס האָט געטליִעט אַ פונק באַגאַבטקײַט.

אַנאַליזירנדיק דעם ספּעקטאַקל „ברידער לוריע“, שרײַבט פּערעץ: „זאָל איך מיך בייזערן אויף אַדלערן, וואָס האָט אינמיטן אַ דראַמע אַ קופּלעט געזונגען? ס׳איז אַן אַוולע, אַ גרויסע אַוולע. וואָס העלפט אָבער, אַז אינעם קופּלעט זינגען שטעקט מער טאַלאַנט, ווי אין גאַנצן גאַרדין מיטן שטיק? גיי בייזער דיך אויף אים!“

וועגן קלאַרע יונג דערציילט מען, אַז נאָך אַ באַזוך פון אירער אַ פאָרשטעלונג האָט פּערעץ איר אָנגעקלונגען אין טעלעפאָן:

— אַ דאַנק אײַך פאַרן פאַרגעניגן, וואָס איר האָט מיר פאַרשאַפט מיט אײַער יִדיש רײדן, די יִדישע שפּראַך קלינגט בײַ אײַך אויף דער בינע אַזוי כיִעסדיק, אַזוי מוזיקאַליש.

פּערעץ איז גרייט געווען אַ סאַך כאַטאָיִם מויכל זײַן אַ באַגאַבטן אַקטיאָר, אויב יענער האָט פאַרמאָגט אַ שיינע יִדישע שפּראַך.

אין די רעאַקציע־יאָרן נאָך דער ערשטער רעוואָליוציע האָט די גרויסע פאַרפּלייצונג פון „דאָס פּינטעלע ייִד“, „דאָס יִדישע האַרץ“, „די יִדישע נעשאָמע“ קימאַט אַראָפּגעשווענקט די רעאַליסטישע דראַמע. אפילו די „ליטעראַרישע טרופּע“ — מיט עסטער־ראָכל קאַמינסקאַיאַ אין דער שפּיץ — האָט קוים זיך געהאַלטן אויף די פיס...

פּערעצעס פאַרדראָס וואַקסט פון טאָג צו טאָג. און ער שרײַבט מיט גרויס אַגמעסנעפעש:

„אין קאָלבוי מוזן זײַן די שטיק (דאָס הייסט די פּיעסעס, וואָס מע פירט אויף אין יִדישן טעאַטער. — י. ל.). יעדן אָוונט קימאַט קאָלערן זיך דורך, ווי אין אַ קאַלײדאָסקאָפּ, גרויס־אינקוויזיטאָרן, לייבן אין שאָפענע פעלצן, אַלטע קיניגן אונטערן אָרעם מיט די יונגע סוברעטנס, אַווגוסטן און באַר־קאָכבאַס, און לייצים, און קוימענקערערס, און וואָס איר ווילט!“ (דאָרט).

פּערעץ האָט געגלייבט, אַז דער יִדישער טעאַטער וועט זיך אַרויסרײַסן פונעם טעמפּן ווינקל. כאַראַקטעריסטיש איז אין דעם זין זײַן רעצענזיע וועגן דער אויפירונג פון גאָרקיס פּיעסע „נאַ דניע“ אינעם יִדישן טעאַטער. זיצנדיק אין צושויער־זאַל, האָט פּערעץ באַמערקט, אַז אַ געווייסער שיכט פון די צושויער האָט ניט קיין האַנאָע פון דער פאָרשטעלונג. אַ באַלעבעסל מיט אַ פעטן קאַרק האָט אַ כאַפּ געטאָן זײַן פליישיקע טאַלצע אונטערן אָרעם און ניט צופרידן פאַרלאָזט דעם זאַל אינמיטן ספּעקטאַקל.

פּערעץ מאַכט דערפון אַן אויספיר: „גאָרקיס פּובליקום וועט ערשט קומען“.

אָט דער גלויבן גיט אים צו מוט. און פּערעץ פאַרלירט ניט זײַן צוטרוי צום באַגאַבטן יִדישן אַקטיאָר און לערנט אים, ער זאָל מיט זײַן שפּיל ברענגען אַ טיקן דעם אַווטאָר, דערגאַנצן דאָס, וואָס דער אַווטאָר האָט ניט דערזאָגט. אָנווײַזנדיק אויף די פעלערן פון דאָוויד פּינסקיס דראַמע „די מוטער“, פאַרענדיקט ער זײַן רעצענזיע מיט די ווערטער: „און דאָך וואָלט מען געקאָנט אָט די דראַמע רעטן — דער אַקטיאָר קאָן מיט זײַנע באַוועגונגען דעקן די פעלערן פון דער שפּראַך! עס דאַרף אויסזען, אַז די מענטשן פילן מער און טיפער, אַלס זיי ריידן. לאָמיר האָפן, אַז צום צווייטן מאָל וועט אַזוי זײַן, און די אַקטיאָרן וועלן באַצאָלן דעם אַווטאָרס כויוו“.

צײַטנווײַז באַפאַלן פּערעצן שווערע ספּייקעס. נעפּלהאַפטע שטעלן זיך אים פאָר אין אַזעלכע טעג די פּערספּעקטיוון פונעם יִדישן טעאַטער.

„ווער האַלט אונטער דעם טעאַטער?

כסידים און באַלעבאַטים — ניט, רײַכע און אַסימיליאַ־

טאָרן — ניט; דער פּראָלעטאַריאַט קאָן עס ניט אופהאַלטן, ער האַלט קויב זיך אַליין אוף" (דאָרט, ז. 139).

און ווען די קוואַלן פונעם פּראָפעסיאָנעלן ייִדישן טעאַטער ווערן צײַטווײַליק פאַרשטאָפּט, פאַרמיסטיקט, דערזעט פּערעץ, ווי עס נעמען שלאָגן פרישע קוואַלן אין אַנדערע ווינקעלעך פון דער פאָלקס־שאַפונג: עס האָבן גענומען זיך דורכשלאָגן אַ וועג די שפּראָצונגען פון דער זעלבסטעטיקער קונסט. ווער פון די עלטערע שרײַבער ווייסט ניט, מיט וויפל ענטוזיאַזם פּערעץ האָט אופגענומען די טעאַטער־סטודיע, וועלכע דאַוויד הערמאַן האָט אָרגאַניזירט אין די יאָרן 1900—1907. פּערעץ איז געווען אַזוי באַגײַסטערט פון אָט דעם יוגנטלעכן קאָלעקטיוו, ער האָט אין אים אַזוי געגלייבט, אַז ער האָט ספּעציעל פאַר אָט די יונגע אָנגעשריבן זײַן „ס׳ברענט" און „שאַמפּאַניער".

אין 1910 אָרגאַניזירט פּערעץ אַ דראַמאַטישן קרײַז, אין וועלכן עס באַטייליקן זיך די קינפּטיקע באַוווּסטע אַקטיאָרן: מאַרק שווייד, איזראַעלס (קראַטקאָ), סאַראַ פּיביך און אַנד. ער גיט אָפּ פיל אופמערקזאַמקײַט און צײַט דעם דאָזיקן קרײַז. ענטוזיאַסטן פאַר אַ מאָדערנעם נאַציאָנאַלן ייִדישן טעאַטער — איז פּערעץ געווען זיכער — וועט קלעקן, מע דאַרף בלויז אַ זיכערע מאַטעריעלע באַזע. און פּערעץ טוט זיך אַ נעם מיטן גאַנצן ברען פון זײַן פלאַמיקן טעמפּעראַמענט צו גרינדן אַ ייִדישע טעאַטער־געזעלשאַפט. עס קומט פאַר אַ באַגעגעניש מיט דער פּעטערבורגער אַסימילירטער אינטעליגענץ, וועלכע האָט געדאַרפט צעעפענען די בײַטלען און געבן די נייטיקע סומע צו שטיצן דעם נײַעם טעאַטער. פּערעץ דערשפּירט אָבער גלײַך, אַז ניט דורך אָט די מעצענאַטן וועט אופגעריכט ווערן דער מאָדערנער ייִדישער טעאַטער. אין זײַן רעדע אָפּן אָוונט, ווען עס איז פאָרגעקומען אָט די באַגעגעניש, שטרײַכט ער אונטער: „בויען אַ ייִדישן טעאַטער וועט די ייִדיש־ריידנדיקע און ייִדיש־דענקענדיקע דעמאָקראַטיע מיט אירע אָרעמע און מיט שווייס פאַרהאָרעוועטע גראָשנס, אָט די גראָשנס וועלן זײַן מאַזלבראָכעדיקע, ווײַל אין זיי וועט זײַן נעשאָמע און שאַפונגס־ווילן".

פּערעצן איז ניט באַשערט געווען דערלעבן ביז אַזאַ געוווּנטשענער צײַט. דערפאַר אָבער, ווען די ייִדישע מאַסן האָבן גענומען שאַפן אַ קינסטלערישן טעאַטער, האָבן זיי זיך גענומען צו פּערעצעס ליטעראַרישער יערושע. איבערן וויגעלע פונעם נײַ־געבוירענעם ייִדישן טעאַטער האָט געשוועבט אויך פּערעצעס גײַסט.

פּערעצעס דראַמאַטורגיע איז באַשערט געווען אופגעריכט צו ווערן און קריגן איר עמעסן טיקן ערשט נאָכן זיג פון דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע, ווען עס האָט זיך אַנגעהויבן אַן איבערשאַצונג פון קאָלערליי אידעאָלאָגישע ווערטן, אַ רעוויזיע פון דער אַלטער קולטור־יערושע. די איבערשאַצונג האָט, נאַטירלעך, ניט אויסגעמיטן אויך די ייִדישע דראַמאַטורגיע, דער ייִדישער טעאַטער.

די איבערשאַצונג איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס מע האָט זיך באַמיט געפינען אַ נײַעם, אַ רעוואָליוציאָנערן צוגאַנג צו דער אַלטער קולטור־יערושע. אַ באַזונדערן פלײַס אין דעם פּראַט האָט אַרויסגעוויזן די פאָרגעשריטענע יוגנט.

באַדײַטנדיקע גרופּעס יוגנטלעכע, סטודענטן, יונגע אַרבעטער, ביכלאַל קולטור־טוער האָבן זיך אַ לאָז געטאָן אין די נײַ־געבוירענע מעלוכישע טעאַטער־סטודיעס. פון טכילעס אָן האָבן סײַ די אָנפירער פון אָט די סטודיעס, סײַ די סטודיסטן אַרויסגעוויזן זייער אַ גרויסן אינטערעס צו דער קלאַסישער ייִדישער ליטעראַרישער יערושע, באַזונדערס — צו פּערעצן. דאָס איז פאַרשטענדלעך: פּערעצעס דראַמאַטורגיע האָט פאַרכאַפּט מיט אירע טיפע אידייען, מיט דעם אומרו פון געדאַנק. פּערעץ איז געווען ליב און טײַער דער סאָוועטישער דעמאָקראַטיע מיט זײַן הומאַניזם, מיט זײַן נאָענטקײַט צו דער אַרבעטער־באַוועגונג, דערמיט, וואָס די מערקווירדיקסטע געשטאַלטן זײַנע געהערן צו די סאַמע אונטערדריקטע האָרעפּאַשניקעס. דעם מאָדערנעם סאָוועטישן יונגן טעאַטער־טוער האָט באַפליגלט פּערעצעס ראָמאַנטיק. עס האָט באַצויבערט דער פּאָעטישער כיין, וואָס איז אויסגעגאָסן אָף זײַנע דראַמאַטישע ווערק. שטאַרק אימפּאָנירט האָט פּערעצעס שאַרף נעגאַטיווע באַציִונג צו אַלדאָס אָפּגעלעבטע און אין דער זעלבער צײַט — זײַן אומופהערלעכער רוף פאָרויס, צו דער צוקונפט. און נאָך: אין פּערעצעס ווערק האָבן די סאָוועטישע טעאַטער־טוער געפונען אַ רײַכע גאַלערייע פרויען־געשטאַלטן.

די קיִעווער טעאַטער־סטודיע האָט אין די יאָרן 1919—1922 זייער פיל מי און צײַט אָפּגעגעבן דער סצענישער פאַרקערפּערונג פון פּערעצעס ווערק. דאָ האָט מען אופגעפירט פּערעצעס „שוועסטער", „נאָך קווורע", „מעקובאָלים", „בערל שנײַדער" און די „דרײַ נייטאָרנס". עס האָט אויסגעזען, אַז אין יעדערער פון אָט די מיניאַטורן האָט די טעאַטער־סטודיע זיך געשטעלט אַ ספּעציעלע אופגאַבע. אָבער אין טאָך גערעדט האָט צווישן אָט די אַלע סצענישע קאָמפּאָזיציעס זיך געשפּירט אַן אידייִשע קרויוועשאַפט.

אין „שוועסטער" האָט די רעזשי באַטאָנט דעם קאַמף פון דער האָרעפּאַשנער ייִדישער פרוי פאַר איר פרײַהײַט צו ליבן און געניסן פון לעבנס־פרייד, איר פּראָטעסט קעגן דער אָפּגעלעבטער אַסקעטישער מאָראַל פון פאַרשיידענע צוואַקעס. נאַטירלעך, האָט מען דעם טראָפּ געשטעלט אָף נעכאַמעס דעמאָנסטראַטיווער רעפּליקע:

„און האָט גאָט צו מיר טײַנעס — האָב איך צו אים אויך טײַנעס... און אָף איין טײַנע — טויזנט טערוצים..."

דער זעלבער מאָטיוו, וואָס אין גרונט זײַנעם ליגט די אָפּלייקענונג פון דער טראַדיציאָנעלער מאָראַל און די טײַנעס צום ריבוינע־שעל־אוילעם מיצאַד דעם אָרעמאַן, דעם סאָציאַל־באַאוולטן האָרעפּאַשניק, קלינגט אויך אין דער אינסצענירונג פון „בערל שנײַדער". אַלס איליוסטראַציע צו דעם, וווהין עס פירט דער אַסקעטיזם, די הוילע רוכניעס, דאָס אָפּזאָגן זיך פון אוילעמהאַזע, האָט געדינט די אינסצענירונג פון „מעקובאָלים".

„שוועסטער" און „נאָך קווורע" האָט אופגעפירט עפּראַיִם לויטער; „מעקובאָלים", „בערל שנײַדער" און „דרײַ נייטאָרנס" — דער מוזיקער פון דער סטודיע יויסעף קונין. ווי אין „בערל שנײַדער", אַזוי אויך אין „דרײַ נייטאָרנס" האָט קונין אויסגענוצט זײַן באַליבטן מעטאָד פון פּאָליפאָנישער דעקלאַמאַציע. דאָס פלעגט אַרויסרופן אַסאָציאַציעס וועגן כאָר אין דער גריכישער טראַגעדיע.

דער צוגאַנג פון קונינען צו אָט די ווערק ווי צו מוזיקאַלישע סימפאָניעס איז גראָד געווען טרעפלעך, מאַכמעס אַ געוויסער טייל פון פּערעצעס ווערק — פון די ציקלען „כסידיש", „פאָלקסטימלעכע געשיכטן", פון אַזעלכע לידער, ווי די „דרײַ נייטאָרנס", — איז אָף דורך און דורך אָנגעזאַפּט מיט מוזיקאַלישע שטימונגען, און דאָס איז דאָך געווען אַזוי אין איינקלאַנג מיטן אַווטאָר פון „אַ גילגל פון אַ ניגן".

אַ שטאַרקע ציִונג צו פּערעצן האָט אַרויסגעוויזן אויך די מינסקער ייִדישע דראַמאַטישע סטודיע, פון וועלכער

עס איז שפּעטער אויסגעוואַקסן דער ייִדישער מעלוכע־טעאַטער פון ווײַסרוסלאַנד. שוין אין איר ערשטן ספּעקטאַקל האָט די דאָזיקע סטודיע אײַנגעשלאָסן די אינסצענירונג פון פּערעצעס „די לעוואָנע פאַרציילט": אַן אָנצוהערעניש, אַז פון טכילעס אָן אַרבעט מען דאָ איבער פּערעצן. שפּעטער האָט מען דאָ אויפגעפירט פּערעצעס „אין פּאָליש אױף דער קייט". דער הויפּט־העלד איז געווען די מאַסע. די רעזשי האָט געשטרעבט אַנטבלויזן די סאָציאַלע פּראָבלעם, אויפדעקן דעם אײַנרײַס צווישן די שטעטלשע האָרעפּאַשניקעס און דער קנופּיע רעדלפירער — גווירים, ראַבאָנים און אַנדערע קלייקוידעש. דער דריטער אַקט האָט לעכאַטכילע זיך געענדיקט מיט אַ בונט פון דער שטעטלשער אָרעמשאַפט קעגן די טאַקיפים.

די רעדלפירער און קלייקוידעש האָט מען געשילדערט אויסערלעך אָפּשטויסנדיק: הויקערדיקע, ווילד באַוואַקסענע... דער קינסטלער ריבאַק האָט באַשאַפן אַ מאָנומענטאַלן מאַקעט. דאָס שטעטל האָט אויסגעזען ווי אָפּגעטיילט פון דער לעבעדיקער וועלט מיט אַ הויכער וואַנט: עפּעס ווי אַן אַלטער בעסוילעם. די ריזיקע אויסיעס אױף דער וואַנט „פּ. נ." („פּה נקבר")[1] האָבן געשריִען, אַז דאָס איז אַן אוילעם־האַטויהו, וווּ עס דרייען זיך אום לעבעדיקע מייסים. אױף אָט דעם פּאָן האָט זיך אויסגעטיילט דער בעסמעדרעש, ווי אַ מיטלאַלטערלעכער שלאָס, צו וועלכן עס פירן אַ סאַך פינצטערע געסלעך. האַקלאַל — די אויפפאַסונג פונעם ווערק איז געווען אַן עכט־עקספּרעסיאָניסטישע. אין אײנקלאַנג מיט אָט דער מאָלערישער אינטערפּרעטאַציע איז געווען קריינס מוזיק. אינעם פאַרטראַכטן לייטמאָטיוו פון די פידלען און טראָמפּייטן האָבן זיך געלאָזט הערן פאַרשטיקטע לײַדנשאַפטן, וואָס קאָנען ניט געפינען קיין אויסוועג: די בענקעניש פונעם קלויזניק, וואָס שטייט געשמידט אין פּאָליש אױף דער קייט, און פון זײַן געליבטער, דעם גווירס (בראַכיעס) יונגער טאָכטער, וועלכע מע מאַכט איבערגוואַלד כאַסענע מיט אַ מענטשן, וואָס איז איר פרעמד און עקלדיק...

די אָנפירונג פון מאָסקווער ייִדישן מעלוכע־טעאַטער איז געווען באַגײַסטערט פון פּערעצעס „באַנאַכט אױפן אַלטן מאַרק". זי האָט אָבער פון אָט דעם גרויסן טעקסט אויסגעטיילט סאַכאַקל דרײַ הונדערט שורעס, אין וועלכע עס איז ניטאָ קיין סוזשעט. דער מאָנטאַזש שטעלט מיט זיך פאָר אַ קאַליידאָסקאָפּישן אומבײַט פון ניט־געבונדענע צווישן זיך בילדער.

...אָט שפּילן זיך קינדער. נאָך אַ קורצער ווײַלע פאַרהילכט די קינדערשע קלאַנגען אַ רוף אין שול אַרײַן... אינמיטנדערינען רײַסט זיך אַרײַן, ווי אַ ווירבל, אַ כאַפּטע טומלדיקע ייִדן — זיי אײַלן זיך אױפן יאַריד... עס דערטראָגן זיך בענקענדיקע קלאַנגען; אין דער זעלבער צײַט פּראַוועט מען ערגעץ דאָ ניט ווײַט אַ כאַסענע... פּלוצלינג שלײַכט זיך דורך אַ פּאָרל: „ער" און „זי" (אַ נאַכטמויד)...

דער רעזשיסער פונעם ספּעקטאַקל אַ. גראַנאָווסקי האָט אויפגעפאַסט „באַנאַכט" ווי אַ טראַגישן קאַרנאַוואַל פון מענטשן־שאָטנס. די אַטמאָספער פון דער בינע, איר דעקאָראַטיווער אויפבוי, — אַלץ האָט באַדאַרפט איבערגעבן דעם גרויל פון סאָף, פון אונטערגאַנג, מיט וועלכן ס'איז אָנגעזאַפּט די פּיעסע, קיין איין שפּאַן אױף דער בינע טאָר ניט ריידן פון לעבן — אַלץ איז פאַרמישפּעט, אַלץ איז פויל. איבערגעלעבטע דוירעס דאַרפן זיך לאָזן פילן אין אַלץ און אין אַלעם. דער צושויער דאַרף שפּירן, אַז דער מאַרקפּלאַץ און דער בעסאַלמען — זײַנען איינס... די לעבעדיקע זײַנען געגליכן צו די טויטע, און די טויטע זײַנען געגליכן צו די לעבעדיקע...

אַפילע די אַלטע קויטיק־גרוילעכע שול און דער קאָסטיאָל זעען אויס ווי טויטע. די פענצטער זייערע, די טירן זעען אויס, ווי שפּאַלטן, דורך וועלכע עס וועלן אָט־אָט זיך באַווײַזן ווערעם.

אינדיווידואַליזירטע פּערסאָנאַזשן — ניטאָ. פאַראַן איין פּאָנעם — אַלע! און קעגן זיי **און** איבער זיי — דער באַדכן. ער איז אין אָט דעם קאַרנאַוואַל דער טרעגער פון אָפּלייקענונג. ער לייקנט אָפּ אַלץ און אַלעמען. ער שטעלט זיך ניט אָפּ אַפילע פאַר גאָטלעסטערונג: „גאָט — ער איז באַנקראָט!" — שרײַט ער.

דעם באַדכן האָט געשפּילט מיכאָעלס. ווי **אַן** אייגנאַרטיקן מעפיסטאָפעל האָט ער אים געשילדערט. מיכאָעלסן האָט, זעלבסטפאַרשטענדלעך, באַגײַסטערט ניט אַזוי דער בונט פונעם באַדכן קעגן גאָט, ווי פּערעצעס גלויבן אין דער ליכטיקער צוקונפט.

„אַלץ, וואָס שטיקט, דריקט, לעבט פון רויב און ווערט פאַרגעטערט, מוז ווערן צעשמעטערט אױף שטויב, אױף שטויב". אַזוי באַהויפּט שטאָלץ און זיכער איינער פון די פּערסאָנאַזשן פון „באַנאַכט" — אַן אַרבעטער, און אַ צווייטער אַרבעטער דערגאַנצט זײַן געדאַנק: „עס גייט דער נײַער מענטש, דער העלד — אױף גאָט און וועלט, אױף טפּיסעס און קייטן".

אָט פון אַוועלכן קוואַל עס שלאָגט דאָ פּערעצעס אָפּלייקענונג־פּאַטאָס!

אין „באַנאַכט" האָבן זיך האַרמאָניש צונויפגעגאָסן די גריילעכע מייסים־קאַראַהאָדן מיט אויסדריקלעכע עקספּרעסיאָניסטישע דעקאָראַציעס (וועלכע זײַנען געווען אָפּשטויסנדיק מיט זייער גרויליקײַט) און מיט קריינס העספּעד־מוזיק. קריינס מוזיק אין אָט דעם ספּעקטאַקל איז געווען אָנגעזעטיקט מיט גוואַלדיק־שטאַרקע עמאָציעס. זי האָט געקלונגען ווי אַ רעקוויִעם. און ווירקלעך: „באַנאַכט" איז געווען אַ רעקוויִעם איבערן ייִדישן מיטלאַלטער, און אין דער זעלבער צײַט „אַ בירגערקריג ניט בלויז קעגן די אַלטע יעסוידעס פון לעבן, נאָר קעגן אונדז גופע, אין וועמען עס לעבן נאָך די רעשטלעך פונעם אַלטווארג" (מיכאָעלסעס אַרויסזאָגונג).

די אָפּשאַצונג פון „באַנאַכט אױפן אַלטן מאַרק" (ווי אויך פון אַנדערע פּערעץ־ספּעקטאַקלען) האָט אַלעמאָל אַרויסגערופן גרויסע כלוקעדייעס. אַזוי, לעמאָשל, האָט מען דעם ספּעקטאַקל „באַנאַכט אױפן אַלטן מאַרק" אין „פּראַוודאַ" געלויבט ביזן הימל, בעשאַס אין „איזוועסטיאַ" האָט מען דעם זעלבן ספּעקטאַקל באַטראַכט ווי אַן אידעאָלאָגיש־פעלערהאַפטע שטעלונג, וואָס איז אָנגעזעטיקט מיט מיסטיק. נאָך מער, — ווי אַ פאַרפירערישע קונסט־ווערק.

„באַנאַכט" האָט מען אינעם מאָסקווער ייִדישן מעלוכע־טעאַטער אויפגעפירט אינעם יאָר 1925. „אין פּאָליש אױף דער קייט" האָט מען אינעם ייִדישן מעלוכע־טעאַטער פון ווײַסרוסלאַנד (אין זײַן סטודיע־פּאַזיס) אויפגעפירט אינעם יאָר 1926.

דערנאָך האָט מען אַ שטיקל צײַט פּערעצעס ווערק ניט געזען אױף די בינעס פון די ייִדישע סאָוועטישע מעלוכע־טעאַטערן. אין 1940, ערעוו פּערעצעס פינף־און־צוואַנציקסטן יאָרצײַט, האָט דער ייִדישער סאָוועטישער טעאַטער ווידער זיך אַ קער געטאָן צו פּערעצן. צו יענער צײַט האָט דער דיכטער ליפּע רעזניק באַוויזן אָנצושרײַבן די פּיעסע „שוועסטער", אַ דראַמע אין דרײַ אַקטן און אַכט

[1] פּוי ניקבאר — דאָ איז געבראַכט צו קוורע.

בילדער לויט פּערעצן. אין גרונט פון אָט דער פּיעסע זײַנען געלייגט פּערעצעס: „ס׳ברענט“, „שוועסטער“, „מוסער“, „כאסענע געהאט“, „אין קעלער־שטוב“, „מעשופּע“, „בא א פרעמדן כופּע־קלייד“. עס האָט זיך באקומען אן אידייִש און קינסטלעריש פארשארפטע פּיעסע מיט אן איינהײַטלעכן סוזשעט. די הויפּט־פּערסאָנאזשן פון דער פּיעסע זײַנען די באקאנטע דרײַ שוועסטער. רעזשיקן איז געלונגען בוילעט צו שילדערן די כאראקטערשטריכן פון די פּערסאָנאזשן. די דראמע איז אויסגעהאלטן אין פּערעצעס סטיל.

די דאָזיקע פּיעסע, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר א פּלאמיקן פּראָטעסט קעגן דער סאָציִאלער אָרדענונג, וואָס שטיקט און דריקט די ארבעטער־פרוי, האָבן אופגעפירט דרײַ סאָוועטישע מעלוכע־טעאטערן: דער מינסקער (רעזשי — מאַין, קינסטלער — מ. אקסעלראָד, קאָמפּאָזיטאָר — מ. קראַשנער), דער קיִעווער (רעזשי — מ. גאָלדבלאט, קינסטלער — נ. אלטמאן) און דער אָדעסער (רעזשי — ע. לויטער, קינסטלער — נ. קעסלער, קאָמפּאָזיטאָר — ש. סענדעריי).

דער מאָסקווער ייִדישער מעלוכע־טעאטער האָט אין זײַן טעאטראלן טעכניקום צו פּערעצעס פינף־און־צוואַנציקסטן יאָרצײַט צוגעגרייט דרײַ פּערעצעס ווערק: „אין פּאָליש אף דער קייט“, „א קלעזמערס טויט“ (דאָברושינס מאָנטאזש) און „ס׳ברענט“. אופגעפירט אָט די דרײַ שטיק האָט דער ארטיסט ב. זוסקין (קינסטלער — א. טישלער, קאָמפּאָזיטאָר — ל. יאמפּאָלסקי).

שפּעטער האָט מען אינעם מאָסקווער ייִדישן מעלוכע־טעאטער אופגעפירט א ספּעקטאקל „כאסענע געהאט“ לויט י. דאָברושינס מאָנטאזש אפן גרונט פון פּערעצעס „ס׳ברענט“, „כאסענע געהאט“ און „אין קעלער־שטוב“.

פּערעצעס ווערק האָט מען זייער אָפט אופגעפירט אויך אף די בינעס פונעם זעלבסטעטיקן טעאטער. דאָ האָט מען טיילמאָל אינסצענירט אזעלכע ווערק, וואָס דער פּראָפעסיִאָנעלער סאָוועטישער טעאטער האָט ניט אויסגענוצט. אין די ייִדישע קלובן, אין די יוגנט־הײַזער האָט מען אופגעפירט: „באָנציע שווײַג“, „באם גויסעס צוקאָפּנס“, „דער דינטוירע מיטן ווינט“, „דער ארענדאר“, שוין אָפגערעדט פון דעם, אז „שוועסטער“, „ס׳ברענט“, „אין קעלער־שטוב“ זײַנען אלעמאָל געווען א צוציִענדיקער מאטעריאל פאר דער זעלבסטעטיקער בינע.

י.־ל. פּערעצעס דראמאטורגיע איז א ווערטפולער בײַטראָג אין דער פאָרגעשריטענער ייִדישער קולטור. זי וועט נאָך לאנג דינען אלס לײַכטטורעם אין דער ליטעראטור און אין טעאטער.

---

# אין די אויסלענדישע פּראָגרעסיווע זשורנאלן

## „פּאריזשער צײַטשריפט“

דער נומער 35 פון דער „פּאריזשער צײַטשריפט“ עפנט זיך מיט צוויי אָפּהאנדלונגען וועגן י.־ל. פּערעצן פון זשאק קוריצקי און מ. ווילנער.

צו שמועל האלקינס 5־טן יאָרצײַט פּארעפנטלעכט די „צײַטשריפט“ א ריי ניט־געדרוקטע לידער פונעם דיכטער.

מ. טייף און מ. סאקציִער שרײַבן וועגן דעם 75־טן געבורטסטאָג פון יאנקעוו שטערנבערג. דער זשורנאל זעצט פאָר צו דרוקן די ווײַטערדיקע קאפּיטלען פון לייב קוויטקאָס אווטאָביִאָגראפישן בוך „יונגע יאָרן“.

## „זאמלונגען“

אינעם נום. 32 פון דער ניו־יאָרקער פערטליאָריקער צײַטשריפט „זאמלונגען“ זײַנען געדרוקט מאטעריאלן צום 50־טן יאָרצײַט פון י.־ל. פּערעץ. עס באטייליקן זיך אין דעם נומער מיט לידער, פּאָעמעס, דערציילונגען, קריטישע ארטיקלען און זיכרוינעס בא פּערציק אווטאָרן.

א ספּעציעלער אָפּטייל איז געווידמעט דעם פּאריזשער ייִדישן דיכטער ל. מילער אין צוזאמענהאנג מיט זײַן 75־טן געבורטסטאָג.

## „ייִדישע קולטור“

אף דער הילע פון דעם אווגוסט־סענטיאבער־נומער פון דער כוידעש־שריפט „ייִדישע קולטור“ (ניו־יאָרק) איז רעפּראָדוצירט די סופּער־הילע פון דער לידער־זאמלונג „האָריזאָנטן“. אין דעם נומער זײַנען איבערגעדרוקט א ריי לידער פון דער זאמלונג.

די רעדאקציע פונעם זשורנאל „ייִדישע קולטור“ שרײַבט אין איר באגלייטונגס־ארטיקל צו די לידער, אז זי האָט באשלאָסן ברענגען די לייענער א צאָל אָפּגעקליבענע לידער פון דעם זאמלבוך — „א מין אנטאָלאָגיע פון אן אנטאָלאָגיע“.

„דער אָפּרוף אף די „האָריזאָנטן“, — ווערט ווײַטער געזאָגט אינעם ארטיקל, — איז, בעדערעך־קלאל, געווען זייער א ווארעמער און באגײַסטערטער. קיין כידעש ניט. דאָס בוך שטעלט מיט זיך פאָר אן אויצער געלײַטערטע דיכטונג, פארטיפטע שעפערישקײַט, פרישקײַט פון קינסטלערישן וואָרט, פארשיידנארטיקײַט פון טעמאטיק און דערהויבנקײַט פון ייִדישן לאָשן. ווי א קאָלעקטיוו פארנעמט די סאָוועטישע ייִדישע דיכטונג — מיט איר פילקאָליריקײַט, פרישקײַט, אידייִשקײַט און שעפערישקײַט — דאָס סאמע ערשטע אָרט אין דער אלוועלטלעכער ייִדישער ליטעראטור.

די זאמלונג איז א ווירדיקער יוירעש פון די רישוינים פון דער סאָוועטישער ייִדישער פּאָעזיע — פון קושניראָוו און קולבאק, מארקיש און האָפשטיין, פעפער און האלקין, כאריק און פיניבערג און קוויטקאָ און אָשער שווארצמאן“.

די רעדאקציע פון זשורנאל גיט אָן, אז זי האָט „זיך געמוזט באגרענעצן מיט איין ליד פון יעדן דיכטער“. אין דעם נומער ווערן געגעבן די לידער פון די אווטאָרן מיט פאמיליעס פון „א“ ביז „כ“. ווײַטערע לידער וועלן געדרוקט ווערן אין אָקטיאבער־נומער.

צום שלוס באגריסט די „ייִדישע קולטור“ די רעדאקציע פונעם זאמלבוך און יעדן איינציקן דיכטער, וואָס נעמט אין אים אָנטייל.

אינעם זשורנאל־נומער זײַנען אויך פארעפנטלעכט א פּובליציסטיש ארטיקל פון פּ. נאָוויק „דורך טונקעלע ברילן“, זשאק קוריצקיס אן ארטיקל וועגן דער שאפונג פון כאיִם סלאָוועס, זיכרוינעס און באטראכטונגען פון נאכמען מײַזיל וועגן ליטערארישן קיִעוו, אן ארטיקל פון אווראָם ביק „די אימפעריע פון שאָלעם“ וועגן וועלט־קאָנגרעס פאר שאָלעם, וואָס איז פאָרגעקומען אין העלסינקי, אא.

## מוישע נאַטאָוויטש

# פאַר קליין און גרויס

גראָוו דער קאָפּ,
דער אַקסל מיד,
נאָר ניט אויסגעשעפּט,
ניט אויסגעשפּילט מײַן ליד.

שיקע דריז.

אויפן זעקסטן יאָרצענדליק זײַנען צו שיקע דריזן געקרמען די פּרוכטבאַרסטע יאָרן פון שאַפן, און ער האָט דערפילט, אַז זײַן ליד איז „נאָך ניט אויסגעשעפּט, ניט אויסגעשפּילט".

און ווי אַ מין מאָשל דערצו איז זײַן דערמאָנונג וועגן זעקעלע מיט הירזש. זײַן פאָטער איז פרי אַוועק פון דער וועלט. ער איז געשטאָרבן אין עלטער פון 21 יאָר אויף דער שיף, וואָס איז געגאַנגען צו די ברעגן פונעם „גאָלדענעם לאַנד" אַמעריקע. אויף דער מוטער זײַנען געפאַלן אַלע שווערקײַטן. ווען שיקע איז אַלט געוואָרן 14 יאָר, האָט זי אים געשיקט קיין קיִעוו „ווערן אַ מענטש". די קינדהײַט ענדיקט זיך, צײַט אָנהייבן אַ זעלבשטענדיק לעבן.

אין אַ שווערער הונגער־צײַט האָט די מוטער מיטגעגעבן קיין קיִעוו פאַר דער מומען דאָס לעצטע זעקעלע הירזש. אין צוג האָט עמעצער דורכגעשטאָכן דאָס זעקעלע, און אַלע הירזשעלעך האָבן זיך אַרויסגעשאָטן...

— איך בין שוין באַלד אַ בען־שישים, — זאָגט שיקע דריז, — נאָר די הירזשעלעך — ניט קיין הירזשעלעך, נאָר פּערל — האָב איך נאָך אַלץ ניט צונויפגעקליבן...

מיט די „פּערל" מיינט ער דעריקער די זעונגען פון דער קינדהײַט, וואָס גייען אים אַ גאַנץ לעבן נאָך און ווערן פאַרוואַנדלט אין לידער.

קינדווײַז איז זײַן פאַרגעניגן געווען אָנטראָגן פונעם טײַך ליים און אויפן ברעג אויסקנעטן דערפון שיסעלעך פאַר די פייגל.

קאָן זײַן, אַז זײַן ליד „מײַן שיסעלע" — אָן עמעסער פּערל — איז טאַקע אַ דערמאָנונג פון דער אייגענער קינדהײַט.

איצי, קיצי — קאַטעניאַ!
כ'האָב אַ שיסעלע אַזאַ:
ניט פון אײַזן, ניט פון בלײַ,
ניט פון דינעם פאַרצעלײַ.
כ'האָב אומיסטן אָפּדערנאַכט
מיט דער פּיאַטע דאָס געמאַכט
אויף אַ סטעזשקעלע פון ליים,
ווען געלאָפן כ'בין אַהיים.
זאָל פון דעם דער סאָלאָווי
פאַרן זינגען טרינקען טיי.

און נאָך אַ געשיכטע: אין שטעטעלע קראַסנע, אויף דער אוקראַיִנע, וווּ שיקע דריז האָט פאַרבראַכט די קינדהײַט, האָבן מער פון אַלץ געדרייצט זײַן קויעך־האַדימיען די גרויסע ברילן, וואָס זײַנען געהאַנגען איבער דער געבײַדע פון דער אַפּטייק. קיין גלעזלעך זײַנען אין זיי ניט געווען. אָט דאָס שטויסט דעם יונגן באָכער אונטערצוקלײַבן פאַר די ברילן גלאָז פון פאַרשיידענע קאָלירן. ער קײַקלט אַרויס פונעם הויף צו דער אַפּטייק צוויי פעסער, וואָס שטייען אונטער די רינוועס, כאַווײַרים העלפן אים אויפשטעלן איין פאַס אויף דער אַנדערער, קעדיי אַרופקלעטערן צו די ברילן... און אָט איז ער שוין פון אויבן, זײַנע ברייט צעעפנטע שוואַרצע אויגן שנײַדן זיך אַרײַן אין קאָלירטע שטיקער גלאָז, אַרײַנגעפּאַסטע אין די ברילן, און ווערן פאַרגאַפט: צוויי זײַטן הײַזער גיבן זיך מיטאַמאָל אַ פאַרב איבער. אָט גייט דער זיידע שוין ניט מיט קיין ווײַסער, נאָר מיט אַ שוואַרצער באָרד... געשווינד ווערן אַרײַנגעשטעלט צוויי אַנדערע גלעזער — און ס'לויפט שוין דער קאָטער מיט דער קאַץ רויט, ווי טינט. „וואָס, כעוורע, איר גלייבט ניט? נאַט און קוקט אַליין". און כעוורע קלעטערן איינס נאָכן אַנדערן אויף די פעסער...

אָט די געשיכטע איז אויך אַ „פּערל" פון דער קינדהײַט: אין צענדליקער יאָרן אַרום האָט דער דיכטער, אויפּאָנעם אונטערן אומפאַרגעסלעכן אײַנדרוק פון די קינדער־יאָרן, אָנגעשריבן זײַן ליד — „מײַן שפּאַקטיוול", וואָס הייבט זיך אָן מיט די ווערטער:

ווערט מײַן פענצטער
ברייט צעעפנט,
בעסער, בעסער
זון נעמט גלעטן.
אײַ, אַ זון,
אײַ, אַ זון!
און ווען עס קלאַפּט
די שאָ פון וואַנט,
ווערט מײַן שלאָף
צעבויטעט — וואַך,
ווי די שטאָט,
ווי די שטאָט.
און ווי די הייכן
ווי די העלע,

כ׳ליב די רויכן,
די געשטעלן
מיט מײַן בלוט,
מיט מײַן בלוט.

דאָס איז איינע פון די רײַפערע לידער אין דריזס ערשטן ביכל, ווו מיר טרעפן נאָך אַזעלכע לידער, וועלכע מע קאָן כאַראַקטעריזירן טאַקע מיט די ווערטער, וועלכע דריז אַליין האָט דעמלט א זאָג געטאָן וועגן זיך: „אוי, ווי כ׳בין נאָך רוי״...

אין די דרײַסיקער יאָרן האָט מייער ווינער אין זײַן ארבעט „ליריק און סאָציִאַליזם״ אָנגעוויזן אַפן גרונט־כיסאָרן פון דריזס דעמלטיקער דיכטונג, דעריקער פון זײַנע פּאָליטישע לידער: „דריז איז אין גרעסטן טייל פון זײַנע פּאָליטישע לידער צו אבסטראַקט, צעצויגן. כאָטש עס פילט זיך אין זיי א שטאַרק געפיל, באַקומט עס אָבער געוויינלעך אין יענע לידער ניט קיין גענוג מאַמאָשעסדיקן בילדערישן אויסדרוק״.

די ווײַטערדיקע עוואָליוציע פון דריזס שאַפן איז גע־גאַנגען אַזוי: ער האָט זיך באַפרײַט פון אבסטראַקטקײַט און צעצויגנקײַט, איז געוואָרן מאַמאָשעסדיקער אין דער בילדערישקײַט; דאָס, וואָס ער האָט זיך פריִער אויסגע־לערנט אַלס סקולפּטאָר, האָט ער נאָכדעם גענומען אַרי־בערטראָגן אין דער דיכטונג, — די פייִקײַט צו „אָפּהאַקן דאָס איבעריקע״. ס׳האָבן זיך בא אים גענומען ווײַזן לידער־סקולפּטורן, אָבער ניט פון קאַלטן מירמל. זיי זײַנען האַרציק און מוזיקאַליש.

פאַראַן דיכטער, וואָס קומען פון אָנהייב אָן מיטן שטאַרקסטן פון זייער שאַפונג; וויפל זיי זאָלן ווײַטער ניט שרײַבן, קאָנען זיי שוין ניט אַריבערשטײַגן זייער ערשטן געזאַנג, און זיי בלײַבן טאַקע אין דער דיכטונג דעריקער מיט די ערשטע לידער.

אַנדערש איז בא דריזן. ער האָט ניט מיטאַמאָל געפונען די שליסל צו זײַן פּאָעטישער וועלט; זי האָט זיך פאַר אים אַנטפּלעקט בעהאַדראָגעדיק, און וואָס ווײַטער — אַלץ פאַרביקער.

די רײַפקײַט אינעם שאַפן איז געקומען צו דריזן נאָך א גרויסן לעבנס־וועג — פיר שווערע יאָר אַף דער מיל־כאָמע און צוויי צענדליק יאָר נאָכמילכאָמעדיקע דערפאַ־רונג. פאַר דער צײַט האָט זיך אָנגעקליבן „א כעזשבן גאָר א גרויסער מיט דער וועלט״:

וואָלט מיר אָנהייבן
פון אָנהייב זײַן באַשערט,
וואָלט איך נעמען
אַף די הענט מײַנע די ערד —
מיט די וויכערס,
מיט די זליוועס,
מיט דער קעלט.
כ׳האָב א כעזשבן גאָר א גרויסן
מיט דער וועלט.

דער סאָוועטישער דיכטער קאָן ניט „האַלטן דאָס האַרץ אַף א שלאָס״ — ס׳גייט דעם האַרצן אַלץ אָן:

ווײַל אַלץ וויל עס וויסן,
ווײַל אַלץ דאַרף עס האָבן,
פאַרוואָס האָבן נעכטן
געפּאַטשט זיך די ראָבן,
פאַרוואָס קאָכט מען קאַווע
(וואָס שוואַרצער, איז בעסער!)
און שטעכן דעם נעגער
מע וויל מיט א מעסער.

אַלץ מער פאַרטראַכט זיך איצט דריז אַף די טראַגישע ווידערשפּרוכן פונעם לעבן:

ווען א מענטש האָט צום ערשטן מאָל
דערזען דעם רעגנבויגן,
איז ער אַוועק אין וואַלד
און אויסגעשניצט א פײַלנבויגן.
ווען דער מענטש האָט אין א הירשעלע
געצילט,
וואָס ניט געווען איז נאָך אַנטוויינט,
האָט ער אַנטדעקט די ערשטע סטרונע:
דאָס אָנגעצויגן שטריקל האָט געוויינט.

די ערשטע סטרונע האָט דער מענטש אַנטדעקט אַפן וווּנדערלעכסטן אויפן, נאָר זי איז געבוירן, ווי דאָס קינד — מיט געוויין...

„א פעדערל א פאַרלוירנס״ פלאַטערט און בענקט נאָכן פויגלס פליגל, נאָר „סײַוויסײַ דעם פויגלס פליגל וועט עס ניט דעריאָגן״. וואָס איז עס — ייִעש? ניין, ס׳איז א ליד וועגן טרויער פון פאַרלוסט, וואָס איז פאַראַן אין דער נאַטור, פונקט ווי עס איז פאַראַן פרייד פון געבורט.

ניט צופעליק אַסאָציִירט זיך מיטן „פעדערל״ א צווייטע, שוין א קאָנקרעטערע, אומגעהייער טראַגישע ליד „לופטבאַלאָנען״:

קויפט א ייִד א לופטבאַלאָן —
גרין גראָז דאָס פוכירל,
דאַכט זיך אים, א טאָלעכל
וויגט זיך אַף א שנירל.
ברענגט ער עס, דאָס טאָלעכל,
צום באַבי־יאַר צו פירן,
שענקט ער דאָרט זײַן אייניקל
און קויפט א נײַ פוכירל.
אָט אַזוי־אָ פירט דער זיידע
דעם אייניק א מאַטאָנע,
אַמאָל א וואַלד, אַמאָל א פעלד,
די זון מיט דער לעוואָנע.

דער לופטבאַלאָן, וואָס „וויגט זיך אַף א שנירל״, וועט שוין ניט אַרײַנפאַלן אין די הענטלעך פונעם דערמאָרדעטן קינד אין באַבי־יאַר, פונקט ווי דאָס פעדערל, „א פאַר־לוירנס אינדערלופטן״, וועט שוין מער ניט דערגרייכן דעם פויגלס פליגל...

נאָר איבערן טויט שוועבט דאָס לעבן. דער לופטבאַלאָן, וואָס דער זיידע פירט דעם אייניקל א מאַטאָנע, איז „אַמאָל א וואַלד, אַמאָל א פעלד, די זון מיט דער לע־וואָנע״...

מיר האָבן דאָ געבראַכט איינצלנע מאָטיוון, וואָס ווערן בא דריזן ניט אַלעמאָל פאַנאַנדערגעוויקלט אין א טעמע. נאָר דריז היט זיך פון לידער־וואַריִאַציעס. אָט די איינצלנע מאָטיוון, וואָס בא אַנדערע דיכטער וואָלטן זיי פיל מאָל וואַריִירט געוואָרן, ווערן בא דריזן אָפט פאַרענדיקט מיט ערשטע אורקוואַל־לידער. זײַן דיכטונג איז ניט קיין וואַלד. מע קאָן אין איר ניט פאַרבלאָנדזשען. דערפאַר זעען זיך עפּשער מער, ווי בא אַנדערע דיכטער, בא אים אַרויס די לידער — אַנטדעקונגען.

צו אַזעלכע אַנטדעקונגען געהערן דערהויפּט זײַנע לי־דער „פאַר קליין און גרויס״.

ס׳איז א באַזונדער מין זשאַנער — ניט בלויז פאַר קינ־דער און ניט בלויז פאַר דערוואַקסענע. פאַר קליין און גרויס — איינצײַטיק.

אַט איז די ליד „ווער וואָס עס לאָזט איבער״:

א ווײַניקן עפּל,
א פּליושענע פּלוים
לאָזט פאַר אונדז איבער
דער פרוכטבאַרער בוים.
האָניק און סטעלניק
פון יעטווידן מין
לאָזט פאַר אונדז איבער
די פלײַסיקע בין.
א כאַכעם — זײַן א כאָכמע,
א טיפּעש —
ניט מיין,
ווי בא יענעם אין גאָרטן
א פלאַטשיקן שטיין.

די ליד איז אַלציינס אינטערעסאַנט פאַר קליין און פאַר גרויס. פאַר קליין איז דאָס פּאַשעט א שיינע ליד אַן און פאַר זיך, אפילע אַן דעם אַלעגאָריש־מאָשלדיקן: זי צווינגט אכטן דעם פרוכטבארן בוים, די פלײַסיקע בין, דעם כאַכעם און לאַכן איבערן טיפּעש. דעם זעלבן גענוס האָט פון דער ליד דער דערוואַקסענער, נאָר ער פילט נאָך אין איר דעם אונטערטעקסט, דעם פילאָסאָפישן מיין: עס צווינגט זיך פאַרטראַכטן אף דעם, וואָס דער מענטש דאַרף נאָך זיך איבערלאָזן...

די לידער „פאַר קליין און גרויס״ זײַנען שיין געבויט. זיי זײַנען זייער בילדעריש, מיט סוזשעטישן קערן, מיט געשטאַלט און מיט לעבעדיקן דיאַלאָג — קליינינקע פּיעסן, קאָמפּאָזיציעס. דער קלענער לייענער ווערט פאַרגאַפט פונעם אויסטערלישן, פונעם קינדער־געשטאַלט, וואָס קאָן דערציילן וועגן זײַנע שפּילכלעך און קינדער־וועלט אזוי, אז ס'זאָל פאַרכידעשן. דער גרויסער לייענער באַוווּנדערט דערבײַ, ווי קינד און דיכטער גיסן זיך צונויף. אין אייניקע לידער איז אפילע שווער צו זאָגן, ווער איז דער דערציילער. ווער דערציילט וועגן מערקווירדיקן שפּאַקטיוול מיט „אַלערליי מין גלאָז״? ווער דערציילט וועגן שיסעלע, וואָס ווערט געמאַכט מיט דער פּיאַטע „אף א סטעזשקעלע פון ליים״? אז מע וויל, איז דאָס א קינד, און אז מע וויל — דער דיכטער.

דריז ווייסט, וויאַזוי א קינד פילט און פאַנטאַזירט; ער גיסט זיך אינגאַנצן צונויף מיט דער קינדער־וועלט און הייבט זי אָן אופנעמען מיט דער אומיטלבאַרקײַט פון די קינדערשע קושים.

אַט איז דאָס גאַר־גאָר אומיטלבאַרע קינד פון פאַרשולעלטער, א מין מאָטל פּייסי דעם כאַזנס לויטן קאָנקרעטן אויפן פון אופנעמען דאָס פיגורעלע אין דער שפּראַך:

מע זאָגט, אז מײַן טאַטע
די ווערטער וועגט אָפּ.
האָב איך געטראַכט
און געדרייט מיט מײַן קאָפּ:
אויב ס'איז אָן עמעס
און ניט קיין געלעכטער,
איז ווו זשע די וואָגשאָל,
וואָס וועגט זײַנע ווערטער?
און פלוצעם געכאַפּט זיך,
צעקײַעט דעם ביין:
אף די וואָנצעס ער וועגט זיי —
און גיי זאָג, אז ניין!

א קינד מיט פאַנטאַזיע באַשפּילט די אומגאַנגס־מעטאַפאָרע „צעקײַעט דעם ביין״ און שטעלט ארויס זײַן בילדערישן אויסדרוק: „אף די וואָנצעס ער וועגט זיי — און גיי זאָג, אז ניין!״.

און אַט איז ווידער דאָס קינד מיט פאַנטאַזיע: ס'וויל קענען „ניט קיין סאַך״ — „צוויי־דרײַ ווערטער פויגל־שפּראַך״. ס'איז דאָ דערין דערקענטעניש־לײַדנשאַפט און דראַמאַטיק: „לערן איך און לערן און קען נאָך ניט די שפּראַך״...

די פאַנטאַזיע אין דריזס לידער גייט ווי אף א מין לייטערל, נאָר דאָס לייטערל איז פאַרפעסטיקט אינעם ערדישן באָדן, און דעריבער הייבט זיך לײַכט אף דעם דאָס קינד. ווי ווײַט עס פאַרפליט דאָ ניט די פאַנטאַזיע, פילט זיך אַלע מאָל דאָס קינד אין זײַן אייגענער וועלט.

קליין און גרויס געפעלן ניט בלויז די סוזשעטישע אײַנפאַלן פון דריזס לידער, נאָר אויך זייער פאָרם, זייערע בילדערישע פערזאָניפיצירונגען, זייערע כאַריפעסדיקע קלאַנגען־אַסאָציאַציעס („זיסל זאָגט: „א ניסל!״, שלוימל זאָגט: „א פלוימל!״, אנשל זאָגט: „א ווײַנשל!״, ארל זאָגט: „א בארל!״), וואָרט־שפּיל און ווילקלינגעוודיקע צונעמענישן („אייסעך־ווייסעך״, „איצי־קיצי — קאָטעניאַ!״). מיר זעען דאָ אזוינס, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר קינדער־דיכטונג ביכלאַל, און פאַר דער יידישער — ביפּראַט. אייניקע איבערזעצער פון דריזס לידער אף רוסיש, באַזונדערס די טאַלאַנטפולע דיכטערן יונא מאָריץ, באַמיִען זיך איבערגעבן די ביידע כאַראַקטעריסטישע באַזונדערקײַטן. דריזס ציקל לידער אין דער בײַלאַגע צו „איזוועסטיאַ״ — „נעדיעליאַ״ („די וואָך״), די ביכלעך «Веселый пекарь» („דער פריילעכער בעקער״), «Зеленые портные» („גרינע שנײַדערס״) און אנד. זײַנען מיט ליבע אופגענומען געוואָרן פון ברייטן קינדער־לייענער. מע דאַרף אָבער זאָגן, אז אין די איבערזעצונגען קלינגען עכט יענע לידער, אין וועלכע די נאַציאָנאַלע אייגנטימלעכקײַט ווערט פאַרהיט. דאָרט, ווו זי ווערט אויסגעמיטן, ווערט די ליד פאַרליטעראַרישט, און די פערזן לייגן זיך ווי יענע קאַלטע שטיינדעלעך אפן ברעג פון יאַם: די כוואַליעס האָבן זיי אָפּגעשליפן, נאָר די אָפּשײַן פון דער זון איז אף זיי ניט געפאַלן...

פאַרשטייט זיך, אז אין דער קינדער־ליד קומט שיקע דריז פון א גרויסער טראַדיציע. י.־ל. פּערעץ איז בא אונדז געווען דער גרעסטער מײַסטער פון באַלעבן זאַכן (דערמאָנט זיך, ווי דער ענגלאָמפּ זאָגט מוסער א קליינעם טישלעמפּל...). עליִעזער שטיינבארג, נאָכפאָלגנדיק דער פּערעץ־טראַדיציע, האָט אויך מערקווירדיק געקענט באַלעבן טויטע מאַטעריע, צוגעבנדיק איר מענטשלעכע שטריכן. בא שטיינבארגן יאָגט זיך א ווינטעלע נאָך א שטערנדל: „לויפט א ווינטעלע, יאָגט זיך נאָך א שטערנדל א פינטעלע״. און דריז דערציילט:

פאַראַנען א ווינטעלע — גרינג און לינד,
שפּילעכלעך האָט עס אזוי ווי א קינד:
אף איינעם א געסל — א סקריפּ פון א טיר,
אף איינער א סטעזשקע — א שטיקל פּאַפּיר;
אף איינעם א וואָגן — א זאַנג פון די גאָרבן,
בא איינעם א מענטשן — א לאָך אינעם ארבל;
אף איינעם א שטריקל — די קינדערשע זאָקן,
בא איינעם א מיידל — צעשויבערטע לאָקן.
און ליב האָט עס וועקן די ווישקע פון דרימל
און שוועבלעכלעך וואַרפן צום הימל.

בא לייב קוויטקאָן האָט דריז זיך דעריקער געלערנט פּינקטלעכקײַט פון צייכענונג אין געמעל. אין קוויטקאָס

דיכטונג קוקט ער אריַין און שפיגלט זיך, ווי קינדער אין א ברונעם, נאָר אז עס קומט צום שאפן, זוכט ער דאָס וואָרט און בילד ניט ערגעץ אנדערש ווי בא זיך אליין.

דריז איז שפּאָרעוודיק אינעם וואָרט־געברויך, ער איז ניט באריידעוודיק. ער דערציט דאָס קינד ניט מיט דידאקטישער פראזעאָלאָגיע, נאָר מיט פּאָעטישן וואָרט.

די פאָלקסטימלעכע פאשטעס בא דריזן גייט ניט נאָר פון וואָרט־קלאָרקייַט — אויך פון ריכטיקע מאָסן, פון הארמאָניע. די פאשטעס קומט בא אים געוויס אויך פון אָנגעשטרענגטן זוכן. מע פילט ניט קיין אָנשטרענגונג אין זייַן ליד, פונקט ווי מע פילט ניט באם שוישפּילער, וויפל מי אים האָט געקאָסט, ער זאָל זיך אזוי לייַכט און נאטירלעך דורכגיין אף דער בינע...

קינדער האָבן ליב ארומשטעלן די שטילקייַט מיט סוידעס און געהיימניספולקייַט. זיי מאכן פון דער שטילקייַט א שפּיל.

דאָרט בא מייַן מאמען,
געבליבן מייַן שפּיל,
וואָס הייסט בא די קינדער
שטיל,
שטיל,
שטיל.

אזוי דערציילט דריז, און ער האָט א באזונדערע פייַקייַט ארויסבאקומען בילדער און קלאַנגען פון „אינדערשטיל“. דאָס סאמע דראמאטישע זינגט ער אויס מיט א וואָרט א שטילס.

אין אייניקע זייַנע לידער דערמאָנט דריז אין יענעם פּערעצישן „קונצנמאכער“, וואָס „מיט א פייַף באקט ער אָן מער קוילעטשן און כאלעס, ווי דער גרעסטער בעקער“. און אז „ס׳פּעלט ליכט — וועט זייַן ליכט“. נאָר דאָס מערקווירדיקסטע בא יענעם קונצנמאכער איז דאָס מאָמאָשעסדיקע פון זייַן קונץ: „דער קישן לאָזט זיך אָנרירן, דאָס ווייַן גיסט זיך, די מאצעס ברעכן זיך“. אין דריזס דיכטונג איז דער „קונץ“ אויך אזוי מאמאָשעסדיק, אז מע קאָן אים, דוכט זיך, אָנטאפּן מיט די הענט. פון וואָס זייַנען כאלוימעס געמאכט, די גוטע כאלוימעס בא־נאכט? איאָ, איר ווייסט ניט? און דער דיכטער ווייסט:

פון רייפן, קנעפּלעך און שטריקלעך,
פון לאָשעקלעך, טויבן און ביקלעך,
פון לוסטיקע, זוניקע העזעלעך,
טעצעלעך, קלעצעלעך, גלעזעלעך,
פון מייַסעלעך שטילע דער באָבעס,
פון ווארעמע פינגער דער מאמעס.

מע דארף אָבער זען ניט נאָר דעם „קונץ“ אין דריזס דיכטונג. מיט א „קונץ“ הייבט זיך אָן די ליד „די קלוגע סוועטאָפאָרן“:

געטראָגן האָבן מענטשן
קוילעטשן און בייגעלעך,
און איך האָב מיר געטראָגן
א פולן בוזעם פייגעלעך.

אָבער הערט ווייַטער:

נאָר עפּעס האָט געטראָפן,
פארפלאָנטערט כ׳האָב די ראָגן,
פארגעסן כ׳האָב, צו וועמען
די פייגעלעך געטראָגן.
שטיי איך א פריטשמעליעטער,
צעדולט אינמיטנדרינען,
אָט וועלן מיך צעקוועטשן,
צעמאָלן די מאשינען.

אָנגעהויבן מיט א „קונץ“, מיט א פּאָעטישן שפּאס, און גלייַך א פיר געטאָן דעם סוזשעט צו א דראמאטישער פּראָבלעם־סיטואציע: דאָס ארויסהייבן זיך פון שטייגער איז באגלייט מיט געפאר, אויב דער דיכטער זאָל דערבייַ פארלירן די ערדישע אָריִענטירן.

נאָר דאָ האָבן א ווונק געטאָן
די קלוגע סוועטאָפאָרן,
די שטאָט זאָל זיך ניט רירן,
ניט גייען און ניט פאָרן,
ניט זשומען און ניט פייַפן —
און פון אומגליק מיך פארשטעלט,
כ׳זאָל קאָנען זיך דערמאָנען,
ווו בין איך אף דער וועלט.

אָט אזוי שפּאנט ער איצט, דער דיכטער שיקע דריז — „מיט א פולן בוזעם פייגעלעך“, און זייַן וועג באשייַנען די „קלוגע סוועטאָפאָרן“...

---

# כראָניק

## גאסטראָלן פון ייִדישן דראמאטישן אנסאמבל

דער ייִדישער דראמאטישער אנסאמבל אונטער דער אָנפירונג פונעם פארדינסטפולן ארטיסט פון רספסר ביניאָמין שווארצער האָט זיך אומגעקערט פון א לענגערער גאסטראָלןרייַזע איבער א ריי שטעט פון דער רוסלענדישער פעדעראציע און פון אוקראַיִנע: ראָסטאָוו, קורסק, כארקאָוו, וויניצע, זשיטאָמיר, טשערניגאָוו, אָדעס, אוזשגאָראָד, מוקאטשעוו.

דער אנסאמבל האָט אופגעפירט אין די דאָזיקע שטעט שאָלעם־אליינעמס פּיעסן „200 000“ און „טעוויע דער מילכיקער“. זיי זייַנען אומעטום ווארעם אופגענומען געוואָרן פון די צושויער.

## דעם אָנדענק פון א פרייַנט

אין קאונאס איז אין עלטער פון 60 יאָר געשטאָרבן בערל לאַנדאָו, אן אקטיווער קאָרעספּאָנדענט פון דער פרעסע און א טעטיקער קולטורטוער. ביז דער מילכאָמע איז ב. לאַנדאָן געווען א לערער אין א פאָלקסשול. די לעצטע יאָרן האָט ער געארבעט אין דער שטאָטישער עפנטלעכער ביבליָאָטעק, ווו ער האָט מיט דער אייגנטימלעכער פאר אים ענערגיע אופגעשטעלט דעם אָפּטייל פון ייִדישע ביכער, וועלכן די היטלעריסטישע אָקופּאנטן האָבן ליקווידירט.

ב. לאַנדאָן האָט פיל געטאָן אף צו פּאָפּולאריזירן און פארשפרייטן דעם זשורנאל „סאָוועטיש היימלאַנד“ און די ייִדישע סאָוועטישע ליטעראטור. ער האָט אויך מיטגעהאָלפן אין דער ארבעט פון דער היגער ייִדישער קינסטלערישער זעלבסטעטיקייַט.

אין זייַן לעצטן וועג האָבן בערל לאַנדאָנען באגלייט פיל פרייַנט.

# פון דער שעפערישער לאבאראטאריע

כאַים מעלאמוד:

## א ביטערע מעלאָכע

זאָגן זאָגט איר — שעפערישע לאבאָראטאָריע. און אינדערעמעסן מיינט איר פּאָשעט די קיך. אנו באַווייַז, ברודערקע, וויִאזוי מאכסטו דאָס מייַכל: וויפל טוסטו אריַין זאלץ, וויפל צוקער, וועלכע קריַיטעכצער, וויִאזוי פּרעגלסטו עס צו, עס זאָל ניט צוברענען, וויפל האלטסטו עס אין אויוון, עס זאָל ניט פארקליאקנעט ווערן. ווייסט איר דאָך, אז וויַיבער האָבן פיַינט, ווען מע קוקט זיי אריַין אין די טעפּלעך. מאלע מיט וואָס א באלעבאָסטע א בעריִע קומט אמאָל אָפּ א וועטשערע.

וועל איך שוין מוזן זיך מאטריִעך זיַין און א מיש טאָן מיַינע העפטן. ס׳זיַינען דאָרטן פארשריבן פארשיידענע סוזשעטן, פון וועלכע ס׳וועלן אמאָל ווערן דערציילונגען; פאראן דאָרט פאָרטרעט־געמעלן, וואָס וועלן פאר יענע דערציילונגען געוויס צוניץ קומען, פאראן דאָרט אזוינס, פון וואָס ס׳וועט, מיסטאמע, קיינמאָל גאָרנישט ווערן, פאראן אויך פון דעם מין, וואָס איר רופט עס אָן — שעפערישע לאבאָראטאָריע.

דו זיצסט און זעסט פאר זיך, ווי אף אן עקראן, פארשיידענע מענטשן, זייערע מיַיסים, זייערע באוועגונגען, און ס׳דוכט זיך דיר, אז דו הערסט אפילע זייער שטים. דו זיצסט א פארקישעפטער און דו פילסט אליין ניט, ווי די האנט פירט מיט דער פען און ווי דאָס ליידיקע בייגעלע פּאפיר ווערט אָנגעפילט מיט ווערטער, מיט דעם, וואָס דו האָסט אָקאָרשט געהערט און געזען. מע דארף נאָר, אז צו דער ציַיט, ווען דער עקראן וועט זיך אָנהייבן ליַיכטן, זאָלסטו אליין זיַין, ווי מע זאָגט, אין דער פאָרמע, אז די באטארייקעלעך אין דיַין מויעך זאָלן זיַין ווי געהעריק אָנגעלאָדן, אז די לעמפעלעך זאָלן ברענען מיט א שטארקן גלי...

וואָס זשע טוט מען דערצו, אז אין די באטארייקעלעך זאָל קיינמאָל ניט אויסגיין די ענערגיע, אז די לעמפעלעך אין מויעך זאָלן שטענדיק ברענען, אז דער עקראן פאר דיַינע אויגן זאָל קיינמאָל ניט אויסגעלאָשן ווערן?

ווען דו טראכסט זיך אריַין אין זיך אליין, הייבט דיר אָן ווערן קלאָר, אז דערפאָלג קומט דאן, ווען בא דיר איז אלץ אויסגעשטאנען, אויסגעיוירן און אויסגעקלאָרט, ווען דו האָסט פארבראכט מיט דיַינע אויסגעכאָלעמטע העלדן פיל טעג און נעכט, ווען דו האָסט אופגעגעסן מיט זיי, ווי מע זאָגט, א פּוד זאלץ. דאן קומט יענער זעלטענער צושטאנד, ווען געדאנקען ווערן פארוואנדלט אין זעונגען. זעצסט זיך נאָר צו צום טיש, נעמען זיך צונויף ארום דיר דיַינע העלדן. נעמסט די פען אין דער האנט און גיסט א קאָמאנדעווע — היַידא, כעוורע, פאָרן מיר וויַיטער! ס׳טרעפט אויך, אז זיי גיבן דיר א קאָמאנדע: שריַיב, פארשריַיב גיכער, וויַיל מיר הייבן שוין אָן!

ניט אלע מאָל זיַינען זיי אָבער אזוי גוט מיט מיר, מיַינע העלדן, זיי פּראווען אָפּטמאָל אקשאָנעס, פוילע שטיק. ווי ס׳האָט אנומלטן געטראָפן מיט די העלדן פון מיַין נייַעם ראָמאן „פריַינטשאפט“ — מיט עסטערן און זאלמענען. מיר האָט זיך געדוכט, אז איך בין שוין מיט זיי פארטיק, כ׳האָב שוין אָפּגערעדט מיט זיי, ווו זיי וועלן זיך טרעפן, וואָס זיי וועלן זאָגן, און ס׳וועט נעמען א סאָף. וויַיל וויפל איז דער שיר מוטשען איינער דעם אנדערן? אָבער ווען ס׳איז געקומען צום שריַיבן — א נעכטיקער טאָג. זיי שטייען ביידע פאר מיר, ווי געלייִמטע. „נו, רעדט שוין עפּעס ארויס“, — טיַינע איך צו זיי. ווייסן זיי אָבער ניט וואָס צו זאָגן. און איך — איך ווייס אויך ניט. דער עקראן איז דאפקע אן עקראן, ער פירט זיך ווי עס דארף צו זיַין. אָבער — ווי אמאָל, אין די ציַיטן פון שטומען קינאָ...

געראטעוועט האָט מיך א כאָלעם. ס׳איז מיר געקומען צו כאָלעם דאָס גאנצע קאפּיטל פונעם אָנהייב ביזן סאָף, יענע נאכט, ווען עסטער מיט זאלמענען האָבן זיך באגעגנט באם פּעטער עליען אין דער האלב־איַינגעוואלגערטער זעמליאנקע. אין מיַין כאָלעם האָט מען זיי שוין ניט געדארפט שלעפּן פאר דער צונג. זיי האָבן געזאָגט איינער דעם אנדערן וואָס מע דארף, און גאָר אף אן אומדערוואַרטן אויפן.

נאָר ביז מע רופט ארויס אזא כאָלעם!..

האָב איך זיך איצט דערמאָנט, וויִאזוי נאָך אין דער יוגנט האָט אונדזערער א שאָכן מיך געוואָלט אויספרוּוון, צי פארשטיי איך עפּעס אין הילכעס ערדארבעט און באלעבאטישקיַיט.

— וואָס וואָלסטו געטאָן, — האָט ער מיך געפרעגט, — ווען דו פאָרסט מיט א פול אָנגעלאָדענעם וואָגן אף א זומפּיקן וועג, דער רעגן האלט אין איין גיסן, און מיטאמאָל פארטשעפּעסטו זיך פאר א פּניאָק. ס׳פּלאצט אן אקס און ס׳שפּרינגט אראָפּ א ראָד...

האָב איך אים אָנגעהויבן דערקלערן, ווי איך וואָלט פריִער אראָפּגענומען די זעק פון וואָגן, געפּרוּווט פארקרעמפּעווען די אקס, און אויב ס׳וואָלט זיך ניט איַינגעגעבן, וואָלט איך אוועק אין נאָענטן דאָרף נאָך הילף.

— בעקיצער, — האָט אונדזער כיטרער שאָכן מיך ניט געלאָזט ענדיקן, — מע מוטשעט זיך.

ניט איין מאָל, אריַינקריכנדיק אין א נייַ ווערק, פיל איך זיך, ווי איך פאָר אין א רעגנדיקן טאָג מיט א פול אָנגעלאָדענעם וואָגן איבער א צעקוואטשעטן וועג, און איך האלט אין איין ציטערן — די אקס זאָל ניט פּלאצן. און סיַיווי, יאָ געפּלאצט, ניט געפּלאצט — מע מוטשעט זיך...

איז אָט, יענע גרויסע שעפערישע מאטערניש איז דער סאָד פון אלע סוידעס. און אויב נאָך עטלעכע יאָר שווערער מי באקומסטו דיַין סכאר — איין מינוט נאכעסרועך, דוכט זיך דיר, אז קיין גליקלעכערער פון דיר איז אף דער וועלט ניטאָ. וואָסי? עס וויַיזט זיך דיר אויס, אז דער לייענער וועט האָבן האנאָע.

אָבער — בלויז איין מינוט. און ווידער אין וועג אריַין מיטן אָנגעלאָדענעם וואָגן, אין יענעם שווערן וועג, וואָס איז פול מיט פּניאָקעס און אנדערע שטרויכלונגען. און ווער ווייסט נאָך, וואָס פאר א וועטער ס׳וועט זיַין...

וועט איר זאָגן, אז ס׳איז טאקע ניט גרינג? נו, יאָ, אָט דאָס זאָג איך דאָך.

# לייענער שרײַבן אונדז

## כאַשעווע כאַוויירים!

אין נומער 10 „סאָוועטיש היימלאַנד" האָב איך מיט אינטערעס איבערגעלייענט דאָוויד דיאַמאַנטס פאַרצייכענונגען. איך האָב באַשלאָסן אָנשרײַבן וועגן מײַן שוועסטער בוזי כײַעס, וואָס האָט אויך אָנטיילגענומען אין דער פראַנצויזישער רעזיסטאַנס און וווינט איצט מיט איר געזינד אין מאַרסעל (פראַנקרײַך).

מיר שטאַמען פונעם בעסאַראַבער שטעטל יאַדינעץ. בוזי האָט זיך געלערנט אין כאָטינער ליציי, דאָרט אַרײַנגעטראָטן אין דער אונטערערדישער קאָמיוגישער אָרגאַניזאַציע פון די סטודענטן, ווו זי איז געווען זייער אַקטיוו. מע האָט זי אַרעסטירט. אַפּן פאַרהער אין דער סיגוראַנצע האָט מען איר אַרײַנגעשטעקט נאָדלען אונטער די נעגל, פאַרקלעמט מיט דער טיר די ברוסט, געשמיסן מיט שטאָלענע שאָמפּאָלן, נאָר זי האָט געשוויגן, קיין וואָרט ניט געזאָגט וועגן אירע כאַוויירים־קאָמיוגיסטן. לויטן באַפעל פונעם אויספאָרשער האָט א זשאַנדאַרם אַרויסגעפירט זי צו די פערדשטאַלן, מיט א בײַטש געצוואונגען שמײַסן איבער די פיס, איבערן פּאָנעם און געשריִען: „לויף!" בוזי האָט זיך ניט גערירט פון אָרט. דער זשאַנדאַרם האָט זי אַזוי לאַנג געשלאָגן, ביז זי איז געפאַלן און פאַרלאָרן דאָס באַוווסטזײַן. ער האָט אויסגעגאָסן אויף איר אַן עמער קאַלט וואַסער. אַז זי האָט געעפנט די אויגן, האָט ער ווידער געשריִען: „לויף!" נאָר זי האָט זיך פון אָרט ניט גערירט. ווען איר גאַנץ לײַב איז שוין געווען באַדעקט מיט בלוטיקע ווונדן, האָבן צוויי זשאַנדאַרמען אָנגענומען זי פאַר די הענט און פיס און, ווי א שײַט האָלץ, אַרײַנגעשליידערט אין טפיסע־קאַמער.

אינגיכן איז אין טשערנאָוויצער קריגס־טריבונאַל פאָרגעקומען דער באַרימטער אַנטיקאָמוניסטישער פּראָצעס, מיט וועלכן עס האָט דעמאָלט געקלונגען די גאַנצע רומעניש פּרעסע. צווישן די אָנגעקלאָגטע איז געווען אויך בוזי. בײַם דעם פאַרהער האָט דער פאָרזיצער פון קריגס־טריבונאַל געהאַט א טשיקאַווע שמועס מיט דער אָנגעקלאָגטער בוזי.

— ווי לאַנג ביסטו א קאָמוניסטקע? — פרעגט דער פאָרזיצער.

— ווי לאַנג איך בין צום סייכל געקומען, — ענטפערט בוזי.

— ווער איז דײַן אָנפירער?

— מײַן אייגענער סייכל.

דער פאָרזיצער צעשמייכלט זיך און זאָגט מיט א האָניק־טריפנדיקער שטים:

— מיך דאַרפסטו ניט נאַרן, מיידעלע. דו ביסט אַן אַפּטייקערס א טאָכטער, א סטודענטן פון ליציי, דער טאַטע האָט אַן אייגענעם ווײַנגאָרטן. ווי קומט צו דיר זײַן א קאָמוניסטקע? שלעכטע מענטשן האָבן דיך פאַרפירט. דו דאַרפסט דאָך ענדיקן דעם ליציי, כאַסענע האָבן, זײַן א מאַמע. דו דערציילסט, ווער האָט דיך פאַרנאַרט, וועט מען דיך אָפּלאָזן צו טאַטע־מאַמע, וואָס וואַרטן אַף דיר.

בוזי האָט געענטפערט רויק:

— אַלץ, וואָס איך האָב געהאַט צו זאָגן אײַך, האָב איך שוין געזאָגט.

זי האָט שטאָלץ אויפגעהויבן דעם קאָפּ, א קוק געטאָן צו אירע עלטערן, וועלכע זײַנען געזעסן אין זאַל, און א שמייכל געטאָן.

בוזי איז פאַרמישפּעט געוואָרן צו פינף מיט א האַלבן יאָר טפיסע און 150 טויזנט לײַ שטראָף.

א בוקאַרעשטער אַדוואָקאַט מיט דער פאַמיליע שרײַבער האָט דערלאַנגט א פּראָטעסט קעגן דעם אורטייל. עס איז באַשטימט געוואָרן א נײַע זיצונג פונעם קריגס־טריבונאַל. אַפּן וועג אין טריבונאַל איז בוזי מיט דער הילף פון כאַוויירים אַנטלאָפן, מיט א פאַלשן פּאַס אַריבער די גרענעץ און אוועקגעפאָרן קיין פּאַריזש. אין פּאַריזש איז זי מיט א בריוו פון דער בוקאַרעשטער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע געקומען צו שורא כאַכאַם[1]. יענע האָט זי באַגעגנט ווי א לײַבלעכע טאָכטער, אײַנגעאָרדנט זי אַף אַרבעט, באַקאַנט מיט די יונגע אַקטיוויסטן פון דער פראַנצויזישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי.

בוזי איז דעמאָלט אַלט געווען אכצן יאָר.

איצט קאָן מען בוזין טרעפן אַף די גאַסן פון פראַנצויזישע שטעט צוזאַמען מיט גרופּעס כאַוויירים, וואָס קלײַבן הילף פאַר די שפּאַנישע פּאַטריאָטן. אַף איר ברוסט שײַנט דער פּאַרטיזאַנישער אָרדען פון דער ערשטער מאַדריגע — „א קריגס־קרייץ מיט א זילבערנעם שטערן". דעם אָרדען האָט זי באַקומען פון די הענט פון די העכסטע קאָמאַנדירן פון דער רעזיסטאַנס. בוזי איז געווען איינע פון די ערשטע פרויען, וועלכע זײַנען בײַם דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע אַרײַנגעטראָטן אין דער פראַנצויזישער ווידערשטאַנד־באַוועגונג.

באָריס כײַעס.

בעלץ, מאָלדאַווישע סטר

---

[1] שורא כאַכאַם — אַן אָנטיילנעמערן אין דער פראַנצויזישער רעזיסטאַנס אין די יאָרן פון דער היטלערישער אָקופּאַציע, געווען סעקרעטאַר פון מאַרסעלער אָפּטיילונג פונעם „אוניאָן". וווינט איצט אין קעשענעוו (מאָלדאַוויע).

# כאַשעווע כאַווערים פון רעדאַקציע „סאָוועטיש היימלאַנד“!

דערלויבט מיר, אַן אַלטן מויכערספּאַרימניק, אַ מענטשן, וואָס האָט יאָרנלאַנג זיך פאַרנומען מיט פּראָפּאַגאַנדירן און פאַרשפּרייטן דעם סאָוועטישן בוך ביכלאַל, און דעם ייִדישן ספּעציעל, ארויסזאָגן מײַנע אַ טײַנע. איך מיין, — אַ וויכטיקע און אַ גערעכטע.

איך ווייס, אַז אַזאַ גרויסן טיראַזש, ווי ס׳האָט אונדזער זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד“, האָט פאַר דער גאַנצער געשיכטע פון דער ייִדישער פּרעסע קיין איין ליטעראַרישע צײַטשריפט ניט געהאַט. בײַ אונדז אין סאָוועטנפאַרבאַנד, אַשטייגער, האָט אַזאַ פּאָפּולערער זשורנאַל, ווי „די רויטע וועלט“, זיך געדרוקט ביז דער מילכאָמע סאַכאַקל אין אַ צאָל פון פיר ביז פינף טויזנט עקזעמפּליאַרן. און ערעך די זעלבע ציפערן, אַלנפאַלס, ניט מער, האָט נאָך דער מילכאָמע דערגרייכט דער טיראַזש פון די אַלמאַנאַכן „היימלאַנד“ אין מאָסקווע און „דער שטערן“ אין קיִעוו. אויך אין אויסלאַנד, אפילו אין פּשאַ, וווּ ס׳ווינען פינף מיט אַ האַלבן מיליאָן ייִדן, דערשײַנט אַ ליטעראַרישע אויסגאַבע אין ייִדיש, מעג זײַן אַ בוך צי אַ זשורנאַל, געוויינלעך אין טויזנט, העכסטנס אין אַנדערהאַלבן — צוויי טויזנט קאָפּיעס.

„סאָוועטיש היימלאַנד“, ווייסן מיר, ווערט, קיין אײַנהאָרע, געדרוקט אין אַ צאָל עקזעמפּליאַרן, וואָס שטײַגט באַדײַטנדיק אַריבער דעם טיראַזש פון אַלע ביזמילכאָמעדיקע ייִדישע סאָוועטישע ליטעראַרישע זשורנאַלן צוזאַמענגענומען. און אויב עמעצער וועט קומען און זאָגן, אַז ס׳איז ניט קיין גרויס כידעש, ווײַל „סאָוועטיש היימלאַנד“ איז דאָך אַ „בען־יאָכיד“ בײַ אונדז, וועל איך זיך ניט אַרײַנלאָזן אין אַמפּערנישן, צי ס׳איז יאָ אַ כידעש, צי ניט. מיך וועט קיינער אין כניפע ניט כוישעד זײַן, איך צעבײַט שוין, דאַרפט איר וויסן, דעם נײַנטן צענדליק, קאָן איך זיך פאַרגינען זאָגן אי אַ גוט וואָרט, אי אַ שטרענג וואָרט. דעריבער וועל איך זאָגן גאַנץ אָפן, אַז אַזאַ נייטיקן, טשיקאַווען, און אויב איר ווילט, אפילו אַזאַ שיינעם זשורנאַל לויטן אויסזען, האָבן מיר נאָך קיינמאָל ניט געהאַט, און דאָס שפּילט (איך פאַרשטיי זיך דערין אַ ביסל) ניט די קלענסטע ראָליע, ווען ס׳האַנדלט זיך וועגן טיראַזש. אָבער טאַקע דערפאַר, מײַנע ליבע יונגע כאַווערים רעדאַקטאָרן, איז מײַן טײַנע גרויס צו אײַך. איר זאָגט, אַז 25 טויזנט עקזעמפּליאַרן איז דער שפּיץ, אַז העכער איז ניט געווען. בין איך מאַסקים מיט אײַך. אָבער אויך איר שטימט אײַן מיט מיר, אַז ס׳קאָן און דאַרף זײַן מער. איך באַהויפּט, אַז אונדזער זשורנאַל האָט נאָך ניט דערגרייכט צו אַלע זײַנע מעגלעכע לייענער. זאָל אײַך צו קיין ביזויען ניט זײַן, הײַנט נאָך קאָן מען טרעפן מענטשן, וואָס וואָלטן גערן געלייענט דעם זשורנאַל, נאָר זיי ווייסן ניט, אַז שוין קימאַט פינף יאָר, ווי ער דערשײַנט.

פאַרוואָס? וועל איך אײַך זאָגן. בײַ אונדז אין לאַנד, ס׳איז אַ באַוווּסטע זאַך, דערשאַצט מען ניט קיין רעקלאַמע, נאָר בײַ אײַך אין רעדאַקציע, האָט ניט קיין פאַריבל פאַר אַ שאַרף וואָרט, הייבט מען קלאָר ניט אָן צו וויסן, וואָס דאָס הייסט — רעקלאַמע. אָט וועל איך אײַך ברענגען אַזאַ באַווײַז. איידער איך בין אַריבער אויף פּענסיע, האָב איך געאַרבעט אַ יאָר זיבן אין מאָסקווער קאָנטאָר פון דער אָרגאַניזאַציע, וואָס פאַרשפּרייט די פּרעסע, „סאָיוזפּעטשאַט“. ווי אַ געוועזענעם מיטאַרבעטער האָט מען מיך דעריבער איצט געלאָזט אַ קוק טאָן אין אַרכיוו און אויסקלאָרן אַ פראַגע, וואָס האָט מיך אינטערעסירט אַלס פרײַנט פונעם זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד“: וויאַזוי ווערט ער פאַרשפּרייט אין מאָסקווע. וואָס זשע האָב איך דערזען?

יאָ, טאַקע אַ גאַנץ גרויסער טיראַזש. אָבער זייער אַ סטאַבילער. אין 1961, 1962 און אַזוי ווײַטער ביזן 1965 דרייט זיך אַלץ די צאָל אַבאָנענטן אַרום טויזנט. סטאַביליטעט איז ביכלאַל בײַ אַבאָנירונג אַ מײַלע. אָבער פאַר מאָסקווע האָט מיך פאַרדראָסן. צי דען קאָן שוין מאָסקווע ניט איבערשפּאַנען די צאָל טויזנט? אָט דאָ קומט טאַקע אויפן זינען די רעקלאַמע.

פאַרוואָס זאָל אין די טעאַטער־געבײַדעס און קאָנצערטזאַלן, וווּ עס קומען פאַר ייִדישע פאָרשטעלונגען און קאָנצערטן, ניט הענגען קיין מעלדונג, אַז ס׳ווערט אָנגענומען די אַבאָנירונג אויפן זשורנאַל? פאַרוואָס זאָלן פאַרן אַנטראַקט ניט מעלדן וועגן דעם די אַרטיסטן? פאַרוואָס זאָל אין פאָיע פאַרן אָנהייב פון קאָנצערט און בייסן אַנטראַקט ניט שטיין קיין טישל און אַ מיידל פון „סאָיוזפּעטשאַט“ זאָל אָננעמען די אַבאָנירונג אויפן זשורנאַל? און פאַרוואָס גאָר נאָר אין מאָסקווע? פאַרוואָס ניט אין אַלע שטעט און שטעטלעך, וווּ ס׳ווינען ייִדן? איך און נאָך עטלעכע פרײַנט פונעם זשורנאַל האָבן געמאַכט אַזאַ עקספּערימענט: מיר האָבן אייניקע מאָל אַוועקגעשטעלט אַ טישל אין טעאַטער־פאָיע און מיט דער האַסקאָמע פון „סאָיוזפּעטשאַט“ אָנגענומען די אַבאָנירונג אויפן זשורנאַל. אַלע מאָל איז דער רעזולטאַט געווען איינער: נײַע אַבאָנענטן! פאַר דרײַ אָוונטן האָבן זיך אונטערגעשריבן 103 מענטשן! און איך דערמאָן אײַך נאָכאַמאָל: אפילו אין מאָסקווע האָבן זיך געפונען מענטשן, וואָס האָבן געזאָגט, אַז זיי האָבן ניט געוווּסט וועגן זשורנאַל. איז דאָס די טײַנע צו אײַך: איר, רעדאַקטאָרן, טראָגט די אַכרײַעס דערפאַר, אַז דער זשורנאַל זאָל אָנקומען צו אַלע, וואָס גאַרן אים לייענען.

איך ווייס, אַז „סאָוועטיש היימלאַנד“ האָט איבערגעגעבענע פרײַנט, וואָס טוען ניט ווייניק אויף אים צו פאַרשפּרייטן. וועגן אייניקע פון זיי, וועגן כ׳ סורקיס אין טשערנאָוויץ, כ׳ קיל אין וויניצע און אַנדערע, — האָב איך אפילו געלייענט אין זשורנאַל. אָבער דאָס איז דאָך זייער ווייניק. געזעלשאַפטלעכע פאַרשפּרייטער פונעם זשורנאַל דאַרפט איר האָבן אומעטום — אין יעדער שטאָט און שטעטל, אומעטום, וווּ ס׳איז פאַראַן ניט נאָר דער לייענער, וואָס לייענט, נאָר אויך דער לייענער, וואָס וויל לייענען. אָבער צוליב דעם דאַרף די רעדאַקציע אויך פירן אַן אַרבעט מיט אירע פרײַנט, וועקן זייער איניציאַטיוו און דערמאָנען זיך אָן זיי ניט בלויז דעמלט, ווען ס׳הייבט זיך אָן די אַבאָנירונג־קאַמפּאַניע.

און צוויי ווערטער וועגן איינצל־פאַרקויף. בײַ מיר איז אַן אײַנדרוק, אַז אפילו אין מאָסקווע זײַנען פאַראַן פיל קיִאָסקן, וווּ איר וועט „סאָוועטיש היימלאַנד“ ניט קריגן. און דאָס קומט פאָר איבער צוויי טײַמים: אָדער דער קיִאָסקער האָט אים ניט באַשטעלט, אָדער דער זשורנאַל איז אַפּגיך אויסגעפאַרקויפט געוואָרן, ווײַל דער קיִאָסקער האָט אים ווייניק באַשטעלט. אין ביידע פאַלן איז ניט אַלץ געטאָן געוואָרן, אַז דער זשורנאַל זאָל ווי געהעריק פאַרשפּרייט ווערן. פון מײַן דערפאַרונג ווייס איך, אַז די

רעדאַקציע דאַרף פּראָפּאַגאַנדירן און רעקלאַמירן דעם זשורנאַל ניט בלויז צווישן די לייענער, נאָר אויך צווישן די קיִאָסקערן. אין אַלע קיִאָסקן דאַרף „סאָוועטיש היימלאַנד" זײַן אין פאַרקויף. און פאַרוואָס מוז מען דאַפקע שטרעבן, אַז דער זשורנאַל זאָל אויספאַרקויפט ווערן פאַר צוויי צי דרײַ טעג? פאַרוואָס טאָר עס ניט געדויערן א וואָך צי צוויי? אָדער אפילו ביז עס וועט זיך באַווײַזן א נײַער נומער?

האַקלאַל, מע דאַרף אַרבעטן מיט די קיִאָסקערן אויך. און אָט איז א בײַשפּיל. ווען איך האָב אַנומלטן אין א פרײַער שאָ זיך דורכגערעדט מיטן קיִאָסקער פונעם קיִאָסק אפן מאָסקווער פּאָטשטאַמט, איז „סאָוועטיש היימלאַנד" דאָרט גאָר אַנדערש אַוועק אין גאַנג. דאָס ערשטע, וואָס מיר האָבן געטאָן: מיר האָבן אַרויסגענומען דעם זשורנאַל פון ערגעץ א פאַרוקט ווינקל און אַוועקגעלייגט אים פון פאָרנט אף אן אָנגעזעען אָרט, דאָרט, ווו אַלע וויכטיקע ליטעראַרישע זשורנאַלן ליגן. פריִער האָט דער קיִאָסקער פּאָשעט ניט געוווּסט, וואָס עס שטעלט מיט זיך פאָר אונדזער זשורנאַל. 159 עקזעמפּליאַרן פונעם לעצטן נומער איז אין דעם קיִאָסק פאַרקויפט געוואָרן אָנשטאָט די פריִערדיקע 30—35. ווי איר זעט, איז אין דעם פּראַט אויך דאָ וואָס צו טאָן.

וואָס זשע בין איך אויסן, ווי אונדזער גרויסער מענדעלע מויכער־ספאָרים פלעגט זאָגן, מיט דעם דאָזיקן בריוו?

איך האָב זיך געוואָלט טיילן מיט מײַן דערפאַרונג פאַר עטלעכע צענדליק יאָר אַרבעט אין סאָוועטישן בוך־האַנדל: א בוך האָט ליב, ווען מע רעקלאַמירט אים, ווען מע דערציילט וועגן אים, ווען מע קומט מיט אים צום לייענער. דאָס אַלץ דאַרפט איר באַזונדערס האָבן אין זינען, ווײַל איר האָט אָנגעהויבן אַרויסגעבן ביכער. די ערשטע ביכער, נאָך א היפּשן איבעררײַס, זײַנען גוט און גיך אויסגעפאַרקויפט געוואָרן. אָבער איר ווילט דאָך און וועט אַרויסגעבן נאָך צענדליקער ביכער, און צוליב דעם פּאָדערט זיך נאָרמאַליזירן די רעאַליזאַציע פון דער פּראָדוקציע. קיין רעצעפּטן קלײַב איך זיך ניט צו געבן ניט אײַך, ניט אײַערע פילצאָליקע פרײַנט. כ'האָב בלויז אַרויסגעזאָגט אייניקע געדאַנקען, וואָס לאָזן מיך ניט צורו. נאַטירלעך, אַז די רעדאַקציע ווייסט אויך, וואָס זי האָט צו טאָן אין דער הינזיכט. מײַן זאַך איז געווען דערמאָנען אײַך וועגן דעם. נעמט זשע צו מײַנע בעסטע ווונטשן.

דאָוויד פּעסקין.
מאָסקווע

### פון רעדאַקציע

מיר דאַנקען האַרציק דעם אומדערמידלעכן ייִדישן מויכערספאָרימניק דאָוויד פּעסקין פאַר אָט דעם בריוו, וואָס איז דורכגעזאַפּט מיט ליבע און אַפּשײַ צו דער סאָוועטישער ייִדישער ליטעראַטור. די רעדאַקציע פירט איצט דורך א ריי מאַסמיטלען, וואָס וועלן מיטהעלפן, אַז אונדזער זשורנאַל זאָל, ווי עס שרײַבט כ' פּעסקין, דערגרייכן צו אַלעמען, וועמער עס גאַרט אים צו לייענען. פון דער אַנדערער זײַט, ווילן מיר, אויסניצנדיק די געלעגנהײַט, זיך ווענדן צו אַלע אונדזערע פרײַנט — פאַרשפּרייטער פון „סאָוועטיש היימלאַנד" (און דאָ האָט אונדזער טײַערער כאַווער דאָוויד פּעסקין א קליינעם טאָעס: מיר ציילן זיי ניט קיין עטלעכע, נאָר באַ צוויי הונדערט פּופציק), זיי זאָלן איצט אַקטיוויזירן זייער אַרבעט און צוציִען וואָס מער נײַע לייענער און נײַע געזעלשאַפטלעכע פאַרשפּרייטער, און זאָלן זיי אונדז פאַרציילן, וואָס מיר האָבן זיך דערמאָנט אין זיי ווידער בײַס דער אַבאָנירונג־קאַמפּאַניע. א קאַמפּאַניע איז פאַרט א קאַמפּאַניע און פרײַנט בלײַבן פרײַנט!

---

# נײַס פון אויסלאַנד

## א נײַער מוזיי אין ירושאָלאַיִם

אין ירושאָלאַיִם איז געעפנט געוואָרן א מוזיי פאַר אַלטער און נײַער קולטור. די הויפּט־געבײַדע פונעם מוזיי איז אויסגעבויט געוואָרן לויטן פּראָיעקט פון די ייִסראַעל־אַרכיטעקטאָרן ד. גאַד און א. מאַנספעלד. דאָ געפינען זיך דרײַ אָפּטיילן: אַן אַרכעאָלאָגישער, אן אָפּטייל פון ייִדישן רעליגיעזן קולט און אן אָפּטייל פון הײַנטצײַטיקער קונסט, ווו עס זײַנען צונויפגעזאַמלט די ווערק פון דע קונינג, ראָטקאָ, ביסיער, אַלעשינסקי, וואַזאַרעלי, פּיקאַסאָ, בראַם וואַן וועלד אאַ.

לויטן פּראָיעקט פונעם עסטרײַכישן אַרכיטעקטאָר קיסלער איז אין פונדאַמענט־טייל פון דער געבײַדע געשאַפן געוואָרן א ביבליאָטעק, ווו עס ווערן געהיט די מעגילעס פון יאַם־האַמעלאַך.

אינעם פּאַרק באַם מוזיי זײַנען אויסגעשטעלט די סקולפּטור־שאַפונגען פון די באַוווּסטע מײַסטערס מור, ראָדען, אַרפּ, אַרכיפּענקאָ, מאַרינאָ מאַריני, עטיען מאַרטען, מאַיאָלאָ, ליפּשיץ.

צו דער פײַערלעכער עפענונג פונעם מוזיי איז צוגעגרייט געוואָרן אַן אויסשטעלונג „גרויסע קינסטלער, וועלכע האָבן געמאָלט אף ביבל־טעמעס". דאָ זײַנען באַוויזן געוואָרן בילדער פון רעמבראַנדט, רובענס, מאַנטעני, וואַן־דייק, פּוסען. אינעם „קאַבינעט פון עסטאַמפּן" זײַנען עקספּאָנירט געוואָרן 17 גראַווירן און צייכענונגען פון רעמבראַנדטן, ווי אויך שאַגאַלס און ליפּשיצעס ווערק.

# כראָניק

## זעקסטער באַנד פון „לעקסיקאָן פון דער נײַער ייִדישער ליטעראַטור"

אין פאַרלאַג פון ייִדישן קולטור־קאָנגרעס אין ניו־יאָרק איז דערשינען דער זעקסטער באַנד פונעם „לעקסיקאָן פון דער נײַער ייִדישער ליטעראַטור".

דער באַנד אַנטהאַלט 468 ביאָגראַפיעס פון ייִדישע שרײַבער, וועמעס פאַמיליעס הייבן זיך אָן פון די אויסיעס מ, נ, ס, ע און וועלכע זײַנען געווען טעטיק אין דער ייִדישער ליטעראַטור אין די לעצטע 150 יאָר. אין דעם באַנד גייען אַרײַן די ביאָגראַפיעס פון מענדעלע מויכער־ספאָרים, ה.־ד. נאָמבערג, מוישע נאַדיר, ש. ניגער, דער ניסטער, ז. סעגאַלאָוויטש, ש.־י. סטופּניצקי, מאָרדכע ספּעקטאָר, דאָוויד עדעלשטאַט און אַנד.

# שרײַבער און ווערק

### נאָטיצן אפן קאלענדאר

דעם 26 נאָיאבער 1880 איז געבוירן געוואָרן דער דראמאטורג און ראָמאניסט פּערעץ הירשביין.

זײַן ליטעראַרישע טעטיקײַט האָט פּערעץ הירשביין אָנגעהויבן אין העברעיִש. אין 1906 האָט ער פאַרעפנטלעכט זײַן ערשטע פּיעסע אין ייִדיש — „אַף יענער זײַט טײַך". זינט דאַן איז ער איינער פון די פּראָדוקטיווסטע שעפער פון דער מאָדערנער ייִדישער דראַמע. אין ערשטן פּעריאָד פון זײַן שאַפן איז פּערעץ הירשביין שטאַרק באַאײַנפלוסט געווען פון מעטערלינקן און לעאָניד אַנדרייעוון.



אונטער זייער ווירקונג האָט ער אָנגעשריבן זײַנע סימבאָלישע דראַמעס: „איינזאַמע וועלטן", „דעמערונג", „אין דער פינצטער" אא. מיט דער צײַט באַפרײַט ער זיך פון די דעקאַדענטישע אײַנפלוסן, אין זײַנע פּיעסן פאַרנעמען אַלץ מער אָן אָרט רעאַליסטישע בילדער פונעם לעבן פון דער ייִדישער אָרעמשאַפט אין צאַרישן רוסלאַנד („די נעווײלע", „יויעל", „דער אינטעליגענט"). פּערעץ הירשביין האָט אויך אָנגעשריבן אייניקע דראַמען וועגן דעם לעבן פון די דאָרפס־ייִדן („גרינע פעלדער", „דעם שמידס טאָכטער", „די פּוסטע קרעטשמע", „א פאַרוואָרפן ווינקל" אא.).

אין 1908 האָט פּערעץ הירשביין אָרגאַניזירט אין אָדעס א טרופּע פון יונגע ייִדישע אַקטיאָרן מיטן צוועק צו דערהייבן דעם ניוואָ פון דעם ייִדישן טעאַטער. די „הירשביין־טרופּע" האָט געהאַט א פּאָזיטיווע ווירקונג אַף דער אַנטוויקלונג פון דעם ייִדישן טעאַטער, זי האָט געמאַכט די ערשטע פּרוּוון צו דערנעענטערן די סצעניִשע קונסט צו די בעסטע דערגרייכונגען פון דער ליטעראַטור. כוץ פּ. הירשביינס פּיעסן, האָט די טרופּע אופגעפירט אויך די פּיעסן פון י.־ל. פּערעץ, שאָלעם אַש, דאָוויד פּינסקי אא.

אין 1911 פאָרט הירשביין אַוועק קיין אַמעריקע.

פּערעץ הירשביין האָט א סאַך אַרומגערײַזט איבער דער וועלט. ער האָט באַזוכט אויך דעם סאָוועטנפאַרבאַנד. זײַן רײַזע האָט ער אין 1928 באַשריבן אין דעם בוך „רויטע פעלדער".

פּערעץ הירשביין איז אויך דער מעכאַבער פון גרעסערע פּראָזע־ווערק. פון זיי איז קודעם צו דערמאָנען זײַן קינסטלערישע אַווטאָביאָגראַפיע „מײַנע קינדער־יאָרן" און דעם ראָמאַן „באָוול", וו עס ווערט געשילדערט א ברייט בילד פון דעם ייִדישן לעבן אין אַמעריקע, אָנהייבנדיק פון די אַכציקער יאָרן פונעם פאָריקן יאָרהונדערט ביז די דרײַסיקער יאָרן פונעם איצטיקן יאָרהונדערט.

פּערעץ הירשביין אין געשטאָרבן אין לאָס־אַנזשעלאָס דעם 17 אַווגוסט 1948.

70 יאָר איז אריבער, זינט עס איז געבוירן געוואָרן (אין שטעטל קראַסלעוועץ, געוו. טשערניגאָווער גוב.) דער אָנגעזעענער סאָוועטישער ליטעראַטור־פאָרשער און קריטיקער אַרן גורשטיין.

אין 1916 האָט א. גורשטיין זיך געלערנט אין פּעטראָגראַדער אוניווערסיטעט אפן פאַקולטעט פון אָריענטאַלע שפּראַכן. אין מײַ 1920 טרעט ער אַרײַן אלס פרײַוויליקער אין דער רויטער אַרמיי.

נאָך דער דעמאָביליזאַציע פאָרט גורשטיין אריבער קיין מאָסקווע און אַרבעט אין דעם פאָלקס־קאָמיסאַריאַט פאַר נאַציאָנאַלע איניאָנים. ער פאַרנעמט זיך מיט רעדאַקציאָנעלער און וויסנשאַפטלעכער אַרבעט. אין אָנהייב פון די צוואַנציקער יאָרן שרײַבט ער א ריי אַרטיקלען אין די רוסישע זשורנאַלן („זשיזן נאַציאָנאַלנאָסטיי"; „פּעטשאַט אי רעוואָליוציאַ" און אנד.) וועגן די דערשינענע ווערק פון דער ייִדישער קינסטלערישער ליטעראַטור.

א. גורשטיין איז געווען טעטיק אלס ליטעראַטור־היסטאָריקער, ליטעראַטור־פאָרשער, קריטיקער, טעאַטער־פאָרשער.

ערעוו דער גרויסער פּאַטערלענדישער מילכאָמע איז ער שוין איינער פון די אָנגעזעענע פיגורן אין דער ייִדישער און רוסישער סאָוועטישער ליטעראַטור־קריטיק.

אַלץ, וואָס גורשטיין האָט אָנגעשריבן, צייכנט זיך אויס מיט פּרינציפּיעלער ערנסטקײַט, פּינקטלעכקײַט און געוויסנהאַפטיקײַט. ער נעמט אָן אַקטיוון אָנטייל אין די ליטעראַרישע שטרײַטן קעגן פאַרשיידענע שעדלעכע טעאָריעס אין דער ליטעראַטורוויסנשאַפט, פאַרן מעטאָד פון סאָציאַליסטישן רעאַליזם.



פון זײַן רײַכער ליטעראַרישער ירושע איז קודעם אָנצורופן די אַרבעטן „דער איצטיקער צושטאַנד פון פּערעצעס ביאָגראַפיע", „שאָלעם־אַלייכעם, זײַן לעבן און שאַפן", „סאָכאַקלען פון דער מענדעלע־פאָרשונג", „לענין און די מאַרקסיסטישע ליטעראַטור־קענטעניש", „וועגן פּלעכאַנאָווס ירושע", „דער ייִדישער טעאַטער אין די 60־ער יאָרן", „לינעצקי — דער פאָלקס־שרײַבער", א גרויסע צאָל ווערטפולע אַרטיקלען וועגן סאָוועטי־

שע ייִדישע און רוסישע שרײַבער (בערגעלסאָן, דער ניסטער, שווארצמאן, האָפשטיין, מארקיש, קוויטקאָ, פינינבערג, האלקין, פושקין, מאיאקאָווסקי, פעדין, ווסעוואָלאָד איוואנאָוו, רילסקי, יאנקא קופאלא אא.).

אין 1959 איז אין פארלאג „סאָוועטסקי פּיסאטעל" דערשינען גורשטיינס א זאמלונג „אויסגעוויילטע ארטיקלען" וועגן דער ייִדישער און רוסישער ליטעראטור.

ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די גרויסע פאָטערלענדישע מילכאָמע, איז ארן גורשטיין צוזאמען מיט א ריי אנדערע סאָוועטישע שרײַבער פרײַוויליק אוועק אין דער פאָלקס־אָפּאָלטשעניע און איז העלדיש אומגעקומען באם פארטיידיקן מאָסקווע אין הארבסט 1941.

דעם 4 נאָיאבער 1895 איז אין אָדעס אין אן אָרעמער ייִדישער מישפּאָכע געבוירן געוואָרן דער באַוווסטער סאָוועטישער דיכטער עדוארד באגריצקי (דזיובין).

באגריצקי איז ארײַן אין דער געשיכטע פון דער סאָוועטישער ליטעראטור אלס איינער פון די אָנגעזעענסטע דיכטער. זײַנע ווערק צייכענען זיך אויס מיט זייער לעבנסבאשטעטיקנדיקן כאראקטער און אויסערגעוויינלעכער שיינקייַט פון דער פּאָעטישער שפּראך. אן אָנטיילנעמער פונעם בירגערקריג, האָט ער באזונגען דעם קאמף פונעם פאָלק פארן זיג פון דער רעוואָליוציע.

דאָס בעסטע און דאָס צענטראלע ווערק באגריצקיס איז זײַן פּאָעמע „דאָס געזאנג וועגן אָפּאנאסן", וואָס איז אָנגעשריבן לויט די מאָטיוון פון דער פאָלקס־פּאָעזיע. די פּאָעמע דערציילט וועגן הער עפּאָכע פונעם בירגערקריג אף אוקראַינע, זי באזינגט די טרײַהײַט צו דער רעוואָליוציע. (ווי א סאך אנדערע באגריצקיס לידער, איז די פּאָעמע דערשינען אין ייִדיש אין דער איבערזעצונג פון י. זעלדין.)

אין עדוארד באגריצקיס דיכטונג



איז באוויזן די מוט און מי פון פּאָשעטע סאָוועטישע מענטשן — רויט־ארמייער, יאמלײַט, פישער („דער פראָנטאָוויק", „די דעראָבערער פון וועגן", „אלדאן", „דער פּאָרשער", „נײַע גיבוירים" אאוו.). איינע פון זײַנע שענסטע שאפונגען איז די פּאָעמע „דער טויט פון א פּיאָנערקע" (1932), וואָס איז געווידמעט דער סאָוועטישער יוגנט.

באגריצקי איז געשטאָרבן דעם 16 פעווראל 1934.

דעם 15 נאָיאבער איז אלט געוואָרן 50 יאָר דער רוסישער סאָוועטישער שרײַבער קאָנסטאנטין סימאָנאָוו.

ק. סימאָנאָוו איז שוין העכער 30 יאָר טעטיק אין דער סאָוועטישער ליטעראטור. ער איז ברייט באוווסט אלס דיכטער, דראמאטורג און פּראָזאיקער. זײַנע ווערק באריִרן שטענדיק אקטועלע פראגן פון דער הײַנטצײַטיקײַט.



די לעצטע יאָרן האָט זיך באזונדערס צעבליט ק. סימאָנאָווס טאלאנט אין געביט פון פּראָזע. פאר זײַן גרעסערער דערציילונג „טעג און נעכט" (1943—1944) איז ער צום זעקסטן מאָל באלוינט געוואָרן מיט דער מעלוכע־פּרעמיע (אין 1946). א וויכטיק אָרט האָבן פארנומען אין דער סאָוועטישער ליטעראטור זײַנע ראָמאנען „באוויירים לויטן געווער", „לעבעדיקע און טויטע" און „קיין סאָלדאטן ווערט מען ניט געבוירן".

סימאָנאָווס ווערק זײַנען פיל מאָל עקראניזירט געוואָרן. א באזונדער דערפאָלג האָט געהאט דער קינאָ־פילם לויט זײַן ראָמאן „לעבעדיקע און טויטע". זייער פּאָפּולער זײַנען אויך סימאָנאָווס קלענערע דערציילונגען, ווי אויך די פארצייכענונגען, מיט וועלכע ער טרעט אָפּט ארויס אין דער „פּראַוודא".

די ייִסראָעלדיקע שרײַבערן מארגאָט קלאוזנער איז געבוירן געוואָרן אין נאָיאבער 1905 אין בערלין. דאָ האָט זי באקומען הויך־בילדונג, ווי אויך שטודירט איווריט. אין ייִסראָעל,



וווהין זי איז אריבערגעפאָרן אין 1926, שליסט זי זיך שעפעריש אײַן אין פיל קונסט־געביטן — טעאטער, קינאָ, בעלעטריסטיק, ליטעראטורפאָרשונג, פּובליציסטיק, ווי אויך אין געזעלשאפטלעכן לעבן.

אלס שרײַבערן טרעט מארגאָט קלאוזנער ארויס אין צוויי שפּראכן — דײַטש און איווריט. פון אירע ליטערארישע ווערק איז ווערט אָנצורופן דעם נאָוועלן־באנד „די האָכצײַט", די צוויי פּיעסן „יויסעף פון מיצראַיִם", די צווייבענדיקע ליטעראריש־פאָרשערישע ארבעט „די אורקוואלן פון דער דראמע".

מארגאָט קלאוזנער איז באקאנט אויך אלס אן ענערגישער קינאָ־פּראָדוסער. מיט א צײַט צוריק האָט זי אינעם מאָסקווער „הויז פאר פרײַנטשאפט מיט אויסלאנד" דעמאָנסטרירט א ריי פילמען, וואָס זײַנען געשאפן געוואָרן אין איר סטודיע.

אין מעשעך פון יאָרן שטייט מארגאָט קלאוזנער בעראָש פון דער אסאָציִאציע פאר קולטור־קאָנטאקטן מיטן סאָוועטנפארבאנד. זי איז אקטיוו אין דער צווישנפעלקערלעכער באוועגונג פאר שאָלעם און אין די פּראָגרעסיווע צווישנפעלקערלעכע פרויען־אָרגאניזאציעס.

„סאָוועטיש היימלאנד" ווינטשט מארגאָט קלאוזנער צו איר 60־טן געבורטסטאָג אריכאס־יאָמים, געזונט, גרויסע דערפאָלגן אין איר פילזײַטיקער קינסטלערישער און געזעלשאפטלעכער טעטיקײַט.



לענין מיט א מיידעלע אף די הענט.

סקולפטאָר — לוויזע שטערנשטיין (לוואָוו).



די העלדישע פארטיידיקער פון לענינגראד (מאָנומענט).

סקולפטאָר — לויזע שטערנשטיין.



פערעץ מארקיש.













הילעס און שארבלעטער צו פערעץ מארקישעס ביכער.

СОВЕТИШ ГЕЙМЛАНД (СОВЕТСКАЯ РОДИНА)

Ежемесячный литературно-художественный журнал

Орган Союза писателей СССР

*(на еврейском языке)*

Год издания пятый

Издательство «Советский писатель»

Главный редактор А. Вергелис.

Редколлегия: И. Борухович, А. Гонтарь, М. Лев (ответственный секретарь), Нотэ Лурье, Б. Миллер, Г. Ошерович, И. Рабин, Р. Рубина, М. Тейф, И. Фаликман, С. Фрай.

Адрес редакции журнала: Москва, Центр, ул. Кирова, 17.

Телефоны: главный редактор — Б 8-27-91; ответственный секретарь — К 4-46-69; отделы прозы и поэзии — Б 8-49-42; отдел критики — Б 3-96-07.

Художеств.-техн. редакция: И. Шустер и А. Токер

Корректоры А. Стрельник и Д. Грозовская

---

Подписано к печати 12/X 1965 г. Формат 70×108 1/16. Печ. л. 10(13,70). Бум. л. 5+2 вклейки.

Уч.-изд. л. 16,21. Цена 50 коп. Заказ 749.

---

Московская типография № 7 Главполиграфпрома

Государственного Комитета Совета Министров СССР по печати.

Пер. Аксакова, 13.

Цена 50 коп.

70821

# СОВЕТИШ ГЕЙМЛАНД

# СОВЕТСКАЯ РОДИНА

№ 11

1 9 6 5

**В НОМЕРЕ:**